# סאָוועטיש היימלאַנד

ליטעראַריש-קינסטלערישער
כוידעש-זשורנאַל

אָרגאַן פון שרייבערפאַרבאַנד פון פססר

דערשיינט פון 1961

פאַרלאַג „סאָוועטסקי פּיסאַטעל“

מאָסקווע

מ״ב

ה

1989

# אינהאַלט

בראָכע און ארן בורשטיין

# און דו זאָלסט דערציילן דײַנע קינדער און קינדס־קינדער...

אין יון פונעם פאַריקן זומער זײַנען מיר געווען צוגאַסט אַף אוקראַינע, אין א שטעטל בא קיעוו. אין איינעם א לויטערן שאבעסצונאכטס האָבן מיר באַקומען אן אײַנלאַדונג פון אונדזערע יונגע באַלעבאַטים דורכצופירן א נאכט אַף דער פרישער לופט אין א שיין געמיטלעך וועלדל הינטערן ישעוו. אין אָוונט האָבן די כעוורע צעפירט א שײַטער און אלע האָבן באקוועם זיך אײַנגעאָרדנט ארום דעם פײַער. די שקיִע איז נאַרוואָס צוגעפאַלן און פון מיזרעך האָט שוין א צי געטאָן א פריש קילבלעך ווינטל. קורץ איז די זומערדיקע נאכט אפילע דאָרט, אין די דאָרעמדיקע קאַנטן. און אומווילנדיק האָט זיך געטראכט וועגן דעם, אז מיסטאַם אין אָט אזא קלאָרער נאכט האָט, ניט הײַנט געדאכט, אינעם ווײַטן (דען ווײַטן?!) 41־טן יאָר אויסגעבראָכן די מילכאָמע... אין אָפשײַן פון דעם דאָזיקן געדאַנק האָט די ארומיקע שטילקײַט אָן, אויב איר ווילט, די גאַנצע מענטשישע וועלט אויסגעזען אָן א שיר פילבאר און צאַרט. ס'איז גרינג צו פאַרשטיין, אז, כאָץ אנדערע טעמעס, האָט דער געמײַנזאַמער שמועס ניט אויסגעמיטן אויך די טעמע פון דער פאַרגאַנגענער מילכאָמע: קאָלזמאַן דער „מילכאָמע־דאָר" איז נאָך פאַראַן, וועלן, אפאָנעם, די וווּנדן אלץ שמאַרצן.

מיר זײַנען געווען אונטער דעם פרישן אײַנדרוק פון א מערקווירדיקער מײַסע, וועלכע מע האָט אונדז דערציילט מיט א פאָר טעג צוריק. אין גרונט פון דער מײַסע ליגט אן עמעסע געשיכטע, וואָס האָט פאַסירט טאַקע דאָרט ניט ווײַט פונעם שטעטל בײַס דער דײַטשישער אָקופּאַציע. פאַר די פאַרגאַנגענע יאָרן איז די מײַסע שוין אַרומגעוואַקסן מיט פאַרשיידענע פּראָטים, מע גיט זי איבער ווי א לעגענדע, אָבער אין טאָך גייט די רייד וועגן א יידישן דאָקטער, וועלכער איז געווען אזא באָקי אין זײַן פאַך, אז אפילע די פאַשיסטן האָבן געמוזט צו אים אָנקומען און דעריבער אים באַשיצט פון זייער טאַקע רישעס. באַזונדערס האָט ער בא זיי אויסגענומען, ווען מע האָט געבראכט פונעם פראָנט צו זיי אין שפיטאָל עפעס איינעם א נאַצישן „פויגל". דער פאַרווונדעטער איז געווען אזוי מעסוקן, אז די פאַשיסטישע דאָקטוירים האָבן ניט געוואַגט אפילע צו פרוּוון אים ראַטעווען. די לאַגע פונעם יידן האָט אים געצוווּנגען מיט מעסירעסנעפעש זיך יאָ אונטערנעמען און טאַקע אָפּראַטעווען דעם סוינע דאָס לעבן, און בלויז צוליב דריי באַזונדערס באַפולמעכטיקטע פאַרשטייער פונעם ווידערשטאַנד האָבן געוווּסט די עמעסע סיבע פונעם יידנס מעשונעדיקן פירעכץ: דער דאָקטער איז געווען א געהיימער קעמפער, געהאַט א פאַרבינדונג מיט די פּאַרטיזאַנער און, זײַענדיק אין די לאַפּעס פון די פאַשיסטישע כײַעס, שוין באַוויזן אופּצוטאָן א גאַנץ ציטל רומפולע טאַטן, ביז ס'האָט אים ניט פאַראַטן איינער א מאָסער. אין געסטאַפּאָ האָט מען זיך שרעקלעך נויקעם געווען אין אים. און נאָך מער — צוליב דער דערנידעריקונג, וועלכע זיי האָבן געליטן, מוזנדיק לײַדן דעם יידן און זיך נאָך מענטשלעך באַציִען צו אים. אָבער ער האָט העלדיש דערטראָגן זײַן גוירל ביזן ביטערן סאָף, מיט די לעצטע קויכעס זיך אײַנגעהאַלטן און ניט אויסגעגעבן קיינעם פון זײַנע מיטקעמפער — פּאַרטיזאַנער.

— קאָנטיק, ס'איז שוין געקומען די צײַט צו איבערבאַזיניקן אפסנײַ די געשיכטע פון דער צווייטער וועלט־מילכאָמע, — האָט פלוצעם א באַמבל געטאָן איינער פון די בײַזײַענדיקע, א שיינער יונגער־מאַן פון ארום עטלעכע און דרײַסיק יאָר, און האָט א קוק געטאָן אַף אונדז מיט א רויִקן בליק פון זײַנע כוצפּעדיקע, נאָר קלוגע אָפענע אויגן. — באַזײַטיקן זיך פון פּראָטים, באַטראַכטן אַלץ פונדער־

וויטנס. די אמעריקאנער, לעמאשל, דערוויזן, אז די ראליע פון אונדזער מעדינע איז אין א גרויסער מאס איבערגעטריבן, דעמלט ווען זייער כיילעק אינעם ניצאכן איז אן א שיר גרעסער, ווי ס'איז אנגענומען צו האלטן. זיי זיינען דעמלט געווען שטארקער פון אונדז... און מיט דער צארע פונעם יידישן מאסנמארד איז נאך איך וויט ניט קלאר. ווען מע לאזט זיי ניט איבער אף העפקער באם דייטש, וואלט זיך עפשער צונויפגעלייגט אלץ גאר־גאר אנדערש...

בענעמאנעס, אפילע אצינד, ווען ס'איז שוין אוועק א שיין ביסל צייט נאכן אויסקלארן און „צעלייגן אף טעלערלעך" אלע פראטים און שטאנדפונקטן פונעם איניען, קלעמט נאך אלץ גוט באם הארצן בייס מיר דערמאנען זיך אינעם סיכסעך. אבער אט דער יונגערמאן... ווי קומט אזוינס צו אים? א סווארע, ער „פארט און פילט ניט"?

אגעוו, ס'איז נרילעד געווארן, אז צווישן די הייינטיקע, אזוי צו זאגן, „אופגעקלערטע" יונגעלייט קאן מען אנטרעפן נאך אף אזעלכע, וועמ ס'איז מאסקים מיט אים. אוואדע, דאס זיינען אלץ כעוורע־לייט פונעם נאכמילכאמעדיקן דאר, און זייערע פארשטעלונגען וועגן דער מילכאמע־געשיכטע זיינען, א דאנק גאט, ניט קיין דירעקטע. אבער אלץ, וואס עס פארמאגט היינט דער עלטערער דאר, מיט דער געשיכטע איניינעם, דארף דאך איבערגיין, ווי דער שטייגער, בעירושע צום יינגערן!

וואלט מען טראכטן: נו, מיילע, דער אוילעם פון אט די „אפיקארסים", וועלכע ווילן ניט וויסן, וועמ ס'האט זיי געשליירט, באטרעפט בעסאכאקל א גאלע גארנישט, וואס זשע דארף דאס אונדז ארן? דארט עס אבער, ניט נאר ס'ארט. און ס'איז בעפיירעש זייער פארדראסיק. ווארעם בא יעדערן, וועמ ס'האט פארכאפט די מילכאמע, איז די אייינגעקריצט אין געדאנק און אין הארצן, אין געזונט און אין די געדערעם. בא אייניקע אין די בייגער אפילע... אבער, ווידעראמאל, אט דער יונגערמאן און זיינע מיטדענקער — ווי קומט עס צו זיי אזא גלייכגילט?

איבערזען די מילכאמע־געשיכטע... ס'קומט אוף אפן זינען דער באוווסטער טרויעריקער סאכאקל: דער ראטנפארבאנד האט אנגעוווירן אינעם געגעם פון דער מילכאמע אריבער צוואנציק מיליאן זיינע איינוווינער, די פארייניקטע שטאטן — אין 50 (פופציק!) מאל ווינציקער. דאס איז, פארשטייט זיך, אויך א גענוגע אוויירע, און מיר פארנייגן אוואדע אונדזערע קעפ פאר זייער אנדענק אויך. אבער אט זיצן מיר בא דעם צאנקענדיקן שייטער, און זיינע רויטע קוילן דערמאנען אונדז פלוצעם די ציגלטע האלעוועשקעס פונעם פארברענטן וואגאן — אונדזער וואגאן! — פון דעם עשעלאן מיט די פליטים — פרידלעכע בירגער, וועלכן די פאשיסטישע ראצכים האבן צעשאסן פון דער לופט. דאס דערשיטערטע באכערל, איזיע, ליגט מיטן פאנעם ארוף באם ראנד פון א גרינעם פאפשויענעם פעלד לעבן דער אייזנבאן־ליניע און קוקט מיט די אויסגעקיילעכטע פון פאכעד אויגן, ווי פונעם בלויען לויטערן הימל פיקירט מיט א שוידערלעכן געהויל גלייך אף אים אן אעראפלאן מיט האקנקרייצן אף די פליגל... נידעריק... אזוי פאכעדיק נידעריק, אז נאך ביז היינטיקן טאג כאלעמט זיך אים ניט זעלטן דאס שמוכנדיקע פארהאסטע געזיכט פון יענעם פילאט. מיר זיצן מיט איזיען באם יאמטעוודיקן טיש, ער דערמאנט זיך, דערציילט און ווערט בלאס, ווי די וואנט.

אבער ניט אין דעם גייט עס. וועגן יעדן מילכאמע־טאג זיינען פאראן שוין בענדער און בענדער. און מיר וואלטן וועלן היינט קומען דערציילן וועגן דעם טאג פונעם ניצאכן. אזוי, ווי ער איז געקומען צו אונדז אין אונדזער וויטער אויסרייסעניש. וואס עפעס דאפקע גראד דאס? מאכמעס גראדע אט דער טאג ציט אונטער דעם סאכאקל. גראד אין אט דעם טאג האט זיך בא יעדערן פאר די אויגן אויסגעשטעלט אלץ, וועגן וואס ביז אהער, פארן סאף פון דער מילכאמע, איז ניט שייעך געווען צו טראכטן לעגאמרע: מיט וואס פאר א פריז, מיט וועלכע פארלוסטן איז יעדן איינציקן גופע אנגעקומען דער ניצאכן. צוליב ווארהאפטיקייט דערציילן מיר דאס אין נאמען פון איינעם פון אונדז — א מיידעלע, אן אנטיילנעמערן פון די באשריבענע געשעענישן.

צו אונדז אין דארף, א פארבארגענעם טיף צווישן די סיבירער וועלדער און זומפן, איז די בסורע וועגן היטלערס, יימאכשעמוי, מאפאלע געקומען אזוי. אין די לעצטע אפרעל־טעג פונעם 45־טן יאר האט זיך אין אונדזער גאנצן ארום אייינגעשטעלט א מאדנע אנגעשטרענגטע שטילקייט, ווי פאר א געוויטער. די רויטינקע פענדעלעך, מיט וועלכע ס'איז געווען אויסגעשטעקט פון אויבן ביז אראפ די גרויסע קארטע מאפע פון אייראפע באם שול־דירעקטאר אין קאבינעט און וועלכע האבן אנגעוויזן אף דער דיסלאקאציע פון אונדזערע ארמייען אפן פראנט, האבן זיך איצט ענג צונויפגערוקט לעם דעם באצייכנטן מיט א שווארצן האקנקרייץ פיצעלע קרייזל מיטן פארהאסטן בא אלעמען נאמען בערלין — דער בערנלאך פון דער ווילדער כייע, דעם פארשאלטענעם סוינעס לעצטן פריטולעך. דער אוילעם האט זיך ניט געקאנט געפינען קיין ארט, ארויסקוקנדיק אף א גוטער יעדיע. באזונדער האבן איבערגעלעבט יענע, וועמ ס'האט דאפקע ערשט ניט לאנג צוריק עפעס געהאט באקומען פונעם פראנט. ווייל ס'איז א שוידער געווען אפילע צו פארשטעלן זיך, וואס פאר אן אפגרונט ס'ליגט צווישן דעם טאג, ווען דער נאענטער מענטש האט געשריבן זיין בריוו אדער איבערגעגעבן דעם גרוס, מיטן היינטיקן טאג...

יענץ שטיקל צײַט האָט אונדזער גאַנצע וועלט זיך בוילעט באַגרענעצט מיט די ענקסטע הײַזער פֿונעם דאָרף. מאַכמעס, ווי ס'פֿלעג דאָרטן פֿאָרקומען וועסנע קעסיידער, די וועגן זײַנען צעשמאָלצן געוואָרן, די זומפּן פֿאַרטרונקען מיט שנײ און מיט אײַז־וואַסער און צוליבן געווּיסער האָט מען די פּאָטשט אײַנגאַנצן אופֿגעהערט צושטעלן. קיין ראַדיאָ איז אין דאָרף ניט געווען, קיין עלעקטרע אוואַדע ניט, און קיינע שום פֿרישע ידיעס האָבן צו אונדז ניט דערגרייכט. פֿרילינגצײַט פֿלעג אונדזער דאָרף ווערן פֿאַרוואַנדלט אין אן עלנט קליין אינדזעלע צווישן די וואַסערן, וואָס האָבן פֿאַרפֿלייצט די גאַנצע ערד.

— און עפּשער האָט זיך שוין די מילכאָמע געענדיקט, בלויז מיר דאָ ווייסן דערפֿון נישט, — האָבן זיך עטלעכע מאָל אומגעדולדיק אַרײַנגעכאַפּט צו אונדז אויף א ווײַלע די שכײנישע ווײַבלעך מיט אזא אויסרייד. אין זייערע קוילעס האָט זיך געהערט א ניט קיין באַהאַלטענע אַצוועסדיקע האָפֿענונג.

— פֿע, וואָס רעדט איר אַזעלכעס, — האָט זיי ליפּאָנעם שטרענג פֿירגעהאַלטן די באָבע אויף צו באַרויִקן. — ווער קען דען זײַן בילכעה פֿון אײַך אויף באַצײַטנס דערוויסן זיך וועגן דעם? מע וואָלט זיך געווּיס אן אייצע געגעבן, מיר זאָלן אַלע אויך וויסן. אַזעלכע קאַרבאָנעס... זיך אַזוי אָנגעלייגט...

אָבער די צײַט איז געלאָפֿן א טאָג נאָך א טאָג, און קיין שום נײַס האָבן מיר ניט געהאַט.

דעם נײַנטן מײַ אינדערפֿרי זײַנען מיר, ווי דער שטייגער איז, געקומען אין שול צו די לימודים. ס'איז געגאַנגען דער לימעד פֿון רוסישער שפּראַך, און די לערערן — א גרויס, ברייטביינערדיק דאַר־פֿיש מיידל מיט א גראָב, רויט, טאָמיד פֿאַרמאַרעשכווירעדיקט פּאָנעם — האָט אונדז פֿאַרגעבן עפּעס א זעלבשטענדיקע אַרבעט, דאַכט זיך, צונויפֿשטעלן א געוויסע צאָל זאַצן לויט באַשטימטע קלאָלים.

— די ערשטע דרײַ כעווירע, ווער ס'וועט פֿאַרטיק ווערן מיט דער אַרבעט פֿריִער פֿון די אַנ־דערע און וועט דאָס אויספֿילן ריכטיק, — האָט געמאָלדן די לערערן, — וועלן באַפֿרײַט ווערן פֿון דער שטוב־אופֿגאַבע.

אין קלאַס איז געוואָרן שאַ־שטיל. אַלע האָבן זיך פֿלײַסיק געכאַפּט צו דער אַרבעט, און ס'איז געווען צו הערן, ווי אונדזערע פּענעס קריצן איבערן גראָבן געלן פּאַפּיר, אויף וועלכן מיר האָבן גע־שריבן. פּלוצעם האָט זיך די טיר מיט א טומל אָן עפּן געטאָן און אין קלאַס איז א פֿאַרסאָפּעטער אַרײַן דער דירעקטאָר. ער איז געווען העכסט אופֿגערעגט.

— כעווירע! — האָט ער מונטער א הילך געטאָן גלײַך פֿון דער שוועל מיט א הויך קלינגענדיק פֿריילעך קאָל, — כעווירע... — זײַן קאָל האָט זיך פּלוצעם געוויצט, די קלאַנגען זײַנען פֿאַרלאָשן געוואָרן, ער האָט ווי א פֿיש פֿון דער נעץ א כאַפּ געטאָן מיטן אָפֿענעם מויל די לופֿט און שוין שטיל, הייזעריק, ווי צעמישט, פֿאַרגעוועצט: — קינדער, די מילכאָמע האָט זיך פֿאַרענדיקט. ניצאָכן...

מיר אַלע האָבן געשטומט. מעגע איך בין געוואָרן געפּלעפּט, ניט אימשטאַנד געווען צו געבן א ריר מיט קיין גליד. כ'האָב בלויז דערפֿילט, ווי ערגעץ אינעווייניק אין מיר האָט זיך אופֿגעהויבן א מאָדנער, הויכער און דינער געקלאַנג. ווי עפּעס אן אייוועער, אן אָנגעלאָדענער ווי א שטײַף אָנגעצויגענע סטרונע, וואָלט דריבנע־דריבנע געציטערט.

באַ עמעצן פֿון דער האַנט איז פּלוצעם אַרויסגעפֿאַלן דאָס הענטלפֿען און זיך אַוועקגעקײַקלט באַרג־אַראָפּ פֿון דער שוואַרצער הילצערנער טיש־דעק מיט אזא הילכיקן געקלאַפּ, אז כ'האָב אויש א ציטער געטאָן מיטן גאַנצן קערפּער. דערנאָך — ווי א דונער! א מעסוקענער טומל! די ערשטע פּאָר רעגעס האָט קיינער פֿון אונדז, קינדער, נישט געקאָנט ניט פֿאַרשטיין, ניט באַנעמען, וואָס אזוינס האָט געטראָפֿן, און מיר האָבן דול געגלאָצט מיט די אויגן, אָנקוקנדיק די מעשונעדיקע אופֿירונג פֿון אונדזער שטרענגער לערערן. און יענע, ווי גרויס און דיק זי איז געווען, האָט זיך געלאָזט מיט ביידע פֿיס שפּרינגען איבער דער דינער פּלאַטפֿאָרמע באַם שול־טאָוול, פּליעסקען מיט די הענט און געהאַלטן בייסמײַסע אין איין אויסשרײַען עפּעס פֿאַר מיר גאָר אומפֿאַרשטענדלעכס.

און נאָך מיט אן אויגנבליק שפּעטער האָבן זיך שוין צעראַשט און צעטומלט אויך מיר. מיר האָבן מיט אַלע קויכעס געשריִען „הור־ר־ר־אַ־או", געפּליעסקעט איינע די אַנדערע איבער די פּלייצעס, נאָכגעטאָן דער לערערן. און קיינעם פֿון אונדז איז אַפֿילע אין קאָפּ ניט געקומען זיך וועלן דערוויסן, חזיאָרום האָט די גליקלעכע בסורע געטראָפֿן צו אונדזער דירעקטאָר.

פֿאַרצוזעצן דעם „סיידער־האַיאָם" איז אין דעם טאָג אוואַדע ניט שײַעך געווען. אַלע לימודים האָט מען, פֿאַרשטייט זיך, אָפּגעשאַפֿן. צוליבן גרויסן יאָמטעוו האָבן די לערער אָפּגעשיקט אַלע שי־לער אַהיים און אָנגעזאָגט אונדז, מיר זאָלן זיך צעזײַלן און אונטערוועגס וואָס גיכער צעטראָגן די גליקלעכע נײַס איבער די הײַזער.

אופֿגעלייגטע, אופֿגערעגטע, האָבן מיר אַלע מיטאָמאָל זיך א לאָז געטאָן פֿונעם קלאַס־צימער, דורכגעלאָפֿן פֿאַרבײַ דעם דירעקטאָרס קאַבינעט און מיט א טומל זיך אַרויסגעוואַלגערט אין דרויסן. די טיר צום דירעקטאָר איז געווען ברייט צעפּראַלט, און מיר אַלע, נאָכטועענדיק איינע די אַנדערע ווי מאַלפּעלעך, האָבן אַרײַנגעשטופּט אינעווייניק אונדזערע נעזער. אָבער באַ קיין איינעם האָט ניט

ארויסגערופן קיין כשאַד, וואָס עפּעס שטייט גראָד דער אייביק שווײַגנדיקער, אומגעלומפּערט גרויסער שוואַרצער שאַרבן־טעלעפאָן גאָר ניט אויף זײַן געוויינלעך אָרט בײַ דער זײַט, נאָר סאַמע אינמיטן טיש... מיר זײַנען שטענדיק געווען איבערצײַגט, אַז דער טעלעפאָן איז פּונקט אַזאַ מין אומגוצלעך „שטיקל מעבל", ווי, אַשטייגער, דער ווײַסער גיפּסענער סקעלעט פון אַ מענטשן אין דער פאַרשטויבטער שול־קאַמער.

איך מיט מײַן כאַווער ליאַנקען, אונדזער שאָכן, איבערגעפּולטע מיט גוטע קאַוואָנעס, האָבן זיך שוואַליאָם אַ לאָז געטאָן אַהיים — אויף אונדזער עק דאָרף. ליאַנקע האָט געוואָלט קלאַפּן אין די פענצטער פון דער רעכטער זײַט גאַס, איך — פון דער לינקער. ביז מיר זײַנען געלאָפן מיט די צע־קוואַטשעטע סטעזשקעס, האָב איך מיר אַלץ געמאָלט אין געדאַנק, ווי מע וועט מיך אויפנעמען מיט מײַן יעדיִע, מיט וואָס פאַר אַ פרייד מע וועט ארויסלויפן אויף מײַן קלאַפּ מיר אנטקעגן, ווי מע ט'מיך האַלדזן און קושן. איך האָב זיך פאָרגעשטעלט, אַז אַצינד דאַרף זיך אַלץ אין דער וועלט וווּנדערלעך איבערבײַטן צו גוטן — כ'בין דאָך פאָרט אַלט געווען ערשט קוים צען יאָר און כ'האָב זייער געגאַרט כאָטש אַ ביסעלע עמעסע פרייד. איך האָב זיך זייער שטאַרק אָנגעבענקט...

עס איז געווען אַ גרויער און אומעטיקער פרימאָרגן פון אָנהייב פרילינג. דער דרויסן האָט זיך געהאַלטן פויל און אומהיימלעך. אַלע דעכער האָבן שוין אָפּגעטרייסלט פון זיך דעם שניי, נאָר אויף דער ערד איז ער נאָך איך אַ סאַך ערטער געווען גאַנץ גענוג — אַ נאַסער און בלאָטיקער. פּונעם פאַרכמאַרעטן הימל האָט געזיפּט אַ מישמאַש פון דינינקן שניי מיט שטעכיקן האָגל. אויפן גראָוון באָדן האָבן זיך בוילעט אָפּגעשטעמפּלט די שפּורן פון אונדזערע טריט. מײַן קייטעלע שפּורן האָט זיך אַ צי געטאָן לינקס, קוידעמקאָל צו דעם טויער פון דער אַלטער אַסאָוליאַטשקעס הויף — איר שטיבל איז געשטאַנען דאָס ערשטע פון מײַן זײַט. דער זון אירער מיט דער שנור זײַנען ביידע געפאַלן אין שלאַכט אויפן פראָנט, און די אַלטע איז איצטער פאַרבליבן אַליין מיט זייערע צוויי פּיצלעך קינדער. זי איז ארויס צו מיר אויף מײַן קלאַפּ אין איר שטענדיקן שוואַרצן מאַלבעש מיט אַ שוואַרץ טיכל אויפן קאָפּ און האָט מיר מיט גרויס אומצופרידנקײַט שטרענג אויסגערעדט:

— וואָס קלאַפּסטו ווי אַ מעשוגענער?!

— די מילכאָמע איז אויס! — האָב איך פרייליך איר אויסגעשריִען און זיך געלאָזט לויפן ווײַטער. זי, ווי זי ז'געשטאַנען, האָט זיך אָנגעוואַלגערט אויפן פּלויט און האָט פאַרביסן די ליפּן. מער האָט זי גאָרניט געזאָגט.

אין דער אַנדערער שטוב האָט געוווינט דער פעטער שאָלעם קאַריצקי. איך האָב געוווּסט, אַז ער האָט ערגעץ געהאַט אַן אַלטיטשקע מאַמע. ווען ס'האָט אויסגעבראָכן די מילכאָמע, איז זי פאַר־בליבן בײַ זיך אינדערהיים אינעם שטעטל בריטשאַן, ניט ווײַט פון טשערנאָוויץ. ווען זיך וועלן עוואַקויִרן איז מיט איר געווען אָפּגערעדט איין מאָל פאַר אַלע מאָל.

— אײַ, לאָזט מיך אָפּעט מיט אײַערע מעציִעס! — האָט זי געטײַנעט, ווען מע האָט זי געפּרוווט אײַנרעדן מיטפאָרן. — וואָס האָט איר צו מיר?! וואָס זוכט איר פאַר מיר כײַע־ביילעס לייד?! דאָ איז מײַן היים, און דאָ וויל איך בלײַבן. און אָפּגעדערט. שוין!

אויף דער רײַע, אַז ס'קאָן זײַן געפערלעך, האָט זי געהאַט אַ דערווידערונג:

— מאַכט זיך ניט נאַריש. וואָס קאָנען האָבן די דײַטשן צו אַן אַלטער ייִדענע? מיר זײַנען, באָרעכהאַשעם, איבערגעקומען בעשאָלעם דעם ערשטן וועלטקריג, וועט, אימירצעשעם, הײַנטיקס מאָל אויך זײַן מיט כעסעד. ווי לאָזט מען דאָס איבער אַ באַלעבאַטישקײַט?!

אַזעלכע ריידערײַען וועגן דער ערשטער וועלט־מילכאָמע מיקויעך די „קולטורעלע" דײַטשן, וועלכע טוען ניט קיין שום רישעס דעם פּראָסטן אוילעם, האָב איך זיך אָנגעהערט אַן אַ שיר אי פון אונדזערע ייִדעלעך, אי פון ניט ארום. אפילע אַזעלכע, וועמען ס'איז אויסגעקומען צו זײַן אין גע־פענקעניש בײַ די דײַטשן בײַס דער ערשטער וועלט־מילכאָמע, האָבן דאָס אויך באַשטעטיקט.

מע האָט אָבער אַ כיטערן טאָעס געהאַט.

ווען אונדזערע וועלנער האָבן אין 44־טן יאָר באַפרײַט בריטשאַן, האָט מען דעם פעטער שאָלעמען אָנגעשריבן פון דאָרטן, וואָס פאַר אַן אומגליק ס'האָט דאָרט געטראָפן די ייִדן. אַ טייל פון זיי, צווישן וועלכע עס זײַנען געווען אויך מײַן שוועסטערקינד מוזיע קירזשנער מיט זײַנע עלטערן, דאָס הייסט מיט מײַן מומע ריווקען, דעם טאַטנס שוועסטער, און מיט איר מאַן דעם פעטער יעכיִעלן, האָבן די דײַטשן פאַרטריבן אין שול ארײַן און מיט דער שול אינאיינעם ערעוו יאָמקיפּער זיי דאָרטן פאַרברענט לעבעדיקערהייט. אין יענע, ווער ס'האָט זיך געריסן פון אינווייניק דורך די טירן און פענצטער, האָבן די מערדער געשאָסן פון אויטאָמאַטן.

מוזיע איז אַלט געווען דעמלט בײַ פופצן יאָר. מיר האָט ער זיך פאַרגעדענקט פאַר אַ שיין קוטשעראַווע יאַטל. דאָס לעצטע מאָל, ווען ער איז געקומען צו אונדז זיך געזעגענען פאַר אונדזער אוועקפאָרן, האָט ער זייער געוואָלט אַ קוק טאָן אויף דווירקען, מײַן קלענער שוועסטערל, וועלכע ער האָט ביז דאַן קיינמאָל נאָך ניט געזען. בײַ דווירקען איז גראָדע געווען די צײַט פון באַטאָגעדיקן

שלאָף, און איר ניאַניע (די פליגערן פלעג דאָס הייסן בא אונדז) האָט זייער שטרענג אָפּגעהיט איר רו. איז מוזיע פאַרוויטלט געוואָרן ביז די שפּיץ האָר נאָך איידער ער האָט זיך איינגעשטעלט ווענדן נאָך א דערלויבעניש פאַרט צוגיין צום קינד, און ווען מע האָט דאָס אים טאַקע דערלויבט, איז ער געוואָרן נאָך רויטער, זיך צעשמייכלט פון טיַינעג און, לעכערלעך באַלאַנסירנדיק אויף די שפּיץ פינגער, שטילינקערהייט צוגעגאַנגען צום בעטעלע. ס׳איז א מעכיַיע געווען צו צוקוקן, מיט וואָס פאַר אן אַנזיכטיקער האַנאָע און צערטלעכקיַיט האָט דער יאט זיך איַינגעקוקט אינעם קינדערשן שלאָפנדיקן פּנעמל...

אינעם בריוו פון בריטשאַן האָט מען געשריבן, אז מיטן בעסמעדרעש האָבן די ראָצכים אומגעבראַכט דעריקער יענע ייִדן, וועמ ס׳האָט אינעם פּערציקסטן יאָר אַפּנטלעך מיטגעהאָלפן די סאָוועטן, ווען זיי זיַינען געקומען קיין בעסאַראַביע. מיַין ברודער מוזיע איז דעמלט געלאָפן אנטקעגן די רוסישע טאַנקען מיט די רויטע שטערנס אויף די האַרמאַטן־טורעמס און האָט זיי אָנגעוויזן, ווי בעסער און גיכער צו דורכפאָרן צום צענטער פונעם שטעטל. דעמסטמאָל איז ער אַלט געווען בא די פערצן, און איך געדענק אפילע, מיט וואָס פאַר א שטאָלצקיַיט ער האָט דערציילט, ווי ער איז אריַינגעפאָרן אין שטעטל אויבנויף אפן פאָדערשטן טאַנק.

אַלע אנדערע ייִדן פונעם שטעטל, וועמען ס׳האָט אָפּגעגליקט אויסצומיַידן דעם שוידערלעכן גוירל פון פאַרברענט ווערן לעבעדיקערהייט (בריטשאַן האָט פאַר דער מילכאָמע פאַרמאָגט א היפּש ביסל ייִדן), האָבן סיַיווי ניט אויסגעמיטן דעם גוירל. אפן אנדערן טאָג נאָך דער פאַכעדיקער סריישע, סאַמע יאָמקיפּער, האָבן די פאַשיסטישע טאַליאָנים זיי צונויפגעטריבן איניינעם אין א קאָלאָנע און מיט באַוואָפנטן קאָנוואָי און מיט הינט זיי אוועקגעטריבן פונעם שטעטל גאָט ווייסט וווּהין. דאָס איז געווען, ווי ס׳איז נורלעד געוואָרן אינגיכן, זייער לעצטער וועג צו דער אייביקער היים...

דעם פעטער שאָלעמס מאַמע איז געווען זייער א פרומע ייִדענע. דאָס גאַנצע באַוווסטזיניקע לעבן אירס האָט זי זיך זייער געהיט פאַר א מינדסטער אוויירע. אין יענעם טאָג איז זי געגאַנגען פאַרשלייערט מיט א וויַיסער זיַידענער פאַטשיילע און האָט געפאַסט. און איר איז אוודע באַוווסט געווען די אוראַלטע צאַוואָע: קיין פּרעמדס טאָר מען ניט נעמען. מיטן אייגענעם לעבן — דער אייגענער דין: דער באַלעבאָס איבער דעם איז דאָך דער דער בוירע־האָוילעם, הייסט עס, זיך נעמען דאָס לעבן — איז איינע פון די שווערסטע זינד. אָבער גייענדיק מיט דער טרויעריקער קאָלאָנע, איז זי געקומען צום שוידערלעכן באַשלוס צו נעמען אויף זיך אָט דעם גרויסן כעט, און ווען די פאַשיסטן האָבן אַרופגעטריבן די מענטשן אויף דער בריק איבערן טיַיכל, וואָס פליסט דאָרט באַם שטעטל, האָט



די פֿרומע אַלטיטשקע אינעם הייליקן טאָג פֿון יאָמקיפּער צונויפֿגענומען איר גאַנצן מוט מיטן ביסעלע קויכעס, וואָס זי האָט נאָך געהאַט, און זיך אַראָפּגעוואָרפֿן פֿון דער בריק אין וואַסער אַרײַן. מער איז די נישט אימשטאַנד געווען גאַראַנטירן צו טאָן אַף ניט אונטערצוגעבן זיך דעם סוינע. אײַ, די אווירע? האָט דער אייבערשטער איר געוויס געמוזט מויכל זײַן, דער צאַדייקעס. זאָל זי האָבן אַ ליכטיקן גאַניידן.

יאָ, האָב איך, הייסט עס, אָנגעקלאַפּט צו די קאַריצקיס. דער פֿעטער שאָלעם מיט דער מומע סאָרקען זײַנען ביידע אַרויס צו מיר צום טויער.

— די מילכאָמע האָט זיך געענדיקט, — האָב איך זיי מוידיע געווען שוין אַ סאַך אײַנגע־האַלטענער.

— לאַנג לעבן זאָלסטו, קינד מײַנס, אַ גוט גליקלעך לעבן אַף דיר, — האָט שווער פֿון זיך אויסגעקוועטשט דער פֿעטער שאָלעם מיט אַ דערשטיקט קאָל און האָט מיר געגעבן אַ קוש אין שטערן. די מומע סאָרקע האָט מיט אַ שפּיץ טיכל אויסגעווישט די טרערן.

ווײַטער איז געשטאַנען די שטוב פֿונעם דאָרפֿישן שוסטער פֿעטער קאַליע גרעבענקאָוו, וועלכער האָט זיך שוין זינט אַ צײַט געווען אומגעקערט פֿון דער מילכאָמע, אָבער מיט איין פֿוס און אַף מילי־צעס. דאָס ווײַב זײַנס, די מומע דוניע, האָט זייער איבערגעלעבט דערפֿון. זי האָט זיך אָפּגעמאָל באַקלאָגט פֿאַר די שכיינים אַף איר ביטערן מאַזל, און דאָס גאַנצע דאָרף ווײַבלעך האָט מיט איר געהאַט צו טאָן. ווײַל אירע טאָרומעס זײַנען פֿאַר דער מערהײַט געווען ווי זאַלץ אַף די רויע וווּנדן. איך האָב אַליין אַ פּאָר מאָל געהערט, ווי מע האָט זי געמוסערט:

— זינדיק ניט, דוניע, באַטראַכט זיך און קוק זיך אַרום. ווי שעמסטו זיך ניט? ס'האָט דאָך דיר אָפּגעגליקט — אַף כּידושים: דער מאַן האָט זיך אומגעקערט פֿון גענעם! אַ לעבעדיקער, אַ געזונ־טער. איז אָן אַ פֿוס, אָבער דער קאָפּ איז גאַנץ, די הענט אָפֿן אָרט. ווי זשע קאָנסטו וואַגן צו זײַן אומצופֿרידן? פֿע, אַ ביזאָיען!

די מומע דוניע האָט זיך טאַקע געשעמט, אָבער באַהאַלטן איר האַרצווייטיק איז איר געווען שווער, און פֿון מאָל צו מאָל פֿלעג זי באַדויערן:

— אַזאַ טענצער געווען, אַזאַ שניטער... אַ באַלעבאָס...

— נו, אַ טענצער, — האָבן זי שיר ניט געזידלט די ווײַבלעך, — אָבער געקומען! אַ לעבעדי־קער! — מע איז איר בעפּיירעש מעקאַנע געווען. די מומע דוניע פֿלעג ווערן פֿאַרויטלט און איינ־שטימיק צושאָקלען מיטן קאָפּ. ביז אַנדערן מאָל.

און דער פֿעטער קאַליע פֿלעג בעעמעס אַרויסווײַזן גרויסע בעריעשאַפֿט. טאָמער האָט מען גע־דאַרפֿט, האָט ער אַפֿילע באַוויזן אַרויפֿצוקלעטערן מיט זײַן איינציקן פֿוס אַפֿן סאַמע אויבן צו פֿאַריכטן דעם דאַך. אָבער אַמיינסטן פֿלעג ער אָפּזיצן זײַנע טעג מיטן קלאַפּערגעצײַג אַף אַ נידעריק שוסטער־בענקעלע און פֿאַריכטן שיך, פּראָסטע און גראָבע, ווי בא סאָלדאַטן. „נו, דער וועט זיך שוין געוויס פֿרייען מיטן גאַנצן האַרצן“, — האָב איך מיר באַרעכנט, צולויפֿנדיק צו זייער הויז. דער פֿעטער קאַליע האָט אַף מײַן קלאַפּ אין פֿענצטער צוגעקוועטשט צו דער אינווייניקסטער שויב זײַן גראָב, פֿון לאַנג ניט געגאָלט פּאָנעם.

— די מילכאָמע האָט זיך פֿאַרענדיקט! — האָב איך אים אַ געשריי געטאָן. דער פֿעטער קאַליע האָט דאַפֿקע יאָ געפּרוּווט געבן אַ שמייכל צו מיר, אָבער זײַן פּאָנעם האָט אים ניט געפֿאָלגט. אַפֿן אָרט פֿון אַ שמייכל טאָן האָבן זײַנע ליפּן רירנדיק זיך מאָדנע פֿאַרקרימט, ער האָט האַסטיק, מיט האַרץ אַ מאַך געטאָן מיט דער האַנט און האָט זיך אָפּגעדרייט פֿונעם פֿענצטער.

סאַמע לעבן די גרעבענקאָווס שטוב איז מיר געקומען אַנטקעגן וויטיע שאַדרין, אונדזער בריוו־טרעגער, דעם אַלטן מוסיטשעס זון. מוסיטשן האָט געקענט דאָס גאַנצע דאָרף. דאָס הייסט, ווער איז דער אָדער יענער האָבן אין דאָרף אַלע געוווּסט, נאָר מיט מוסיטשן איז דער אויפֿלעם געווען באַקאַנט, מאַכמעס זומער, אינמיטן ברען פֿון די פֿעלד־אַרבעטן, פֿלעג דער אַלטער אַרויסגעבן די קאָפּצאַנישע פּײַקעס שוואַרץ ברויט, וועלכע זײַנען געקומען פֿאַרן שווערן טאָג טירכע.

מוסיטש איז געווען אַ שיינער זאַקן, און דער זון זײַנער האָט געזאָלט זײַן נאָך שענער פֿון אים, ווײַל דער פֿאָטער האָט געטראָגן אַ ברייטע רויטע באָרד, און וויטיע האָט פֿאַרמאָגט אַן אָפֿן, יונג, ליבהאַרציק פּאָנעם, אַ צאַרטס און ליבלעכס, ווי בא אַ מיידל. און בעטעווע איז וויטיע געווען אַ גוטער און צוגעלאָזטער צו יעדן, שטענדיק גרייט געווען קומען מיט עפּעס צו הילף, טרייסטן מיט אַ גוט וואָרט. איך האָב אים זייער גוט פֿאַרגעדענקט אַט אַזעלכן. אָבער שיין מיטן פּאָנעם איז ער געווען ביז זײַן אַוועקגיין אַף דער מילכאָמע. אומגעקערט פֿונעם פֿראָנט האָט ער זיך גיך, מיט אַ געזיכט, ווינציק־וואָס ענלעכן צו אַ מענטשיש פּאָנעם. ס'איז אַ פּאַכעד זיך צו דערמאָנען אַפֿילע. איצטער איז פּאַשעט אוממעגלעך זיך פֿאָרשטעלן, ווי שיין אַט דער וויטיע איז פֿריִער געווען. אַ שפּליטער איז אים אַרײַן אין איין באַק און איז אַרויס פֿון דער אַנדערער זײַט. אַף די רעשטן פֿון זײַנע באַקן האָבן העל־רויט געפֿלאַמט שרעקלעכע שראַמען; דער קין האָט געפֿעלט, דאָס מויל איז פֿאַרקרימט געוואָרן

אף א זײַט. בלויז זײַנע אויגן זײַנען געבליבן, ווי פריִער, — לויטערע, בלויע און צערטלעכע. און עפּשער טאַקע דערפֿאַר האָט ער אַרופֿגעוואָרפֿן אויף זיך דעם שווערן אָל פֿון א בריוווטרעגער. מאַכמעס ווען ס'איז אים אויסגעקומען, ניט הײַנט געדאַכט, אַרײַנצוטראָגן צו עמעצן דעם טרויעריק באַוווּסטן דינעם אָפּיצײַעלן קאָנווערט מיט דער „פּאַכאָראָנקע", האָט זײַן מעסוקן צעשעדיקט פּאָנעם מיט די פּאָר גוטע אויגן אויף עפּעס אַן אומפֿאַרשטענדלעכן אויפֿן געשטאַרקט די אווײלים, צוגעגעבן זיי קויעך אויף אויסצושטיין.

איך האָב ליב געהאַט אונדזער וויטיען מיטן צעשעדיקטן פּאָנעם אויך. אים דערזען, האָב איך זיך א לאָז געטאָן אַנטקעגן און אײַנגאַנצן פֿאַר זיך אומגעריכט זיך שיִר ניט צעוויינט.

— וויטיע, די מילכאָמע איז אויס! דער ניצאָכן...

— פֿונוואַנען ווייסטו? — האָבן פֿריילעך און לעבעדיק אופגעפֿלאַמט זײַנע אויגן.

— פֿון דער שול, — און איך האָב דערציילט אַלץ, ווי די מײַסע איז.

— אָט א פֿריידו! אָט א יאָמטעוו! — האָט זיך וויטיע בעעמעס דערפֿרייט, — נו, א דאַנק דירן דו לויף, לויף, זאָג אָן ווײַטער דײַן גוטע בסורע, און איך וועל אויך לויפֿן דערפֿרייען וועמען־ניט־איז...

וויטיע איז אַנטלאָפֿן. איך האָב אים נאָכגעקוקט. די אַלטע אַסאָליאַטשקע איז אַלץ נאָך געשטאַנען לעם טויער ווי א שוואַרצער טרויעריקער דענקמאָל. קיין סימכע האָט זיך עפּעס דערווײַל ניט באַקומען.

ווײַטער, עטוואָס אין א זײַט, איז געשטאַנען די קאָוואַלענקאָס שטוב, אָבער צוגיין אַהין האָב איך מוירע געהאַט. נאָך דעם, ווי ס'איז אוועק אָפּן פֿראָנט זייער פֿינפֿטער זון, דער לעצטער — דער זיבעצניאָריקער מיזיביק סטיאָפּקע, האָט זיך וואַרוואַרע געריִרט פֿונעם זינען. זי פֿלעג אַרומגיין פֿון איין הויז צום אַנדערן, געזוכט אירע זין און בא יעדן געמאָנט, מע זאָל זיי איר אומקערן. איינמאָל איז זי אַזוי אַרײַנגעקומען צו אונדז. פֿון אַנהייב האָט זי גערעדט וועדליק אַלץ צו דער זאַך, און דערנאָך זײַנען די טונקעלע אויגן בא איר געוואָרן גרויס, ווי דאָס פּאָנעם, און טרויעריק, ווי אויף די איקאָנע־בילדער, און זי האָט מיט א שרעקלעכער שטים זיך גענומען בעטן ראַכמים:

— מענטשן, גיט מיר אָפּ סטיאָפּקען! דאָס זונעלע מײַנס, סטיאָפּאַטשקען, קערט מיר אום...

פֿון זינט יענץ מאָל אָן האָב איך פֿאַר איר מוירע באַקומען. זאָל איר שוין בעסער סאָנקע, איר שכיינע, ברענגען די גליקלעכע נײַס. זי דאַרף שוין אויך באַלד אָנקומען פֿון שול.

אופּ־פּף... ענדלעך, האָב איך איצט באַקומען די מעגלעכקײַט שוין לויפֿן צו זיך אַהיים אויך. פּײַל אויסן בויגן בין איך דורכגעפֿלויגן דאָס שטיקל וועג, אַרײַנגעשפּרונגען אין פֿירהויז, נאָר אין צימער געבליבן שטיין בא דער שוועל. עפּעס איז בא אונדז מאָדנע געווען: אויסגעקילט, טונקל, אומעטיק־שטיל, סומנע. כ'האָב צוגעוואַרט, ביז מײַנע אויגן האָבן זיך צוגעוווינט צו דער דעמערונג נאָך דער טאָג־שײַן, און זיך אַרומגעקוקט. די מאַמע מיט דער באָבען זײַנען ביידע באַנאַנד געלעגן אָפּן טאַפּטשאַן מיט נאַסע האַנטעכער אויף די שטערנס.

— וואָס איז דאָ בא אײַך?! וואָס האָט געטראָפֿן? — האָב איך זיך זייער דערשראָקן. עפּעס האָב איך זיך מיטאַמאָל דערפֿילט זייער מיד און זיך שווער אַראָפּגעלאָזט אויף דער באַנק בא דער טיר.

— מיר זײַנען ביידע פֿאַרטשאַדעט געוואָרן, — האָט מיט א שוואַך קאָל קוים מיר געענטפֿערט די באָבע.

— און דווירע איז ווו?

— ערגעץ אין דרויסן. זי איז פֿריִער אַרויס. און דו? וואָס אַזוי פֿרי?

— כ'האָב געבראַכט דעם ניצאָכן... מער נישטאָ קיין מילכאָמע.

א כידעש־כידושים: מײַן לאַנגדערוואַרטע יעדיִע האָט לעכאַטכילע ניט געמאַכט קיין שום רושעם. דאָס הייסט, לאַכלוטן. ניט אַרויסגערופֿן קיין מינדסטן אײַנדרוק. די מאַמע מיט דער באָבען זײַנען געבליבן שטיל ליגן, ווי ס'האָט גאָרניט פּאַסירט. דערנאָך האָט זיך די באָבע א כאַפּ געטאָן:

— וואָס? וואָס דערציילסטו?!

— די מילכאָמע האָט זיך געענדיקט.

— יאָ, יאָ, איך הער, — ערשט איצט איז די באָבע געוואָרן איבערגעראַשט און האָט זיך גענומען אופהייבן. — דו הערסט, לאָרע, — האָט זי געמאַכט צו דער מאַמען, — אָן עק צו דער מילכאָמע! — דאָס קאָל בא דער באָבען האָט זיך פּלוצעם פֿאַרשטאַרקט, לויטער געוואָרן, די אויגן האָבן א גלאַנץ געטאָן. — דער ניצאָכן, לאָרע, שטיי אויף! — זי האָט א שלײַדער געטאָן פֿונעם קאָפּ דעם נאַסן האַנטעך, זיך שטאַלץ אויסגעגלײַכט, ווי אַראָפּוואַרפֿנדיק פֿון זיך דעם אומגעהײַערן לאַסט פֿון די אומענדלעכע פֿיר יאָר מילכאָמע, און האָט זיך א קער געטאָן צו דער שאַפֿקע. פֿון דאָרטן האָט זי דערלאַנגט א קליין לעדערן טשעמאָדאַנטשיקל, נאָך א פֿאַרמילכאָמעדיקס. מיט אָט דעם טשעמאָדאַנטשיק זײַנען מיר פֿריִער, נאָך אינדערהיים, עטלעכע מאָל געפֿאָרן אין די פֿרײַע טעג קיין צעצין אויף עקסקורסיעס. צעצין — דאָס איז אַזאַ אָרט הינטער טשערנאָוויץ מיט זייער א שיינעם באַרג. באַם פֿאַרלאָזן די היים, ווען מיר האָבן אײַלנדיק זיך געקליבן אין וועג אַרײַן, האָט די באָבע דאָס אָנגעג־

פאקט מיט קאַלערליי רעפֿועס, וואָס ס'איז איר נאָר געקומען צו די הענט, און האָט זיך מיט דעם ניט צעשיידט אַלע שווערע יאָרן. איז טאַקע שפּעטער, בײַם דער מילכאָמע, ווען אינעם גאַנצן אַרום בײַ אונדז זײַנען נישט געווען ניט קיין דאָקטוירים און ניט קיין רעפֿועס, האָט דער באָבעס פֿאָרויס־זעעוודיקײַט ניט איין מאָל אונדז אָפּגעראַטעוועט. און ניט נאָר אונדז בלויז. דער טשעמאָדאַנטשיק האָט זיך אַרויסגעוויזן פֿאַר אַן אומשאַצבאַרן אוצער.

איצט איז דאָס אַלטיטשקע טשעמאָדאַנטשיקל געווען קימאַט אויסגעליידיקט, און די באָבע האָט זיך גענומען עפּעס דערלאַנגען פֿון אונטער זײַן אונטערשלאַק. די מאַמע האָט זיך דערוויַל אויך אויפֿגעהויבן. זי האָט זיך אויך דערפֿילט בעסער און צו אירע גרינבלעך־בלאַסע באַקן האָט זיך אָנגעהויבן אומקערן די לעבעדיקע ראָזלעכקײַט פֿון דער יוגנט. זי איז בײַ מיר געווען זייער אַ שיינע.

פֿון דרויסן איז געקומען צו לויפֿן דאָס שוועסטערל. ס'האָט געדויערט אַ גאַרנישט, און די באָבע האָט טאַקע דערלאַנגט פֿון דער באַהעלטעניש עפּעס אַ קליינטשיקס, פֿאַרוויקלטס אין אַ ריין ווײַסינק שמאַטקעלע. זי האָט דאָס אָנגענומען מיטביידע הענט, און פֿאַר דער קורצינקער ווײַלע, וואָס זי האָט דאָס פֿאַרהאַלטן, האָב איך באַמערקט, ווי אירע פֿינגער האָבן אויסערגעוויינלעך דריבנע געציטערט. דערנאָך האָט זי פֿאַרזיכטיק צעוויקלט דאָס שמאַטקעלע, און פֿאַר מײַנע פֿאַרוווּנדערטע אויגן האָט אַ שײַן געטאָן אַ ווײַס־גרויליך ציגעלע פֿון אַזאַ באַקאַנטער, קימאַט שוין פֿאַרגעסענער נאַשערײַ... איך האָב אוודאי די רעגע פֿאַרשטאַנען, וואָס דאָס איז אַזעלכס.

— נו וואָס, דו דערקענסט? — האָט צו מיר וואַריעם אַ שמייכל געגעבן אַ די באָבע. — ריכטיק, אַ שטיקעלע צוקער. איך האָב דאָס אויסגעבאַהאַלטן אויף הײַנטיקן טאָג נאָך פֿון יענער צײַט אָן, ווען בײַ אונדז איז דאָס לעצטע מאָל געווען צוקער באַם טיש. אַ יאָר דרײַ מיט אַ האַלבן, אַפֿאָנעם, צוריק. קעדיי מיר זאָלן האָבן מיט וואָס אָפּצומערקן אָט דעם ליכטיקן, הייליקן יאָמטעוו. זעסט, אַז מע לעבט, דערלעבט מען... — און בײַ איר אין די אויגן האָט עפּעס מאָדנע אַ גלאַנץ געטאָן...

דאָ איז אַרײַנגעקומען אויך ליאָנקע. קלאַפּן אין טיר איז אין דאָרף ניט פֿאַרפֿירט געווען, האָט ער זיך פּאַשעט אַרײַנגעשטעלט און איז געבליבן שטיין בײַ דער טיר, שעמעוודיק קנײַטשנדיק אין די הענט דאָס היטל.

— אַ־אַ, ייִנגעלע, קום אַרײַן! — האָט זיך אַ קער געטאָן צו אים מיטן פּאָנעם די באָבע. — אַ גוט־יאָמטעוו דיר! מיר באַגריסן דיך מיט אַלע דײַנע ליבע מיטן גרויסן, לאַנגדערוואַרטן, הייליקן יאָמטעוו! — טאַמיד זייער אַן אײַנגעהאַלטענע, האָט זי אין יענעם טאָג ניט געקאָרגט קיין דערהויבענע ווערטער, און קיינעם האָט דאָס ניט געוווּנדערט.

— אַ דאַנק, איך באַגריס אײַך אויך, — האָט ליאָנקע צעטראָגן אַ מורמל געטאָן פֿון דער שוועל.

— נו, און וואָס טוט זיך בײַ אײַך? — האָט געפֿרעגט ליאָנקען די מאַמע.

— עפּעס וויינען אַלע, — האָט ער געענטפֿערט צעמישט.

— מע וויינט, — האָט זיך אָפּגערופֿן די באָבע. — פֿון גרויסער פֿרייד וויינט מען אויך, קינד מײַנס.

בײַ ליאָנקען פֿון שטוב האָט די מילכאָמע אויך צוגענומען אַ באָכער. דאָס איז געווען זײַנער אַ צוואַנציקיאָריקער פֿעטער, און ער איז געפֿאַלן אין שלאַכט ערגעץ בײַ סטאַלינגראַד.

— נו, קום, קום צו אונדז, — האָט די באָבע אים ווידער פֿאַרבעטן. ליאָנקע איז צוגעגאַנגען, מײַן מאַמע האָט אים אַרומגענומען פֿאַר די אַקסלען. די באָבע האָט צעשפּרייט אויפֿן טיש דאָס ווײַסינקע שמאַטקעלע, גענומען אַ מעסער אין האַנט, אָנגעשטעלט דאָס מיט דער שאַרף אויפֿן ציגעלע צוקער, אָנגעכאַפּט דעם צוקער מיט צוויי פֿינגער פֿון דער אייגענער האַנט, אונטערגעהויבן און האַסטיק אַ קלאַפּ געטאָן איבערן טיש. דער צוקער האָט זיך צעשפּאַלטן אויף צווייען און פֿאַרביק בײַס־מײַסע אַ פֿינקל געטאָן אינעם בראָך. אַזוי האָט זי צעפּיצלט דעם צוקער אויף פֿינף כאַלאַקים, און יעדערער האָט באַקומען אין מויל אַ שטיקעלע פֿון אָט דער פֿאַרמילכאָמעדיקער, קימאַט פֿאַרגעסענער זיסקײַט. און אַלע, די קליינינקע דווירקע אַפֿילע, האָבן פֿאַרשטאַנען, אַז דאָס איז ניט סתּם אַ שטיקעלע צוקער, נאָר אַ סימען פֿון דעם, אַז פֿון הײַנטיקן טאָג הייבט זיך אָן אַ נײַ לעבן, אַ לעבן פֿון נאָך דער מילכאָמע.

יאָ, דער גאַנצער באַוווּסטזיניקער אוילעם האָט מיט לײַב און לעבן געגלייבט, אַז דאָס וועט זײַן אַ וווּנדערלעך־שיין, ליכטיק לעבן. אינגאַנצן אַ נײַס. מאַכמעס אַלע, ווער ס'האָט נאָר דערלעבט, וועלן אַרײַנלייגן אין זײַן אויפֿבוי דאָס גאַנצע האַרץ זייערס מיט דער נעשאָמע, זיי וועלן אַרבעטן מיט אַלע קויכעס אי פֿאַר זיך גופֿע, אי פֿאַר יענע הונדערטער טויזנטער, פֿאַר די מיליאָנען, ווער ס'איז אויף אייביק פֿאַרבליבן אויף דער מילכאָמע און וועט זיך שוין קיינמאָל ניט אומקערן, ווער ס'האָט אָפּגעגעבן דאָס לעבן, ניט באַוויַזנדיק צו פֿאַרווירקלעכן זײַנע פּלענער, צו אַרויסווײַזן די טאַלאַנטן און מעגלעכקײַטן. און אַלע האָבן געוווּסט, אַז קאָלזמאַן מיר לעבן, וועלן מיר שטענדיק געדענקען אינעם גרעסטן און אומפֿאַרגלײַכבאַרסטן אין דער וועלט ניצאָכן, אַז די געשיכטע וועגן אים וועט ווערן דערציילט און איבערדערציילט פֿאַר קינדער און קינדס־קינדער פֿון איין דאָר צום אַנדערן.

אינגיכן זײַנען מיר אוועקגעפאָרן פונעם דאָרף, און וואָס עס האָט דאָרט ווײַטער פּאַסירט מיט אונדזערע געוועזענע שכײנים, ווייסן מיר זייער ווייניק. אָבער אָט איז פאַרלאָפן מער פון פערציק יאָר... די ייִנגסטע פון די אָנטיילנעמער אין דער מילכאָמע האָבן נאָך ניט דערגרייכט ביז דער פּענ־סיע־עלטער, און אַפילע די געוועזענע מיליטער־אָנפירער זײַנען אויך ווײַט ניט אַלע שוין אוועק אין דעמיסיע. אָט ערשט פאַרצווייאָרן האָט זיך געפּעלט אונדזערער א קאָרעוו, דער פעטער אַנשל, און דאָס ווײַב זײַנס, די מומע לייקע, האָט ביז איר לעצטן אָטעם אַלץ געוואַרט און אַרויסגעקוקט אויף זייער יאָסעלען פון דער מילכאָמע. ביזן סאַמע סאָף האָט זי ניט געקאָנט זיך פאַרשטעלן, זיך אײַנ־ריידן, אַז איר קינד, איר בענימיניק יאָסעלע, איז מער ניטאָ אויף דער וועלט, אומגעקומען, נעבעך, באַם דײַטש. ער איז קעסיידער געשטאַנען באַ איר פאַר די אויגן, טאָמיד אַ לעבעדיקער, אַ פריילע־כער, ווי זי וואָלט אָט ערשט געזען זיך געזעגנט מיט אים. אָט האָט ער זיך איר פאָרגעשטעלט נאָך אַן אייפעלע, מיט גלײַכינקע פּיסעלעך, און אונדזער טאַטע, אַלעווהאַשאָלעם (אַגעוו, ער האָט אויך מילכאָמע געהאַלטן, ניט איין מאָל זיך אויסגעצייכנט און האָט זײַן כײַלעק אויך איבער אײַנעמען בערלין), לערנט אים מאַכן די ערשטע זעלבשטענדיקע טריט. דאָס קינד שפּאַנט, מאַרשירנדיק איבערן גרויסן טיש, דער טאַטע האַלט דאָס צו פאַר די הענטעלעך און זינגט דעם אַ לידעלע:

— שטעל די פּיסלעך שטאָלץ און שיין,<br>ווי סאָלדאַטן וועלן מיר גיין...

ווער וואָלט זיך דאָס געקאָנט פאַרשטעלן, אַז אַזעלכס וועט פאָרקומען אינדערעמעסן?..

און אָט האָט זיך יאָסעלע איר געמאָלט שוין אַן אונטערגעוואַקסענער, אַ גרויסער שיינער באָכער מיטן פידל אין האַנט... מומכים האָבן אים פירגעזאָגט גרויסע דערפאָלגן אויפן מוזיקאַלן געביט. ווי זשע קאָן זײַן, אַז ער איז נישטאָ, ווען אָט איז ער דאָך, אָטאָ שטייט ער באַ איר פאַר די אויגן?! אויף זײַן פאַרגרעסערטן פּאָטאָ־בילד, וואָס איז, וויפל מיר געדענקען, שטענדיק געהאַנגען באַ זיי אויף דער וואַנט, איז ער מער פון אַלץ געראָטן געווען אין אַ פּיאָנער אַ העלד, ווי מע פלעג זיי אַמײַנסטן אויסמאָלן אין די פאַרמילכאָמעדיקע יאָרן: אַ געוואַגטער אָפענער קוק, אײַנעם אָנבליק — באַגײַסטער רונג און אַנטשלאָסנקײַט, און אײַנצײַטיק — אַ מין אומגעהײַערע עמונע אין לעבן.

יאָסעלע איז אוועק אויפן פראָנט פרײַוויליק, באַ די זיבעצן יאָר. אין אײנער א שלאַכט האָבן די פאַשיסטן פאַרכאַפּט אונדזערן אַ פעלד־שפּיטאָל מיט אַ גרויסער צאָל פאַרוווּנדעטע, צווישן וועלכע ס׳האָט זיך געפונען אויך ער, יאָסעלע אײַנבינדער. די מערדער האָבן זיך דערוווּסט, אַז ער איז אַ ייִדיש קינד, און האָבן אים גוואַלדיק געפּײַניקט, ביזן סאַמע טויט. דאָס אַלץ האָט זײַן טאַטן, נעבעך, דעם פעטער אַנשלען, דערציילט מיט אַלע פּראָטים יאָסעלעס אַ באַוועד, וועלכער איז בײַגעווען דאָרט און איז פאַרבליבן אַ לעבעדיקער. דער פעטער — דער אומגליקלעכער פאָטער — האָט געדאַרפט געוועזן זײַן שטאַרקער פון אײַזן, איבערלעבנדיק אַזעלכע יעסורים, בעשאַס יענער האָט אים מיטגע־טיילט מיט די אײַנצלהײַטן אָט דעם פאַכעד־פּכאָדים, אָבער ער האָט געמוזט זײַן נאָך שטאַרקער אויף אויסצובאַהאַלטן אין האַרצן דעם שרעקלעכן סאָד פאַר דער מוטער אַלע ווײַטערדיקע יאָרן, וויפל ס׳איז זיי באַשערט געווען נאָך אינײנעם צו זײַן אויף דער וועלט.

באַ אונדזער אַלטער באַקאַנטער מאַרוסיען לעבט נאָך ערגעץ איר מאַמע אַ. אי. פּיליפּאָוואַ, און אָט גייט שוין דאָס פינפטע צענדליק יאָר, זינט זי וואַרט אָן אָן אויפהער פון דער מילכאָמע איר זיוועג. ער האָט זיך ניט אומגעקערט, און זי גלייבט נאָך אַלץ ניט, קאָן זיך ניט נייטן צו גלייבן, אַז ער איז נישטאָ מער. ביז די טיפע עלטערע יאָרן האָט זיך פאַרהיט באַ איר די סימפּאַטישקײַט, מע האָט איר גערעדט העט וויפל גוטע שידוכים און זי האָט ניט איין מאָל בעיאַד געהאַט צו באַשטאַטן איר לעבן אויפן בעסטן און שענסטן אויפן. אָבער ס׳האָט זיך באַ איר ניט געפונען קיין קויעך זיך אַליין גרויוער צו זײַן, און זי איז אַזוי טאַקע פאַרבליבן אַן אַלמאָנע, נאָר אַ טרײַע דער אײנציקער ליבע אירער. זי געדענקט איר יעגאָרן, ווי יונג און קרעפטיק ער איז געווען, ווי זי ז׳אַנטלאָפן צו אים קעגן דעם ווילן פון אירע עלטערן, וואָרעם די ליבע פון אָט דער פּאָר איז געווען שטאַרקער פון זייערע אַלע איבעריקע געפילן, און די דאָזיקע גרויסע ליבע טראָגט זי ביז הײַנט אײנע פאַר ביידן דורך איר גאַנץ לעבן. יעגאָר איז אוועק אויפן פראָנט אין אַ פּאָר טעג אַרום נאָך זייער כאַסענע...

אַלץ, וואָס מיר ברענגען דאָ, — דאָס זײַנען לעבעדיקע פּעדיעס, וואָס ציִען זיך אויש פון דאָרטן, פון די מילכאָמע־טעג: דאָס זײַנען וווּנדן, וועלכע בלוטיקן נאָך ביז הײַנט. ווי זשע קומט, אַז אײַנ־גאַנצן אין אַ מין פערציק יאָר אַרום זאָל זיך עמעצן פאַרגלוסטן אַזוי אומגעלומפּערט אַלץ איבערבאַ־זיניקן? עפשער האָבן אים די עלטערן אַזוי דערצויגן?

אָבער ניין, דער פאָטער פון אָט דעם יונגנמאַן מיטן שיגאָיען פון „פּראָגרעסיוון דענקען" אין קאָפּ איז זייער אַן אָנשטענדיקער און אָנגעזעענער מענטש. ער איז, בעסאַכאַקל, אַן אָנפירער פון אַ גרויסן זאַוואָד, אַ ראַט־דעפּוטאַט. זייער אַ פײַנער מענטש, אַ בעקאָוועדיקער, צוגעלאָזטער און אַ ליב־האַרציקער, אַן איבערגעגעבענער טאַטע. בעשאַס דער מילכאָמע איז ער געווען אַ מיליטער־פּליִער. אין

איינער א לופט־שלאַכט האָבן די פאַשיסטן אונטערגעשאָסן זײַן אעראָפּלאַן. אים האָט זיך ניט אײַנ־געגעבן אַרויסצושפּרינגען פון דער פאַרווונדעטער מאַשין, אַלפּי נעס איז ער פאַרבליבן לעבן, נאָר זײַן רוקנביין איז בײַ אים זייער צעשעדיקט געוואָרן. מע האָט אים געזאָלט דעמאָביליזירן, ווײַל יעדער שפּאַן האָט זיך בײַ אים אָפּגערופן מיט א שאַרפן ווייטיק אין גאַנצן גוף. אָבער די מילכאָמע האָט נאָך ניט געהאַלטן באַם סאָף, און ער האָט אײַנגערעדט זײַנע דאָקטוירים, אַז מע זאָל אים דערלויבן, אויב ניט אײַנדערלופטן, טאָ כאָטשבי אויף דער ערד, אָבער זײַן אַרום די אעראָפּלאַנען.

עס איז צו גלייבן, אַז מיט אים וואָגט ניט זײַן זון צו פאַרפירן קיין רייד וועגן איבערבאַוויניקן די געשיכטע פון דער מילכאָמע — קיין טיפּעש איז ער דאָך ניט, — אָבער ס'מאַכט ניט אויס: דער־לאָזן בײַ זיך אַזאַ שענדלעכן געדאַנק האָט דאָך דאָס זונדל דערלאָזט! דערלאָזט... א מענטש, וואָס איז געבוירן געוואָרן אין צען יאָר אַרום נאָך דער מילכאָמע, א זון פון איר אַנטיילנעמער.

און כאָטש ס'איז פאַראַדאָקסיק, כאָטש ס'טויג אינדערעמעסן טאַקע אויף סעם טישטשע קאַפּאַרעס, ווי אונדזער באָבע נעכאַמע, אַלעאַהאַשאַלעם, פלעג זאָגן, וואָלט מען זיך פּאַרט געמעגט פּאַשעט אויסלאַכן, ניט מאַכן קיין „צימעס" דערפון, ווען אָבער ס'שפּראַצט ניט אַרויס נאָך ערגעץ. שוין גאָר דאָ אינדערהיים, אין א שמועס מיט אונדזערע מיטאַרבעטער, רופט זיך אומגעריכט אָפּ איינער א וויקטאָר:

— וואָס זשע ווילט איר, מיר זאָלן זיך איצטער אייביק אַרומטראָגן מיטן ניצאָכן־טאָג ווי א הון מיט אן איי? ער איז פאַר אונדז אַקוראַט אַזוי טײַער און פּונקט אַזוי ווײַט, ווי, אַשטייגער, די זיגן פון אַלעקסאַנדער ניעווסקי אָדער די קוליקאָווער שלאַכט.

— וויקטאָר, דו באַטראַכטסט, וואָס דו רעדסט? ווי קומט עס צו דיר? דײַן פאָטער איז דאָך געווען אַזאַ פאַרדינסטפולער מיליטערמאַן און אַזאַ אָנגעלייטענער פון זײַנע וווּנדן...

— יעדערער לעבט זיך זײַן לעבן. אַט די מילכאָמע איז אויסגעפאַלן אויף מײַן פאָטערס כיילעק, אַנדערע — אויף מײַנע אורעלטערן. זיי האָבן, מיסטאָמע, אַנטיילגענומען אין אַנדערע מילכאָמעס. איך בין געבוירן נאָך דער מילכאָמע, און צווישן דער נאָענטער מיט דער ווײַטער פאַרגאַנגענהײַט באַמערק איך ניט קיין שום נאָפקעמינע. זיי זײַנען פאַר מיר אַלצייַנס פרעמד, און גופע איך האָב מיט זיי גאָר א קליינעם שײַכעס.

— אָבער דו שטאַמסט דאָך פון ערגעץ?! פון עמעצן?.. עפּעס־וואָס פונעם אוואַר מוז דאָך בײַ דיר פאַרנעמען אן אָרט? — זײַנען צעמישט געוואָרן די בײַזײַענדיקע.

— נו איז וואָס, אַז איך קער זיך עפּעס אָן מיט א באַוווּסטן קלאַסיקער? כ'האָב טאַקע אין מאַסקווע א קרויווע, זײַנס אן אייניקל, וואָס זשע דאַרף מיר דערפון אַרויסקומען?

— שוין, וויקטאָר, גענוג! ס'עקלט צו הערן.

צום גרויסן באַדויערן, איז דאָס ניט אויסגעטראַכט. און קיין שפּאַס איז דאָס אויך ניט געווען. גאַלע עמעס און גאַלע ערנסט. און בײַ אונדז אין דער ביכער־שאַפע, הינטערן גלאָז, שטייט אין אַלט אַמאַטאָריש פאָטאָ־בילד, פון וועלכן ס'קוקט לעבנסלוסטיק און קלאָר א סימפּאַטישער יונגערמאַן.

— דאָס איז מײַן זיידע, — דערקלערט גערן אַלעמען דער דרײַיאָריקער פאַרשוין נאָסעלע.

אינדערעמעסן איז דאָס אפילע נאָך ניט אַזוי אויך, דאָס איז ניט קיין זיידע, ער קער זיך אים אָן אן עלטערזיידע, אָבער ס'איז פעלערהאַפטיק צו טראַכטן, אַז דאָס איז סטאַם א בילד פון אַט דעם זיידנס יוגנט. ער איז, נעבעך, אויף טאָמיד אַזוי טאַקע פאַרבליבן א פינף־און־צוואַנציקיאָריקער, דער יונגערמאַן לייבל הערמאַן. ער איז געווען קאָמיסאַר אין איינעם פון די לעצטע באַטאַליאָנען פון יאַם־אינפאַנטער־ריע, וועלכער איז פרײַוויליק איבערגעבליבן אויף צו באַשיצן דאָס אָפּטרעטן פון אונדזערע מיליטער־טיילן פונעם באַלאַגערטן סעוואַסטאָפּאָל. לייבל הערמאַן איז נאָך געווען פון די גליקלעכע. ער האָט פרי כאַסענע געהאַט און האָט איבערגעלאָזט אויף דער וועלט דרײַ שיינינקע טעכטערלעך. איצט זײַנען זיי אויסגעוואַקסן, אַלע געוואָרן מאַמעס. אַזוי־אַרום, איז לייבל געוואָרן א זיידע און עלטער־זיידע. איינס פון זײַנע אייניקלעך טראָגט זײַן נאָמען, און דאָס זונעלע זײַנס ווייסט שוין אויך, אַז אַט דער, אויפן בילד, קער זיך אָן מיט אים זייער קרויוויש.

אָבער דער דאָזיקער לייבל האָט געהאַט נאָך א יינגערן ברודער. שוריק פלעג מען אים רופן, אַשער, דאָס הייסט אַלעקסאַנדער. ער איז פרײַוויליק אוועק אויפן פראָנט און האָט ניט באַוויזן צו דערלעבן אפילע ביז זײַנע פולע אַכצן — פאַרברענט געוואָרן אין טאַנק. נאָך אים האָט מען אויך געגעבן א נאָמען. דער אייגנטימער פון אַט דעם נאָמען איז א שיינער שלאַנקער באָכער, איצטער שוין עלטער פון זײַן נאָמען־ברודער, אָבער נאָך וועמען ער טראָגט דעם דאָזיקן נאָמען איז ער עפּעס „ניט אײַמשטאַנד" צו באַנעמען. פאַרנעמען פאַרנעמט דאָס אים, ווי דער פאַראַיאָריקער שניי, און ס'איז אים, אַפּנים, צו שווער צו מאַטריען זײַן דעם יונגן זיקאָרן אויף צו פאַרגעדענקען.

פאַרגעדענקען אויף אייביק. אַזאַ איז דער הייליקער געבאָט...

צייכענונג — ע. אַראָנאָוו

# טאטע-מאמע

«...он развивал свою давнишнюю мысль об истории как о второй вселенной, воздвигаемой человечеством в ответ на явление смерти с помощью явлений времени и памяти.»

*Б. Пастернак. «Доктор Живаго»*



פערל קאנטאר

בא דער קליינער קרענעצע לעבן דעם „אפטייקערס סאד”, האט קאיאר געווארט סראליקל קאנטאר. א באכער נאך בארמיצווע, א רייניקער, א צאפלדיקער, א שטאנדהאפטיק געוויקסעלע. שטייט ער שוין דא קימאט א שאָ צייט. ווי נאר ס'האט אנגעהויבן שאריען, האט ער זיך ארויסגעגאנוועט פון דער שטוב און איז אוש פון דער נייער שטאט געקומען צו לויפן אהער. ער איז זייער שטאלץ, וואס זיין שוועסטערקינד שלוימע דעם פעטער שאלעמס האט אים פארטרויט אזא דעליקאטע שליכעס. ער איז שוין געווען אין עסטערפאליע, 8 קילאמעטער פון ליובאר, און זיך צונויפגערעדט מיטן ראוו, אויך א קארעוו, אז אפן צווייטן טאג וועט יענער געהיים געבן טנאים שלוימען מיט בלומען. ס'איז טאקע אן אויסטערלישע זאך, וואס דער רעבע בענציע איז מאסקים געווען.

שלוימע שאלעם דעם שויכעטס האט געשעמט אין שטעטל מיט זיין סייכל און מיט זיין געלערנטקייט. די עלטערן זיינען געווען איבערצייגט, אז אף זייער בכאר ווארט א ליכטיקע צוקונפט. און פלוצעם...

עמעצער האט געזען, אז שלוימע רייכערט אום שאבעס. א צווייטער האט זיך געשווירן, אז ער האט מיט די אייגענע אויגן געזען שלוימען, עסנדיק טרייפן קאלבאס. אבער די גרעסטע אווירע איז געווען דאס, וואס שלוימע האט זיך פארליבט אין דאוויד דעם באנדערס טאכטער — אין בלומקע מאזור. קיינער האט, כאסוועכאליע, ניט געוואלט זאגן, אז זי איז ניט קיין אויסגעשפילטע. פארקערט: שיין און קלוג, געענדיקט די טאלמעטוירע און אפילע רוסישע קורסן. אכוץ אלע מיילעס, האט זי זייער גוט געשפילט אף דער בינע. אפילע אז ס'פלעגן קומען פראפעסיאנעלע טרופעס, פלעג מען זי איינלאדן אנטיילצונעמען אין די ספעקטאקלען. ווען זי האט געשפילט „כאסיע די יעסוימע”, זיינען וייבער געפאלן כאלאשעס פון הארצקלעמעניש.

א העכערע פון מיטלוווקס, א שלאנקע, מיט א שיין פארקעמטן קאפ (די האר, קיינמאל ניט געשוירענע, זיינען געווען לאנג, ביז די קני), פלעג זי אין איר שטענדיקן „ענגלישן” קאסטיום אויסזען א ביסל ווי ניט קיין היגע.

ווען שלוימע האט ענדגילטיק פארשטאנען, אז ער קאן ניט לעבן אן בלומקען און געמאלדן וועגן דעם זיין טאטן און דער מאמען, האט ער אויסגעהערט אזא ענטפער, וועלכער האט אים גע־צווונגען פארלאזן די היים. בא זיין כאווער אין דער אלטער שטאט איז געווען א קעלער, ווו ער האט באשטימט זיך אויסבאהאלטן און ניט ווייזן זיך פאר טאטע־מאמע, ביז זיי וועלן זיך ניט אפזאגן פונעם געמאלדענעם כייערעם...

שלוימקע מיט בלומקען האבן אויסגעקליבן דאס פארשטאנדיקע באכערל סראליקל פאר זייער גוטן מאלעך. און זיי האבן זיך ניט אפגענארט: גלייך פון דער קליינער קרענעצע באם „אפטייקערס סאד" האבן זיי זיך אינדרייען אוועקגעלאזט אין דערבייקן שטעטל צו דעם רעבע בענציע נאך די טנאים.

אפגעמאכט די זאך אין עסטערפאליע, האט זיך דאס פארפאלק באזעצט בא אנטאשקען. אנ־טאשקע... וויפל שיינע און גוטע מייסעס האב איך אויסגעהערט וועגן יענעם ערשטן יאר פון זייער פאמיליע־לעבן בא אנטאשקען! ס'איז קיין גראשן בא דער נעשאמע ניט געווען. מע פלעג זיך שפייזן מיט אנטאשקעס קארטאפל און מיט זויערע אוגערקעס. דער הארבסט און דער ווינטער פון דעם 1922 יאר זיינען געווען הארבע. און עפשער האבן זיי געפילט די קעלט אף א באזונדערן אופן... אכוץ דער ווארעמער שאל און די פעטריענע באטן, וואס בלומקעס מישפאכע האט איבערגעגעבן, האבן זיי פון די עלטערן גארנישט ניט באקומען. די שטאלצע באבע ביילע, בלומקעס מוטער, האט געזאגט: „אז עמעצער וויל מיך ניט איין מאל, וויל איך אים ניט דריי מאל".

— דערנאך, — האט דערציילט מיין מאמע, — איז געווען א פריימיקצונאכטס, ווען דער טאטע איז אוועק אין דער פאליקליניק צום אויגן־דאקטער מיט א גערשטן אפן אויג. זי האט מיך שוין גע־ניאנטשעט. כ'האב זיך אופגעפירט אומרויק, זי האט ניט געקאנט מיך אראפלאזן פון די הענט. אין דער צייט איז געקומען דער זיידע דאוויד, איר טאטע. געבראכט א כאלע מיט פיש און שאבעס־גע־בעקס. מע דארף זאגן, אז די לעצטע צייט פלעג ער אפט אריינכאפן זיך צו אנטאשקען, מיט וועלכן ער האט זיך באפריינדעט און שטילערהייט ארויסלייגן עפעס פון עסנווארג, אדער אן אנדער זאך, וואס איז נוצלעך צום געברויך.

סע שטעלט זיך מיר פאר, אז די באבע ביילע האט מיט גרויס שווערקייט איינגעשטימט מיטן זיידן. מיסטאמע האט זי אזוי טאקע געזאגט: „כ'וויל פון גארניט און פון קיינעם ניט וויסן. טו אליין, וואס צו ווילסט. איך וועל זיך אין דיינע געננג ניט מישן". דער זיידע האט מער ניט געדארפט. זיין גוט, ווייך הארץ האט זיך צעזונגען, און ער האט גענומען טאג נאך טאג אריינגיין צו אנטאשקען.

אויך דער מאמען האט ער איינגערעדט, אז איצט וועט אלץ זיין מיט מאזל און מיט גליק. איך שטעל זיך פאר, אז אין יענעם פריימיקצונאכטס האט ער געזאגט: „נעם זיך ניט צום הארצן, וואס שלוימקע זאמט זיך לאנג. מעגלעך, אז זיינע עלטערן האבן אים אריינגעכאפט אין שטוב צו זיך, קעדיי זיך איבערבעטן. צו זיי איז דערגאנגען, אז זיי זיינען געווארן זיידע־באבע..."

אינגיכן איז געקומען דער טאטע. א שיינענדיקער, א פריילעכער. ארום אים האט געשוועבט א לייכטער גערוך פון דער שאבעסדיקער קויסע. אפילע דער גערשטן אפן אויג איז אנטרונען. ער האט אוועקגעלייגט אפן טיש קיכעלעך און עפעס נאך. ארומנעמענדיק די מאמע מיט מיר צוזאמען, האט ער געמאלדן: „מארגן עסן מיר שאבעס אין דער נייער שטאט..."

ס'איז טאקע געווען פונקט אזוי, ווי דער זיידע דאוויד האט געזאגט. גייענדיק אין פאליקליניק, איז דעם טאטן אויסגעקומען פארבייגיין זייער שטוב. עמעצער האט אים דערזען און געזאגט וועגן דעם דער באבע ראכל. זי איז ארויס א פארפלאמטע און זיך א ווארף געטאן צו אים, גענומען אים האלדזן און קושן און אריינגעשלעפט אין שטוב. דער זיידע שאלעם איז געקומען פון דער שול און מ'האט געפראוועט די סודע...

די מאמע האט רויק אויסגעהערט דעם אפגעריכטן טאטן און גארנישט ניט געענטפערט. כ'מיין, אז זי איז ווייט ניט זיכער געווען, אז זי וועט גיין אהין. ווען ניט דעם טאטנס יינגער שוועסטערל סיבעלע און זיין ברודערל כאימקע, וועלכע זיינען אף מארגן געקומען נאך אונדז און געדולדיק געווארט ביז די מאמע וועט זיך אויסקלייבן, וואלט די זאך געבליבן ווי געווען. אין א סאך יארן ארום, ווען די מייסע איז דערציילט געווארן מיר און מיין שוועסטערל, האט דער טאטע מיט א זיפץ צוגעגעבן:

— איך געדענק נאך, אז אייער מאמע האט די גאנצע צייט געשוויגן, ווי אנגענומען וואסער אין מויל. אפילע קיין שמייכל ניט געטאן...

און כאטש די באבע ראכל פלעג שפעטער אלעמאל זאגן, אז בלומקע איז איר מער א טאכטער, ווי שלוימקע א זון, — נאר איך געדענק ניט, אז מיין מאמע זאל האבן צו איר געשמייכלט. ווייזט אויס, אז ליבשאפט איז שווערער צו געפינען, איידער פארלירן.

ווען די באָבע ביילע איז קראַנק געוואָרן און דרײַ יאָר געלעגן צו בעט אומבאַוועגלעך, זײַנען מיר אַריבער צום זיידן דאָוויד אין שטיבעלע, וואָס איז געשטאַנען אויפֿן מאַרק־פּלאַץ אין אַ ריי פֿון פּונקט אַזעלכע כאַלופּעס — אַ באָנדערס, אַ בלעכערס, אַ גלעזערס און פֿון אַנדערע אומכאַלײַט.

בלויז איין צווייטשאָקיקער ווײַסער מויער האָט געסטאַרטשעט, ווי אַן איינציקער געזונטער צאָן. דער מויער האָט געהערט דעם געוועזענעם גוויר זאַדאָווסקי. געבליבן איז פֿון אַלע זאַדאָווסקיס נאָר זייער טאָכטער מעני. דעם צווייטן שטאָק האָט פֿאַרנומען אַ באַרימטער אין יענע צײַטן ליובאַרער אײַנוווינער דאָוויד אַשיבאָוו מיט זײַן פֿרוי סאָניע און מיט אַ בילד־שיין יינגעלע. אַשיבאָוו איז געווען דער גאַנץ פֿון דער ליובאַרער טעאַטראַלער זעלבסטעטיקײַט. ניט קיין הויכער, אַ ברייטפּלייציקער, אין אַ ריינעם ליכטיק־גרויען אָנצוג און אין אַ העלן זומער־מאַנטל, וועלכן ער פֿלעג אָנרופֿן מאַקינטאָש, איז ער, בײַ זײַן גאַנצער צוגעלאָזנקײַט, געווען אײַנגעהילט אין עפּעס אַ ראָמאַנטישן נעפּל. אַ מין ליכט־קרײַז פֿלעגט אים באַגלייטן, ווו ער זאָל זיך ניט באַווײַזן. כ׳געדענק זײַן שטים, אַדאַנק וועלכער אַלע זײַנע כאָכמעס האָבן געקלונגען אַזוי רייצנדיק, אַז מע פֿלעג זיך קײַקלען פֿון געלעכטער. ער איז געווען אַ הינקעדיקער, נאָר אויף דער סצענע האָט ער געקאָנט גיין גלײַך. זײַן אַרטיסטישער טאַלאַנט איז לויט מײַן פֿאַרשטאַנד געווען אַ ריזיקער.

ווען איך בין אַלט געווען אַ יאָר זעקס, האָט מען אײַנגערעדט דער מאַמען, די זאָל מיך ברענגען צו שפּילן אַ יינגעלע אין אַ יידישער מעלאָדראַמע. (איין מאָל האָט מען געשריבן אין די אַפֿישעס „איבערן אָקעאַן" און אַן אַנדערס מאָל — „קרייצער־סאָנאַטע"). אַשיבאָוו האָט געשפּילט דעם אַלטן פֿרידלענדער — מײַן זיידן. דאָרט איז געווען אַזאַ סצענע: דאָס יינגעלע דערוויסט זיך, אַז ער איז געבוירן געוואָרן פֿון אַ פֿרײַער ליבע, זײַן פֿאָטער איז געבליבן אין רוסלאַנד, דער מוטער איז דאָ שלעכט, ווײַל דעם קינדס שטיף־פֿאָטער איז אַן אומלײַט. דאָס יינגעלע באַשטימט אַנטלויפֿן צוריק קיין רוסלאַנד. ווען ער וויל שטילערהייט אַראָפּנעמען דאָס פֿידעלע פֿון דער וואַנט צו נעמען עס מיט זיך, גיט אַ ציטער אַ סטרונע, און דער אַלטער זיידע, וואָס זיצט דאָ איינער אַליין אינעם האַלב־פֿינצטערן כיידער, דערהערט, אַז עמעצער איז דאָ, ער רופֿט צו דאָס יינגעלע, זעצט אים אַוועק צו זיך אויף די קני און פֿרעגט זיך נאָך, וווּהין ער קלײַבט זיך מיט זײַן פֿידעלע.

— זיידעניו, כ׳וויל אַהין, אַהיים, קיין רוסלאַנד. דאָ האָט מיך קיינער ניט ליב. און מײַן מאַמען האָט קיינער ניט ליב. כ׳וויל אַהין, ווו מײַן פּאַפּאַ...

— קינד מײַנס, כ׳וויל איך אַהין... אָבער וואָס וועלן מיר דאָרט געפֿינען, אַחוץ קוואָרים, פֿאַר־שאָטענע מיט שניי. אויך די שטעגעלעך צו די קוואָרים זײַנען פֿאַרשאָטן. ניט צו געפֿינען זיי...

כ׳געדענק, ווי דער „זיידע" האָט געוויינט און טרערן זײַנען געפֿלאָסן איבער זײַן פּנים. כ׳האָב אויך זיך פֿאַנאַנדערגעוויינט. און אַזוי שטאַרק, אַז איך האָב שוין גאָרניט געקאָנט אַרויסריידן. ס׳ווײַזט זיך מיר אויס, אַז עס איז געווען אַ גרויסע, צו אַ גרויסע פּויזע. ביז אַשיבאָוו האָט געזאָגט:

— מ׳דאַרף ניט וויינען. מיר וועלן גאָרניט מאַכן מיט אונדזערע טרערן. זאָג מיר, קינד מײַנס, וואָס נאָך דו דאַרפֿסט זאָגן. באַרויִק זיך...

די ווערטער זײַנען, פֿאַרשטייט זיך, ניט לויט דער ראָל. נאָר קיינער האָט דאָס ניט פֿאַרשטאַנען. די האַנדלונג אויף דער בינע האָט זיך פֿאָרגעזעצט...

גרויס איז געווען דער דיאַפּאַזאָן פֿון זײַן טאַלאַנט. פֿרידלענדער — אַן עכט טראַגישע ראָל. אָבער זײַן באַגײַסטערונג איז געווען — די קאָמעדיע. אַחוץ אַלעמען, פֿלעג ער נאָך זינגען און טאַנצן. זײַן הינקען אויף אַ פֿוס האָט אים ניט געשטערט.

מע פֿלעג אָפֿט רעפּעטירן בײַ אונדז אין שטוב. כ׳האָב ניט דורכגעלאָזט קיין איין רעפּעטיציע. מײַן אָרט איז געווען אויפֿן קאָפּ־וואַליק פֿון דער סאָפֿקע, וואָס איז געשטאַנען אינעם צימער. זייער באַגאַבטע מענטשן זײַנען געווען אינעם דראַמאַטישן קרײַז: כאַים און שעווע ריבשטיין — קאָמעדיע־אַקטיאָרן, עסטערקע קראַוועץ, אַזיע פּיסביין — אַ פּראַכטפֿולער פּלאַטאָן קרעטשעט, מעניע שאַמעס און אַנדערע, וועלכע כ׳געדענק שוין ניט. אָבער אַזוי, ווי מײַן מאַמע האָט געשפּילט, ווײַזט זיך מיר אויס ביז הײַנט־צו־טאָג, האָט קיינער־קיינער ניט געקאָנט. ס׳איז שוין העכער 50 יאָר, ווי אויף דער ליובאַרער סצענע זײַנען געווען אויפֿגעפֿירט „דער פּראָוואָקאַטאָר", „כאַסיע די יעסוימע", „יאַנקעלע בויטרע", „איבערן אָקעאַן", „פּלאַטאָן קרעטשעט", אָבער אויף די טראַדיציאָנעלע באַגעגענישן, יאָר נאָך יאָר, ריידן מיר צווישן זיך וועגן אַשיבאָווס רעזשיסור און בליומקעס טאַלאַנט, וועגן דעם כיין פֿון די ריבשטיינס, אַפֿילע וועגן די פּיִקײַטן פֿונעם סופֿליאָר שמועל־ייִדל פּיסביין, וועלכער איז געווען צונויפֿגעוואַקסן יאָרנלאַנג מיט דעם קרײַז אַרטיסטן.

כ׳וויל זיך אומקערן צוריק אין מײַן זיידן דאָווידס שטיבעלע, קעדיי פֿאָרזעצן די רייד וועגן טאַטע־מאַמע.

מײַן טאַטע האָט זיך אויסגעלערנט וואָלקערײַ. ער האָט ליב באַקומען די אַרבעט און פֿלעג מיט פֿאַרגעניגן זי טאָן. ביכלאַל, ווײַזט זיך מיר אויס, אַז מײַן טאַטע איז געווען אַ מענטש מיט אַלע מײַלעס. קוידעמקאָל — גאָלדענע הענט און, ווידער קוידעמקאָל — אַ גאָלדענער קאָפּ. פֿאַרשיידענע

מענטשן פלעגן אריַינגיין צו אונדז. אייניקע — שפּילן אין שאָך מיטן טאַטן, אַנדערע — זיך דורכריידן, וואָס עס טוט זיך אויף דער וועלט, דריטע — אַזוי פּאַשעט זיצן בײַ א גלאָז טיי. אויך געזעלשאַפטלעכע איניאַנים זיַינען געווען א טייל פון זיַינע זאָרגן. ער פלעג פון טאָמיד אָן זיַין א מיטגליד פונעם יישעוו־ראַט. דער יישעוו־ראַט האָט זיך געפונען ניט וויַיט פון אונדז, אויפן שליאַך, אַנטקעגן דער רעדאַקציע און דער טיפּאָגראַפיע פון דער ראַיאָנישער צײַטונג «Колгоспне життя» („דאָס קאָלווירטישע לעבן"). אין ליובאַר איז אַלץ געווען נאָענט. אַפילע אויף דער יזראַווקע און אויף דער בלעווע פלעג מען גיין צען־פופצן מינוט. די מאַמע גרייט צום טיש, דער ווידע דאָוויד האָט שוין אָפּגעדאַווענט און דער טאַטע איז אויף איין אויגנבליק אוועק אין יישעוו־ראַט: ער מוז דאָרט עפּעס זאָגן, אָדער זיך טרעפן מיט עמעצן...

מערסטנטייל איז דער טאַטע געווען אָנגעטאָן אין א פּרײַ טונקל־גרוי העמדל מיט א סטאָיקער קעלנערל, אונטערגעגאַרטלט מיט א שמאָל לעדערן פּאַסיקל. ער פלעג טראָגן ברילן. פאַרקעמט — מיט א שרונט אויף א זײַט. די העלע מעטאַלענע ברילן־דעמלעך, דער שמאָלער שניפּס, וועלכער איז זייער צוגעגאַן צום הויכן קעלנערל, דער קלוגער, גוטער בליק, וועלכן ער פלעג שיקן דעם מיטשמועסער איבער די ברילן, — צוליב דעם עטוואָס אָנייגן דעם קאָפּ, — אַלץ צוזאַמען האָט אים געמאַכט זייער ענלעך אויף א לערער, אָדער אויף א דערפאַרענעם פּראָפעסיאָנעלן רעוואָלוציאָנער. ווען ער פלעג עפּעס ריידן, דערציילן אין דער מאַמעס אָנוועזנהייט, פלעג ער זוכן מיט די אויגן איבער די ברילן איר אײַנדרוק, איר רעאַקציע. ביכלאַל, האָט ער זייער איידל און צערטלעך זיך באַציגן צו דער מאַמען. כ'האָב קיינמאָל ניט געזען, ער זאָל זי א קוש טאָן, אָדער אַרומנעמען. נאָר א גלעט טאָן דעם קאָפּ, א פיר טאָן מיט די פינגער אונטערן קין — דאָס האָט ער ניט אויסבאַהאַלטן פון אונדז. די מאַמע און דער טאַטע זיַינען געווען זייער איבערגעגעבן איינער דעם צווייטן.

געלעבט האָבן מיר אָרעם. דער טאַטע האָט ווייניק פאַרדינט. מענטשן האָבן שוין דאַן געוווּסט, אַז בלויז אויפן געהאַלט, וואָס מע באַקומט אויף דער אַרבעט, איז שווער צו לעבן. כ'רעד שוין ניט פון יענער צײַט, ווען אַלע מענטשן אין שטעטל האָבן געהונגערט. אין דעם אַרטעל, וווּ דער טאַטע האָט



געארבעט, פלעג מען ארויסגעבן יעדן טאג א סוף מיט שווארצע טייגלעך. דער טאם פון דער באַלאנדע איז געווען א ביטערער, נאָר זי האָט געראַטעוועט פון הונגער־טויט. מיך פלעג מען שיקן מיט א קאסטריוליע צו ברענגען דעם סוף אהיים פאר אלעמען. איינמאָל, ווען כ'האָב זיך צוריקגעקערט מיטן סוף, האָט מיך באגעגנט עפּעס א באַכער און געוואָלט אַפּנעמען בא מיר די קאסטריוליע. כ'האָב זי אָבער ניט ארויסגעלאָזט פון די הענט, געשריגן און געוויינט. עפּשער איז עמעצער אָנגעקומען, — נאָר דער באַכער איז אנטלאָפן. אין דער קאסטריוליע איז געבליבן א שפּאָר ביסעלע סוף. ווען כ'האָב עס געבראַכט אהיים, האָט די מאַמע געזאָגט, אז מיר וועלן עס לאָזן פארן טאַטן, און מיר וועלן זאָגן, אז מיר האָבן שוין געגעסן. נאָר דער טאַטע האָט געבראַכט א מאַקוכע (א רונדע שטיק פון די רעשטלעך אָדערן נאָכן אויסקוועטשן פון זיי דעם בוימל). ער האָט געזאָגט, אז ער האָט שוין אופגעגעסן א גאַנצע שטיק און וויל מער ניט עסן...

שפּעטער איז געוואָרן עטוואָס לייַכטער. דער ייִדישע דאַוויד פלעג שוין מאַכן א דיבער, א דייזשקע לויט די באַשטעלונגען, וועלכע ער האָט אָנגעהויבן באַקומען. ס'פלעג אין אונדזער שטיב אָפּשטער זיך באַווייַזן די פויערטע מעלאַנקע, אָן עמעסער פּרייַנט אונדזערער. מיך און מינעלען פלעג זי אוועקפירן צו זיך. מיר האָבן זייער ליב געהאַט טרינקען בא איר מילך גלייַך נאָכן מעלקן די קו. אזא וואַרעמע, מיט שוים, וואָס בלייַבט ארום די ליפּן. איך אהיים פלעג זי אונדז ברענגען א קריגל מילך. זי איז געווען זיכער, אז איך און מינעלע זייַנען אזעלכע ווייַסע, ווייַל מיר טרינקען איר מילך.

דער זיידע שאָלעם האָט געהאַט צוויי שוועסטער, לייקע און גיטל. זיי האָבן געוווינט צוזאַמען אַף די עלטערע יאָרן. געלעבט האָבן זיי מיט שנייַדערייַ. פאר קיין מייַסטערס האָבן זיי זיך ניט געהאַלטן, דערפאר פלעגן זיי נעמען וויניק פאר דער אַרבעט. און פונדעסטוועגן פלעגן זיי קימאַט אַלע טאָג „צופּעליק" איבערלאָזן א דרייַערל בא אונדז אַף דער קאַנטאַרקע. די מאַמע האָט געוואָלט זיך דורכריידן מיט זיי וועגן די דרייַערלעך, נאָר זי האָט זיך פּאַשעט דערשראָקן, פארשטייענדיק, ווי זי האָלט זיי ביטער באַליידיקט מיט די רייד...

אזוי האָבן מיר געלעבט ביז... ס'איז געקומען א טאָג, ווען דער טאַטע איז נאָך דער אַרבעט אהיים ניט געקומען. מ'האָט אים אַרעסטירט. פאַרוואָס? וואָס פאר א זינד האָט מייַן טאַטע געקאָנט באַגיין? אזא אָרנטלעכער, אזא לייַטישער. קיינער האָט גאָרניט געקאָנט פארשטיין. אַלע האָבן געטרייסט די מאַמע, אז ס'איז אַף געוויס א מיספארשטייעניש, א טאָעס. מע דאַרף א ביסל איבערוואַרטן. מ'וועט אויסקלאָרן און אָפּלאָזן אים. אָבער די מאַמע האָט ניט געקאָנט זיצן און וואַרטן. ווו איז זי ניט אויסגעווען! אפילו געפאָרן קיין ערגעץ. געזעסן איז דער טאַטע אין דער טפּיסע, וואָס איז געווען הינטער די רויִנען פונעם פּאַלאַץ, א נידעריק, טויב מויערל. אונטערן דאַך זייַנען געווען קליינע פענצטערלעך מיט גראַטעס. עטלעכע מעטער פאר דער טפּיסע איז געווען א סאַזשלקע. זי האָט זיך אָנגעהויבן ווי פון אונטער א בערגל, וואָס איז געווען אָפּגעשאָטן מיט צאַרטע מאַרגאַריטקעס. די מים פון יענעם בערגל, די „אַקס" האָט זיך געפונען אַפן פּאַסיקל ערד צווישן דעם מויערל און דער סאַזשלקע. אונטערן „לינקן אָרעם" פון דעם בערגל איז געווען די סאַזשלקע, אונטער רעכטן — די טאַרק־וואַנט פונעם מויערל. מ'האָט געקאָנט מיינען, אז דאָס בערגל שטופּט אָפּ פון זיך אָט די טויבע וואַנט, זי זאָל ניט גאַנווענען די זונען־שטראַלן בא די מאַרגאַריטקעס.

זומער איז די סאַזשלקע געשטאַנען א שטילע, א פארשלאָפענע, אייַנגעדעקט מיט א גרינער דעק פון מאָך און וואַסער־געוויקסן, קיינעם ניט געטשעפּעט און קיינעם ניט געניצט. וואָלט־וועמען האָט עמעצער, גייענדיק איבערן בריקל צום פּאַלאַץ, געקוקט אַף רעכטס — אַף דער סאַזשלקע און אַפן טויבן מויערל, לעבן וועלכן ס'פלעגן פוילערהייט אַרומדרייען זיך קליינע מענטשן־פיגורקעלעך מיט ביקסן. אָבער ווינטער, ווען דאָס אייַז האָט די סאַזשלקע פעסט פארקלעמט און דער שניי האָט זי אייַנגעהילט אין א פּוכיקער קאָלדרע, פלעג שוין קלייַנוואַרג מיט שליטעלעך, אָדער אַף גליטשערס שלאָגן קאַפּאָרע מיט איר געהיימניספולקייַט...

אין יענעם ווינטער פון 1931 בין איך געקומען צו דער סאַזשלקע, קעדיי צוּוואַרטן, ביז מע וועט ארויספירן דעם טאַטן צוזאַמען מיט אַנדערע אַרעסטאַנטן אַפן צענמינוטיקן שפּאַציר. איך בין געווען אָנגעטאָן אין דעם פּליושענעם מאַנטעלע, פון וועלכן כ'בין שוין ארויסגעוואַקסן, אין א היטעלע — א העלם, אָנגערוקט איבערן שטערן און פארבונדן אונטער דעם קין. עמעצער איז געווען מיט מיר, כ'געדענק שוין ניט ווער — טאַניע ליטוואַן, אָדער מאַכע פּריוועזן. מיר האָבן לאַנג געוואַרט און געפּרירט אַף דער סאַזשלקע, גאָר נאָענט האָבן מיר מוירע געהאַט צוגיין. ווען מ'האָט ארויסגעפירט א מענטשן פּינף — זיבן, זייַנען מיר צוגעלאָפן נעענטער, קימאַט נאָענט. מיר האָבן אַלעמען געזען, נאָר דעם טאַטן מייַנעם האָב איך קוים דערקענט. ער איז געווען אָן די ברילן און מיט א פארוואַקסענער באָרד. כ'האָב פארשטאַנען, אז ער זעט אונדז ניט, אפילו אויב ער קוקט אהער. דאַן האָב איך אָראָפּגעריסן דאָס היטעלע פונעם קאָפּ און גענומען שרייַען און מאַכן מיטן היטעלע. לויט די בלאָנדע לאַנגע האָר האָט ער געמוזט מיך דערקענען. כ'האָב שטאַרק געשריגן, געוויינט, גערופן אים. דער טאַטע און נאָך צוויי אַרעסטאַנטן האָבן געפּרוּווט זיך אָפּשטעלן. כ'האָב געזען, אז ער מאַכט

מיט דער האַנט, פֿאַרשטאַנען, אַז ער הייסט מיר אַוועקגיין. דער וואַכמאַן האָט זיי געַנומען שטופּן מיט דער קאָלבע פֿון דער ביקס. איינער פֿון די וואַכליַיט האָט זיך דערנענטערט צו אונדז און אָנגע־הויבן זיך זידלען, געדראָט, אַז ער וועט שיסן. מיר האָבן זיך אויסגעקערעוועט מיט די פּלייצעס און געמאַכט דעם אָנשטעל, אַז מיר גייען אַוועק. ווען מיר האָבן ווידער אויסגעדרייט זיך אַהין, איז שוין קיינער ניט געווען.

וויפֿל כ'בין אָפּגעלעגן מיט היץ, געדענק איך ניט. די מאַמע איז ניט אָפּגעטראָטן פֿון מיר. אַפֿילו די פּעקעלעך דעם טאַטן האָבן געמאַכט און איבערגעגעבן די קרויווים און פֿריַינט. עסן האָב איך ניט געקאָנט און ניט געוואָלט. דער דאָקטער ראַזנבוים פֿלעג יעדן טאָג זיַין בא אונדז.

אָט דאָס איז געווען א רויפֿע! ס'האָט מיר אויסגעזען פּרעכטיק זיַין יידיש ריידן, ער פֿלעג זיך סטאַרען ריידן, ווי אַלע ליובאַרער, נאָר דער רייש האָט בא אים זיך באַקומען ווי א געשמאַקע צו־קערקע. בא אים אין שטוב זיַינען געווען גרויסע צאַרעס. זיַין זון — סאַדיק האָט מען אים גערופֿן — איז געווען א וואַנזיניקער. אויך דעם וויַיבס שוועסטער האָט געהאַט דעם זעלבן פֿעלער. אָבער דער דאָקטער איז שטענדיק געווען אַזאַ געלאַסענער, אַזאַ ווילער. אַלע אין שטעטל האָבן אים געגלייבט און געאַכטעט. לאַנגע יאָרצענדליקער האָט מען אין ליובאַר געוווּסט אַיין דאָקטער ראַזנבוים. אָט זיצט ער לעבן מיר און פֿרעגט זיך נאָך: „נו, זאָג, פֿערעלע, וואָס ווילסטו עסן? וואָס וואָלסטו געגעסן? וואָס דו זאָלסט ניט זאָגן, וועט די מאַמע דיר מאַכן. דו זאָג נאָר וואָס..." ס'האָט זיך מיר זייער גע־וואָלט א טיַיווע טאָן אים און דער מאַמען. נאָר... כ'האָב גאָרניט געוואָלט. פּונדעסטוועגן האָב איך זיך דערמאָנט, אַז איך האָב ליב קאָרן ברויט מיט שמאַלץ און מיט א זויערער אוגערקע. כ'בין געווען זיכער, אַז איך טאָר דאָס ניט עסן, נאָר געזאָגט. דער דאָקטער האָט א שמייכל געטאָן און געהייסן דער מאַמען מיר עס געבן. ווען כ'האָב אויפֿגעגעסן, האָט אָנגעהויבן מיר ווערן בעסער. די היץ איז אַפֿילו צו נאַכט אַראָפּגעפֿאַלן...

דערוויַיל איז די שטוב פֿול געווען מיט זאָרג וועגן דעם טאַטן. אייניקמאָל האָט די מאַמע אונדז אָנגעזאָגט א בשורע, אַז מיר מעגן שוין האָפֿן: דער טאַטע וועט אינגיכן קומען אַהיים. אָבער טעג, וואָכן, אַפֿילו כאַדאָשים זיַינען פֿאַרביַי, און דער טאַטע איז אַלץ ניט געווען. ערשט פֿאַר פּייסעך, אין איינעם אין אינדערפֿרי, האָט די מאַמע אופֿגעקייטלט די טיר און אַריַינגעלאָזט דעם טאַטן... ער האָט ניט אָנגעקלאַפּט, געשטאַנען אויף יענער זיַיט טיר און געוואַרט, ביז די מאַמע וועט דערפֿילן, אַז ער איז אויף דער שוועל...

איך און מינעלע זיַינען אַראָפּ פֿון די געלעגערס, א וואָרף געטאָן זיך צום טאַטן. ער איז גע־שטאַנען, ווי א פֿאַרגליווערטער, געשאַרט מיט די שוואַכע הענט איבער אונדזערע קעפּ און געקוקט אויף דער מאַמען. זיי האָבן ביידע געשוויגן. לאַנג געשוויגן. דערנאָך האָט די מאַמע אים צוגעטראָגן א בענקל. ווו ער איז געשטאַנען, דאָרט זיך אַנידערגעזעצט. די מאַמע האָט זיך אַראָפּגעלאָזט אויף די קני, אָנגענומען מיט ביידע הענט זיַינע פֿאַרוואַקסענע באַקן און זיך צוגעדריקט צו זיי מיט די ליפּן. דער טאַטע האָט, וויַיזט אויס, געוואָלט עפּעס זאָגן, נאָר ס'האָט זיך אַרויסגעריסן בא אים פֿון האַלדז א מין כאָרכל. ער האָט זיך באַפֿריַיט פֿון אונדזערע הענט, אין א וויַילע אַרום אופֿגעשטאַנען פֿונעם בענקל און אויסגערעדט מיט בלייכע, בלוטלאָזע ליפּן: „כ'בין מיד. כ'בין זייער מיד..."

— באַלד, באַלד, — האָט די מאַמע געַנומען אַרומהאַווען. — אָט וואַרעם איך אָן וואַסער און וועל דיר אויסבעטן. וועסט נאָר אויסטרינקען א גלאָז טיי און גלייַך שלאָפֿן. באַלד־באַלד־באַלד...

אָפּדערנאַכט זיַינען זיך צונויפֿגעקומען וויַיבער, מענער. ווער ס'האָט געוואָלט זיך נאָכפֿרעגן אויף אייגענע: „עפּשער געהערט", „עפּשער געזען"; ווער ס'האָט געוואָלט זיך דערוויסן „פֿאַר וואָס?", „וואָס פֿאַר א שולד?", „ווער איז שולדיק?"...

דער טאַטע איז געזעסן באַם טיש, ווי ניט קיין היגער. די בריקן האָבן פֿרעמד געגלאַנצט אָפּן אויסגעדאַרטן, בלייכן געזיכט. איין גלעזל איז געווען צעשפּאָלטן, אָבער ער האָט שוין איצט ניט געקוקט איבער די בריקן — פּונקט ווי אויסגעבאַהאַלטן זיך אונטער די גלעזלעך.

אינגיכן זיַינען אַלע זיך פֿאַנאַנדערגעגאַנגען. דער טאַטע איז געבליבן באַם טיש מיטן זיידן דאַוויד. ערשט דעמאָלט האָט ער געזאָגט: „כ'האָב געזען כילעק בירוקן. מ'האָט אונדז געפֿירט איינעם אין באָד. די פּלייצע איז בא אים צעפּאַסעוועט..."

איך ווייס ביז איצט ניט, פֿאַרוואָס דער טאַטע איז געזעסן אין טורמע. כ'געדענק דאָס וואָרט „דאָנאָס", געדענק, אַז מ'האָט גערעדט וועגן עפּעס א רעצייעך, וואָס איז פּעיק ניט נאָר אויף רויבעריַי, נאָר אַפֿילו אויף מאַרד...

מיַין טאַטן האָט מען „דאָרט" ווי פֿאַרביטן. די גאַנצע ציַיט האָט ער געשוויגן. ער האָט זיך גענומען הויקערן, א ביסל געשלעפּט דעם רעכטן פֿוס און געהוסט. ערשט פֿאַראַיאָרן זומער איז ער געווען נאָך א יונגער. מיר זיַינען געזעסן מיט אים אויף די טרעפּעלעך פֿונעם גאַנעקל און געוואַרט אויף דער מאַמען. זי האָט זיך באַוויזן אָפּן טראָטואַר אין דער באַגלייטונג פֿון א יונגן מאַנצבל. כ'האָב זיך אופּגעכאַפּט פֿון אָרט: „מאַמע, מאַמע", — האָט דער טאַטע מיך א צי געטאָן, אַוועקגעזעצט אויף

די קני און געזאָגט: „שטילער, שטילער, זי איז איצט דיר ניט קיין מאַמע" — און געשמייכלט. ס'איז זיי זייער פֿריילעך געווען דערנאָך, ווען כ'האָב געוואָלט דערגיין בא דער מאַמען, פֿאַרוואָס דער טאַטע האָט אַזוי געזאָגט...

איצט, נאָכן טאַטנס אַהיימקומען איז אין שטוב שטיל. דער טאַטע ליגט אַ סאַך צײַט אַליין אין אַלקער. אַפֿילו מיט דער מאַמען רעדט ער ווייניק, און כ'ווייס ניט וועגן וואָס. איך הער ניט, ווײַל זיי שעפּטשען זיך. דער ווידע אַרבעט צוביסלעך. די קלעפּקעס און די ליסקעס שורשען אויך שטילער אין ווידנס הענט, גלײַך ווי זיי זײַנען מיטבאַטייליקט אין די שטוביקע צרות.

ס'איז געקומען אַ מעכײַעדיקער זומער. כ'האָב געהערט זאָגן, אַז מע וועט מיך שיקן אויף זומער אין טשאַרטאַריע אין אַ פּיאָנערישן לאַגער. כ'האָב עס זייער ניט געוואָלט. די מאַמע און דער טאַטע האָבן מיך אײַנגערעדט, כ'זאָל פֿאָרן. עפּשער דערפֿאַר, וואָס איך האָב שלעכט גערעדט אויף רוסיש און אויף אוקראַיִניש, און דאָס האָט מיר געשטערט זײַן דאָס אייבערשטע פּונעם שטייסל, ווי כ'בין געווינט, צי עפּשער איבער עפּעס אַנדערש, — נאָר איך האָב געפֿילט מיט אַלע כושים, אַז כ'וועל ניט אויסהאַלטן. דאָס איינציקע געווער מײַנס זײַנען געווען טרערן. כ'האָב אָנגעהויבן וויינען אין וועג און פֿאַרגעזעצט שוין אויפֿן אָרט, ווען אַלע האָבן זיך געפֿרייט, געשפּרונגען, געגעסן אין דער סטאָלאָווקע. כ'בין געזעסן אונטער אַ בוים און געוויינט. דערווײַל האָט מיך עפּעס אַ פֿליג אַ ביס געטאָן אין באַק אונטערן אויג. דאָס פּנים איז געווען געשוואָלן פֿון טרערן, און דאָ נאָך דער ביס, — בין איך פֿײַן אויפֿגעלאָפֿן... אָט דאַן האָב איך געבעטן די דערציִערן, זי זאָל איבערגעבן אַהיים, אַז איך בין „געפֿערלעך קראַנק" און מע זאָל גלײַך קומען נאָך מיר. געקומען איז דער טאַטע. אַ פֿאַרלוירענער, אַ דערשראָקענער, האָט ער זיך אַראָפּגעלאָזט פֿאַר מיר אויף די קאָרטעטשקעס און געפֿירט מיט די פֿינגער איבער מײַנע הענט און פֿיס, קעדיי זיך איבערצײַגן, אַז כ'בין גאַנץ. ער איז אַרויס אויפֿן וועג און אָפּגעשטעלט אַ מאַשין, קעדיי וואָס גיכער אַהיימקומען, ווײַל „די מאַמע גייט דאָרט פֿון זינען אַראָפּ..."

נאָך דעם טאַראַראַם זײַנען מײַנע טאַטע־מאַמע געווען אויף מיר באַרוגעזט, אויסגעמיטן צו ריידן מיט מיר, דעם טעלער געשטעלט שווײַגנדיקערהייט און מער קיין איניאַנים מיט מיר ניט געהאַט. אויפֿן האַרצן איז מיר געווען מוטערנע. כ'בין צוגעגאַנגען צום טאַטן און געזאָגט: „אַן אַנדער טאַטע וואָלט זיך דורכגעגאַן מיט אַ ליסקע איבער מײַן הינטן, און שוין..." דער טאַטע האָט אויף דעם געענטפֿערט: „בא אַן אַנדער טאַטן איז ניטאָ אַזאַ כיטרע טעכטערל..." ס'איז מיר אַ ביסל לײַכטער געוואָרן אויף דער נעשאָמע.

כ'געדענק ניט, אַז מײַנע עלטערן זאָלן געווען אָנווענדן דערציִונגס־מיטלען צו מיר און מײַן שוועסטערל. מינע איז געווען אַ שטילע, אַ גוטהאַרציקע, אַן אויפֿמערקזאַמע צו אַלעמען, אַפֿילו ווען זי איז געווען נאָך גאָר אַ קליינינטשקע. די בונדעלעך, וועלכע זי פֿלעג טראָגן, זײַנען געווען מײַנע, פֿון וועלכע כ'בין אַרויסגעוואַקסן. איר פֿלעג מען קיינמאָל ניט נייען קיין נײַע. זי האָט, ווײַזט אויס, געגלייבט, אַז אַזוי דאַרף זײַן. ווען דער מאַמעס שוועסטער האָט פֿאַר אונדז ביידן געקויפֿט צוויי שטיקלעך באַטיסט און מינעלע האָט עס דערזען, האָט זי זיך זייער דערפֿרייט און, פֿינקלענדיק מיט אירע בלויע אויגן, געזאָגט: „וועסט האָבן צוויי זייער שיינע בונדעלעך..."

גלײַכצײַטיק מיט מינעלעס גוטסקײַט איז געוואַקסן מײַן האַרבקײַט. כ'געדענק ניט, איך זאָל עמעצן זאָגן אַ צערטלעך וואָרט, איבערהויפּט מינען. און זי האָט זיך אַזוי געצויגן צו מיר. בא אונדז איז ניט געווען אין דער מאָדע אַ מאַמעס אָדער אַ טאַטנס אַ קוש. אַ פּאַטש פֿלעג אויך ניט זײַן אין דער מאָדע. אַז עמעצער פֿון אונדז איז געווען ניט מיט אַלעמען — דאָס האָט געטראָפֿן אָפֿט — פֿלעג די מאַמע צולייגן די ליפּן צום שטערן און זאָגן: „מיר פֿאַר דיר. ווידער היץ". און ס'פֿלעג זיך אָנהייבן אַ סעדרע מיט וואַרעמען אַ זאַק און אַרומוויקלען דעם האַלדז, אויפֿזידן הייסע טיי מיט מילך און צענדליקער אַנדערע סגולעס, ביז געזונט ווערן. טאַטע־מאַמע פֿלעגן ניט שלאָפֿן, דער ווידע פֿלעג טויזנט מאָל צוגיין און אײַנדעקן מיט דער קאָלדרע, אַז „דאָס קינד זאָל זיך דורכשוויצן". שלאָפֿערהייט בין איך אויך געווען אַ גוטע. ווען די מאַמע פֿלעג זיך אײַנבייגן צו מיר, פֿלעג איך זי אַ קוש טאָן און דעם טאַטן בעטן, ער זאָל זיך לייגן שלאָפֿן.

אין שול האָבן זיך אַנטפּלעקט בא מיר מאַטעמאַטישע פֿעיִקײַטן און אויך אַרטיסטישע. כ'בין זייער פֿאַרנומען געווען מיט זיך. דעם עמעס געזאָגט, בין איך געווען אומצופֿרידן מיט מײַן אויסזען: זייער העלע האָר, רויטע באַקן, ווײַסע וויִעס, גראָבע ליפּן. קיין שום געהיימניס. דער וווּקס — אַ קליינער. אויף די ספּאָרט־לימודים פֿלעג איך זײַן די לעצטע אין דער ריי און די סאַמע העכסטע אויף די „פּיראַמידעס".

מײַן אומצופֿרידנקײַט מיט זיך האָט געבראַכט צו גרויסער אומצופֿרידנקײַט מיטן לעבן ביכלאַל. ס'האָט זיך מיר אויסגעוויזן, אַז אַלע דערוואַרטן פֿון מיר עפּעס אויסערגעוויינלעכס, ווי מע פֿלעג זאָגן — הויכע דערגרייכונגען. סאָלאָמאָן נאַפּטאַליעוויטש גראָסמאַן, אונדזער לערער פֿון מאַטעמאַטיק, האָט געטײַנעט, אַז איך דאַרף אָנקומען אויפֿן מאַטעמאַטישן פֿאַקולטעט. די לערער פֿון שפּראַך און ליטעראַטור — אַז מײַן פֿאַך איז ליטעראַטור און קונסט. וואָס שײַך קונסט, דעריקער טעאַטער,

בין איך טאַקע געווען אַ באַלן צו טרוימען וועגן דעם. דאָס האָט זיך נאָך אָנגעהויבן אין ערשטן קלאַס, ווען מיר האָבן אינסצענירט און אויסגעשפּילט אַלעקסיי טאָלסטאָיס דערציילונג „דאָס גרויסע העלדזועלע“ און איך האָב געשפּילט די הויפּטראָל. דערנאָך איז דער לערער ראָזנבלאַט, וועלכן מיר האָבן זייער ליב געהאַט, געקומען צו אונדז אין שטוב און דערציילט דער מאַמען, — זיי האָבן ניט געוווּסט, אַז כ׳בין אין אַלקער און הער אַלץ, — אַז ער האָט געוויינט, ווען כ׳האָב געשפּילט. מער האָב איך שוין ניט געדאַרפט! און אפשר האָט זיך אין מיר אָפּגערופן דער מאַמעס בלוט... אָבער מײַנע טאַטע־מאַמע האָבן, ווי אַ סך אַנדערע, געוואָלט, אַז איך זאָל ווערן אַ דאָקטער. אָט דאָס איז אַ פאַך — פאַר גאָט און פאַר לײַט.

די צײַט איז געלאָפן. קיין שום מערקווירדיקס איז ניט פאָרגעקומען. אַזוי ווײַזט זיך מיר אויס איצט, ווען כ׳האָב שוין פון לאַנג אויסגעלעבט דעם זיבעטן יאָרצענדליק...

מיר האָבן זייער ליב געהאַט אונדזער ליובאַרער יידישע מיטלשול מיט אירע לערער: דעם מאַטעמאַטיקער גראָסמאַן, אונדזער אוניווערסאַלע לערערן הינדע באָריסאָוונע קאַפּמאַן, וועלכע האָט געפירט באָטאַניק, ביאָלאָגיע, זאָאָלאָגיע, כעמיע — אַ בילד־שיינע פרוי, אַ מוסטער פון אַלעס וווּנדערבאַרס: ווי שיין זי האָט גערעדט, ווי אומגעהײַער גרויס זײַנען געווען אירע קענטעניש! ליב געהאַט האָבן מיר אויך אונדזער מעשונעדיקן לערער־לינגוויסט הויכער, דאָס פאַרפאַלק ראַדאָווסקי און קאַרנצווייט און אין 10־טן קלאַס — באָריס מענדעליעוויטש דובינסקין.

אין אונדזער שטעטעלע האָבן אַלע געקענט איינער דעם אַנדערן. ניט פּאַשעט געקענט. מיר זײַנען געווען, ווי איין מישפּאָכע. ווער — מער קאָרעוו, ווער — ווייניקער, נאָר אַלע — קרויווים. ניט נאָר טאַטע־מאַמע, ניט נאָר די שול און די לערער — גאַנץ ליובאַר האָט פאַרמירט אונדזער טאָך. אַלע האָבן אָנטיילגענומען אין דעם פּראָצעס פון אונדזער מענטשישער אויסבילדונג.

אַ סאַך שייד־ליניעס האָבן מיך פאַר דעם קימאַט האַלבן יאָרהונדערט דערווײַטערט פון יענעם גאַניידן־אינדזל — דעם שטעטעלע ליובאַר. דער שרעקלעכער וואַמפּיר, דער דײַטשישער פאַשיזם, און צוזאַמען מיט אים דער כײַישער סטאַליניזם — זיי האָבן אויסגעשלאָסן די מעגלעכקײַט זיך אומצוקערן אַהין. פונעם שטעטעלע איז געבליבן בלויז דער נאָמען, פון טויזנטער אײַנוווינער — דער קייווער אויפן ראַנד וואַלד.

...אין 10־טן קלאַס האָב איך געלייענט אַ סאַך מאָל דאָוויד בערגעלסאָנס „נאָך אַלעמען“. גלײַך ווי דאָס פּאָרגעפיל פון עפּעס אַ נאָענטן „נאָך אַלעמען“ זאָל מיך האָבן באַהערשט. מירעלע איז מיר געווען זייער ליב. כ׳האָב מיטגעפילט איר אומרו, איר בענקעניש און האָפענונגסלאָזיקײַט. מירעלעס אויסזען, איר פרויִשקײַט איז פאַר מיר געווען אַן אידעאַל. איר גײַסטיקער צושטאַנד האָט זיך באַזעצט אין מיר.

אַ שילערן פונעם 10־טן קלאַס, האָב איך געדאַרפט זיך גרייטן צו די אַרײַנטרעט־עקזאַמענעס, כּאַווערן זיך מיט אַ ייִנגל, טראַכטן וועגן טאַכלעס, העלפן אינדערהיים, — ווער, וואָס... כ׳פלעג אַרומגיין אַ מאַרעשכוירעדיקע, אַ פאַרכאַלעמטע.

די מאַמע פלעג זאָגן:

— גיב אַ קוק אויף זיך. וואָס איז עס פאַר אַ פּאָנעם! זאָלסט וויסן, אַז די איינציקע רעפוּע פאַר אַזאַ איז אַ שמייכל. אַנדערש איז מיאוס צו קוקן אויף דיר.

איינמאָל האָט זיך צוגעזעצט דער טאַטע אויף דער קאַנאַפּע, ווו כ׳בין געלעגן מיט „נאָך אַלעמען“ אין די הענט.

— וואָס איז עס מיט דיר? דערצייל מיר. כ׳וועל פּרוּוון דיך פאַרשטיין.

כ׳האָב זיך אויפגעזעצט און אָנגעפאַלן אויפן טאַטן:

— אפשר וועסטו מיר דערקלערן, צוליב וואָס לעבן מענטשן? מע האָרעוועט, מע קעמפט, מע האַסט, מ׳איז מעקאַנע, מע האָט ליב, מע געבוירט קינדער, מע גייט אויף לעוויײַעס און מע שטאַרבט אַליין. צוליב וואָס וואָשע טויג דאָס אַלץ, אַז דער סאָף איז באַוווּסט פון סאַמע אָנהייב: אַלע שטאַרבן. צוליב וואָס טויג דאָס לעבן? כ׳וויל ניט אַזוי! כ׳וויל ניט לעבן...

דער טאַטע האָט אַראָפּגענומען די ברילן, גענומען דאָס אויער־בייגעלע פון די ברילן צווישן די ציין און זיך פאַרטראַכט. כ׳בין אויך אַנשווײַגן געוואָרן מיטן געדאַנק, אַז איך מוטשע אים אומזיסט, — ער האָט מיר ניט וואָס צו ענטפערן. ער האָט זיך אָבער אויפגעהויבן, געמאַכט עטלעכע שפּאַן פונעם טישעלע צו דער טיר און צוריק. און, אַזוי שפּאַנענדיק, רויִק און געלאַסן גענומען ריידן:

— די מאַמע האָט מיר געזאָגט, אַז דו האָסט געפונען אין שופלאַד מײַנע בריוו, וואָס כ׳האָב געשריבן צו איר פאַר דער כאַסענע, פון מײַן באַהעלטעניש. אין יענער צײַט איז מיר געווען זייער שלעכט. כ׳האָב מוירע געהאַט, אַז כ׳וועל קיינמאָל ניט קאָנען זײַן מיט דײַן מאַמען. דו ביסט שוין אַ גרויסע, און כ׳וועל ריידן מיט דיר ווי מיט אַ גרויסער. מיסטאָמע, האָסטו פאַרשטאַנען פון די בריוו, אַז נאָר דאָס אַליין, וואָס בליומקע איז דאָ אויף דער וועלט, איז אַן אייביקער יאָמטעוו. און דערנאָך, ווען מײַן גליקלעכער גוירל האָט אונדז צוזאַמענגעפירט, האָט טאַקע אָנגעהויבן שײַנען די זון און

שענקען גוטסקייט און ווארעמקייט אף יעדער טריט און שריט. אפילע דאן, ווען ס'איז ניטא וואס צו עסן, אפילע אין טפיסע... אט קוק זיך ארום: אָרעמע, קראנקע, אלטע, קליין און גרויס — מע לעבט און מע וויל לעבן. פון יונגע, קרעפטיקע, געבילדעטע, ארבעטספעיקע — איז שוין ניטא וואס צו ריידן. און מע לעבט ניט נאר פאר זיך. פון דאר צו דאר גייט איבער דאס דערפארענע, דאס באקימענע. פאר דער וועלט, פאר דער מענטשהייט... דיין מירעלע וויל זייער לעבן. דער גאנצער טרויער און די בענקשאפט אירע זיינען, אייגנטלעך, א פארבארגענע האפענונג אף א מער אינטערעסאנט, אינהאלטפול לעבן... קינד מיינס, ווי פארשטייסטו ניט, אז בא דיר איז אלץ נאך „פאר אלעמען", ניט „נאך"... דו ווארטסט דאך ניט אף קיין „אומגליקלעכן מיט א דערשלאגענעם פאנעם" אין פענצטער פונעם פארביילויפנדיקן צוג, קעדיי אים נאכשיקן די טרייסט. „מיר זיינען אויך אומגליקלעך... אויך אומגליקלעך..."

ס'זיינען איצט אנדערע צייטן, ס'איז אן אנדער וועלט. און מירעלע איז דיינע ניט מיט איר מאַ־עשכוירע. כ'בין אף א שאבעס עלטער פון דיר. כ'האב געזען אזוינס, וואס עס קאן דיר אפילע זיך ניט כאלעמען. דער לעצטער פאגראם איז געווען אין ליובאר אין איין־און־צוואנציקסטן. פאר דער צייט איז שוין אויסגעוואקסן א נייער דאר, וואס האט קיין אנונג ניט פון פאגראמען, פון שפאט, פון האס. פאר דעם אלעמען איז ניטא שוין קיין ארט אין אונדזער לעבן. איך מיין, אז עס איז שוין צייט לאזן מירעלען צורו. כ'גלייב, אז דאס לעבן וועט דיך ארויסהיילן. כ'גלייב אין דיר.

/ דער שמועס מיטן טאטן איז פארגעקומען מיט צוויי מיט א האלב יאר פארן יוני 1941...

מיין מאמע איז אין 1941 אלט געווען 38, דער טאטע — 40.

דאס גאנצע שטעטל האט גערעדט וועגן עוואקוירן זיך, כאטש מע האט ניט געגלייבט, אז דער דייטש וועט אריין... באטאג און באנאכט האט זיך געטומלט. פון אן ארט אין א מאשין אדער אף א וואגן האבן מיר אפילע ניט געחאגט צו טרוימען. דער טאטע האט געזאגט, אז מע וועט גיין צופוס.

מיר זיינען אוועק מיטן וועג אף טשודנאוו. פון דארט האבן מיר געהאפט אנקומען קיין בערדיטשעוו און ווייטער — אף קאזאטין. קיין סאך זאכן האבן מיר מיט זיך ניט גענומען. דער ויידע דאוויד איז אוועק צו זיין צווייטער טאכטער אף דער בלעווע. ס'איז געווען ניט צו באגרייפן, וואס עס טוט זיך. וווהין דארף מען לויפן? בא דער מאמען האט זייער ווי געטאן דאס הארץ. יעדערער פון אונדז האט געהאט פאר איר הארץ־טראפנס. מיר האבן ניט געלאזט, זי זאל עפעס טראגן. דער טאטע האט זיך ערגעץ פארהאלטן און חעריאגט אונדז שוין נאך יוראווקע. מיר האבן זיך געשלעפט לאנג־לאנג מיטן שטויביקן וועג. די נאכט איז שוין צוגעפאלן. א סאך מענטשן האבן באשטימט זיך אפרוען און קאיאר ווידער גיין. כ'בין אפילע איינגעשלאפן, האלטנדיק דעם קאפ אפן טאטנס קני. ווי נאר ס'האט אנגעהויבן שארען, זיינען מיר אוועק ווייטער. ס'איז געווען לייכטער צו שפאנען אפן ראנד פון וועג. דער ארילעם האט זיך צעצויגן אף א היפשן מעהאלעך. מע האט ניט געזען, ווו ס'איז דער אנהייב און ווו עס ענדיקט זיך די מענגע...

מיר זיינען געגאנגען, ניט פילנדיק קיין הונגער און קיין דארשט. איבער די קעג האט געשוועבט א געברום פון שורשערייַ און פון זיפצן. עמעצער האט עמעצן געזוכט, גערופן. פלוצלינג איז דער געברום איבערגעוואקסן אין א טומל. פון די ערשטע רייען האט זיך צו אונדז דערקייקלט א שרעקלעכע יעדיע: מענטשן גייען אונדז אנטקעגן; זיי לויפן פון די דייטשן, וועלכע זיינען שוין דארט. עפעס א דייטשישער דעסאנט האט זיך אראפגעלאזט. ווייטער גיין האט קיין זינען ניט. מיר וועלן גלייך אריינפאלן צו די דייטשן אין די הענט.

ס'האט זיך אופגעהויבן א מעהומע. מע האט ניט געוווסט וואס צו טאן. דער הימל האט אונדז נאכגעשפילט. פון די אינדערפריעדיקע וואלקנדלעך האט זיך אויסגעבילדעט א דורכויסיקע גרויע כמארע, וואס האט זיך צעוויינט פריער מיט א רעגנדל און דערנאך מיט א שווערן גוסרעגן. די מאמע האט זיך אנידערגעזעצט דארט, ווו זי איז שטיין געבליבן. דער טאטע האט גענומען זי בארויקן, אז מיר וועלן זיך אומקערן אהיים און דארט געפינען עפעס אן אויסוועג. ווייזט אויס, אז אלע האבן באשטימט דאס זעלבע. די גאנצע מאסע מענטשן האט זיך אומגעקערט און גענומען קימאט לויפן צוריק אהיים. דער צוריקוועג האט געדויערט א סאך ווייניקער צייט איידער דאס אוועקגיין. אפדערנאכט האבן מיר אופגעעפנט דעם שלאס אף אונדזער טיר און זיך אריינגעוואלגערט אין שטוב. כ'געדענק אפילע ניט, מיר זאלן האבן אראפגעצויגן פון זיך די נאסע קליידער. צוגעפאלן צו די געלעגערס און איינגעשלאפן.

פארטאג האבן מיר דערהערט א טראסקערייַ אין דער גאס. ווען מיר זיינען ארויס אין דרויסן, האבן מיר דערזען דייטשן אף מאטאציקלען. מעשוגעדיקע בריעס מיט פארקאטשעטע ארבל, באהאנגען מיט אוטאמאטן. זיי האבן גאגאטשעט, געפרייט זיך...

דער טאטע האט געהייסן אריין אין שטוב און פארקייטלען די טיר. אזוי זיינען מיר געבליבן זיצן אפהענטיקע, געפלעפטע. דאס איז געווען דעם 9 יול.

דער זיידע דאָוויד האָט זיך צונויפגערעדט מיט זײַנעם אַ באַקאַנטן פּויער, אַז בײַ אים וועט ער זיך פּאַרנעמען מיט באַנדערײַ. די דײַטשן האָבן נאָך קיינעם ניט געשטשעפּעט. אַלע קאַיאַר פֿלעג דער זיידע מיטן טאַטן אַוועקגיין אַהין, אויף דער „גאָבשער גאַס", אַרבעטן. פֿאַרנאַכט האָבן זיי געבראַכט ברויט, קאַרטאָפֿל, ציבעלעס, קיכעלעך.

איינמאָל האָט מיר די מאַמע געהייסן, כ'זאָל פּרוּוון אָפּטראָגן אַ לעבל ברויט און נאָך עפּעס וואָס דער לערערן הינדע באַריסאָוונע, וועלכע האָט מיט אירע צוויי מיידלעך געליטן הונגער און קעלט בײַ זיך אין שטוב.

כ'בין אַוועק מיט די הינטערגעסלעך אויף דער זומפּיקער פּוסטקע, ניט ווײַט פֿון וועלכער ס'איז געשטאַנען דער לערערנס הויז. שטענדיק פֿלעגן דאָרט די פֿענצטער קוקן אויפֿן אָרום מיט כיינעוודיקער ווירדע. איצט זײַנען פֿאַרמאַכט די לאָדנס. דער אײַנדרוק איז אַזאַ, ווי אינווייניק איז פּוסט — קיינער וווינט דאָרט ניט. כ'בין צוגעגאַנגען צו דער הינטערשטער טיר, וואָס האָט געקוקט אויף דער אויסגעטריקנטער ריטשקע מיטן בריקעלע, וואָס איז נאָך אַלץ געווען איבערגעוואָרפֿן און גענוצט די דורכגייער. די טיר איז ניט געווען פֿאַרקייטלט. האָב איך שוין בעמיילע באַשטימט, אַז כ'וועל קיינעם ניט טרעפֿן אינווייניק. ווען איך בין אַרײַן אין אַ קליין צימערל, ווו ס'איז געשטאַנען אין ווינקל בײַ דער וואַנט איין בעט און מער גאָרניט, האָב איך דערזען הינדע באַריסאָוונעס מיידעלע, וועלכע איז געלעגן אײַנגעדעקט, דוכט זיך, מיט אַן איבערבעט און פֿון אויבן נאָך אַ מאַנטל. דאָס קינד איז געווען זייער בלייך און זייער שיין. כ'האָב געפֿרעגט, ווו עס איז די מאַמע און דאָס שוועסטערל. דאָס מיידעלע האָט געשוויגן און נאָר געקוקט אויף מײַן פּעקעלע. דאַן האָב איך דאָס פּעקעלע פֿאַנאַנדערגעוויקלט און געהייסן איר עסן. אָבער זי האָט זיך ניט צוגערירט. זי האָט געזאָגט, „אַז די מאַמע וועט קומען"...

כ'האָב געדאַרפֿט גיין. אינדערהיים האָט מען זיך באַאומרויִקט. בכלל, פֿלעג אונדז די מאַמע פֿון שטוב ניט אַרויסלאָזן. איינמאָל בין איך אַדורכגעגאַנגען צוליב עפּעס אויף דער שכיינעסדיקער גאַס, האָט מיך דערזען אַ פּאָליציײַ, אַוועקגעפֿירט אין קאָמענדאַטור און אָפּגעגעבן מיר די פּלייצע און דעם קאָפּ אַ מאָל צען מיט זײַן פּליאַטקע, דערנאָך מיך אַראָפּגעשטופּט פֿון די טרעפּלעך אין אַ קעלער. וויפֿל צײַט כ'בין געזעסן אויפֿן צעמענטענעם דיל און געוויינט, ווייס איך ניט. דערנאָך איז געקומען מײַן מאַמע, מיך אויפֿגעהויבן פֿונעם דיל און אַוועקגעפֿירט אַהיים. זי האָט מיר צוגעלייגט צו דער פּלייצע אַ נאַסן לײַלעך און געשעפּטשעט: „מיר זאָל זײַן פֿאַר דיר", „מיר זאָל זײַן פֿאַר דיר"...

פֿאַרנאַכט פֿלעג איך מיט מינעלען דורכשמוגלען זיך צו דער מומע רייזל, וואָס האָט געוווינט זייער נאָענט. איר שטוב איז געווען אַ קאָפּצאַנישע. די טיר — אָפּגעקאַלכט, ווי די ווענט. אַפֿילע קיין קליאַמקע אויף דער טיר איז ניט געווען. איך ניט קיין שוועל און קיין טרעפּל. אַזאַ שטוב האָט זיך ניט געוואָרפֿן אין די אויגן. דערפֿאַר פֿלעג קיינמאָל ניט פֿאַרבלאָנדזשען אַהין אַ פּאָליציײַ אָדער אַ דײַטש. אַהין פֿלעגן מיר אַוועק אויף נאַכט.

נאָך די צוויי אַבלאַוועס, ווען מ'האָט אַוועקגעפֿירט מענער און קאָמסאָמאָלצעס, פֿלעגן מיר שוין בלײַבן בײַ דער מומע רייזל באַטאָג אויך. די מאַמע האָט אונדז געטראָגן עסן.

פּונקט אין יענעם לעצטן שאַבעס, קאַיאַר, דעם 13 סעפּטעמבער 1941, זײַנען מיר געקומען אַהיים. דער טאַטע מיטן זיידן זײַנען שוין אַוועקגעגאַנגען. מיר האָבן געמיינט, אַז עפּשער שאַבעס וועלן זיי בלײַבן אינדערהיים. שוין עטלעכע טעג זיך ניט געווען.

גלײַך נאָך אונדזער קומען האָט די מאַמע דערזען דורכן פֿענצטער דײַטשן אין שוואַרצע מונדירן און קאַסקעס. אַזוי פֿלעגן זיי דורכפֿירן אַבלאַוועס. מיר האָבן פֿאַרשטאַנען, אַז ס'הייבט זיך עפּעס אָן. די מאַמע האָט שנעל מיר פֿאַרבונדן דאָס שאַלעכל אויפֿן קאָפּ און געהייסן אַראָפּלויפֿן אויף דער סטריזשעווקע. זי מיט מינען וועלן באַלד צוקומען, און מיר וועלן אַוועק אַרבעטן אויפֿן כמעל, וווּהין מע פֿלעג טרײַבן די לעצטע צײַט, זינט דער האָפֿן איז רײַף געוואָרן. אַז כ'בין דורך מיטן שמאָלן געסעלע צווישן נויעך דעם באָנדערס און ייִכיעל דעם מעלאַמעדס שטיבער, האָב איך אַ טראַכט געטאָן, אַז די מאַמע מיט מינעלען וואָלטן אויך באַדאַרפֿט דורך דעם געסעלע אַוועקגיין. כ'האָב זיך פֿאַרהאַלטן אויף אַ ווײַלע און זיך אומגעקוקט, צי זיי גייען שוין. נאָר דערזען האָב איך, אַז עס שטעלט זיך אויס אַ קייט דײַטשן. כ'האָב ניט פֿאַרשטאַנען און ניט געפּילט, אַז דאָס איז דער סאָף.

אַזוי בין איך געשטאַנען און געוואַרט. כ'האָב דערהערט, אַז עמעצער שרײַט, מע שיסט, מע קלאַפּט אין די טירן און פֿענצטער. כ'האָב שוין געוואָלט זיך אומקערן אַהיים. אין אָט דער ווײַלע איז פֿון דער אוקראַיִנישער שטוב אַרויס אַ פֿרוי, געכאַפּט מיך פֿאַר דער האַנט און אַ שטופּ געטאָן מיך אויפֿן גאָרטן צווישן די הויכע פּשעניטשקעס. זי האָט געהייסן שווײַגן און זיך ניט רירן פֿון אָרט. די פֿיס האָבן מיך ניט געהאַלטן. כ'האָב זיך אַוועקגעזעצט אויף דער נאַסער האַרבסטיקער ערד און פֿאַרלוירן דעם כעזשבן פֿון צײַט. ס'האָט זיך אָנגעהויבן אַ רעגנדל. כ'בין דורכגענעצט געוואָרן. נאָר געזעסן. געטראַכט, אַז ווען איך וועל דערציילן דער מאַמען, וויפֿל כ'בין געזעסן אויף דער קאַלטער נאַסער ערד, וועט זי מיך זידלען...



שוין פאַרנאַכט־צו האָב איך זיך געכאַפּט, אַז ס׳איז שטיל געוואָרן אַרום און אַרום: ניט קיין שיסערײַ, ניט קיין געשרייען, ניט קיין יאָמערײַ. די זעלבע פרוי, וואָס אינדערפרי, האָט מיך אַרײַנגערופן אין שטוב, אייגנטלעך אַפן היי־בוידעם, געגעבן עפּעס וואַרעמס צו זופּן, געהייסן זיך אײַנדעקן מיטן טולעפּ, וואָס איז דאָרט געלעגן, און אַזוי וואַרטן. זי וועט מיר זאָגן, ווען כ׳זאָל אַוועקגיין.

כ׳בין ניט געווען לעבן מײַנע טאַטע־מאַמע, לעבן מײַן שוועסטערל, לעבן אַלע מײַנע ליובאַרער, ווען מע האָט זיי געטריבן אַפן פּעשטשאַן צו דער גרייט־אויסגעגראָבענער גרוב אַפן וואַלד־ראַנד הינטערן שטעטל.

זונטיק קאַיאָר האָב איך אַרומגעבלאָנקעט איבער די טויטע געסלעך, איבערן פּוסטן שליאַך מיט אַ קרענצל ציבעלעס אַפן אַקסל... כ׳האָב גאָרניט געפילט, ניט געזוכט, ניט געוויינט. כ׳האָב זיך ניט דערשראָקן, ווען כ׳האָב דערזען פונדערווײַטנס דעם פּאָליצײַ־שעף — אַ דײַטש, וואָס האָט שטענדיק געלעבט אין ליובאַר און געלערנט די שילער פון דער אוקראַיִנישער מוסטער־שול די דײַטשישע שפּראַך (כ׳האָב פאַרגעסן זײַן פאַמיליע — ניט קיין דײַטשישע). ער איז געגאַנגען אַנטקעגן אַף דער אַנדערער זײַט. איך האָב אַף אים ניט געקוקט, נאָר געפילט, אַז ער קוקט אַף מיר גלײַכגילטיק. עפּשער האָט ער געמיינט, אַז אַ נאַריש שיקסל איז געקומען אַפן מאַרק פאַרקויפן ציבעלעס...

כ׳וועל ניט שווערן, אַז איך בין געווען באַם זינען. אַ גאַנץ לעבן מוטשעט מיך: וויִאַזוי האָב איך געקאָנט פאַרלאָזן דאָס שטעטל, אַוועק פון דאָרטן? ווען כ׳זאָל דאַן זײַן באַם זינען, וואָלט איך געדאַרפט געפינען מײַן טאַטן מיט דער מאַמען, מײַן מינעלען, מײַן זיידן, מײַן באָבען — אַלעמען. און צוזאַמען מיט אַלעמען... אַפילע הײַנט, ווען כ׳שטיי שוין אַף דער שוועל פונעם טהאָם, ווערלכן מע רופט רויִק „יענע־וועלט", בין איך ניט אימשטאַנד צו זאָגן, וואָס פאַר אַ קיכעס עס האָבן מיך אַוועקגעפירט פון מײַן טויט שטעטל און דערנאָך געראַטעוועט מיך פונעם קאָנצלאַגער אין קאַליִנאָווקע, פון דער אולאַנאָווער, כמעלניקער, זשמערינקער, מאָלעווער געטאָס.

ס'איז געווען א נאכט אין טשערנאָוויץ, שוין נאָכן זיג, ווען מע האָט מיר ארויסגערופן אױף א דאָפּראָס אין נקוויד. דעם אויספאָרשער האָט אינטערעסירט די זעלבע פראגע: וויאַזוי בין איך לעבן געבליבן?

דערציילן אים, אז די מאמע האָט מיך ארויסגעשטופּט פון דער שטוב פינף מינוט פאַר דעם, ווי די דײַטשן האָבן ארומגערינגלט די ייִדישע גאסן? דערציילן אים, ווי דער טאטע מײַנער האָט אריבערגעוואָרפן איבערן פּלויט פון דעם ליובאַרער קינדער־שטעטל, ווו מ'האָט צונויפגעזאמלט דאָס רעשטל ייִדן, מוסיע קוטשערן און געהייסן אים געפינען מיך און לויפן מיט מיר צום פראָנט, ניט וואַרטן אױף קיין ניסים? (מוסיע האָט מיך געפונען אין סאלכעוו, און איך בין מיט אים אוועק. אין שטעטעלע ליטין בין איך אריַין אין געטאָ — אינגאנצן 13 שטיבעלעך — אויסבעטן עפּעס עסנוואַרג. מוסיע איז געבליבן אפן עלעוואַטאָר וואַרטן אױף מיר. דאָרט האָט אים דערזען א פּאָליצײַ און אויס־געשאָסן אין אים... קיין כמעלניק בין איך געקומען אליין). עפּשער דערציילן אים, וואָס פאַר א כאָלעם ס'האָט זיך מיר געכאָלעמט פאַר דעם פּאָגראָם אין כמעלניק: אין שלאָף האָב איך בוילעט געזען דעם וועג, מיט וועלכן מע קאָן אנטלויפן פון דער געטאָ און ארויס פונעם שטעטל. עפּשער דערציילן, אז אײניקע האָבן געקויפט פאַר זיך דאָס רעכט אנטלויפן פון דער זשמערינקער געטאָ, בײַם די רומענער האָבן גערדאַרפט איבערגעבן זשמערינקע די דײַטשן? מ'האָט באַשטימט מיך נעמען מיט זיך אױף דער פראַכט־פּלאַטפאָרמע: אזוי־ווי איך בין געווען אן איבעריקע — אין צעטל בין איך ניט געשטאַנען, האָט מען מיך פאַרשאָטן מיט אנטראַציט, קעדיי אויסבאַהאַלטן מיך; די נאכט איז געווען א ווינטער־פראָסטיקע, אינדערפרי האָט מען מיך קוים אָפּגעראַטעוועט, דאָס איז שוין געווען אין מאָגיליאָוו־פּאָדאָלסק.

וואָס האָט יענער אויספאָרשער געוואָלט פון מיר? כ'בין שוין דאַן געווען דער סעקרעטאַר פון דער קאָמיוגישער אָרגאַניזאַציע אױף דער טשערנאָוויצער טריקאָטאַזש־פאַבריק. דעם קאָמיוגישן בילעט נאָך דער מילכאָמע האָט מען מיר געגעבן מיט קאָוועד און אָפּשײַ. נאָר אין די אָרגאַנען האָט מען געמוזט וויסן — „פאַרוואָס בין איך געבליבן לעבן?“

קימאַט א גאנצע נאכט איז א העלער עלעקטרישער לאָמפּ געווען אויסגעקערעוועט מיר אין פּאָנעם. מײַן פּײַניקער איז געזעסן פון יענער זײַט שײַן. ער איז געווען באַשעפטיקט מיט פּסיכאָלאָגישע איבונגען...

פון דעמלט זײַנען שוין פאַריבער קימאַט 44 יאָר.

ווען כ'זאָל קאָנען זאָגן מײַן טאַטן און מײַן מאַמען: ניט אומזיסט בין איך געבליבן נאָך אײַך. כ'האָב אין מײַן לעבן עפּעס אויפגעטאָן...

ניין, טײַערינקע מײַנע. אפילו קיין נאָמען נאָך אײַך איז ניטאָ וועמען צו געבן. אויך אָט די דאָזיקע מעגלעכקײַט האָט די מילכאָמע בא מיר אָפּגענומען, שטראָפנדיק מיט דעם אויך מײַן מאַן — דעם אײנציקן טאָך פון מײַן לעבן — ער וואָלט געווען זייער א טײַערער און ווירדיקער טאַטע...

כ'האָב זיך געלערנט אין דער מאָסקווער ייִדישער טעאַטער־שול, געוואָלט זײַן א ייִדישע אקטריסע. ניט געוואָרן.

די שרעקלעכע סרייפע אױף דער ייִדישער גאס אין לאַנד האָט פאַרניכטעט אלץ, וואָס עס איז געבליבן. אזוי ווי נאָך אלע פּאָגראָמען, אזוי אויך נאָך דער סרייפע בין איך געבליבן הױל און בלויז. שווער איז געווען מײַן געטרײַען מאַן ווידער מיך אָנקניפּן צום לעבן.

סײַ אױף דער רוסישער בינע, סײַ אױף דער טעלעוויזיע, וווּ כ'האָב געאַרבעט, איז ניט געווען קיין אָרט פאַר מײַן ביטערער ייִדישער נעשאָמע. אפילו מײַן אויסשפּראַך איז דעם מאָן אויסגעקומען צו שלײַפן. כ'רעד שוין ניט פונעם סײכל, וואָס איז אױף רוסיש בא מיר נאָך שוואַכער, איידער אין ייִדיש...

אָט דאָס איז דער טאַכלעס: אן אומשולדיקע שולדיקע בין איך פאַר אײַך דאָס גאַנצע לעבן, טײַערע מײַנע טאַטע־מאַמע...

ציכענונגען — אי. סלוצקער



# א דערציילונג אין דאָקומענטן

לאָמיר אופעפענען די אַלפּי נעס פּאַרהיטע, אַלפּי נעס ניט־פאַרברענטע אַלטע פּאַפּקע מיט פאַרגעלטע בלעטלעך און האַלב־אָפּגעמעקטע גריפן „אבסאָליוט געהיים“ און „אַפּהיטן איביק“...

**פון דער מיטיילונג פונעם געהיימען מיטאַרבעטער װעמענס פּסעװדאָנים איז „זאַפּאַראָזשעץ“:**

„22־טער מאַרט 1941. איך טייל מיט, אז דעם 13 מאַרט האָט דער מאַרשאַל אַנטאָנעסקו אופגענומען דעם דײַטשישן פאָרשטייער געריִנג און באַהאַנדלט מיט אים די פראַגן װעגן דעם אָנטייל פון רומעניע אין דער מילכאָמע פון דײַטשלאַנד קעגן דעם סאָװעטנפאַרבאַנד. איך באַשטעטיק, אַז אַלע פּלענער װעגן דעם אָנפאַל פונעם װערמאַכט אױף די בריטאַנישע אינדזלען זײַנען אָפּגעלייגט ביזן סאָף פון דער מילכאָמע קעגן ססר. מע רעדט װעגן היטלערס א באַפעל, װעלכער שאַפט אָפּ אַלע רוסישע באַשטעלונגען. װאַלטער“.

ספּראַװקע פון דער אױסשפּיר־אָפּטיילונג פונעם גענעראַל־שטאַב פון דער רױטער אַרמיי (Разведывательное управление Генерального штаба Красной Армии — РУ ГШКА) װעגן „ראַמזײַס (ריכאַרד זאָרגעס) ראַדיאָגראַמעס פון יאַפּאַן:

„1. 18 נאָיאַבער 1940. ערשטע מיטיילונג װעגן דעם מעגלעכן אָנפאַל פון דײַטשלאַנד אױף ססר.

2. 28 דעקאַבער 1940. מיטיילונג װעגן שאַפן אױף דער באַזע פון דער שטאָט לײַפּציג א נײַע רעזערװ־אַרמיי פונעם װערמאַכט אין באַשטאַנד פון 40 דיװיזיעס.

3. 1 מאַרט 1941. מיטיילונג װעגן אַריבערװאַרפן 20 דײַטשישע דיװיזיעס פון פראַנקרײַך צו די סאָװעטישע גרענעצן, װוּ עס געפינען זיך שוין 80 דיװיזיעס.

4. 5 מאַרט 1941. עס איז צוגעשיקט געװאָרן א מיקראָפילם פון ריבענטראָפּס טעלעגראַמע צום דײַטשישן אַמבאַסאַדאָר אין יאַפּאַן גענעראַל אָטאָ מיט א מיטיילונג, אַז דײַטשלאַנד װעט אָנהייבן א מילכאָמע קעגן ססר אין דער מיט יוני 1941.

שעף פון РУ ГШКА גענעראַל־לייטענאַנט פ. אי. גאָליקאָװ.

מאָסקװע, 1 אַפּרעל 1941.

**פון דער ספּראַװקע פונעם שטעלפאַרטרעטער פון דעם פאָלקסקאָמיסאַר פאַר אױסערן־איניאָנים א. יא. װישינסקי:**

„...אין יאַנװאַר ד. י. האָט ק. אומאַנסקי, דער סאָװעטישער אַמבאַסאַדאָר אין פּשא, לױט דער באַקאָשע פונעם שטעלפאַרטרעטער פונעם מעלוכע־סעקרעטאַר סאַמנער אועלס, מיטגעטיילט, אַז די אַמעריקאַנער רעגירונג פאַרמאָגט ידיעות װעגן דעם, אַז דײַטשלאַנד קלײַבט זיך אָנפאַלן אױף ססר פרילינג ד. י.

דעם 19 אַפּרעל האָט טשערטשיל מיר איבערגעגעבן דורך זײַן אַמבאַסאַדאָר אין מאָסקװע ס. קריפּס, אַז די דײַטשן פירן דורך איבערגרופּירונגען פון זײערע מיליטער־טיילן מיטן ציל אָנצופאַלן אױף ססר, און געבעטן איבערגעבן עס דעם כאַװער סטאַלין...

3 אַפּרעל 1941. „געאָרגין“ טיילט מיט:

„סער ריטשאַרד סטאַפאָרד קריפּס האָט הײַנט באַזוכט סטאַלינען און, לױט דער אָנװײַזונג פונעם פּרעמיער טשערטשיל, איבערגעגעבן סטאַלינען, אַז די דײַטשישע אַרמיי גרייט זיך אָנצופאַלן אױף סאָװעטנפאַרבאַנד.

10 אַפּרעל. דורך דיפּלאָמאַטישע קאַנאַלן איז באַװוּסט געװאָרן, אַז היטלער האָט זיך באַגעגנט מיטן יוגאָסלאַװישן פּרינץ פּאַװעל און אים מיטגעטיילט, אַז דײַטשלאַנד װעט אָנהייבן א מילכאָמע קעגן רוסלאַנד סאָף יוני.

1 אַפּרעל. אױף אַן אופנאַם אין דער בולגאַרישער אַמבאַסאַדע האָט קאַרל בעמער, דער שעף פון דער מײַרעװ־פּרעסע אין מיניסטעריום פון פּראָפּאַגאַנדע, זײַענדיק שיקער, אױף א הױך קאָל גע־

מאָלדן: „עס וועלן ניט דורכגיין קיין צוויי כאָדאָשים, און אונדזער טײַערער ראָזענבערג וועט ווערן דער באַלעבאָס פון גאַנץ רוסלאַנד, און סטאַלין וועט זײַן טויט". מע זאָגט, אַז די געסטאַפּאָ האָט אַרעסטירט בעמערן...

11 אַפּרעל. „דער פאַרשטייער פונעם גענעראַל־שטאַב אין טאָקיאָ האָט געמאָלדן, אַז טייקעף נאָכן סאָף פון דער מילכאָמע אין אייראָפּע וועט זיך אָנהייבן די מילכאָמע קעגן סאָוועטנפאַרבאַנד. ראַמזײַ".

18 אַפּרעל 1941. „געאָרגיין" טיילט מיט:

„סער ריטשאַרד סטאַפאָרד קריפּס האָט הײַנט נאָכאַמאָל איבערגעגעבן סטאַלינען וועגן דער וואָרענונג פונעם פּרעמיער טשערטשיל: היטלער גרייט זיך אָנפאַלן אויף סאָוועטנפאַרבאַנד".

25 אַפּרעל. דער סאָוועטישער מיליטער־אַטאַשע אין פראַנקרײַך גענעראַל־מאַיאָר אי. א. סוסלאָפּאַראָוו האָט איבערגעגעבן פון ווישי, פאַרופנדיק זיך אויף די אָנגאַבן, וועלכע ער האָט באַקומען פון די אַמעריקאַנער, יוגאָסלאַוון, כינעזער, טערקן און בולגאַרן, אַז די דײַטשן, וואָס האָבן פּלאַנירט אָנהייבן די מילכאָמע קעגן פּססר סאָף מײַ, האָבן איצט אָפּגעלייגט דעם אָנפאַל בערערך אויף א כוידעש איבער דעם שלעכטן וועטער.

30 אַפּרעל. לויט דער מיטיילונג פון בערלין פונעם ערשטן סעקרעטאַר פון דער סאָוועטישער אַמבאַסאַדע וו. בערעזשקאָוו, האָט דער ערשטער סעקרעטאַר פון דער אַמעריקאַנער אַמבאַסאַדע אין בערלין דזשעפערסאָן פּאַטערסאָן אים באַקאַנט בא זיך אינדערהיים מיט א מאַיאָר פון דער „לופטוואַפע", וועלכער האָט קאָנפידענציעל געמאָלדן, אַז זײַן עסקאַדריליע און א סאַך אַנדערע אוויאַ־טיילן פון די דײַטשישע מיליטערישע לופט־קויכעס ווערן איבערגעוואָרפן אויף מיזרעך — אויפן אַעראָדראָם אין דער שטאָט לאָדז (ליצמאַנשטאַדט).

2 מײַ. „היטלער האָט אָנגענומען א באַשלוס אָנצוהייבן א מילכאָמע און פאַרניכטן פּססר צוליב אויסניצן דעם אייראָפּעישן טייל פונעם לאַנד אַלס א באַזע פון רוישטאָף און שפּײַז. דער קריטישער טערמין פונעם מעגלעכן אָנהייב פון דער מילכאָמע:

א. די ענדגילטיקע מאַפּאָלע פון יוגאָסלאַוויע.

ב. די ענדע פונעם פרילינג־פּאַרזיי.

ג. די ענדע פון די געשפּרעכן צווישן דײַטשלאַנד און טערקײַ.

דעם באַשלוס וועגן דעם טערמין פונעם אָנהייב פון דער מילכאָמע וועט היטלער אָנעמען אין מײַ... ראַמזײַ".

## פון די מיטיילונגען פונעם געהיימען מיטאַרבעטער „שפּאַרבער":

„3 מײַ 1941... הײַנט אָפּדערנאָכט האָט אויף אן אָוונט־מאַלצײַט אין „אַראַגווי" פאָן ב. אויפגעהויבן א טאָסט לעקאָוועד דער דײַטשיש־סאָוועטישער פרײַנטשאַפט. די דײַטשן און אונדזערע האָבן אויסגעטרונקען. פאָן ב. האָט מיר געזאָגט, אַז ער פעררזענלעך האָט פאַרשטאַנען, אַז אין די דײַטשיש־סאָוועטישע באַציִונגען איז פאָרגעקומען א ראַדיקאַלע ענדערונג, ווען מיט צוויי יאָר צוריק, דעם 3־טן מײַ 1939, האָט זיך אין א באַשיידן ווינקל אויף דער לעצטער זײַט פון דער „פּראַוודאַ" באַוויזן א קליינינקע מיטיילונג: מ. מ. ליטווינאָוו איז לויט זײַן פערזענלעכן ווילן באַפרײַט געוואָרן פונעם אַמט — פאָלקס־קאָמיסאַר פאַר אויסערן־איניאָנים.

פאָן ב. האָט געזאָגט, אַז סטאַלין האָט געטאָן ווי א כאָכעם, אַראָפּנעמענדיק דעם ייִד ליטווינאָוו און באַשטעטיקנדיק אויף זײַן אָרט דעם אַריִער מאָלאָטאָוו. באַזײַטיקנדיק ליטווינאָוון, האָט סטאַלין זיך אָפּגעזאָגט פון דער פּאָליטיק פון קאָלעקטיווער זיכערהײַט און פון דער פאַרשטאַרקונג פון דער פעלקער־ליגע. פאָן ב. האָט מיט א געלעכטער געמאָלדן, אַז סטאַלינען האָבן אונטערגעשטופּט צום פּיוּרערס אָרעמס די זעלבע קרעטינען אין די רעגירונגען פון גרויסבריטאַניע און פראַנקרײַך, וועלכע זײַנען איצט באַזאָרגט פונעם דײַטשיש־סאָוועטישן פּאַקט וועגן פרײַנטשאַפט און ניט־אָנפאַלן און גיסן טרערן איבערן „פּוילישן קאָלבאַס".

אויסטרינקענדיק קאָניאַק, האָט ב. זיך אַרײַנגעלאָזט אין דערינערונגען. ס'לאָזט זיך אויס, אַז ער איז בײַגעווען אויף אן אָוונט־מאַלצײַט דעם 26־טן יול 1939 אין איינעם פון די בעסטע רעסטאָראַנען אין בערלין („אַדלאָן"?), ווען די דײַטשן האָבן צום ערשטן מאָל אָנגעהויבן אן ערנסטן זאָנדאַזש, וועלכער איז געווען געווענדט צו צעשפּאַלטן די סאָוועטיש־בריטאַניש־פראַנצויזישע פאַרבינדונגען און געשפּרעכן און אויפשטעלן דײַטשיש־סאָוועטישע קאָנטאַקטן. אויפן אָוונט־מאַלצײַט זײַנען כוץ פאָן ב. בײַגעווען ריבענטראָפּ, דער איניאָנים־אָנפאַרטרויטער פון פּססר אין בערלין אַסטאַכאָוו און דער האַנדלס־פאַרשטייער באַבאַרין. ריבענטראָפּ האָט בײַסן שמועס געמאָלדן, אַז „די אידעאָלאָגיע פון דײַטשלאַנד, איטאַליע און סאָוועטנפאַרבאַנד פאַרבינדט איין אַלגעמיינער שטריך — די אָפּאָזיציע צו די קאַפּיטאַליסטישע דעמאָקראַטיעס פון מײַרעוו".

שפּעטער איז פאָן ב. אָנגעקומען קיין מאָסקווע אַלס א ראַטגעבער פון דער דײַטשישער אַמבאַסאַדע. איינעם מיטן אַמבאַסאַדאָר גראַף פאָן שולענבורג האָט ער ניט איין מאָל באַזוכט מאָלאָטאָוון. „ס'וועט ניט זײַן איבערגעטריבן, אויב איך וועל זאָגן, — האָט מיר געמאָלדן דער שיקערער פאָן ב., — אַז איך בין איינער פון די באַהעלפער פון די הויפּט־אַרכיטעקטאָרן פונעם דײַטשיש־סאָוועטישן פּאַקט".

מיט א געלעכטער האָט פֿאַן ב. געזאָגט, אַז די ענגלענדער און פראַנצויזן האָבן זיך זומער 1939 דערפאַר ניט געאײַלט שליסן א מיליטער־בונד מיט רוסלאַנד, ווײַל זיי האָבן גערעכנט, אַז די רויטע אַרמײ איז שוואַך. לויט די ווערטער פון ב., האָט דער בריטאַנישער מיליטער־אַטאַשע פאָלקאָווניק פײַרברייס אים געמאָלדן אין יענעם זומער, אַז די רויטע אַרמײ איז אַנטבלוטיקט פון די רעפּרעסיעס. פֿאַן ב. האָט מיט אַלע קויכעס געסטאַרעט זיך אונטערהאַלטן פײַרברייסן אין דער דאָזיקער מיינונג.

פֿאַן ב. האָט גאַנץ גענוי און אָפנהאַרציק דערציילט וועגן זײַן אָנטייל אין די סאָוועטיש־דײַטשישע געשפרעכן דעם 15 — 21 אווגוסט. לויט זײַנע ווערטער, האָט בעפֿיירעש מאָלאָטאָוו, אויסניצנדיק סטאַלינס נאָמען, פאָרגעלייגט שליסן א פאַקט וועגן ניט־אָנפֿאַלן. היטלער איז געווען אַנציקט פון מאָלאָטאָווס פאָרשלאָג, וועלכן מע האָט אים דעם 16־טן אווגוסט איבערגעגעבן דורכן גראַף פֿאַן שולענבורג און דורך ריבענטראָפן. אין דעם זעלבן אָוונט האָט היטלער מיטגעטיילט, אַז ער נעמט פולשטענדיק אָן דעם סאָוועטישן פאָרשלאָג. ריבענטראָפּ האָט מיט אַלע מיטלען געאײַלט מאָלאָטאָוון, ווײַל ס'האָט זיך דערנעענטערט דער 1 סעפּטעמבער — דער טאָג פונעם אָנפאַל אויף פוילן. אָפדערנאַכט דעם 19 אווגוסט האָט גראַף שולענבורג טעלעגראַפירט וועגן דער האַסקאָמע פון דער סאָוועטישער רעגירונג אויפנעמען ריבענטראָפן אין מאָסקווע. אין זעלבן טאָג האָט מאָלאָטאָוו איבערגעגעבן פֿאַן שולענבורגן דעם פּראָיעקט פונעם פאַקט וועגן ניט־אָנפאַלן. פאַרלאָזנדיק דעם קרעמל, איז גראַף פֿאַן שולענבורג געווען אין זיבעטן הימל. פֿאַן ב. האָט געגעבן אָנצוהערן, אַז אים איז באַוווסט, אַז סטאַלין האָט געמאָלדן וועגן זײַן קאַוואָנע צו שליסן א פאַקט מיט היטלערן אויף דער זיצונג פון דער פּאָליטביוראָ. אָבער סטאַלין האָט ניט געוואָלט אויפנעמען ריבענטראָפן פריִער פונעם 26 — 27 אווגוסט. און דאַן, דעם 20־טן אווגוסט, האָט היטלער פערזענלעך זיך געווענדט צו סטאַלינען מיט א באַקאָשע אויפנעמען ריבענטראָפן דעם 22 — 23 אווגוסט. היטלער האָט פאַרבראַכט א שלאָפלאָזע נאַכט, וואַרטנדיק אויף אַן ענטפער פון מאָסקווע. דעם 21־טן אווגוסט 9.35 אינדערפרי האָט בערלין באַקומען א שיפרירטע טעלעגראַמע פון מאָסקווע — סטאַלין האָט מיטגעטיילט היטלערן, אַז ער איז מסכים אויפנעמען ריבענטראָפן אין מאָסקווע דעם 23־טן אווגוסט, און האָט באַגריסט דאָס פאַרשטייענדיקע אונטערשרײַבן דעם אָפמאַך וועגן ניט־אָנפאַלן. 10.30 איז די טעלעגראַמע איבערגעגעבן געוואָרן היטלערן אין דער ווילע „בערגאָף".

אונטערשטרײַכנדיק, אַז ער האַלט מיך פאַר זײַנעם א פרײַנט, האָט ב. פאַרטרוילעך מיר געמאָלדן, אַז ווען היטלער האָט דעם 22־טן אווגוסט צונויפגענומען אין אָבערזאַלצבורג דעם העכסטן מיליטערישן ראַט און אים מיטגעטיילט וועגן דעם פאַקט מיט רוסלאַנד, איז גערינג אַוועק אין א ווילדן טאַנץ אויפן טיש. פֿאַן ב. האָט צוגעגעבן, אַז די פּוילישע רעגירונג האָט אַליין זיך אויסגעגראָבן א קייווער, אָפּזאָגנדיק זיך דורכצולאָזן דורך איר טעריטאָריע דאָס רוסישע מיליטער און מיט דעם אונטערגעריסן דעם אָנגעמערקטן סאָוועטיש־ענגליש־פראַנצויזישן מיליטער־בונד קעגן דײַטשלאַנד. דאָס האָט אויסגעצייכנט פאַרשטאַנען אויך לאָיד־דזשאָרדזש...

דעם 23 אווגוסט באַטאָג איז פֿאַן ב. געווען צווישן דער סוויטע פונעם גראַף פֿאַן שולענבורג, וועלכע האָט באַגעגנט אין מאָסקווער אַעראָפּאָרט ריבענטראָפן. די דײַטשישע דעלעגאַציע איז געקומען צו פליִען אויף צוויי גראַנדיעזע „קאָנדאָרן". אין אָוונט האָבן סטאַלין און מאָלאָטאָוו איפּגענומען ריבענטראָפן אין קרעמל. אויף א דרײַשעהדיקער באַראַטונג האָט סטאַלין אונטערגעשטראָכן, אַז ער איז ניט בעדייע צו שלעפן קאַשטאַנען פונעם פײַער פאַר ענגלאַנד. נאָך אַן איבעררײַס האָבן זיי זיך נאָכאַמאָל געטראָפן און געהאַלטן טאָסטן שפּעט נאָך האַלבנאַכט. ריבענטראָפּ האָט דערציילט סטאַלינען א בערלינער אַנעקדאָט: אַזוי ווי איר, סטאַלינען, זײַנען שטאַרקער פון אַלץ דערווידער די קאַפּיטאַליסטן, די ענגלישע קלייטניקעס און געשעפטמאַכער פון דער סיטי, וועט ער נאָך ווערן א מיטגליד פונעם אַנטיקאָמינטערן־פאַקט. סטאַלין האָט, אויסהערנדיק, „גאַנץ זויער" א שמייכל געטאָן.

פֿאַן ב. האָט דערציילט, אַז סטאַלין האָט קלוימערשט געהאַלטן א טאָסט פאַרן פירער: „איך ווייס, ווי גרויס עס איז די ליבע פון דער גערמאַנישער נאַציע צום פירער, דערפאַר וויל איך אויסטרינקען פאַר זײַן געזונט". מאָלאָטאָוו האָט קלוימערשט אויפגעהויבן א קעלישעקל פאַר ריבענטראָפן. אַלע אײנעם האָבן קלוימערשט געטרונקען פאַר דער נײַער ערע אין די דײַטשיש־סאָוועטישע באַציִונגען. ריבענטראָפּ — ער האָט ליב מאַכן א שנאַפּס — האָט געטרונקען פאַר סטאַלינס געזונט, פאַר דער סאָוועטישער רעגירונג, פאַרן שאָלעם צווישן דײַטשלאַנד און פּססר. באַם געזעגענען זיך האָט סטאַלין געמאָלדן, אַז ער איז גרייט שווערן זיך מיט אַן ערנוואָרט, אַז פערזענלעך ער וועט קיינמאָל ניט ברעכן דעם פאַקט. לויט סטאַלינס ווילן איז אַראָפּגענומען געוואָרן די פּרעאַמבולע צו דער קאָמיוניקע, אין וועלכער מע האָט געלויבט די דײַטשיש־סאָוועטישע פרײַנטשאַפט. לויט פֿאַן ב.'ס מיינונג, האָט סטאַלין א סאַך מערער זיך געזאָרגט וועגן דער געזעלשאַפטלעכער מיינונג אין זײַן לאַנד, איידער היטלער.

דעם 25 אווגוסט האָט פֿאַן ב. מיט א געפיל פון פרייד זיך דערוווּסט, אַז מאַרשאַל וואָראָשילאָוו האָט איבערגעריסן די מאָסקווער געשפּרעכן מיט די ענגלענדער און מיט די פראַנצויזן. זייערע מיליטערישע דעלעגאַציעס זײַנען אַרויסגעפלויגן פון מאָסקווע. לויט דער מיינונג פון טשערטשילן, וועלכן פֿאַן ב. אַכטעט זייער, איז סטאַלינס מאַקיאַוועלישער באַשלוס צו שליסן אַן אָפמאַך מיט היטלערן

געווען אין דער סיטואַציע פונעם 1939 יאָר אַז אויסערגעווייגלעך רעאַליסטישער. ניט דערוואַרטנדיק זיך אויף קאָנסטרוקטיווע טריט פון דער ענגליש־פראַנצויזיש־פּוילישער דיפּלאָמאַטיע, האָט סטאַלין מיט איין קלאַפּ געמאַכט פאַר פּאָליטישע באַנקראָטן די דאָזיקע מישטיינס־געזאַגט דיפּלאָמאַטן. דאָס אַנערקענט אויך טשערטשיל. רוזוועלט, דערווייסנדיק זיך באַצײַטנס וועגן די דײַטשיש־סאָוועטישע געשפּרעכן דורך זײַן אַמבאַסאַדאָר אין מאָסקווע, האָט אומזיסט געפּרוּווט פּויעלן בײַ די ענגלענדער, פראַנצויזן און פּאָליאַקן, זיי זאָלן קומען צו אַ העסקעם מיטן סאָוועטנפאַרבאַנד.

בײַם אָפּלאַכנדיק פונעם אַמעריקאַנער פּרעזידענט, האָט פאָן ב. געזאָגט, אַז די דײַטשן איז זייער גוט באַוווּסט, אַז רוזוועלט האָט נאָך דעם 5 יול געוואָרנט סטאַלינען קעגן אַ העסקעם מיט דײַטשלאַנד. ער האָט געפּרוּווט אים איבערצײַגן, אַז אויב סטאַלינס רעגירונג וועט קומען צו אַזאַ העסקעם, וועט היטלער פּונקט מיט דער זעלבער אומפאַרמײַדלעכקײַט, ווי נאָכן טאָג קומט די נאַכט, אָנפאַלן אויפן סאָוועטנפאַרבאַנד גלײַך נאָך דעם, ווי ער וועט באַזיגן פראַנקרײַך.

פאָן ב. האָט זיך געקלאָגט, אַז אַ סאַך טוער פון דער נאַציסטישער פּאַרטיי זײַנען דערשיטערט געוואָרן, דערוויסנדיק זיך וועגן דעם דײַטשיש־סאָוועטישן אָפּמאַך, און זיי פאַרשטייען אים ניט ריכטיק — פּראָטעסטירן קעגן דעם „צונויפרײַדן זיך מיט די מאָסקאָוער אומענטשן".

דעם 18 סעפּטעמבער האָט דאָס רוסישע מיליטער זיך באַגעגנט מיטן דײַטשישן לעם ברעסט־ליטאָווסק.

„לעם דעם זעלבן היסטאָרישן ברעסט־ליטאָווסק, — האָט פײַערלעך דערקלערט פאָן ב., — וווּ מיט 23 יאָר צוריק האָבן געשלאָסן שאָלעם אונדזערע לענדער! סימבאָליש, ניט עמעס?"

נאָך דעם, ווי מיר האָבן פאַרלאָזט דעם קאַבינעט אין „אַראַגווי", האָבן מיר פאַרגעזעצט אונדזער געשפּרעך אין פאָן ב.'ס אויטאָמאָביל.

„איך דאַרף מיט מײַן גאַנצער אָפּנהאַרציקײַט זאָגן, — האָט מיר געמאָלדן פאָן ב., — אַז אײַער סטאַלין האָט קימאַט אַן איין שאָס באַקומען מערער פון אונדז, אין דער צײַט, ווען מיר האָבן פאַרלוירן אין פּוילן קימאַט 45 טויזנט אָפּיצערן און סאָלדאַטן. דאָס איז ניט נאָר מײַן מיינונג, אויך פאָן שולענבורגס און ריבענטראָפּס מיינונג. דאָס איז דעם פירערס מיינונג".

אין בערלין האָט מען מיט באַפרידיקונג זיך דערוווּסט וועגן מאָלאָטאָווס רעדע דעם 13־טן אָקטיאַבער אויף דער סעסיע פונעם אויבער־ראַט, אין וועלכער ער האָט געמאָלדן: „די הערשנדיקע קרײַזן פון פּוילן האָבן ניט ווייניק זיך באַרימט מיט דער „פעסטקײַט" פון זייער מעלוכע און מיט דער „מעכטיקײַט" פון זייער אַרמיי. אָבער ס'איז געווען גענוג אַ קורצער קלאַפּ אויף פּוילן צוערשט מיצאַד דער גערמאַנישער אַרמיי, און דערנאָך — מיצאַד דער רויטער אַרמיי, עס זאָל גאָרנישט ניט בלײַבן פון דעם פאַרזעעניש, וואָס איז געבוירן געוואָרן אַדאַנק דעם ווערסאַלער אָפּמאַך..." באַזונדערס זײַנען געפעלן געוואָרן אין בערלין די פאָלגנדע ווערטער פון דער רעדע: „די הערשנדיקע קרײַזן פון ענגלאַנד און פראַנקרײַך פּרוּוון אַרויסגעבן זיך אַלס קעמפער פאַר דעמאָקראַטישע רעכט פון די פעלקער, קעגן היטלעריזם... אָבער יעדער מענטש פאַרשטייט, אַז אַן אידעאָלאָגיע קאָן מען ניט פאַרניכטן מיט קויער... דערפאַר איז ניט נאָר אומזיניק, נאָר אויך פאַרברעכעריש צו פירן אַזאַ מילכאָמע, ווי די מילכאָמע אויף „פאַרניכטן דעם היטלעריזם", פאַרמאַסקירנדיק זיך מיט אַ פאַלשער פאָן פון קאַמף פאַר „דעמאָקראַטיע"..."

אויספילנדיק די אויפגאַבע, וואָס איך האָב באַקומען, האָב איך אין אַ באַקוועמען מאָמענט אַ פרעג געטאָן, ווי אַזוי עס באַצײַען זיך פאָן ב. און זײַנע קאָלעגן פאַרזעגלעך צו סטאַלינען. איך האָב פּינקטלעך פאַרגעדענקט זײַן ענטפער, וועלכער איז אַזוי: „דאָס, וואָס סטאַלין איז אַ גרויסער מענטש, איז פאַר אַלעמען קלאָר. טשעמבערלענען און דאַלאַדיען האָט דער פירער אָנגערופן „ווערעמלעך". צו סטאַלינען אָבער באַציט ער זיך מיט רעספּעקט. נאָך מער. ער בעט בײַ גאָט, אַז סטאַלין זאָל לאַנג לעבן. איר פאַרשטייט דאָך, ווי עס איז נייטיק, אַז דײַטשלאַנד זאָל ניט פירן קיין מילכאָמע אויף צוויי פראָנטן. און זאָל עפּעס פּאַסירן מיט סטאַלינען, קאָן די נײַע סאָוועטישע רעגירונג איבערײַסן אונדזער אָפּמאַך. אָט דערפאַר ווינטשן מיר, דײַטשן, אין איינקלאַנג מיט דעם פירערס ווײַנאַכט־באַגריסונג סטאַלינען, אַז אײַער פירער זאָל לעבן לאַנג־לאַנגע יאָרן! סטאַלין איז אַ גלענצנדיקער פּאָליטיקער און סטראַטעג. איך וועל זײַן ביזן סאָף אָפנהאַרציק — אָנפאַלנדיק דעם 30 נאָיאַבער 1939 אויף פינלאַנד, האָט ער אונדז אַוועקגעשטעלט אין זייער אַ שווערער לאַגע. ער האָט פאַרשטאַנען, אַז אונדזערע הענט זײַנען געבונדן אויפן מיזרעכדיקן פראָנט. אָבער מיט פינלאַנד פאַרבינדט אונדז, דײַטשן, אַ לאַנגע פרײַנטשאַפט! און דאָך האָבן מיר געבראַכט די פינער פאַר אַ קאָרבן, ווײַל העכער פון אַלץ שאַצן מיר די פרײַנטשאַפט מיט סטאַלינען. אין יענע טעג, ווען אַפילו מוסאָליני האָט גערופן צו שאָלעם מיט די מיזרעכדיקע דעמאָקראַטיעס, פאַרויסגעזאָגט דעם פירער אַ מאַפּאָלע אין דער מילכאָמע און אים געוואָרנט קעגן אַ צונויפרייד מיט סטאַלינען, האָט דער פירער אײנעם בונד מיט סטאַלינען געשעפּט קויעך און גלויבן און, פאַרשטייט זיך, מיר זײַנען אים אומגעהײַער דאַנקבאַר פאַר מיליאָנען טאָן ברויט און נאַפט, פאַר בראָם און מאַרגאַנעץ. נאַטירלעך, סטאַלין גיט גאָרניט אומזיסט, אַלס אַ בײַט פאַר דעם באַקומט ער ווערקשטעלן און מיליטערישע מאַטעריאַלן, אײַנשליסנדיק מאָדעלן פון נײַע אַעראָפּלאַנען, טאַנקען און האַרמאַטן..."

„סטאַלין, — האָט צוגעגעבן פאָן ב., — פאַרשטייט זייער גוט די פּליוסן און די מינוסן פונעם אָפּמאַך מיט היטלערן". סאָף 1939 איז פאָן ב. בײַגעווען אויף די סאָוועטיש־דײַטשישע האַנדלס־

געשפּראָכן, בײַם װעלכע סטאַלין, זײַענדיק אױפגערעגט פון דער דײַטשישער קאַמצאָנישקײט, האָט א געשריי געטאָן, אַז דער סאָװעטנפאַרבאַנד האָט, טוענדיק די דײַטשן א קאָלאָסאַלע טױװע, פאַרלױרן א סאַך פּרעסטיזש, געמאַכט זיך אין דער װעלט א סאַך סאָנים, און דערפֿאַר האָט ער דאָס רעכט אױסצורעכענען אױף אַן אַמערסטן גינסטיקער באַציִונג.

אַזױ, װי עס איז געװען פֿאַרפּלאַנירט, האָב איך אָװעקגעפֿירט פֿאָן ב. צו פֿרױען. דאָרט האָט ער מער שױן ניט געפֿירט קײן שמועסן אױף פּאָליטישע טעמעס... צװײ אַזײגער מיט 10 מינוט באַנאַכט האָב איך זיך צעשײדט מיט אים בײַ די ניקיטסקער טױערן, איבערגעבנדיק אים די צוגעגרייטע „דעזן" (דעזינפאָרמאַציע).

מײַן פֿאָלגנדיקע באַגעגעניש מיט פֿאָן ב. װעט זײַן דעם 9־טן מײַ. װי פֿריִער, װעלן מיר זיך באַגעגענען אין די טעאַטערס, איך האָב צוגעזאָגט באַװײַזן אים „דעם פֿעלדמאַרשאַל קוטוזאָװ", „נאַדיעזשדאַ דוראָװאַ", „די קאַטעדראַל פֿון דער פּאַריזשער גאָטס־מוטער", „אַנאַ קאַרענינאַ". איך בעט באַזאָרגן מיט בילעטן...

װעגן אײַזענשטײנס פֿאָרשטעלונג פֿון דער אָפּערע „װאַלקיריע" אין באָלשאָי טעאַטער האָט פֿאָן ב. געזאָגט, אַז אײַזענשטײן האָט קאַליע געמאַכט װאַגנערן מיט זײַנע „ייִדישע שטיק"..."

פון די מיטײלונגען פונעם געהײמען
מיטאַרבעטער „קאַרמען":

„4 מײַ 1941. װי עס האָט שױן מיטגעטײלט דער קװאַל, האָט דער אַמעריקאַנער אַמבאַסאַדאָר שטײנהאַרדט געדונגען א גרױסע דאַטשע הינטער מאָסקװע, און איצט מעבלירט ער זי. לױט דער מעלדונג פֿון זײַן װײַב אין א געשפּרעך מיט העגרי קעסידי, דעם ביוראָ־שעף פֿון דער אַגענטור „אַסאָשיעטעד פּרעס", האָט דער אַמבאַסאַדאָר געדונגען די דאַטשע דערפֿאַר, װײַל ער איז איבערצײַגט, אַז דײַטשלאַנד װעט אײַנגיכן, דעם זומער, אָנפֿאַלן אױפֿן סאָװעטנפֿאַרבאַנד און װעט באַמבירן מאָסקװע. נאָכפֿאָלגנדיק דעם בײַשפּיל פֿונעם אַמבאַסאַדאָרס װײַב, שיקן אָפּ קימאַט אַלע מיטאַרבעטער פֿון דער אַמבאַסאַדע זײערע כפֿיצים קײן פּשאַ. א סאַך פֿון זײ פֿאַרגרײטן זיך מיט שפּײַז־פּראָדוקטן, װעלכע זײ קױפֿן אין פֿינלאַנד.

געזעגענענדיק זיך מיט קעסידי אין האָל, האָט דעם אַמבאַסאַדאָרס װײַב געזאָגט, אַז „די דײַטשן קאָנען אָנפֿאַלן אױף רוסלאַנד אין יעדער באַליביקער מינוט..."

פון די מיטײלונגען פונעם געהײמען
מיטאַרבעטער „מאַרס":

„5־טער מײַ. אין פּױלן װערן פֿאַרגעזעצט אָפּענע מיליטערישע צוגרײטונגען. די דײַטשישע אָפֿיצערן און סאָלדאַטן רעדן אָפֿן װעגן דער קומענדיקער מילכאָמע צװישן דײַטשלאַנד און דעם סאָװעטנפאַרבאַנד, װי װעגן א באַשטימטער זאַך. די מילכאָמע דערװאַרט מען נאָכן פֿרילינג־פֿאַרזײװױצער".

פון די מיטײלונגען פונעם געהײמען
מיטאַרבעטער „דימענט":

„5־טער מײַ 1941. בײַם אונדזער שמועס האָט טשאָלערטאָן כאַראַקטעריזירט דעם בריטאַנישן אַמבאַסאַדאָר סער ריטשאַרד סטאַפֿאָרד קריפּס, דעם לינקן לײבאָריסט, װי אַן איבערגעגעבענעם פֿרײַנט פֿון פּססר. לױט טשאָלערטאָנס מײנונג, האָט סער סטאַפֿאָרד קריפּס, אַלײן א גלענצנדער יוריסט, דערלערנט די סטענאָגראַמעס פֿון די פּראָצעסן פֿון די סאָנים פֿון פֿאָלק, און ער באַשטעטיקט, אַז אין זײ זײַנען ניטאָ קײן שום סימאָנים פֿון אױװער זײַן אָפֿן געזעץ. װישינסקין רופֿט ער אָן מיטן נאָמען „אײדלמוטיקער אידעאַליסט"...

איך האָב אים געפֿרעגט, צי ער רעכנט, אַז די דײַטשן קלײַבן זיך אָנפֿאַלן אױף אונדז, ער האָט געענטפֿערט, אַז אַזעלכע קלאַנגען פֿאַרשפּרײטן איבערהױפּט די מיטאַרבעטער פֿון דער שװעדישער און רומענישער אַמבאַסאַדעס. זײ טוען עס לױטן אױפֿטראָג פֿון די דײַטשן מיטן ציל צו אָנװאָרפֿן אױף אונדז א פּאַכעד און צװינגען, מיר זאָלן זײַן נאָכגיביקער... אָבער ער האָט באַלד זיך דערמאָנט, אַז קריפּס האָט נאָך אין אָנהײב פֿעװראַל פֿון הײַנטיקס יאָר געהערט פֿונעם גריכישן געזאַנדטן, אַז די דײַטשן קלײַבן זיך קלױמערשט אָנפֿאַלן אױף רוסלאַנד אָט דעם פֿרילינג, נאָר סטאַלין האָט קריפּסן ניט געװאָלט גלײבן...

אין אַפּרעל האָט טשערטשיל נאָכאַמאָל געפּרוּװט װאָרענען סטאַלינען. פֿון דער ענגלישער אַגענטור אין אָקופּירטן מיצאַד די דײַטשן פּױלן זײַנען אָנגעקומען אַליאַרמירנדיקע סיגנאַלן װעגן דער קאָנצענטראַציע פֿונעם דײַטשישן מיליטער אין פּױלן. אין סאָף אַפּרעל האָט קריפּס מיטגעטײלט סטאַלינען די פּינקטלעכע דאַטע פֿון היטלערס אָנפֿאַל אױף פּססר — דעם 22 יוני 1941. סטאַלין האָט אָבער ניט געגלײבט, און דערפֿאַר האָט אַפֿילע טשאָלערטאָן אױפֿגעהערט צו גלײבן אין די אַלע סיגנאַלן..."

## פון דער מיטײלונג
## פונעם סאָוועטישן מיליטער־אַטאַשע אין דײַטשלאַנד:

„7־טער מײַ 1941. דער בירגער פון פסטר באַרזער... האָט איבערגעגעבן דעם שטעלפאַר־טרעטער פונעם מיליטער־יאַם־אַטאַשע, אַז לויט דער מעלדונג פון איינעם אַ דײַטשישן אָפיצער פון היטלערס שטאַב, גרייט זיך דײַטשלאַנד אַרײַנדרינגען אין פסטר דעם 14־טן מײַ — דורך פינלאַנד און בײַבאַלטישע לענדער. איינצײַטיק וועט מען אַכזאָריִעסדיק באָמבאַרדירן מאָסקווע און לענינגראַד און מע וועט אַרויסוואַרפן פאַראַשוט־מיליטער אין די בײַגרענעצדיקע שטעט...

## פון די מיטײלונגען פונעם געהיימען מיטאַרבעטער „שפּאַרבער":

„12־טער מײַ 1941. די דאָזיקע אופנאַמע אין דער אַפגאַנישער אַמבאַסאַדע איז געווען ניט קיין געוויינלעכע. דער אַפגאַנישער אַמבאַסאַדאָר אַלס דער פאָרשטייער פון אַ נייטראַל לאַנד האָט אײַנגעלאַדן דיפּלאָמאַטן פון די פאַראייניקטע לענדער, ווי אויך דיפּלאָמאַטן פון די לענדער פון דער „אַקס" און זייערע פאַרטנייאָרן. לויטן אײַנגעשטעלטן מינהעג זײַנען זיי אַרײַן אין פאַרשיידענע זאַלן. די אַמעריקאַנער און אַנדערע נייטראַלן האָבן אַרומגעשמײַעט פון איין זאַל אין צווייטן, די פראַנצויזן האָבן אינגאַנצן זיך פאַרלוירן — זיי האָבן ניט געוווּסט, אין וועלכן זאַל אַרײַנגיין.

די דיפּלאָמאַטן פון די פאַראייניקטע לענדער זײַנען געווען אופגעבראַכט פון דעם, וואָס מע האָט אַרויסגעשיקט פון רוסלאַנד זייערע קאָלעגן — די נאָרוועגער, בעלגיִער, יוגאָסלאַוון און גריכן. אין אַ צווייטן זאַל האָט מען זיך גינסטיק אָפּגערופן וועגן דעם דאָזיקן טראַט. אַזוי האָט גערעכנט אויך דער דײַטשישער אַמבאַסאַדאָר גראַף פאָן שולענבורג... טשאָלערטאָן האָט אים אָנגערופן „דער אַריסטאָקראַטישער לייב מיט אַ נעשאָמע פון אַ פוקס". ווען דער פלימעניק פונעם אַמעריקאַנער אַמבאַסאַדאָר האָט אים אַ פרעג געטאָן: „וויאַזוי קאָן מען דאָ אין רוסלאַנד אײַנשאַפן פאַר זיך אַ מיידעלע?" — האָט דער גראַף מיט אַ דין שמייכעלע געענטפערט: „יונגערמאַן! ווען איך בין אַלט געווען אַזויפיל, ווי איר, האָב איך ניט געפרעגט אַ מענטשן אין מײַן עלטער, וויאַזוי מע שאַפט אײַן אַ מיידעלע!"

מיר איז געלונגען צו הערן, ווי פאָן שולענבורג האָט שפּעטער געזאָגט דעם גענעראַל טאַ־טעקאַווא, אַז אַפן מיזרעך פירט דײַטשלאַנד דורך אַ געוויינלעכע אָפּעראַציע, וואָס האָט דעם ציל בײַטן די אָקופּאַציע־טיילן און די סאָלדאַטן פון העכערן עלטער.

אין אַ געשפּרעך מיט מיר האָט דזשעק סקאָט, דער קאָרעספּאָנדענט פון דער לאָנדאָנער צײַטונג „ניוס קראָניקל", געגעבן גאַנץ קלאָר אָנצוהערן, אַז פאָן וואַלטער, דער צווייטער סעקרע־טאַר פון דער דײַטשישער אַמבאַסאַדע, איז אַ געסטאַפּאָוועץ.

איך האָב געהאַט אַ שמועס מיט די קאָרעספּאָנדענטן מאַגידאָוו און שאַפּיראָ (פּשא), שאַמ־פּענוא (פּרעסע־אַגענטור גאַוואַס) מיט די יאַפּאַנער כאַטאַנאַקאַ און רוגא.

פאָן ב. איז אַפן אופנאַם ניט געווען...

וועגן דער מיסיע פון געסן איז מיר גאָרנישט ניט געלונגען צו דערוויסן זיך..."

## פון די מיטײלונגען פונעם געהיימען
## מיטאַרבעטער „דימענט":

„12־טער מײַ 1941... טשאָלערטאָן האָט, דערווידערנדיק מיר, געזאָגט, אַז מע האָט געהערט, ווי דער יאַפּאַנישער אַמבאַסאַדאָר גענעראַל טאַטעקאַווא האָט קלוימערשט מיטגעטיילט דעם אַמערי־קאַנער אַמבאַסאַדאָר די פּינקטלעכע צאָל וואַגאָנען מיט סאָוועטישן פּראָבט, וועלכע ווערן אָפּגעשיקט פונעם וויַטן מיזרעך קיין דײַטשלאַנד — 110 וואַגאָנען אַ טאָג, אָבער פאָן וואַלטער איז זיכער, אַז ווײ־ניקער. אין אַפּרעל זײַנען אָפּגעשיקט געוואָרן קיין דײַטשלאַנד 208000 טאָן טוווּע, 90000 טאָן נאַפט, 8300 טאָן בוימוואָל, 4000 טאָן קאַוטשוק, 6310 טאָן קופּער, צין, ניקעל און אַנדערע מעטאַלן".

## פון די מיטײלונגען פונעם געהיימען
## מיטאַרבעטער „שפּאַרבער":

„8־טער מײַ 1941... פאָן ב. האָט מיר געזאָגט בײַם אָוונט־מאָלצײַט אין „אַראַגווי", אַז דער דײַטשישער אַמבאַסאַדאָר גראַף פרידריך ווערנער פאָן שולענבורג האָט ליב רוסלאַנד. עמעס, ניט דאָס סאָוועטישע, נאָר דאָס פריִערדיקע. אָבער אויך הײַנט וויל ער, עס זאָל זײַן שאָלעם מיטן סאָוועטנפאַרבאַנד און האָט זייער מוירע פאַר אַ מילכאָמע, איבערהויפּט — אויף צוויי פראָנטן: קעגן ענגלאַנד און רוסלאַנד. אַפּט דערמאָנט ער מיר, אַז אויך דער ראָש פונעם רײַכסווער גענעראַל פאָן סעקט טרעט אַרויס פאַר דער מיטאַרבעט מיט רוסלאַנד...

ס'ווײַזט זיך ארויס, אז דער אמבאסאדאָר האָט פאר דער רעוואָליוציע געהאט ניט ווייניק קרוווים אין רוסלאנד: די גראפן פאָן שולענבורג זײַנען געווען פעטערבורגער און נאָווגאָראָד־סעווערסקער אדל־לײַט, זיי האָבן כאסענע געהאט מיט רוסישע פרויען פונעם אדל־שטאם, געווען אָנפירער (פרעדוואָדיטעלי) אין פארשיידענע גובערניעס, געדינט אלס קאוואַלערגאַרדן... דער אמבאסאדאָר קלאָגט זיך, אז היטלער טרויט אים ניט אָן, מײַדט אים אויס, באהאלט פון אים אויס זײַנע פלענער. אגעוו, האָפט ער, אז היטלער וועט ניט גיין מילכאָמע האלטן מיט די רוסן...״

## פון די מיטיילונגען פונעם געהיימען מיטארבעטער „רעבעקא״:

„...דער זעלבער ראטגעבער פון דער אמבאסאדע, באַרימענדיק זיך מיט זײַן אינפאָרמירטקייט, האָט מיר געזאָגט אין אן אינטימער אטמאָספער, אז די טעג האָט דער אמבאסאדאָר ריטשארד סטאפאָרד קריפס זיך דערשלאָגן צו אן אופנאם בא י. וו. סטאלינען און אים דערציילט, אז היטלער קלײַבט זיך אָנפאלן אף אונדזער לאנד. בעשאסמײַסע האָט ער געוויזן סטאלינען א מאפע, וועלכע עס האָט צונויפגעשטעלט רודאָלף העס. אף דער מאפע זײַנען אָנגעצייכנט פײַלן אף לענינגראד, מאָסקווע און קיִעוו. מיט א פונקטיר איז אָפּגעמערקט א ליניע פון ארכאנגעלסק ביז אסטראכאן, ווו עס דארפן זיך אָפּשטעלן אף ווינטער די דײַטשישע מיליטער־טיילן. פארשטייט זיך, איך גלייב אים לאכלוטן ניט...

קריפס' ערשטע ווארענונג, — האָט געטײַנעט דער ראטגעבער, — איז ארויסגעזאָגט געוואָרן אין פעוורא‌ל דאָס יאָר, ווען ער האָט געמאָלדן דעם פאָלקס־קאָמיסאר פאר אויסערן־איניאָנים, אז דײַטשלאנד וועט אָנפאלן צוערשט אף די באלקאנען, און דערנאָך אף פססר. און דאן האָט אזעלכע ווארענונגען געמאכט כאמנער אעלס אין א שמועס מיט אונדזער אמבאסאדאָר אין פשא אומאנסקי. דעם 3־טן אפּרעל האָט טשערטשיל פערזענלעך געשריבן קריפסן, אז ווי נאָר די דײַטשן האָבן פארענדיקט מיט יוגאָסלאוויע, האָבן זיי אריבערגעוואָרפן דרײַ פון פינף טאנקען־דיוויזיעס קיין דאָרעם־פוילן מיט א בעפיירעשן מיין אויסצוניצן זיי קעגן אונדזער היימלאנד...

פונקט אזעלכע מעלדונגען זײַנען איבערגעגעבן געוואָרן מאָלאָטאָוון און ווישינסקין, אָבער סטאלין האָט קלוימערשט באשלאָסן, אז די ענגלענדער און די אמעריקאנער ווילן אים ארײַנשלעפּן אין א מילכאָמע קעגן דײַטשלאנד, אין דער צײַט, ווען ער וויל שאָלעם.

דער ראטגעבער האָט צוגעגעבן, אז דער ענגלישער מיניסטער פאר אויסערן־איניאָנים אנטאָני אידען קאָן אויך זיך ניט באַרויִקן — ער שיקט די גאנצע צײַט ווארענונגען סטאלינען דורך אונדזער אמבאסאדאָר אין לאָנדאָן מײַסקי וועגן דעם פּלאן פון די דײַטשן אָטאָט אָנהייבן א מילכאָמע קעגן אונדז״.

## פון די מיטיילונגען פונעם געהיימען מיטארבעטער „שפארבער״:

„9־טער מײַ 1941... ווײַטער איז דער געשפּרעך אריבער אף דער טעמע וועגן דער צעשמעטערונג פון די סאָנים פון פאָלק אין 1937 — 1938 יאָרן. דער קוואל האָט געזאָגט, אז אין דיפּלאָמאַטישן קאָרפּוס גלייבט קיינער ניט, אכוץ אזעלכע דיפּלאָמירטע נאראָנים, ווי דער אמעריקאנער אמבאסאדאָר דעוויס, אז טוכאטשעווסקי, יעגאָראָוו, יאקיר, האמארניק, קארך, אובאָרעוויטש, פּרימאקאָוו, איידעמאן, פוטנא, פעלדמאן און 35.000 זייערע מיטבאטייליקטע צווישן די מארשאלן, גענעראלן און קאָמאנדירן פון דער רויטער ארמיי האָבן כאטשבי עפּעס־וואָס א שולד פאר דער סאָוועטנמאכט. זיי האָבן אויך ניט געהאט קיין שולד פארן כאווער סטאלין. אין אלץ אָט דעם איז נאָר שולדיק דעם כאווער סטאלינס כשאָדימדיקייט.

דער קוואל האָט געמאָלדן, אז דער דײַטשישער אמבאסאדאָר פאָן שולענבורג האָט פון אָנהייב אָן ניט געגלייבט אין דער עקזיסטענץ פון אזא קאָלאָסאלער אנטיסאָוועטישער פארשווערונג, וועלכע האָט ארומגעכאפּט קימאט 80 פּראָצענט פונעם אָנפירנדיקן באשטאנד פון דער רויטער ארמיי, אז די דאָזיקע פארדינסטפולע שלאכט־גענעראלן און אָפיצערן, העלדן פונעם בירגערקריג אין רוסלאנד, האָבן אונטערגעהאלטן באציִונגען מיט „איינער אן אויסלענדישער מעלוכע״, דה. מיט דײַטשלאנד. דער אמבאסאדאָר האָט ספּעציעל אין 1938, בײַס זײַן אורלויב אין בערלין, געמאכט אן אָנפראגע צו זײַן רעגירונג וועגן דעם דאָזיקן איניען און באקומען אן ענטפער, אז די דערשאָסענע האָבן ניט געהאט קיין שום פארבינדונגען מיט דײַטשלאנד.

איך האָב אים דערמאָנט, אז די מיטיילונג אין דער „פּראווּדא״ פונעם 11־טן יון 1937 האָט דערקלערט, אז די אָנגערופענע סאָנים פונעם פאָלק זײַנען באשולדיקט געוואָרן אין דעם, וואָס אלע זײַנען זיי געווען אגענטן פון דער דײַטשישער אויסשפּירונג, שפּיאָנען. זיי האָבן געוואָלט אונטערײַסן פון אינווייניק די רויטע ארמיי אָן זיכערן איר מאָפאָלע, ווידערופשטעלן די מאכט פון די גוטבאזיצער און קאפּיטאליסטן, אלע האָבן זיך אנערקענט אין זייערע פארברעכנס, געמישפּעט האָט זיי דער העכסטער געריכט פון פססר בעראָש מיטן פאָרזיצער פון דער מיליטער־קאָלעגיע פונעם געריכט אולריך, און צווישן די ריכטער זײַנען געווען אזעלכע מענטשן ווי אלקסניס, בליוכער,

בודיאָני, שאַפּאָשניקאָוו, דיבענקאָ, קאַשירין. ער האָט באַלד מיר דערוויזערט, אַז דער גרעסטער טייל פון די ריכטער זײַנען אויך דערשאָסן געוואָרן ווי סאָנים פונעם פאָלק.

דער קוואַל האָט אָפּגעמערקט, אַז דער אַמעריקאַנער מיליטער־אַטאַשע פּאַלקאָוניק פֿיימאָנוויל האָט געמאָלדן אין קרײַז פון זײַנע נאָענטע, אַז בײַ דײַטשלאַנד וואָלט ניט געקלעקט קיין גאָלד אונטערצוקויפן אַזעלכע מענטשן, אַז אַזעלכע מענטשן ווערן ניט קיין פאַרעטער, אַז ניט זיי, נאָר סטאַלין האָט באַדעקט מיט שאַנד די רויטע אַרמיי און די אָרגאַנען פון נקווד, וועלכע האָבן קלוימערשט פאַרגעזען אַזאַ קאָלאָסאַלן „טראָיאַנישן פערד"!

און נאָך האָט דער קוואַל אָפּגעמערקט, אַז אין נאָיאַבער 1937 האָט דער גענעראַל גערינג ריכטיק געמאָלדן אויף דער גאַנצער וועלט, אַז די רויטע אַרמיי איז שוין מער ניט שלאַכטפעיק, און פון דעם דרינגט אַרויס, אַז דײַטשלאַנד דאַרף זי דערשלאָגן, ביזוואַנען זי האָט ניט געשאַפן קיין נײַע קאַדרען.

ער האָט צוגעגעבן, זײַענדיק שוין שיכּור, אַז די צעשיסונג פונעם געוועזענעם שעף פון דער אויסשפּיר־פאַרוואַלטונג בערזין און זײַנע בעסטע געהילפן האָט איבערגעלאָזט די רויטע אַרמיי אָן אויגן און אָן אויערן, און די פאַרניכטונג פון אַזעלכע דערפאַרענע פּראָפעסיאָנאַלן אין נקווד, ווי אַרטוזאָוו, האָט געמאַכט בלינד און טויב די טשעקיסטישע אויסשפּירונג...

ס'האָט זיך געפאָדערט מײַן גאַנצע זעלבסטבאַהערשונג, די גאַנצע ווילנסקראַפט, איך זאָל זיך אײַנהאַלטן, ניט אויסגעבן מײַן גרימצאָרן, הערנדיק זײַנע פּרעכע אַנטיסאָוועטישע אָנפאַלן און רעכילעס..."

פון די מיטײַלונגען פונעם רעזידענט „ראַמזײַ":

„15־טער מײַ. די מילכאָמע וועט זיך אָנהייבן דעם 20 — 22 יוני. ראַמזײַ".

„19־טער מײַ. קעגן דעם סאָוועטנפאַרבאַנד וועלן קאָנצענטרירט ווערן 9 אַרמייען, 150 דיוויזיעס... ראַמזײַ".

א צעטעלע פון דעם שטעלפאַרטרעטער פונעם פאָלקס־קאָמיסאַר פאַר אויסערן־איניאָנים א. יאַ. ווישינסקין

„19־טער מײַ. דער סאָוועטישער מיליטער־יאַם־אַטאַשע אין בערלין אַדמיראַל מ. א. וואָראָנצאָוו האָט באַקומען פון „וואַלטערן", דעם אָפיצער פון היטלערס סטאַווקע, א מיטײַלונג, אַז דײַטשלאַנד גרייט זיך אָנצופאַלן אויף פּססר דורך פינלאַנד און די באַלטישע רעפּובליקן. אויף מאָסקווע און לענינגראַד וועלן דורכגעפירט ווערן לופט־אָנפאַלן...

20־טער מײַ. דער סאָוועטישער אַמבאַסאַדאָר אין שטאָקהאָלם קאָלאָנטײַ גיט איבער, אַז די קאָנצענטראַציע פונעם דײַטשישן מיליטער אויף די סאָוועטישע גרענעצן איז די סאַמע מעכטיקסטע אין דער געשיכטע.

22־טער מײַ. דער שטעלפאַרטרעטער פונעם מיליטער־אַטאַשע אין בערלין כלאָפּאָוו גיט איבער, אַז דער אָנפאַל פון די דײַטשן אויף פּססר איז אָנגעמערקט אָפּן 15־טן יוני, אָבער ער קאָן אויסגעפּילט ווערן אין אָנהייב יוני.

23־טער מײַ. אונדזער מיליטער־אַטאַשע אין בערלין גענעראַל טופּיקאָוו האָט אָנגעהויבן שיקן טאָגטעגלעכע סוואָדקעס וועגן די מיליטערישע צוגרייטונגען פון דײַטשלאַנד. דעקאַנאָזאָוו האָט אָבער אים געוואָרנט, אַז די מיליטערלײַט טרײַבן איבער די געפאַר".

פון דער ספּראַווקע פון דער אויסשפּיר־פאַרוואַלטונג פונעם גענעראַלשטאַב פון דער רויטער אַרמיי

„22־טער מײַ. „ראַמזײַ" האָט צוגעשיקט א מאַפּע מיט דער דיסלאָקאַציע פונעם סאָוועטישן מיליטער, וועלכע געהערט דעם מיליטער־אַטאַשע פון דײַטשלאַנד אין טאָקיאָ קרעטשמערן. די אָנווײַזער אויף דער מאַפּע מערקן אָן ריכטונגען פון די קלעפּ פונעם ווערמאַכט. לויט „ראַמזײַס" מיינונג, האָט היטלער בעדייע פאַרכאַפּן אוקראַינע און איבערצן 1 — 2 מיליאָן רוסישע געפאַנגענע אויף שווערע אַרבעטן. אין אָנפאַל אויף פּססר וועלן אָנטיילנעמען פון 170 ביז 190 דיוויזיעס. די מילכאָמע וועט זיך אָנהייבן אָן א דערקלערונג און אָן אַן אולטימאַטום. די דײַטשן דערוואַרטן, אַז די רויטע אַרמיי און דער סאָוועטישער רעזשים וועלן זיך צעפאַלן אין מעשעך פון צוויי כאָדאָשים..."

פון די מיטײַלונגען פונעם געהיימען מיטאַרבעטער „שפּאַרבער":

„22־טער מײַ 1941. ערשט הײַנט איז מיר געלונגען פאַרצוזעצן דעם געניויעם געשפּרעך מיט פאָן ב. וועגן די סאָוועטיש־דײַטשישע באַציִונגען פון דעם 22־טן אויגוסט 1939.

פאָן ב., מיט וועלכן איך האָב נאָכאַמאָל פאַרבראַכט אַן אָוונט אין „אַראַגווי", האָט אָנגעהויבן פון דעם, וואָס ער האָט אויסגעדריקט זײַן כידעש, פאַרוואָס עס עקזיסטירט אין „רוסישן פאָלק" ביזן הײַנטיקן טאָג אַן אומצוטרוי צום דריטן רײַך. „דאַכט זיך, — האָט ער געמאָלדן, — אַז די לעצטע געשעענישן האָבן פולקום באַוויזן די לאָיאַליטעט פון בערלין. יאָ, די רויטע פאָנען אין ריגע, קאָוונע

און טאלין זײַנען, וואָס איז דאָ פאַראַן צו באַהאַלטן, ניט געפעלן אַ סאַך דײַטשן, אָבער זיי האָט געטרייסט די פּאַן מיטן האָקנקרייץ אויפן אייפל־טורעם".

פאָן ב. האָט געזאָגט, אַז בערלין איז געווען מאַמעש געריירט פון סטאַלינס אײַדלמוטיקער לאָיאַליטעט, וועלכע ער האָט אַרויסגעוויזן אינעם אינצידענט מיט טשערטשילס בריוו. סאָף יוני פאַריקס יאָר האָט טשערטשיל צוגעשיקט סטאַלינען אַ בריוו, אין וועלכן ער האָט געוואָרנט וועגן דער דײַטשישער עקספּאַנסיע. סטאַלין האָט נישט בלויז ניט געענטפערט אויף דעם בריוו, נאָר איבערגעגעבן זײַן אינהאַלט דורך מאָלאָטאָוון היטלערן. דעם בריטאַנישן אַמבאַסאַדאָר ריטשאַרד סטאַפאָרד קריפּסן האָט סטאַלין איניגיכן געמאָלדן, אַז ער האַלט ניט לאַכלזטן, אַז „די דײַטשישע מיליטערישע דערפאָלגן דראָען דעם סאָוועטנפאַרבאַנד און זײַנע פרײַנטלעכע באַציִונגען מיט דײַטשלאַנד..."

„נאָר אויפן סמאַך פון אַזאַ פּילן צוטרוי, — האָט געזאָגט פאָן ב., — קאָן מען בויען אונדזערע באַציִונגען..."

איך האָב אים געפרעגט וועגן היטלערס ווײַטערדיקע מיליטערישע פּלענער, זיך פאַרינטערעסירט, פאַרוואָס פאַרציִען די דײַטשן די אינוואַזיע אויף די בריטאַנישע אינדזלען. פאָן ב. האָט געענטפערט, אַז „דער פירער וואַרט, טשערטשיל זאָל בעטן שליסן אַ שאָלעם נאָך דער צעשמעטערונג לעבן דיונקערק; ווײַטער נייטיקט זיך איצט דײַטשלאַנד אין אַ סאַך מער אַעראָפּלאַנען און שיפן אויף אָנפאַלן". ער האָט ניט אָפּגעלייקנט, אַז צענדליקער דײַטשישע דיוויזיעס ווערן אַריבערגעוואָרפן אויף מיזרעך. „מיר האָט געזאָגט זעלבסט דער גענעראַל ערנסט קעפּטרינג, אונדזער מיליטער־אַטאַשע אין מאָסקווע, אַז דאָס איבערוואַרפן אונדזער מיליטער אויף מיזרעך איז די גרעסטע אָפּעראַציע, וואָס האָט דעם ציל פאַרמאַסקירן דאָס אַרויסזעצן זיך אין ענגלאַנד!"

פאָן ב. האָט געגעבן דערציילט וועגן סטאַלינס אָנטייל אין דער באַגלייטונג פונעם יאַפּאַנישן אויסערן־מיניסטער נאָכן אונטערשרײַבן דעם פּאַקט וועגן ניט־אָנפאַלן צווישן פּסטר און יאַפּאַן דעם 13־טן אַפּרעל 1941. דאָס ערשטע מאָל איז סטאַלין געקומען אויפן וואָקזאַל, קעדיי באַגלייטן אַ מיניסטער פון אויסלענדישער מעלוכע. סטאַלין האָט אַרומגענומען מאַצואָקאָ און אויסגעשריִען: „מיר זײַנען דאָך אויך אַזיאַטן, און אַזיאַטן זײַנען געווינט צו האַלטן זיך צוזאַמען!" סטאַלין איז געווען פריילעך און צופרידן און איז אַרומגעגאַנגען אויפן פעראָן געאָרעמט מיטן יאַפּאַנער. דערנאָך איז ער אין דער אָנוועזנהײַט פונעם דערשיטערטן פאָן ב. צוגעגאַנגען צום דײַטשישן מיליטער־אַטאַשע פּאָלקאָווניק האַנס פאָן קרעבסן, אויך אים אַרומגענומען און געזאָגט: „מיר וועלן מיט אײַך אויך בלײַבן פרײַנט, עמעס?.." סטאַלין האָט אַרומגענומען אויך דעם דײַטשישן אַמבאַסאַדאָר גראַף פאָן שולענבורגן און געזאָגט: „מיר דאַרפן בלײַבן פרײַנט, און איר דאַרפט איצט אַלץ טאָן צוליב דעם!"

„איך מוז זאָגן, אַז אונדזער געזאַנדטער ווערנער פאָן טיפּעלסקירך און מיר אַלע שאַצן זייער הויך די נאָכגיביקײַט פון אײַער רעגירונג אין דער זאַך פון ענדגילטיק אויסרעגולירן די פּראָגן פון די גרענעצן. אויך די רווישטאָף־ליפערונגען, נאָך צײַטווײַליקע פאַרהאַלטונגען אין אָנהייב פון דעם יאָר, פּילט איר אויס מיט מוסטערהאַפטער פּונקטועלקײַט!"

„אָבער איר, — האָב איך אָפּגעמערקט, — פאַרהאַלט די ליפערונגען פון מאַשין־אויסשטאַטונג!"

פאָן ב. האָט געענטפערט, אַז ער ווייסט, אַז דײַטשלאַנד איז שוין שולדיק קימאַט 400 מיליאָן רובל. ער האָט אויסגעדריקט זײַן איבערצײַגונג, אַז דײַטשלאַנד וועט קאָנען דעקן דעם פּאַסיוו ביזן סאָף פונעם הײַנטיקן, 1941 יאָר.

„פּאַשעט, אונדזערע פירמעס, — האָט דערקלערט פאָן ב., — זײַנען דעוואָריִענטירט מיצאַד דער פײַנטלעכער פּראָפּאַגאַנדע און אומפאַראַנטוואָרטלעכע רעכילעס וועגן אַן אַגרעסיע פון דײַטשלאַנד קעגן סאָוועטן־רוסלאַנד. אַלץ וועט קומען אין אָרדענונג, צום סאָף יון וועט מען אַלץ אײַנאָרדענען!"

„און איר, פאַרשטייט זיך, גלייבט ניט, — האָב איך אַ פרעג געטאָן, — אין די פײַנטלעכע רעכילעס, אַז די רויטע אַרמיי קאָנצענטרירט זיך קלוימערשט לעבן דער מײַרעוודיקער גרענעץ?"

„פאַרשטייט זיך, אַז ניין! — האָט, לאַכנדיק, געזאָגט פאָן ב., — אויב סטאַלין וואָלט געוואָלט אָנפאַלן אויף אונדז, וואָלט ער עס געטאָן מיט אַ יאָר צוריק, ווען אונדזערע הענט זײַנען געווען געבונדן אין דער מילכאָמע מיט די פראַנצויזן. דאַן וואָלט איר אין מעשך פון אַ פּאָר וואָכן צעשמעטערט אונדזערע פינף דיוויזיעס אין פּוילן און אַרײַן אין בערלין. צוליב וואָס זשע דאַרפט איר איצט אויף אונדז אָנפאַלן, ווען מיר האָבן געשטעלט אַ מאַט פראַנקרײַך און געמאָלדן שאַך דעם ענגלישן קיניג?! ווען די גאַנצע אַרמיי וואַרט באַ אונדז אויף נײַע באַפעלן פונעם פירער! ניין, סטאַלין האָט ריכטיק געטאָן, פאַרנעמענדיק זעלבסט דעם פּאָסטן פונעם אָנפירער פון דער רעגירונג — מיט מאָלאָטאָווס טאָן טאָר מען ניט ריידן מיטן פירער!.. היטלער וויל דאָך שאָלעם און פרײַנטשאַפט מיט רוסלאַנד — איך וויל אײַך זאָגן בעסאָד, אַז אונדזער אַמבאַסאַדאָר, אַ הייסער אָנהענגער פון דער ביסמאַרקאָווער פּאָליטיק פון אַ בונד מיט רוסלאַנד, האָט נאָך אין אָנהייב מײַ געבעטן בערלין אָנעמען די סאַמע שטרענגע מיטלען קעגן די קלאַנגען וועגן דעם, אַז דײַטשלאַנד גרייט זיך אָנפאַלן אויף פּסטר!"

„וואָס זשע האָט געטאָן בערלין?" — האָב איך געפרעגט.

„בערלין, — האָט ער זיך אָנגעבויגן צו מיר, — אָפּלייקענענדיק די דאָזיקע קלאַנגען, האָט

בערלין אָפּיציעל אונדז געענטפערט, אַז ער האָט איבערגעפירט אכט דיוויזיעס פון מיזרעך אַף מײַרעוו!״
בא האלבנאכט האָב איך אוועקגעפירט פאַן ב. צו נעקייוועס...״

### פון די מיטײלונגען פונעם געהיימען מיטארבעטער „ערנסט“:

„19־טער מײַ. דעם קוואַל איז באַוווּסט געוואָרן, אַז די טעג, בײַס דעקאַנאַזאַוו, דער אמבאַסאַדאָר פון פסםר, איז אָנגעקומען קיין בערלין, האָט ער איינײנעם מיטן איבערזעצער וו. נ. פּאַוולאָוו באַזוכט דעם אמבאַסאַדאָר פון דײַטשלאַנד אין פסםר גראַף פאַן שולענבורגן און זײַן נאָענטסטן פרײַנט גוסטאַוו רילגערן, דעם זון פון א רוסיפיצירטן דײַטש — קאָמערסאַנט, ווי אויך דעם סעקרעטאַר פון דער אמבאַסאַדע הערהאַרד פאַן וואַלטערן. עס איז פאָרגעקומען אַן אבסאָליוט געהיימער שמועס, בײַס וועלכן פאַן שולענבורג האָט געפּרוווט וואָרענען (!) דעקאַנאַזאַוון וועגן דעם פיורערס קאַוואָנע אָנהייבן א מילכאָמע קעגן פסםר! דעקאַנאַזאַוו האָט וועגן דעם שמועס אינפאָרמירט דעם כאַוו. ל. פּ. בעריִא. דער כאַוו. בעריִא האָט דערקלערט, אַז די דײַטשן פּרוּוון אויסניצן שאַנטאַזש־מיטלען קעגן פסםר. פאַן שולענבורגן האָט דעקאַנאַזאַוו דערקלערט, אַז ער האָט ניט קיין פולמאכט אויסצוהערן אַזעלכע מעלדונגען פונעם דײַטשישן אמבאַסאַדאָר און נאָר מאָלאָטאָוו קאָן אים אויסהערן״.

### פון א ספּראַווקע פונעם פאָלקס־קאָמיסאַריאַט פאַר אויסערן־איניאָנים פון פסםר:

„28־טער מײַ. די טעג האָט מען אַף אונטער־דען־לינדען אין דער וויטרינע פון דער פאָטאָסטודיע פון היטלערס פּערזענלעכן פאָטאָגראַף האָפּמאַנען, וועלכער פלעג שטענדיק אַרויסשטעלן מאַפּעס פון די מיליטער־שלאַכטן מיט די ניצחוינעס פונעם ווערמאַכט, אַרויסגעשטעלט א מאַפּע פון מיזרעך־אייראָפּע״.

### פון די מיטײלונגען פונעם געהיימען מיטארבעטער „דזשעק“:

„1־טער יוני 1941. הײַנט האָב איך געהאָלפן דעם אמעריקאַנישן אמבאַסאַדאָר שטײנהאַרדטן פאַקעווען זײַנע טשעמאָדאַנען. די סאַמע נייטיקע זאַכן האָט דער אמבאַסאַדאָר אַרײַנגעלייגט אין ערשטן, דעם נאָענטסטן צו דער טיר טשעמאָדאַן, ווייניקער נייטיקע — אין צווייטן טשעמאָדאַן, און אַזוי ווײַטער. דעם ערשטן טשעמאָדאַן וועט ער כאַפּן, אויב אַף דער עוואַקויִאַציע וועט געגעבן ווערן פופצן מינוט, דעם ערשטן און דעם צווייטן — אויב מע וועט געבן אַף דער עוואַקואַציע א האלבע שאָ, אאַוו...״

### פון דער מיטײלונג פונעם מיליטער־יאַם־אַטאַשע אין בערלין:

„1־טער יוני. דײַטשלאַנד וועט אָנפאַלן אַפן סאָוועטנפאַרבאַנד דעם 20 — 22 יוני״.

### פון דער ספּראַווקע פון דער אויסשפיר־פאַרוואַלטונג פונעם גענעראַלשטאַב פון דער רויטער ארמײ:

„1־טער יוני. ס׳איז באַקומען געוואָרן א טעלעגראַמע פון „ראַמזײַען“ וועגן די סטראַטעגישע, אָפּעראַטיווע און טאַקטישע פּלענער פון דער דײַטשישער קאָמאַנדשאַפט. באַזונדערס ווערט אונטערגעשטראָכן די ראָל פון אַרומרינגלען מיליטער־טײלן און פאַרניכטן דאָס אַרומגערינגלטע מיליטער...״

### פון דער מיטײלונג פונעם געהיימען מיטארבעטער „ערנסט“:

„2־טער יוני 1941. אין א פּערזענלעכן שמועס האָט דער מיליטער־אַטאַשע פון דײַטשלאַנד פאָלקאָווניק האַנס פאַן קרעבס געמאָלדן, אַז סטאַלין, וועדליק זײַן באַראַטונג מיט די מיטגלידער פון דער פּאָליטביוראָ און מיט די סאָוועטישע גענעראַלן דעם 13־טן יאַנוואַר דאָס יאָר, האַלט ניט, אַז דײַטשלאַנד און פסםר קאָנען אינגיכן אָנהייבן א מילכאָמע אײנער קעגן דעם אַנדערן, ניט געקוקט אַף דעם, וואָס דעם פאָלקס־קאָמיסאַריאַט פון מעלוכע־זיכערהײַט איז נאָך אין יול פאָריקס יאָר באַוווּסט געוואָרן, אַז די הויפּט־קאָמאַנדשאַפט פונעם ווערמאַכט האָט געבעטן דאָס מיניסטעריום פונעם רײַכס־פאַרקער געבן א גענויע ספּראַווקע וועגן דעם פּאָטענציִאַל פון די פירנדיקע אַף מיזרעך אײַזנבאַן־ליניעס. סטאַלין איז ניט מאַסקים מיטן מאַרשאַל וואַסילעווסקי, וועלכער איז איבערצײַגט נאָך דער באַגעגעניש פון מאָלאָטאָוון מיט היטלערן אין נאָיאַבער 1940 איז בערלין, אַז היטלער וועט אָנפאַלן אַף פסםר. סטאַלין איז בעפּײרעש א פירער א כאָכעם. ער פאַרשטייט, וואָס פאַר א שאָדן עס טראָגט מיט זיך די „דײַטשנפרעסערײַ״ צווישן זײַנע גענעראַלן. ער שטראָפט ריכטיק די אַלע, וועלכע האָבן די האָזע אים צו זאָגן א וואָרט קעגן דעם סאָוועטיש־דײַטשישן פּאַקט. קרעבסן

אין באַוווסט, אַז דער סאָוועטישער מיליטער־אַטאַשע אין בערלין האָט באַקומען אַף וויַנאַכט אַן אַנאָנימקע, אין וועלכער עס ווערט באַשטעטיקט, אַז דיַיטשלאַנד גרייט זיך אין פרילינג אָנפאַלן אַף רוסלאַנד. עס איז אויך באַוווסט, אַז דעם 30־טן יאַנוואַר האָט וואָראָשילאָוו באַקומען אַ מיטיילונג מיט קלאָרע אָנצוהערענישן פונעם יאַפּאַנישן מיליטער־אַטאַשע יאַמאַגוטשי, וועלכער האָט זיך אומגעקערט נאָך אַ ריַיזע קיין בערלין, וועגן אַ מעגלעכן מיליטערישן קאָנפליקט צווישן בערלין און מאָסקווע. אָבער וואָראָשילאָוו גלייבט אויך ניט אין דעם און האָט ניט צוגעגעבן קיין באַדיַיטונג די מיטיילונגען וועגן דעם, אַז אין בולגאַריע און פינלאַנד האָבן זיך באַוויזן שטאַרקע קאָנטינגענטן פון דיַיטשישן מיליטער. די סאָנים פון שאָלעם צווישן פססר און דיַיטשלאַנד זיַינען שטאַרק און שאַלקהאַפטיק. צ. ב., דעם 15־טן פעוורואַל האָבן זיי אונטערגעשיקט אַן אַרבעטער פון איינער פון די בערלינער טיפּאָגראַפיעס צום סאָוועטישן קאָנסולאַט אין בערלין מיט אַ קלוימערשט אָפּגעדרוקטן לויטן באַשטעל פונעם ווערמאַכט דיַיטשיש־רוסישן שפּראַך־בוך מיט אַזעלכע ווערטער און פראַזעס, ווי „די הענט אַרויף" און „גיט זיך אונטער".

דער פּאָלקאָווניק פאָן קרעבס ווייסט וועגן אַן אויסרייד, וואָס סטאַלין האָט געגעבן דעם אַדמיראַל קוזנעצאָוו אין כאָוו. ל. פּ. בעריאַס אָנווענונגען אין קרעמל פאַר זיַין אומדערלויבטן באַפעל איבערן באַלטישן פלאָט שיסן אין די דיַיטשישע אַעראָפּלאַנען, וועלכע ברעכן דעם לופט־רוים פון פססר. נאָך דעם, ווי אַ דיַיטשישער אַעראָפּלאַן־אויסשפּירער האָט געמאַכט אַ געצוווּנגענע לאַנדונג לעבן דער מיליטערישער ים־באַזע אין ליבאַווע, האָט מען אים אָנגעהאָדעוועט מיט אַ שיינעם וואַרמעס, באַזאָרגט מיט ברענשטאָף און האַרציק אים באַגלייט צוריק קיין דיַיטשלאַנד.

3־טער יוני. דער דיַיטשישער מיליטער־אַטאַשע אין מאָסקווע גענעראַל פאָן קרעבס האָט דערקלערט דעם אַמבאַסאַדאָר גראַף פאָן שולענבורגן, אַז ער איז זייער צופרידן פון דער מיטיילונג וועגן דעם, אַז מאַלענקאָוו, וועלכן ס'האָט אונטערגעהאַלטן סטאַלין, איז היַינט אַרויסגעטראָטן אַפן מיליטערישן ראַט קעגן פאַרגעלייגטן אַפן ראַט רוף צו והאכזאַמקיַיט און געמאָלדן, אַז אַדאַנק סטאַלינס גענייאַלער אָנפירונג דראָט דעם סאָוועטנפאַרבאַנד ניט היַינט און ניט מאָרגן אַ געפאַר פון אַ מילכאָמע. „באַ דער זעלבער מיינונג, — האָט דערקלערט קרעבס, — האַלטן זיך סטאַלינס סאַמע אייַנפלוסריַיכע געהילפן — בעריאַ, זשדאַנאָוו, וואָראָשילאָוו, מאַלאַטאָוו. זשדאַנאָוו האָט זייער קלוגע נאָכאַמאָל אונטערגעשטראָכן, אַז דיַיטשלאַנד קאָן ניט און וועט ניט אָנהייבן אַ מילכאָמע אַף צוויי פראָנטן".

פון דער מיטיילונג פונעם געהיימען מיטאַרבעטער „וואַלטער":

„6־טער יוני. דאָס דיַיטשישע מיליטער, וואָס איז קאָנצענטרירט קעגן פססר, ציילט אַן 4 מיליאָן סאָלדאַטן און אָפיצערן".

פון די מיטיילונגען פונעם געהיימען מיטאַרבעטער „קאַרמען":

„6־טער יוני 1941. אין דער אַמעריקאַנער אַמבאַסאַדע רעדט מען אָפן וועגן דעם, אַז קאָרדעל כעל, דער סטאַט־סעקרעטאַר פון פשא, האָט צוגעשיקט דעם אַמבאַסאַדאָר ראַפאָרטן פון די אַמעריקאַנישע געזאַנדטע אין בוקאַרעשט און שטאָקהאָלם: אין זיי ווערט באַשטעטיקט, אַז דיַיטשלאַנד וועט אָנפאַלן אַף פססר אין צוויי וואָכן אַרום..."

„8־טער יוני 1941. די אַמעריקאַנישע זשורנאַליסטקע, קאָרעספּאָנדענטקע פונעם זשורנאַל „קאָליערס" אַליסאַ לעאָן־מאָוטס האָט היַינט דערציילט אין מיַין אָנוועזנהיַיט וועגן איר באַזוך באַם דיַיטשישן אַמבאַסאַדאָר גראַף פאָן שולענבורג אַף זיַין הינטערמאָסקווער דאַטשע, וווהין עס האָבן זי אָפּגעפירט אינדערפרי וואַלטער און איינער אַ בראַון, וועלכער איז, לויט די ווערטער פון אַ. ל.־מ., געקומען צו פאָרן אַף עטלעכע טעג פון בערלין.

אַ. ל.־מ. האָט געפּרוּווט איבערציַיגן, אַז פאָן וואַלטער האָט מיר געזאָגט, אַז דיַיטשלאַנד וועט אָנהייבן אַ מילכאָמע קעגן פססר דעם 17־טן יוני. זי אַליין פרעגט: „צי איז דאָס ניט קיין אַלטער דיַיטשישער קונץ — צוליב דערשרעקן דעם סוינע? זאָג איך דעם עמעס".

פון דער מיטיילונג פונעם געהיימען מיטאַרבעטער „ערנסט":

„11־טער יוני. אייערנעכטן האָט די דיַיטשישע אַמבאַסאַדע באַקומען אַ באַפעל פון בערלין: זיַין גרייט צו דער עוואַקואַציע אין זיבן טעג אַרום. אין קעלער האָט מען אָנגעהויבן פאַרברענען די דאָקומענטן".

פון דער מיטיילונג פונעם געהיימען מיטאַרבעטער „ווערטער":

„16־טער יוני. דעם מיליטער פון דער אַרמיי־גרופּע „נאָרד" אין מיזרעך־פּריַיסן האָט די אָבערקאָמאַנדע פונעם ווערמאַכט באַפוילן פאַרנעמען אויסגאַנג־פּאָזיציעס צום אָנגריף אַפן סאָוועטנפאַרבאַנד צום 13־טן יוני, אָבער שפּעטער איז דער טערמין אָפּגעלייגט געוואָרן אַף פינף טעג".

### פון דער ספּראַווקע פונעם פֿאָלקסקאָמיסאַריאַט פֿאַר אויסערן־איניאַנים פון פּסר:

„10־טער יון. מײַסקי האָט צוגעשיקט א דרינגענדיקע שיפֿראָגראַמע פון לאָנדאָן. דער לאָרד קאַדאָגאַן פונעם מיניסטעריום פֿאַר אויסערן־איניאַנים האָט אים אָנגערופֿן א צעטל פון דײַטשישע מיליטער־טײלן, וואָס געפֿינען זיך בא דער סאָוועטישער גרענעץ".

### א טעלעפֿאָנאָגראַמע פון א. פּאָסקריאָבישעוו:

„13־טער יון. הײַנט האָט י. וו. סטאַלינען אין קרעמל באַזוכט דער אַדמיראַל קוזנעצאָוו. אין א באַריכט האָט ער דערמאָנט, ברענגענדיק דערבײַ סטאַטיסטישע אָנגאָבן וועגן דעם אַרויספֿירן אַלע דײַטשישע שיפֿן פון די סאָוועטישע האַפֿנס און געבעטן א דערלויבעניש אױף אַרויסצופֿירן אַלע סאָוועטישע שיפֿן פון די דײַטשישע האַפֿנס. דער „באַלעבאָס" האָט אים אַרויסגעטריבן. ניט שוין זשע האָט דער אַדמיראַל ניט געלייענט די הײַנטיקע מיטיילונג פון טאַסס, וועלכע לייקנט אָפּ די פּראָוואָקאַטאָרישע קלאַנגען וועגן דעם אָנפֿאַל פון דײַטשלאַנד אױפֿן סאָוועטנפֿאַרבאַנד? אומעטום — פּראָוואָקאַציעס. אַלע אונדזערע סאָנים און ליגנערישע פֿרײַנט פּרוּוון אונדז צוזאַמענשטויסן מיט היטלערן אין זייערע אינטערעסן..."

### פון דער מיטיילונג פונעם רעזידענט „ראַמזײַ":

„13־טער יון. איך כאַזער איבער: נײַן אַרמייען אין באַשטאַנד פון 150 דיוויזיעס וועלן אָנהייבן אַן אָנגריף אױף א ברייטן פֿראָנט גאַנצפֿרי דעם 22 יון 1941".

### פון דער מיטיילונג פונעם געהיימען מיטאַרבעטער „גלאַדיאַטאָר":

„12־טער יון. דער אַמבאַסאַדאָר ראָסאָ און אַנדערע מיטאַרבעטער פון דער איטאַליענישער אַמבאַסאַדע ריידן אָפֿן וועגן א גיכן אָנפֿאַל פון דײַטשלאַנד אױף פּסר, אָבער, ווי מע קאָן פֿעסטשטעלן, ווייסן זיי אַליין ניט אַלץ גענוי און זײַנען באַרויִקט אױף די אָפּגעשלאָסענע דײַטשן. ראָסאָ איז זייער אומרויִק אין צוזאַמענהאַנג מיט דעם, וואָס זײַן ווײַב וויל זיך אומקערן נאָך א באַזוך אין פּשאַ און דערנאָך יאַפּאַן קיין מאָסקווע מיט דער אײַזנבאַן וולאַדיוואָסטאָק — מאָסקווע. ער וויל, זי זאָל צוּוואַרטן, ביזוואַנען עס וועט ווערן קלאָרער די לאַגע, אין כאַרבין אָדער זי זאָל בלײַבן אין טאָקיאָ..."

### פון דער מיטיילונג פונעם געהיימען מיטאַרבעטער „ערנסט":

„14־טער יון 1941. הײַנט קאָמענטירן אַלע אין דער דײַטשישער אַמבאַסאַדע די מיטיילונג פון טאַסס. באַזונדערס באַטאָנט מען די שורעס: „לויט די אָנגאָבן פון פּסר, היט אָפּ פֿולקום אויך דײַטשלאַנד די באַדינגונגען פונעם סאָוועטיש־דײַטשישן פּאַקט וועגן ניט־אָנפֿאַלן, די קלאַנגען וועגן דער קאַוואָנע פון דײַטשלאַנד צערײַסן דעם פּאַקט און אונטערנעמען אַן אָנפֿאַל אױף פּסר האָבן קיין שום גרונט..."

נעכטן אָפּדערנאַכט האָט מאַלאַטאָוו אַרויסגערופֿן פֿאָן שולענבורגן און איבערגעגעבן אים דעם טעקסט פון דער דאָזיקער מיטיילונג. גראַף פֿאָן שולענבורג האָט א סאַך מענטשן געזאָגט, אַז דאָס איז א קלוגע און צו דער צײַט אַרויסגעלאָזטע מיטיילונג.

### פון דער מיטיילונג פונעם געהיימען מיטאַרבעטער „דימענט":

„17־טער יון 1941. טשאַלערטאָן איז זייער אומרויִק. פון זײַן פֿריערדיקער סקעפּטישער באַציִונג צו דער פּערספּעקטיוו פון א גיכער מילכאָמע צווישן דײַטשלאַנד און פּסר איז ניט געבליבן קיין שפּור. ער פֿאַרשטייט ניט, וויאַזוי האָט קעסעדי, דער שעף פון דער ביוראָ פון אַסאָשיִעיטעד פּרעס, געקאָנט דעם 14־טן יון אַוועקפֿאָרן קיין סאָטשי. אָבער אינדערפֿרי האָט ער זיך דערוווּסט, אַז דעם סער ריטשאַרד סטאַפֿאָרד קריפּס' טאָכטער (אַליין איז ער אַוועקגעפֿאָרן קיין לאָנדאָן אין סאָף מײַ, ווײַל מאַלאַטאָוו האָט אױפֿגעהערט אים אױפֿצונעמען) פּאַקעוועט אײַניך די טשעמאָדאַנען. אין דער ענגלישער אַמבאַסאַדע האָט מען געמאָלדן, אַז אַלע פּרויען פון דער אַמבאַסאַדע דאַרפֿן זײַן גרייט אַרויסצופֿאָרן קיין פּערסיע דעם 22 יון...

די מיטיילונג פון טאַסס פונעם 14 יון רופֿט ער אָן „א האַקכאָשע פון א פֿאַרמישפּעטן מיט א שטריק אױפֿן האַלדז", וואָס דערווײַזט, אַז דער הענקער איז זײַן פֿרײַנט און באַלטויוועניק. ער איז שטאַרק אױפֿגעבראַכט פון דעם, וואָס מײַסקי זאָגט זיך אָפּ אױסהערן אַנטאָני אידענס פֿאָרשלאָגן וועגן ענגלישער הילף פֿאַר רוסלאַנד..."

### פון דער ראַדיאָגראַמע פון דער אַמבאַסאַדע פון פּסר אין גרויסבריטאַניע:

„18טער יוני 1941. קריפּס איז טיף איבערציַיגט אין איצטיקן מאָמענט, אַז אַ מיליטערישער קאָנפליקט צווישן דיַיטשלאַנד און פּסר איז אומפאַרמיַידלעך און וועט זיך אָנהייבן ניט שפּעטער פון דער מיט יוני. לויט קריפּסן, האָבן די דיַיטשן איצט קאָנצענטרירט 147 דיוויזיעס (איַינשליסנדיק לופט־מיליטער און באַהילפיקע טיילן) לענגויס דער גרענעץ פון פּסר..."

### פון די מיטיילונגען פונעם געהיימען מיטאַרבעטער „קאַרמען":

„19־טער יוני 1941. אַליסאַ לעאָן־מאָוטס דערציילט אַלעמען אין דער אַמעריקאַנער אַמבאַסאַדע, אַז פאָן וואַלטער, דער צווייטער סעקרעטאַר פון דער דיַיטשישער אַמבאַסאַדע, באַגעגענענדיק זיך ביַיסן וויזיט אין דער אַמעריקאַנער אַמבאַסאַדע, האָט בוכשטעבלעך געזאָגט אָט וואָס: „איך באַדויער, וואָס איך האָב איַיך דעזינפאָרמירט, אָנוויַיזנדיק אויפן 17־טן יוני אַלס אַ דאַטע פון דער אינוואַזיע. דער אָנפאַל וועט פאָרקומען דעם 21 יוני".

אין אָוונט, מיט אַ שעה צוריק, האָט דער אַמבאַסאַדאָר שטיינהאַרדט געמאָלדן וועגן דעם, אַז אַלע פרויען פון דער אַמעריקאַנער קאָלאָניע אין מאָסקווע דאַרפן זיַין גרייט צו דער עוואַקואַציע אין די נאָענטסטע טעג... אַ. ל.־מ. איז איבערציַיגט, אַז פאָן וואַלטער האָט געוואָרנט די אַמעריקאַנער וועגן דעם אָנפאַל פון דיַיטשלאַנד אויף פּסר. זי האָט געזאָגט, פילבאַדיַיטנדיק קוקנדיק אויף מיר: „אַלע זיַינען שוין מיד געוואָרן צו וואַרטן די רוסן".

### פון דער מיטיילונג פונעם געהיימען מיטאַרבעטער „גלאַדיאַטאָר":

„20־טער יוני 1941. נאָך מיטיק איז דער אַמבאַסאַדאָר שטיינהאַרדט געפאָרן איבער אַלע וועגן, וואָס פירן פון טאַראַסאָווקע אויף מיזורעך, קעדיי פעסטצושטעלן, אויף וועלכן צו פאָרן אין פאַל פון אַן עוואַקואַציע. ער האָט אַזוי לאַנג זיך געטראָגן אַהין און צוריק, ביז זיַין אויטאָמאָביל האָבן אָפּגעשטעלט די אָרטיקע איַינוווינער־קאָלווירטניקעס, וועלכע זיַינען אים כּושעד געווען, אַז ער איז אַ שפּיאָן. דעם אַמבאַסאַדאָר האָבן אַרויסגעהאָלפן די מיטאַרבעטער פון דער אויסערן־אויפזיכט, וועלכע זיַינען נאָך אים ניט נאָכגעפאָרן. זיי האָבן באַוויזן זייערע דאָקומענטן און געהייסן די קאָלווירטניקעס זיך צעגיין...

אין פאַל, אויב אַלע וועגן וועלן זיַין פאַרפאַקט מיט אַנטלויפנדיקע פון מאָסקווע איַינוווינער, האָט דער אַמבאַסאַדאָר בעדייע צו עוואַקוירן זיך איבערן וואַסער. צוליב דעם האָט ער באַפוילן אָפּגיך אָפּרעמאָנטירן די געדונגענע אין קליאַזמע וועסלע־לאָדקע..."

### פון די אַגענטור־מיטיילונגען פונעם געהיימען מיטאַרבעטער „שפּאַרבער":

„20־טער יוני. אַלע אין דער אַמבאַסאַדע זיַינען שטאַרק פאַרכידעשט פון דער מיטיילונג פון טאַסס פאָרן 13־טן יוני, אין וועלכער עס לייקענען זיך שאַרף אָפּ „די אומגעלומפּערטע קלאַנגען" וועגן דער זיך־דערנעענטערנדיקער מילכאָמע צווישן דיַיטשלאַנד און פּסר, וואָס ווערן פאַרשפּריַיט מיצאַד דעם סער ריטשאַרד סטאַפאָרד קריפּס און אַנדערע אונטערציַינדער פון אַ מילכאָמע. נאָך מער כידעשט מען זיך פון דעם, וואָס דעם 19־טן יוני איז אָוועקגעפאָרן קיין סאָטשי אין אורלויב אַ. אַ. זשדאַנאָוו, דער סעקרעטאַר פון צק אַלקפּ(ב), וועלכן דער דיפּלאָמאַטישער קאָרפּוס האַלט פאַר סטאַלינס „רעכטער האַנט" און זיַין וואַרשיַינלעכן יורעש. אין די לעצטע טעג איז דעם דיפּ־קאָרפּוס געוואָרן באַוווּסט, — וואַרשיַינלעך פון דיַיטשישע קוואַלן, — אַז לויט ל. פּ. בעריאַס באַפעל האָט דער גענעראַל ל. ז. מעכליס, דער ראָש פון דער פּאָליטישער הויפּטאָנפירונג פון דער רויטער אַרמיי, צעשיקט אין די מיליטערישע טיילן זיַינע פאָרשטייער, וועלכע מעלדן אָפיציעל, אַז קיין שום מילכאָמע מיט דיַיטשלאַנד וועט ניט זיַין, אַז מע דאַרף קעמפן קעגן די פּראָוואָקאַטאָרישע קלאַנגען מיט שטרענגע מיטלען ביז די סאַמע האַרבע רעפּרעסיעס".

### פון די אַגענטור־מיטיילונגען פונעם געהיימען מיטאַרבעטער „נאַנאַ":

„איך ענטפער אויף דער פראַגע, וועלכע אַנעקדאָטן דערציילט מען אין דיפּקאָרפּוס.

וויאַזוי, פרעגט זיך, קאָנען די רוסן געווינען די מילכאָמע, אויב היטלער און מוסאָליני האָבן געקאָנט פאַרזיכערן די באַוועגונג פון די באַנען שטרענג לויטן גראַפיק, אָבער סטאַלין און קאַגאַנאָוויטש זיַינען ניט איַימשטאַנד עס צו דערגרייכן!

פאַרוואָס גייען די רוסישע פויערים און זייערע ווײַבער מיט הוילע הינטנס? ווײַל די גאַנצע לײַוונט גייט אַוועק אויף סטאַלינס פּאָרטרעטן און זײַנע לאָזונגען.

די רוסן דוכט זיך אומעטום אויס, אַז עס רינגלען זיי אַרום סאָנים פונעם פאָלק. איר האָט געלייענט פּאָוולאָווען? די רוסן קלײַבן זיך פונאַנדער אין הינט אַ סאַך בעסער, ווי אין מענטשן.

וואָס איז אַזוינס די געהיימניספולע רוסישע נעשאָמע? גיט אַ קוק אויף דער נײַנקעפּיקער הידרע פונעם טעמפּל וואַסילי בלאַזשעני.

וועגן זיך זאָגן די דיפּלאָמאַטן אין מאָסקווע: „מיר אונטערשיידן זיך איינער פונעם אַנדערן ניט לויט אונדזער וויסן רוסלאַנד, נאָר לויט אונדזער אומוויסן...“

דער ראַטגעבער פון דער בריטאַנישער אַמבאַסאַדע האָט מיר געזאָגט, אַז ניט לאַנג צוריק האָט אים געבעטן פון פּאַריזש דער ווײַסעמיגראַנט פירשט גאָרטשאַקאָוו, ער זאָל אַכטונג געבן אויף זײַן געוועזענעם אָסאָבניאַק, וווּ עס געפינט זיך איצט די בריטאַנישע אַמבאַסאַדע. גאָרטשאַקאָוו האָט באַסעגע געהאַט מיט אַ טאָכטער פונעם מיליאָנער — צוקער־זאַוואָדטשיק כאַריטאָנאָווען, וועלכער האָט אויסגעבויט דעם אָסאָבניאַק. צי איז דאָס ניט קיין אַנעקדאָט: דער פירשט גאָרטשאַקאָוו האָפט צו פאַרנעמען אָט דעם אָסאָבניאַק אַנטקעגן דעם קרעמל און לעבן אַ גוטן טאָג אין מאָסקווע!“

## פון דער מיטײלונג פונעם געהײמען מיטאַרבעטער „ערנסט“:

„20־טער יוני 1941. הײַנט איז געלונגען פעסטצושטעלן, אַז שוין אין מעשעך פון עטלעכע מעסלעס פאַרברענט מען אונטער דער אָנפירונג פון פאָן וואַלטערן טאָג און נאַכט קופּעס דאָקומענטן...“

## פון דער מיטײלונג פונעם געהײמען מיטאַרבעטער „קאַרמען“:

„20־טער יוני 1941. אַזוי ווי אַלע אַמעריקאַנקעס זײַנען געווען פאַרנומען מיט פאַרפּאַקעווען די כפייצים, האָט די מאַדאַם שטיינהאַרדט גענומען מיך מיט זיך.

זי האָט אָפּגעגעבן אין אַ קאָמיסיאָנעד קלייט עטלעכע אָפּגעטראָגענע קאָסטיומען פון איר מאַן — דעם אַמבאַסאַדאָר... זי האָט געזאָגט, אַז מאָרגן וועלן אַלע אַמעריקאַנערנס אַרויספליִען פון פּססר...

דעם אַמבאַסאַדאָרס ווײַב וועט פליִען קיין שטאָקהאָלם, אַלע אַנדערע — קיין טעהעראַן...

כ'פאַרשטיי ניט, וואָס עס קומט פאָר. לויט אַלע סימאָנים, וועט דײַטשלאַנד טאַקע אָט־אָט אָנפאַלן אויף אונדז! אָבער עפּעס קיינער רעאַגירט ניט אויף אַלע מײַנע סיגנאַלן. וואָס קומט פאָר?! איך בעט איבערגעבן מײַנע מיטיילונגען די העכסטע מאַכט־אָרגאַנען! איך בעט און פאָדער דאָס ווי אַ טשעקיסט, ווי אַ סאָוועטישער מענטש, וועמען עס איז טײַער דער גויראל פון זײַן היים־לאַנד!...

אין דער אַמבאַסאַדע ריידן אַלע וועגן דער מילכאָמע. אַלע זײַנען איבערצײַגט, אַז דײַטשלאַנד וועט זייער גיך צעקלאַפּן רוסלאַנד. מע רופט אָן פאַרשיידענע טערמינען: פון זעקס וואָכן ביז דרײַ כאָדאָשים...

דער אַמבאַסאַדאָר שטיינהאַרדט האָט אינדערפרי מיטגעטיילט זײַנע נאָענטסטע מיטהעלפער, און ט. בעסויכעם, — וועגן אַ וויכטיקן אויסטויש מיט ראַדיאָגראַמען צווישן טשערטשילן און רוזוועלטן. לויט ט., האָט טשערטשיל צוגעשיקט רוזוועלטן דעם 15 יוני אַ בריוו, אין וועלכן ער האָט מיטגעטיילט, אַז, לויט אַלע אינפאָרמאַציע־קוואַלן, גרייט דײַטשלאַנד „אַ גרויסן אָנגריף“ אויף רוסלאַנד. טשערטשיל האָט געמאָלדן, אַז ער וועט מיט אַלע מיטלען אונטערהאַלטן רוסלאַנד און איר געבן, אויף וויפל ער קאָן, הילף ביז דעם ענדגילטיקן זיג איבער היטלערן. אויפרופנדיק צו דער דאָזיקער זאַך רוזוועלטן, האָט טשערטשיל אונטערגעשטראָכן, אַז ער דערוואַרט נישט אין צוזאַמענהאַנג מיט דעם קיין שום „קלאַסן־פּאָליטישע קאָמפּליקאַציעס“ ניט אין ענגלאַנד און ניט אין פּשא.

שטיינהאַרדט האָט מיטגעטיילט זײַנע מיטאַרבעטער, אַז דער מעלוכע־דעפּאַרטאַמענט פון פּשא איז געשטימט קעגן אַקטיווער הילף פאַר רוסלאַנד, אָבער רוזוועלט און קאָרדעל כעל זײַנען פולקום מאַסקים מיט טשערטשילס פּאָזיציע. שטיינהאַרדט האָט צוגעגעבן, אַז טשערטשיל שרײַבט שוין, אָנהייבנדיק פונעם 20־טן יוני זײַן רעדע, אין וועלכער, אַרויסטרעטנדיק דורך ראַדיאָ, וועט ער מעלדן דער וועלט, אַז ענגלאַנד איז גרייט צו באַגריסן רוסלאַנד אַלס אַ פאַרבינדעטער.

ענטפערנדיק אויף פראַגן, האָט דער אַמבאַסאַדאָר באַמערקט, אַז ווען היטלער וואָלט זיך אַרײַנגעריסן אין גענעם, וואָלט טשערטשיל געשלאָסן אַ בונד קעגן אים אַפילע מיטן טײַוול אַליין...

די גאַנצע אַמבאַסאַדע — אַ גרופּע פון 19 מאַן, פאָרט אַרויס הינטער דער שטאָט, קיין טאַראַסאָווקע. די אויסלענדישע קאָרעספּאָנדענטן שרײַבן זיך אויס פון די האָטעלן „מעטראָפּאָל“ און „נאַציאָנאַל“ און זוכן פאַר זיך דירעס אויפן ראַנד פון דער שטאָט. די סיבע איז איינע — אַלע האַלטן, אַז היטלער וועט צעשטערן פון דער לופט דעם קרעמל, און די דאָזיקע האָטעלן און די אַמבאַסאַדעס אויף דער מאָכאָוואַיאַ־גאַס געפינען זיך באַנאַנד מיטן קרעמל... די אויסלענדישע קאָרעספּאָנ־

דענטן האַלטן, אַז זיכערער פֿון אַלץ איז זיך באַזעצן אין גוטע האָטעלן, וואָס וויַיטער פֿונעם שטאָט־צענטער, וויַיל אַזעלכע האָטעלן וועלן די דיַיטשן וועלן פֿאַרהיטן פֿאַר זיך. אָבער אַזעלכע האָטעלן קאָנען זיי אין מאָסקווע ניט געפֿינען...״

## פֿון דער מיטיַילונג פֿונעם געהיַימען מיטאַרבעטער „דער קורצער״:

„20־טער יוני. ב. האָט געזאָגט אַז, די מילכאָמע, וואָס וועט זיך אָנהייבן אין אַ טאָג־צוויי אַרום וועט ניט זיַין קיין אומדערוואַרטע. „קיינמאָל האָט קיין איין מעלוכע אין דער געשיכטע פֿון מילכאָמעס ניט געוווּסט, אַזאַ איר אויסשפּירונג, אַזויפֿיל וועגן די פּלענער פֿונעם סוינע און וועגן זיַינע קויכעס, ווי רוסלאַנד. פֿאַרוואָס זשע טוט סטאַלין אַזוי ווייניק, זעענדיק, ווי עס ריַיסט זיך אָפּ דער פֿאָדעם, אויף וועלכן עס הענגט דאַמאָקלס שווערד?״

## פֿון דער טעלעפֿאָנאָגראַם פֿון דער לענינגראַדער פֿאַרוואַלטונג פֿונעם באַלטישן האַנדלס־פֿלאָט:

„20־טער יוני. אין דער נאַכט אויפֿן 20־טן יוני האָבן מיר אויפֿגענומען אַ ראַדיאָגראַם, אָפּגעגעבן פֿון דער סאָוועטישער פֿראַכט־שיף „מאַגניטאָגאָרסק״, וועלכע עס האָבן פֿאַרהאַלטן אין אַ באַוווּסטער סיבע די מאַכט־אָרגאַנען אין פּאָרט דאַנציג. דער ראַדיסט יורי סטאַסאָוו האָט מיטגעטיילט מיט אַן אָפֿענעם טעקסט, אַז די שיף איז פֿאַרהאַלטן און קאָן ניט אַרויסגיין אין יאַם. וויַיטער איז אין דער ראַדיאָגראַם געזאָגט: „שיקט ניט קיין אַנדערע שיפֿן... יורי... יורי... די דיַיטשישע פּאָרטן פֿאַרהאַלטן סאָוועטישע שיפֿן... פּראָטעסטירט... יורי... יורי...״

אויף אונדזערע פֿראַגן ענטפֿערט ניט „מאַגניטאָגאָרסק״. עס שוויַיגן אויך די אַנדערע פֿינף שיפֿן, וואָס געפֿינען זיך אין די דיַיטשישע פּאָרטן. שטעלפֿאַרטרעטער פֿונעם פֿאַרוואַלטונג־אָנפֿירער נ. פּאַוולענקאָ״.

„21־טער יוני. עס באַוואָרענט דאָס, וואָס ס׳זיַינען ניטאָ קיין אינסטרוקציעס פֿון מאָסקווע. מיר זיַינען געווען געצוווּנגען, נאָך אַ קאָנטאַקטירונג מיטן סעקרעטאַר פֿונעם לענינגראַדער געגנטלעכן פּאַרטיי־קאָמיטעט אַ. אַ. קוזנעצאָוו, באַפֿעלן דער שיף „לונאַטשאַרסקי״ אומקערן זיך אין פּאָרט לענינגראַד, און דער שיף „צווייטער פּיאַטילעטקע״ אַריַינגיין אין ריגער פּאָרט ביזן באַקומען אײַערע אינסטרוקציעס. די לעצטע דיַיטשישע שיף האָט פֿאַרלאָזט אונדזערע פּאָרטן דעם 15־טן יוני. אויף איר איז אָפּגעשוווּמען דער לעצטער פֿון די דיַיטשן־ספּעציאַליסטן, וועלכע האָבן אָנטיילגענומען אין דער אַרבעט אויפֿן ניט־פֿאַרענדיקטן דיַיטשישן קרייסער, וועלכן ס׳האָט געקויפֿט דער ראַטנפֿאַרבאַנד. נ. פּאַוולענקאָ״.

## פֿון דער ראַדיאָגראַם פֿונעם סאָוועטישן אַמבאַסאַדאָר אין דיַיטשלאַנד וו. ג. דעקאַנאָזאָוו:

„21־טער יוני. ערעוו מיטיק האָב איך געמאָלדן אי. פּ. פּיליפּאָוו, דעם קאָרעספּאָנדענט פֿון טאַסס, און די מיטאַרבעטער פֿון דער אַמבאַסאַדע, אַז עס זיַינען ניטאָ קיין שום סיבעס פֿאַר אומרו און פֿאַר פּאַניק, אַז מיר קאָנען זיך ניט לאָזן פֿאַרפֿירן פֿון אונדזערע סאָנים און דאַרפֿן קאָנען מאַכן אַן אונטערשייד צווישן עמעס און פּראָפּאַגאַנדע. ניט ריבענטראָפּ, ניט זיַינע נאָענטסטע מיט־העלפֿער געפֿינען זיך ניט אין בערלין, וווּ עס שטייט אַ גלענצנדיק זומערדיקער וועטער. דער פֿאָר־שטייער פֿונעם פֿאָלקס־קאָמיסאַריאַט פֿאַר אינערן־איניאָנים אי. אַכמעדאָוו האָט באַקומען אַ ראַפּאָרט פֿון אונדזערן אַן אַגענט וועגן דעם, אַז קלוימערשט מאָרגן, זונטיק, דעם 22־טן יוני וועט דיַיטש־לאַנד אָנפֿאַלן אויף פּססר. איך האָב געזאָגט אים און זיַין שעף ב. קאָבולאָוו, זיי זאָלן ניט לייגן קיין אַכט אויף אַזעלכע „ענטלעך״, און געייצעט אונדזערע מיטאַרבעטער אַרויספֿאָרן מאָרגן אויף אַ פּיקניק״.

## פֿון דער ראַדיאָגראַם פֿונעם גענעראַל סוסלאָפּאַראָוו דעם סאָוועטישן מיליטער־אַטאַשע אין ווישי (פֿראַנקריַיך):

„21־טער יוני 1941. ווי עס באַהויפּטעט אונדזער רעזידענט זשילבער (לעאָפּאָלד טרעפּער — א. ג.), וועמען איך גלייב, פֿאַרשטייט זיך, לאַכלוטן ניט, האָט די קאָמאַנדשאַפֿט פֿונעם ווערמאַכט פֿאַרענדיקט איבערוואַרפֿן אירע מיליטער־טיילן צו דער סאָוועטישער גרענעץ, און מאָרגן, דעם 22־טן יוני 1941, וועלן זיי אומגעריכט אָנפֿאַלן אויפֿן סאָוועטנפֿאַרבאַנד...״

י. וו. סטאַלינס רעזאָלוציע מיט רויטן טינט: „די דאָזיקע אינפֿאָרמאַציע איז אַן ענגלישע פּראָוואָקאַציע. דערוויסט זיך, ווער איז דער אויטאָר פֿון דער פּראָוואָקאַציע און באַשטראָפֿט אים״.

## פֿון ל. פּ. בעריאַס באַריכט־צעטעלע י. וו. סטאַלינען:

„21־טער יולי 1941. ...איך באַשטיי אויף דעם, מע זאָל אָפּרופֿן און באַשטראָפֿן אונדזער אַמבאַ־סאַדאָר אין בערלין דעקאַנאָזאָוו, וועלכער הערט ניט אויף מיך באָמבאַרדירן מיט „דעזעס״ וועגן דעם, אַז היטלער גרייט קלוימערשט אַן אָנפֿאַל אויף פּססר. ער האָט מיטגעטיילט, אַז דער „אָנפֿאַל״ וועט זיך אָנהייבן מאָרגן...

דאָס זעלבע ראַדירט אויך דער גענעראַל־מאַיאָר וו. אי. טופּיקאָוו, דער מיליטער־אַטאַשע אין בערלין. דער דאָזיקער שטומפּיקער גענעראַל באַהויפּטעט, אַז אין מאָסקווע, לענינגראַד און קיִעוו וועלן אַנגרייַפן דרייַ אַרמיי־גרופּעס פונעם ווערמאַכט. דערבייַ פאַרופט ער זיך אויף זייַן בערלינער אַגענטור. ער פאָדערט פרעך, מיר זאָלן באַזאָרגן די דאָזיקע ליגנערס מיט אַ ראַציע... (די אונטערערדישע אָרגאַניזאַציע שולץ־בויזען און האַרנאַק. — אַ. ג.).

דער שעף פון דער אויסשפּיר־פאַרוואַלטונג, וווּ עס האָט נאָך ניט לאַנג צוריק אָפּגעריכט בערזינס באַנדע, גענעראַל־לייטענאַנט פ. אי. גאָליקאָוו, קלאָגט זיך אויף דעקאַנאָזאָוון און אויף זייַן פּאָדפּאָלקאָווניק נאָוואָבראַנצן, לייגט אויך, אַז היטלער האָט קלוימערשט קאָנצענטרירט 170 דיוויזיעס קעגן אונדז אויף אונדזער מערבֿ־דיקער גרענעץ...

אָבער איך און מייַנע מענטשן, יאָסיף ווויסאַריאָנאָוויטש, געדענקען פעסט אייַער קלוגע וואָרענונג: אין 1941 יאָר וועט היטלער אויף אונדז ניט אָנפאַלן!..״

## פון דער טעלעפאָנאָגראַם פונעם פאָלקס־קאָמיסאַריאַט פאַר אויסערן־אייניאַנים פון פססר:

„21־טער יוני. 21.00 אַזייגער איז אופגענומען געוואָרן און דעשיפרירט אַ טעלעגראַמע פונעם סאָוועטישן אַמבאַסאַדאָר אין לאָנדאָן כאַוו. אי. מ. מייַסקין, וועלכער האָט באַקומען פונעם בריטאַנישן אַמבאַסאַדאָר אין מאָסקווע סער ריטשאַרד סטאַפאָרד קריפּסן, וואָס געפינט זיך איצט אין לאָנדאָן, אַ וואָרענונג, אַז דייַטשלאַנד וועט קלוימערשט מאָרגן, דעם 22־טן יוני, אָנפאַלן אויף סאָוועטנפאַרבאַנד״.

„21־טער יוני. הייַנט אינדערפרי האָט איינער פון די לעצטע פאַרלאָזט די דייַטשישע אַמבאַסאַדע דער מיליטערישער יאַם־אַטאַשע קאַפּיטאַן פאָן באַומבאַק, וועלכער איז ניט לאַנג צוריק געקומען קיין לענינגראַד, וווּ ער האָט אָנגעפירט מיט דער אַרבעט אויפן קרייסער „ליוטצאָוו״. דער אַמבאַסאַדאָר איז גרייט אַוועקצופאָרן...״

## פון דער מיטיילונג פונעם געהיימען מיטאַרבעטער „ערנסט״:

„21־טער יוני 1941. הייַנט 9־30 אַזייגער איז דער אַמבאַסאַדאָר פאָן שולענבורג אַרויסגערופן געוואָרן צו מאָלאָטאָוון. פאָן שולענבורג האָט זיך אומגעקערט זייער אַ צופרידענער. ער האָט געזאָגט דעם מיליטער־אַטאַשע קרעבסן, אַז מאָלאָטאָוו האָט, אָנווייַזנדיק אויף די איבערכאַזערנדיקע זיך פאַלן פון ברעכן מיצאַד די דייַטשישע אַעראָפּלאַנען דעם סאָוועטישן לופט־רוים, געבעטן דעם אַמבאַסאַדאָר געבן וועגן דעם צו וויסן ריבענטראָפּן, דערנאָך האָט ער געזאָגט: „אַ גאַנצע ריי סימאָנים ווייַזן אָן אויף דעם, אַז די דייַטשישע רעגירונג איז ניט צופרידן מיט דער סאָוועטישער רעגירונג. עס גייען אַרום אַפילע קלאַנגען וועגן אַ מילכאָמע צווישן דייַטשלאַנד און דעם סאָוועטנפאַרבאַנד. די סאָוועטישע רעגירונג פאַרשטייט ניט די סיבעס פון דער אומצופרידנקייַט פון דייַטשלאַנד״. ער האָט געבעטן דערקלערן, וואָס קאָן מען טאָן אויף צו פאַרבעסערן די באַציִונגען מיט דייַטשלאַנד. פאָן שולענבורג האָט צוגעזאָגט אָנפרעגן בערלין.

אויסהערנדיק דעם אַמבאַסאַדאָר, האָט דער פאָלקאָווניק קרעבס געזאָגט אַ ביסל פאַרטראַכט:

„מאָרגן איז זונטיק, און בערלין וועט זייַן פוסט. מאָרגן איז דער 22־טער יוני, דער טאָג, ווען נאַפּאָלעאָן האָט אָנגעהויבן די אינוואַזיע קיין רוסלאַנד...״

הייַנט אינדערפרי האָט פאָן וואַלטער אָפּגעשיקט מיט אַן אַעראָפּלאַן קיין בערלין זייַן הונט — באָקסער...

אין אָוונט האָט ער צוגעגרייט די גאַנצע ראַדיאָאַפּאַראַטור, מע זאָל זי קאָנען צעברעכן. דער שיפרירטער מאַטעריאַל איז צוגעגרייט צום פאַרברענען נאָך דעם, ווען מאָרגן גאַנצפרי וועט ער באַקומען די לעצטע ראַדיאָגראַמע פון בערלין...״

אויף דער אַלטער פאַפּקע, וווּ עס פאַרהיטן זיך די דאָזיקע מיטיילונגען, האָט עמעצער מיט אָפּגעבליאַקעוועטער טינט אָנגעצייכנט נומערן פונעם פאָנד, פון דער רעשימע, פונעם איניען. ווען דו עפנסט אויף די פאַפּקע, וואַרפט זיך אין די אויגן אַ רעזאָליוציע, אָנגעשריבן מיט אַן אייביקער פעדער: „די לעצטע צייַט לאָזן זיך פיל מיטאַרבעטער באַווירקן פון פרעכע פּראָוואָקאַציעס און זייען אַ פּאַניק. פאַר סיסטעמאַטישער דעזינפאָרמאַציע צעריייַבן אין לאַגער־שטויב די געהיימע מיטאַרבעטער „שפּאַרבער״, „קאַרמען״, „דימענט״, „געטרייַער״, ווי יויצער־מעשאָרסים פון די צווישנפעלקערלעכע פּראָוואָקאַטאָרן, וועלכע ווילן אונדז צעקריגן מיט דייַטשלאַנד. די איבעריקע שטרענג וואָרענען״. אונטערשריפט: „ל. בעריאַ. 21 יוני 1941״.

טראַיע איז געפאַלן. אָבער אונדזער היימלאַנד האָט דערהאַלטן אַ ניצאָכן, ניט געקוקט אויף בעריאַן און סטאַלינען, מיט דער פּרייַז פון 20 מיליאָן לעבנס.

און עס זייַנען נאָך ניט באַווונגען הונדערטער און טויזנטער העלדן פון אונדזער אויסשפּירונג.

מאָסקווע, 31 דעקאַבער 1956 יאָר.

ייִדיש — י. לאַכמאַן

ריטשארד יאנישעווסקי

# דער עמעס וועגן יאנאָווער טויט־לאַגער

ניט לאַנג צוריק האָט באַזוכט לוואָוו א קינעמאַטאָגראַפיסטן־גרופּע פון דער ענגלישער טעלעקאָמפּאַניע בי־בי־סי. די עפּיזאָדן, וואָס זי האָט פילמירט, וועלן אַריַין אין א דאָקומענטאַלער לענטע וועגן דער דייַטשיש־פאַשיסטישער אָקופּאַציע פון דער שטאָט און וועגן די אסירים פונעם יאנאָווער טויט־לאַגער.

אין 1941, אין אָנהייב פון די געשעענישן, וועגן וועלכע ס'גייט א רייד, בין איך געווען א פערצניאָריק באָכערל. דערמאָנונגען וועגן יענער צייַט לאָזן מיך ביז איצטער ניט צורו...

## די ניט־אונטערטעניקע — אין געטאָ

די פאַשיסטישע אָקופּאַנטן האָבן באַלד אָנגעהויבן אייַנצופירן די „נייַע אָרדענונג". די ערשטע קאָרבאָנעס אירע זייַנען געוואָרן די יידישע איַנוווינער. א סאַך פון זיי זייַנען אַרייַנגעפאַלן אין א „לאַגער פאַר צוואַנג־אַרבעטן".

א ספּעציעל אויסגעטיילטער שטעטל איז געווען ארומגערינגלט מיט א ציגל־וואַנט און מיט שטעכלדראָט. די אסירים מיט ווייַסע אַרעמבענדער און א בלויען מאָגנדאָוויד פלעגן אָקופּאַנטן ארויספירן יעדן אינדערפרי אויף דער ארבעט, און יעדן אָפּדערנאַכט זיי ברענגען צוריק אונטערן קאַנוואָי הינטער דעם צוים.

אינגיכן האָט מען ארום דער יאנאָוו־גאַס און אפן דערנעבנדיקן בעסאַלמען געקאָנט אַלץ אָפטער הערן א שיסעריי. די אמערסטן דרייסטע טוישווים פון לוואָוו האָבן געפרוּווט העלפן די איַנוווינער פון דער געטאָ. אָבער אומזיסט. די שוידערלעכע מאַשין, וואָס האָט זיך גערופן „יאנאָווער טויט־לאַגער", איז געלאָזט געוואָרן אין גאַנג און האָט אָנגעהויבן איר אכזריעסדיקע ארבעט...

פאַרניכטנדיק בעשאַס דער אָקופּאַציע 200 טויזנט פרידלעכע סאָוועטישער מענטשן, האָבן די היטלעריסטן געשטרעבט צו פאַרווישן די שפּורן פון זייערע בלוטיקע גוואַלדטאַטן. ניט קיין גרויסע צאָל אסירים, וואָס זייַנען אַלפּי נעס לעבן געבליבן, האָבן אין 1944 געגעבן באַווייַזן פאַר דער אויסעראָרדנטלעכער מעלוכישער קאָמיסיע. אָפּטרעטנדיק, האָבן די אָקופּאַנטן ניט באַוויזן צו פאַרניכטן אַלע דאָקומענטן. אויף אַזא אופן איז געווען ווידערופגעשטעלט דאָס בילד פון דער פאַשיסטישער באַרבאַרישקייַט אינעם טויט־לאַגער.

## ווי־אַזוי האָט עס זיך אָנגעהויבן

אין אויגוסט 1941 איז אין לוואָוו געווען פּראָקלאַמירט אַן „אַקציע". לויטן באַפעל פונעם שטאָט־קאָמענדאַנט האָבן אויף די זאַמלפּונקטן געמוזט קומען אַלע בירגער אין עלטער פון נאָך 60 יאָר און קינדער ביז 12 יאָר. פאַרוואָס? די דייַטשן האָבן צוגעזאָגט קלוימערשט העלפן די ניט־ארבעטספעיקע. וואָס איז שייַך קינדער, האָט מען זיי קלוימערשט געדאַרפט שטעלן פּאַקן.

לעבן די טויערן פון די זאַמלפּונקטן האָבן א סאַך איַנוווינער געוואַרט, זייערע עלטערן און די קינדער זאָלן זיך אומקערן. אָבער שפּעט אָפּדערנאַכט האָבן די פאַטרולן זיי באַפוילן זיך צעגיין. ווי ס'האָט זיך שפּעטער אויסגעקלאָרט, האָבן די פאַשיסטן ארויסגעפירט די זקנים און דאָס קליינוואַרג פון דער שטאָט, און זיי זייַנען פאַרשוווּנדן אויף אייביק. ס'האָט זיך אויך ניט אומגעקערט אַהיים מייַן שוועסטערקינד קאַזימעזש ראָמאַנאָווסקי.

די אָרגאַניזאַטאָרן פון דער דאָזיקער אכזריעסדיקער אַקציע זייַנען געווען דער שעף פון דער פּאָליציי גענעראַל פרידריך קאַצמאַן, זייַנע אונטערהעלפער — ברונאָ שטייַנער, פריץ געבאַוער און אַנדערע. די געסטאַפּאָ האָט געלייזט קודעמקאָל די פראַגע פון די ניט־ארבעטספעיקע. די איבעריקע האָבן געמוזט ארבעטן. זייער צייַט צו שטאַרבן איז נאָך ניט געקומען...

נאָכדעם האָבן די פאַשיסטן דורכגעפירט די צווייטע „אַקציע". מ'האָט אַרעסטירט יענע, וועמער ס'האָט ניט געהאַט קיין צייַגעניש פונעם ארבעטס־

אַרט. מ'האָט געמוזט באַצאָלן ביז צוואַנציק טויזנט זלאָטעס, קעדיי צו באַקומען אַ פּיקטיווע ספּראַוו־קע מיטן עסעס־שטעמפּל, וואָס האָט באַשטעטיקט, אַז איר אייגנטימער אַרבעט. און יענער, ווער עס האָט ניט געקאָנט באַצאָלן, פלעג אַרײַנפאַלן אונ־טערן שטעכלדראָט. אױף אַזאַ אופן זײַנען אסירים פונעם לאַגער געוואָרן דער וועלט־באַרימטער פּיד־לער יאַקוב שטריקס, דער באַוווּסטער קאָמפּאָזיטאָר און דיריגענט מונד, דער באַקאַנטער כירורג אָס־טראָווסקי מיטן ווײַב, די פּראָפעסאָרן גרעק, רענ־צקי, סאָלאָוויי, נאָוויצקי, דאָווזשינעצקי, פּראָגול־סקי מיטן זון, דער דיכטער און מוזיקער פּריוואָס, הונדערטער אַרבעטער פונעם אײַזנבאַן־קנופּ, טראַמ־ווײַ־פּאַרק, גאַז־זאַוואָד, ווײַבער פון מיליטערלײַט.

## אַ צופּעליקע באַגעגעניש

אױפן ברוק פון דער יאַנאָוו־גאַס פלעגן אָפט גיין קאָלאָנעס פון מענטשן אונטערן עסעס־קאָנוואָי. מיר, ייִנגלעך, פלעגן זיך פאַרהאַלטן אױפן טראָטואַר, קעדיי בעסער באַטראַכטן די אסירים, וועמענס אויס־געמאַטערטער אויסזען האָט אַרויסגערופן טיפן מיטלייד.

איינמאָל האָב איך דערזען אין דער קאָלאָנע מײַנע געוועזענע שכנים — עדע צימערמאַן און ברײַנע, איר מוטער. זיי האָבן זיך געגריסט. די אויגן פון די אויסגעמאָגערטע פרויען זײַנען גע־ווען טרויעריקע און איינצײַטיק בעטנדיקע. איך האָב געוואָלט זיך דערנענטערן צו זיי, אָבער איך האָב מוירע געהאַט פאַר די שאָמרים: די קאָלאָנע האָבן באַגלייט עסעס־לײַט מיט הינט. אָבער אַן אומבאַמערקט געוואָרפן צעטעלע האָט זיך אײַנ־געגעבן אויפהייבן. נאַטירלעך, עס איז געווען פאַר־גרייט פאַרפריִער. דעם טעקסט פונעם צעטעלע געדענק איך ביז איצט: „העלפט! העלפט כאָטש איינער פון מײַנע טעכטער זיך אַרויסרײַסן פונעם גענעם..."

דאָס בלוט האָט אַ קלאַפּ געטאָן אין קאָפּ. וויאַזוי און מיט וואָס האָב איך געקאָנט העלפן? איך האָב אַליין געדאַרפט האָבן הילף: כ'בין גע־ווען נאַכוונאַד, אָן עלטערן. און דאָ האָט מען גע־מוזט אײַנאָרדענען אַ פּליטע, אויסבאַהאַלטן אַ מענטשן. דאָס איז געווען אייסער די מעגלעכ־קײַטן פון אַ מינדעריעריקן פאַרוואָרלאָזטן.

מענטשן, צו וועלכע איך האָב זיך געווענדט, האָבן זיך אָפּגעזאָגט העלפן: דאָס האָט געדראָט מיט אַן אומפאַרמײַדלעכן טויט פאַר זיי און פאַר זייערע נאָענטע. אַזוי האָט זיך מיר ניט אײַנגע־געבן כאָטש מיט עפּעס פאַרלײַכטערן דעם גורל פון מײַנע געוועזענע שכנים. כ'דערמאָן זיך וועגן דעם מיט אַ שווער האַרץ.

## געבאַוער פאַרווילט זיך

פון צײַט צו צײַט האָט דער עסעס־האַופּט־שטורמפירער פריץ געבאַוער דורכגעפירט אַ דורכקוק פונעם לאַגער, אַלס קלאַל, מיטן זון און מיטן ווײַב. ס'האָט זיי טאָמיד באַגלייט שטײַנער. די אסירים פלעגן שטיין אין ענגע רייען. זיי האָבן געוווּסט: מיט די פּאַשיסטן אינײנעם שפּאַנט דער טויט אַליין...

דער פּראָפעסאָר פּראָגולסקי איז געשטאַנען אין דער ערשטער ריי, נאָכשפּירנדיק די זיך דערנענ־טערנדיקע שווידערלעכע פיגורן. ער האָט געהערט זייער געשפּרעך (דער פּראָפעסאָר האָט אויסגע־צייכנט באַהערשט דײַטש).

— אָ, פראַו מאַרטאַ, איר זײַט אַן עמעסע דײַטשקע! — האָט אויסגערופן שטײַנער. — איך וועל זייער גערן אונטערקלײַבן צילפונקטן פאַר אײַך.

דער היטלעריסט האָט גיך אַרומגעקוקט די אסירים און האָט באַפוילן פּראָגולסקין מאַכן אַ טראָט פאָרויס. באַנאַנד מיטן גראַוון פּראָפעסאָר איז געשטאַנען זײַן זון. צוערשט האָט קיינער ניט פאַר־שטאַנען, וואָס באַטײַט עס. די פּאָליצײַען האָבן אָפּ־געפירט דעם פּראָפעסאָר אין אַ זײַט און האָבן אים צוגעבונדן צום פּאַרקן. דערנאָך האָט שטײַנער אָנגעמאָלט מיט קרײַד אויף דעם פּראָפעסאָרס ברוסט ניט קיין גרויסן קרײַז — דאַרט, ווו ס'האָט גע־קלאַפּט דאָס האַרץ.

באַטראַכטנדיק מיט אַ שמייכל די אסירים, האָט געבאַוערס פרוי גענומען פונעם מאַנס האַנט דעם פּיסטאָלעט. דעם פּראָפעסאָרס זון האָט זיך מיט אַ געשריי אַ וואָרף געטאָן צו אים. אין איין אויגנ־בליק איז דאָס באָכערל געפאַלן פון אַ קלאַפּ מיט דער ביקס איבערן קאָפּ.

פּראָגולסקי, אַ צוגעבונדענער צום פּאַרקן, האָט לאַנג געקוקט דער דײַטשקע אין די אויגן. זי האָט זיך געצילט לאַנג. דערנאָך אויסגעשאָסן. דער פּראָפעסאָר האָט אַ ציטער געטאָן, זײַן קאָפּ האָט זיך אָנגעבויגן אויף לינקס. די קויל האָט דורכגע־שלאָגן דעם האַלדז.

אַ שטילער, אײַנגעהאַלטענער געיאָמער איז דורכגעלאָפן אין די אסירים־רייען. פּאָליצײַען האָבן אַרופגעוואָרפן די ביקסן.

— ניט אַזוי! — האָט געזאָגט געבאַוער דער פרוי.

דער טאַליען האָט גענומען דעם פּיסטאָלעט און האָט אים אויסגעגלאַדן אינעם געלערנטן.

דערנאָך האָט מען צום פּאַרקן געשטעלט פּראָ־גולסקיס זון...

בלויז דעם זיבעטן קאָרבן האָט די דײַטשקע געטראָפֿן אין צילפּונקט — אין האַרץ פֿון אַ מענטשן.

אָבער געבאַוערס זון — דער 14־יאָריקער ווילהעלם האָט קיינמאָל ניט געהאַט קיין טאָעס. דער בלוטגיריקער יוירעש פֿון זײַנע עלטערן האָט אין יענעם טאָג דערהאַרגעט צענדליקער אסירים. די קאַצעטלער פֿונעם יאַנאָווער קאָנצלאַגער האָבן געוווּסט, אַז פֿון דאָרט איז פֿאַראַן בלויז איין אַרויסגאַנג — אױף יענער־וועלט. יענע, וואָס האָבן נאָך געלעבט, האָבן די טאַליאָנים געצוווּנגען טאַנצן איבער טויטע קערפּערס. ס'האָט ניט געלאָזט די היטלעריסטן צורו דאָס, וואָס אינעם לאַגער האָבן נאָך געלעבט, געאָטעמט און געקוקט אױף דער וועלט טויזנטער מענטשן. זיי האָבן צו אַ סאַך געזען, זיי זײַנען געפֿערלעך! און צעשיסונגען זײַנען געוואָרן אַ מאַסנהאַפֿטע דערשײַנונג.

איינמאָל, — האָט דערציילט דער מוזיקער ט. באַרייקאָ, וועלכער איז אַנטלאָפֿן פֿונעם טויטלאַגער, — האָט מען די אסירים אַרויסגעפֿירט אױפֿן פּלאַץ און זיי באַפֿוילן זיך אויסטאָן, דערנאָך מיט גוואַלד זיי אַוועקגעזעצט אױף טראַמוויי־פּלאַטפֿאָרמעס. דאָס איז געווען אין נאָיאַבער. ס'האָט געבלאָזט אַ קאַלטער ווינט. ס'איז געגאַנגען אַן אײַזרעגן. די טראַמווײַען האָבן זיך לאַנגזאַם באַוועגט צום שטאָט־צענטער, פֿאַרלאָזנדיק נאָך זיך בלוטיקע שפּורן...

## סאַדיסטן

אין מײַן אַלטן בלאָקנאָט האָבן זיך פֿאַרהיט עטלעכע פֿאַרנאָטירונגען פֿון זיצונגען פֿון דער אויסעראָרדנטלעכער מלוכישער קאָמיסיע — פֿראַגמענטן פֿון באַווײַזן פֿון די געוועזענע קאַצעטלער קירשנער, קאָרן, מאַנטעל און אַש, וועמען ס'האָט אָפּגעגליקט זיך ראַטעווען פֿונעם טויט. זיי האָבן דערציילט:

„בײַ געבאַוערן איז געווען אַ לײַדנשאַפֿט אונטערהענגען אסירים פֿאַר די פֿיס צו סלופּעס און איבערלאָזן אַזוי, ביז ס'וועט ניט אָנקומען צו זיי דער טויט. און זײַן אונטערהעלפֿער ראַקיטאַ פֿלעג אופּטרענען די בײַכער פֿון די אומגליקלעכע. דער שעף פֿונעם אויספֿאָרש־טייל עס־עס־שאַרפֿיורער גויניאַ פֿלעג דורכבויערן די קערפּערס פֿון די אסירים מיט אַ מעטאַלענעם שטאַנג, מיט אַ פֿלאַכצווענגל אַרויסרײַסן די נעגל בײַ די פֿרויען, דערנאָך זיי אויסטאָן, אונטערהענגען פֿאַר די האָר, צעהוידען — און האָט געשאָסן אין אַזאַ „צילפּונקט“.

דער קאָמענדאַנט פֿונעם לאַגער גוסטאַוו ווילגאַוז פֿלעג צוליב פֿאַרווײַלן דאָס ווײַב און די טאָכטער סיסטעמאַטיש שיסן אין אסירים פֿונעם באַלקאָן פֿון זײַן קאַנצעלאַריע. זיך אָנגעזעטיקט, פֿלעג דער פֿאַשיסט איבערגעבן די ביקס זײַן פֿרוי, וועלכע האָט אויך פֿלינק געטראָפֿן אין לעבעדיקע צילפּונקטן.

איינמאָל האָט ווילגאַוז געפּײַערט אױף זײַן ווילע דער טאָכטערס געבוירנטאָג. דער דאָזיקער טאָג איז פֿאַר אַ סאַך אסירים פֿונעם לאַגער געוואָרן דער לעצטער. אינמיטן דער סימכע האָט דער באַלעבאָס אײַנגעלאַדן זײַן מישפּאָכע און די געסט אין לאַגער־הויף. קעדיי צו פֿאַרווײַלן זײַן צעניאָריק טעכטערל, האָט ווילגאַוז באַפֿוילן אונטערוואַרפֿן קליינע קינדער און האָט זיי צעשאָסן. די געסט האָבן אַפּלאָדירט...

טויזנטער און טויזנטער מענטשן זײַנען אומגעקומען אינעם יאַנאָווער לאַגער. דער לעצטער איז פֿאַרניכטעט געוואָרן דער אָרקעסטער, וואָס איז געשאַפֿן געוואָרן פֿון אסירים. אין די לעצטע מינוטן פֿון זייער לעבן זײַנען זיי געשטאַנען אונטער די ביקס־רערן, שפּילנדיק אַ געזעגענונגס־ליד זיך אַליין.

## אָפּצאָלונג

אין דער נאַכט פֿונעם 19־טן אױפֿן 20־טן נאָיאַבער 1943 האָט די „טויט־בריגאַדע“ אונטער דער אָנפֿירונג פֿון גערכעס אָרגאַניזירט אַן אויפֿשטאַנד קעגן די טאַליאָנים, אַנטוואָפֿנט די וועכטער און געפּרוּווט זיך אויסרײַסן פֿונעם געהענעם. אָבער אַנטלויפֿן איז געלונגען בלויז לעאָניד וועליטשקאָ און מאַיסיי קאָרנאַוון. פֿון זיי האָבן מיר זיך דערוווּסט וועגן דעם עמעס וועגן דעם יאַנאָווער לאַגער.

און דערנאָך, ווען די סאָוועטישע אַרמיי האָט באַפֿרײַט דעם פֿיללײַדנדיקן לוואָוו, איז געקומען די אָפּצאָלונגס־שאָ. דער שעף פֿון לוואָווער געסטאַפּאָ קאַצמאַן, וואָס איז פֿאַרורטײלט געוואָרן מיצאַד דעם מיליטערישן טריבונאַל צו טויט־שטראָף, האָט אויסגעגעבן אַלע זײַנע אונטערהעלפֿער. שפּעטער זײַנען זיי געווען פֿאַרמישפּעט. די זיכערקײַטס־אָרגאַנען האָבן אָפּגעזוכט אויך די וועכטערס — פֿאַרעטער, וועלכע זײַנען איבערגעגאַנגען אױף דער זײַט פֿונעם סוינע און געוואָרן עסעסאָווצעס: מינאַטשקין, לאַגוטין, פּאַנקראַטאָוו, סטאַנקאָוו, פּריכאָדקאָ, אַלע האָבן זיי באַקומען אַ פֿאַרדינטע שטראָף פֿאַר זייערע רעציכעס.

# צום 40־יאָריקן יובליי פון דער צײַטשריפט

## „די גאָלדענע קייט"




מיט 40 יאָר צוריק האָט אָנגעהויבן דערשײַנען אונטער דער רעדאַקציע פון אַוור־ראַם סוצקעווער די ישׂראלדיקע ייִדישע פערטליאָר־שריפט פאַר ליטעראַטור און געזעלשאַפטלעכע פּראָבלעמען „די גאָלדענע קייט". בײַ הײַנטיקן טאָג איז עס איינע פון די אָנגעזעענסטע ליטעראַרישע אויסגאַבעס אויף ייִדיש. „סאָוועטיש היימלאַנד" האָט בײַ פאַרשיידענע געלעגנהײַטן באַקאַנט די לייענער מיט ווערק פון „דער גאָלדענער קייט". איצט זעצן מיר פאָר צו בויען און פעסטיקן די שעפערישע בריק צווישן די סאָוועטישע און ישׂראלדיקע ייִדישע שריפטשטעלער, אויסטיילנדיק אין הײַנ־טיקן נומער א היפּש אָרט פאַר ווערק, וועלכע מיר האָבן דורכגעלייענט אין די לעצטע נומערן פון דער ישׂראלדיקער צײַטשריפט.

---

מאָרדכע צאַנין

## פּראָדל מאַזיק

מיטן אָנקומען פון א נײַעם אָפּוועער אינעם בערשטער־שאָפּ אויף פראַנציסקאַנער־גאַז האָבן די אַרבעטער־שקלאַפן זיך געזעגנטשן דעם טויט. אין די ערשטע צוויי טעג האָבן צוויי מענער צעריסן זייערע אַרבעט־קאַרטלעך און פון אייגענעם ווילן זיך געמאָלדן אויפן אומשלאַג־פּלאַץ אויף סטאַוועסקי־גאַס. דער נײַער אָפּוועער, מיט א רויט־פאַרפּרישטשעט פּאָנעם, קורץ־געשוירענע יאָזשיקע בלאָנדע האָר, גרוי־וואַסערדיקע אויגן און א פליישיקן קאַרק, האָט זיך ניט געשיידט מיט זײַן שטעקן. צו די אַרבעטנדיקע אין שאָפּ האָט ער זיך געווענדט ניט מיט לאָשן, נאָר מיט א ווייטיקלעכן קלאַפּ אין דער פּלייצע, אין קאָפּ, איבער די פיס, ווו נאָר ס'איז געווען באַקוועם דעם שטעקן. ער האָט פאָראָרדנט צו רופן אים „הער פאָן אַדענבאַך" און צוגעבן „הײַל היטלער". ווער ס'האָט אויסגעמיטן דעם „הײַל היטלער", האָט ער צעקאַטעוועט ביז בלוט. כאָטש די אונטערערדישער באַוועגונג, וואָס האָבן געאַרבעט אין שאָפּ, האָבן צוגעריידט נישט צו ווענדן זיך צום אָפּוועער, קעדיי נישט צו זאָגן „הײַל היטלער", ביז עס וועט אים נימעס ווערן. ער, אַדענבאַך, מוז צושטעלן פּראָ־דוקציע, אויב נישט, וועט אים דער דירעקטאָר פון בערשטער־שאָפּ אָראָפּנעמען.

פּריץ אַדענבאַך האָט נישט געזאָרגט פאַר פּראָדוקציע. ער האָט געזאָרגט נישט צו גיין אויפן רוסישן פראָנט און — ווי ער פלעגט דאָנערוועטערן — צו מאַכן די ייִדן פאַר אויס פּאַראַזיטן און



מאָרדכע צאַנין איז געבוירן געוואָרן אין 1906 אין סאָקאָלאָוו־פּאָדלאַסק, פּוילן. פֿון 1921 געלעבט אין וואַרשע, דערנאָך אין ווילנע. אין 1941 זיך באַזעצט אין פּאַלעסטינע. דעביוטירט אין דער ליטעראַטור אין 1928. פֿון 1949 ביז דער לעצטער צײַט געווען רעדאַקטאָר פֿון דער טעגלעכער ייִשׂראלדיקער צײַטונג „לעצטע נײַעס". אַווטאָר פֿון די ביכער „וויוואַט, לעבן!", „אויף זומפּיקער ערד", „מענטשן און געטער", „אויף די וועגן פֿון ייִדישן גורל" און אַנד.. ווי אויך פֿונעם צווייבענדיקן „פּוילן העברעיִש־ייִדישן ווערטערבוך".

---

זיי אויסלערנען אַרבעטן. אויב אָבער זײַן טעראָר האָט צעשטערט דעם סיידער פֿון אַרבעט, איז די פּראָדוקציע געפֿאַלן. האָט ער די אַרבעטער־שקלאַפֿן געשלאָגן מאַקס־רעצעך, און דעם דירעקטאָר געמאָלדן, אַז די ייִדן סאַבאָטירן די אַרבעט. דרײַ אויסגעפּײַניקטע שקלאַפֿן זײַנען אָפּגעפֿירט געוואָרן צום אומשלאַג־פּלאַץ, קעדיי אַלע אַנדערע זאָלן וויסן, וואָס זיי דערוואַרט פֿאַר סאַבאָטאַזש.

אין דעם בערשטער־שאָפּ פֿון פֿריץ אַדענבאַך האָט געאַרבעט פֿראַדל מאַזיק. אין דער ערשטער צײַט האָט דער אָפּזעער זי צורו געלאָזט. זי האָט געמאַכט איר אַרבעט אַפּילע צו פֿלײַסיק, ווען פֿריץ איז געווען נאָענט פֿון איר, און זי איז געווען פֿאַרנומען מיט זאָרגן זיך וועגן אירע קינדער. וועגן די צווי ייִנגערע, מעכל און פֿראַיִם, וואָס אויף „יענער זײַט" האָבן זיי געהייסן יאַנעק און זענעק, האָט זי אַפּילע נישט געוווּסט, וויאַזוי זיך צו זאָרגן. איר ברודער, יאַנקל מעטאַלניק פֿון דער אָרגאַניזאַציע, האָט זי פֿאַרזיכערט, אַזביידע זײַנען אָפּגעגעבן געוואָרן אין אַ קלויסטער. ווו? אין וועלכן קלויסטער? צי בענקען זיי נאָך דער מאַמען? זי, פֿראַדל, בענקט נאָך זיי מיט אַ קלעמעניש אין האַרצן, וואָס הערט ניט אויף טאָג און נאַכט. טאָמער וואָלט זי געוווּסט, אין וועלכן קלויסטער אירע קינדער זײַנען, וואָלט זי זיך אַדורכגעריסן אַפּילע דורכן גענעם, אַבי צו קאָנען אַ קוק אויף אירע שוואַלבן, ווי זי האָט זיי גערופֿן, און זיי העלפֿן, מיט וואָס נאָר זי וואָלט געקאָנט. זי וואָלט זיי געבראַכט אַ פּאָר שטיקלעך ברויט מיט ציינדעלעך קנאָבל, וואָס וואָלטן דערקוויקט זייערע הערצלעך. אַפּילע הײַנט, ווען דער שאָפּ ציט אַרויס דעם קליי פֿון אירע ביינער, געפֿינט פֿראַדל צײַט אונטערצוהאַנדלען מיט ברויט, מיט ציבעלע, מיט אַ היפּטל קרויט און אַמאָל מאַכט זיך אויך אַ שטיקל פּוטער.

אינעם האַנדל האָט איר צוגעהאָלפֿן איר עלטסטער, בערעלע, און אַז ער פּלעגט זיך אַריבערקלײַבן אויף יענער זײַט געטאָ־מויער, האָט ער זיך גערופֿן קאַזשיק. כאָל־האַמויעד סוקעס איז ער אַלט געוואָרן צוועלף יאָר. ער האָט מער ניט געקאָנט גיין אויף יענער זײַט אײַנצוקויפֿן עסנוואַרג אויפֿן שוואַרצן מאַרק, ווײַל ער האָט געאַרבעט אינעם מעטאַל־שאָפּ אויף ביזקע־גאַס אין פֿון דאָרט געהאַט דאָס אַרבעט־קאַרטל. אויך מיט דעם אַרבעט־קאַרטל איז דאָס לעבן נישט געווען זיכער, דאָך מיט איר איז מען דרייסטער דורכגעלאָפֿן די גאַס, אָדער מ'האָט געהאַט אַן אויסרייד פֿאַר דער געטאָ־פּאָליציי. ווי אַנדערע, האָט אויך פֿראַדל געפּראַוועט דעם האַנדל אויף אַ בוידעם פֿון אַן אויסגעליידיקט הויז אויף דזשיקע־גאַס, אַנטקעגן דעם ביניען פֿונעם יודענראַט, וואָס האָט זיך אַריבערגעקליבן פֿון גזשיבאָווסקע־גאַס. דאָ, אויפֿן בוידעם, האָבן זיך געפּראַוועט ייִדישע און ניט־ייִדישע שמוגלערס און זייערע סכוירעס פֿאַרקויפֿט פֿאַר צירונג, פֿאַר דאָלאַרן און אויך פֿאַר פּויליש זלאָטעס. דער בוידעם און אויך אַ שכיינעסדיקער בוידעם זײַנען געווען אַ קליינער באַנאַכטיקער מאַרק. דעם בוידעם־מאַרק האָבן פֿון ביידע זײַטן געהיט ייִנגלעך, וואָס האָבן פֿון די דורכגאַנג־לעכער געדאַרפֿט אַליאַרמירן בעשאַס אַ סאַקאָנע. די סאַקאָנע האָט נישט געקלאַפּט פֿון די עס־עס אָדער זשאַנדאַרן.

זיי האָבן מוירע געהאַט ארופצוקומען אפילע אף א העכערן שטאָק פון אן „אויסגעזידלט” הויז, טאָמער וועלן זיי צוריק ניט אראָפּ לעבעדיקע פון די „יידישע באַנדיטן”, ווי זיי האָבן אָנגערופן די כאַווײרים פון דער יידישער קאַמף־אָרגאַניזאַציע. די סאַקאַנע האָט געלאָקערט פון די געטאָ־פּאָלי־צײאַנטן, וואָס האָבן געזוכט צו קאָנפיסקירן א ברויט, א פּאָר ציבעלעס צי א היפּשל קרויט. די היטערס בא די בוידעם־דורכגענג זײַנען באוואָפנט געווען אפילע מיט קאַצאָווים־מעסערס, טאָמער וועלן שמוגלער־רויבער פון דער ארישער זײַט פרווון צונעמען דאָס געלט פון די איבערקויפערס. די מעסערס זײַנען נישט גענוצט געוואָרן, קעדיי ניט צו מאכן א טומל מיט געשרייען און גוואַלדן, וואָס וואָלטן אין דער שטילקײַט פון די נעכט דערגאַנגען אין גאַס און געבראַכט אן אומגליק. טאָמער האָט זיך אויסגעדאַכט, אז ס'דערנעענטערט זיך א סאַקאָנע, האָט א פּײַף פון צוויי פינגער אין מויל אופגעהויבן די שמוגלערס און די הענדלערס, ווי זיי וואָלטן געטריבן געוואָרן פון א שטורעם־געוויטער. זיי האָבן זיך אדורכגעפעדעמט דורך די בוידעם־לעכער און נעלעם געוואָרן מיט די זעקלעך און פּעקלעך אָן איבערצולאָזן א צייכן פון זייער געביין.

בערעלע האָט געהאָלפן דער מאַמען שלעפן דעם אײַנקויף, היטן א בוידעם־לאָך און לויפן פאַרטאָג אוועקטראָגן סכוירע צו א קוינע אין א בונקער, קעדיי באַלד דערנאָך גיין צו דער ארבעט אין מעטאַל־שאָפּ. פראַדל האָט זיך געקלאָגט, אז זי זאָל אזוי נישט וויסן פון קיין צאַר און פון קיין בייז, ווי זי ווייסט נישט פונוואַנען עס נעמען זיך צו איר אזויפיל קויכעס. סײַדן דאָס ביסל שפײַז, וואָס עס פעלט איר נישט. דעריבער האַלט זיך אויך בערעלע.

פראַדל האָט נישט פאַרלאָזט אירע קוינים. אפילע זיי זײַנען אנטלאָפן פון א הויז ערעוו „אויסזידלונג”. קעדיי צו באהאַלטן זיך אין א בונקער, האָט זי נישט גערוט, ביז זי האָט דעם בונקער אויסגעפונען, און זי אָדער בערעלע האָבן זיך ארײַנגעשטעלט מיט א קוישל אָדער מיט א זעקל איבערן אקסל. מיט דער צײַט האָט זי זיך אויסגעלערנט גיין דורך די בוידעם־לעכער מיט אזא שנעלקײַט, ווי זי איז געגאַנגען אף דער גאַס. דער ערשטער פלעגט זיך אדורכפעדעמען בע־רעלע, ער האָט געכאַפּט בא דער מאַמעשי דאָס קוישל אָדער דאָס פּעקל, איר אויסגעשטרעקט א האַנט דורך דעם בוידעם־לאָך און קעהערשפּ־אין איז זי געווען אף דער צווייטער זײַט.

דאָס, וואָס פראַדל און איר בערעלע האָבן זאַט געגעסן, האָט זיי געגעבן קויעך ארומצושמײַען אין די נעכט אפן בוידעם־מאַרק און דערנאָך א פעליקן טאָג זיך האַלטן אף די פיס בא דער ארבעט פון זייערע שאָפּן. אין איר בערשטער־שאָפּ האָט פראַדל געשוויגן. אלעמאָל איז זי געווען א מוט־לערקע, געקאָנט אוועקרעדן א וועלט, אָבער אין שאָפּ, בא דער ארבעט, האָט זי געוואָלט די גאַנצע צײַט פאַר זיך צו קאָנען טראַכטן וועגן אירע שוואַלבן, ווי זי האָט זיי גערופן. עפּשער מאַכמעס איר שווײַגן האָט זי געאַרבעט פלײַסיק. און עפּשער מאַכמעס איר פלײַסיקײַט האָט זי ביז א באַשטימ־טער צײַט אויסגעמיטן דעם שטעקן פון פריץ אדענבאַך איבער דער פּלייצע אָדער איבערן קאָפּ. נאָר ביז א באַשטימטער צײַט. איינמאָל האָט זיך פריץ געשטעלט הינטער איר רוקן און איר א קיצל געטאָן מיט זײַן שטעקן. פראַדל האָט זיך דערשראָקן, זיך אויסגעדרייט, און נאָך איידער זי האָט באַמערקט פריצס פּאָנעם, האָט זי געגעבן א געשריי:

— זאָלסט זאַאַן מאַאַן קאַפּאָרע.

— וואָס איסט דאָס? — האָט פריץ געפרעגט מיט א מענטשלעכער שטים, וואָס די שקלאַפן־אַרבעטער האָבן זעלטן געהערט.

— זאַ מאַאַן קאַפּאָרע עסט עס וויסן, — האָט פראַדל געענטפערט און ווײַטער געשוויגן.

— וואָס האסט דו געזאָגט? — האָט פריץ ווײַטער געוואָלט וויסן.

— זאָלסט אײַנעמען א מיסע־מעשונע און זאַן אַן אופלייזאָ פאַר מאַנע קינדאָ און פאַר אַלע יידישע קינדאָ, — האָט זי געענטפערט און זיך ניט אומגעקוקט צום פרעגער. פראַדל האָט דערפילט דעם ערשטן קלאַפּ איבער דער פּלייצע פון פריצס שטעקן. פונעם קלאַפּ איז זי געפאַלן מיטן פּאַ־נעם אפן ווערקשטעל. ס'האָט געגומען א שטיקל צײַט ביז דער ווייטיק האָט זיך אײַנגעשטילט, און זי איז געקומען צו־זיך. אָן אויסצורעדן א וואָרט האָט זי ווײַטער געאַרבעט. געאַרבעט און געשוויגן. נאָר טראַכטן וועגן אירע קינדער, ווי ביז יענער רעגע, האָט זי ניט געקאָנט. זי איז געווען דערני־דעריקט, און די דערנידעריקונג האָט אין איר געברענט ווי א העלישע סרייפע. זי איז געווען אופ־געבראַכט אף זיך אליין, האַלעמײַ עס האָבן איר ניט געקלעקט קיין קויכעס זיך אופצושטעלן און אים אויסדראַפּען די אויגן. אירע ליפּן האָבן עפּעס שטיל געמורמלט, וואָס די אַרבעטנדיקע לעבן איר האָבן ניט באַנומען. פון דעם אופוועערס ביוראָ־צימער האָבן זיך דערטראָגן געשרייען. פריץ אדענבאַך האָט דאָרטן עמעצן געקאַטעוועט. פראַדל האָט מיט א פויסט זיך א קלאַפּ געטאָן אין דער ברוסט און געזאָגט צו אירע אַרבעט־שכיינים, אָט פון איר רעכטער און אָט פון איר לינקער זײַט:

— יאָך זאָל אזוי לייבן, ווי ער וועט בײַ מיאָ גריזשען די אייאָרד.

— צו דיר האָט ער זיך געפּוצט, — האָט באַמערקט איר שאָכן פון דער לינקער זײַט.

— לאָז ער זאָך פּוצן צין מאַלכעמוועס, וועט ער מאַ אאַנבערענגען א וועג.

אין פּראַדלען האָט זיך געקנוילט א ווילדער צאַרן, וואָס זי האָט ניט געקאָנט צוימען און אויך ניט אויסבאַהאַלטן פון איר בערעלען. ער האָט ניט באַגומען, וואָס ס׳איז געשען מיט זײַן מאַמעשי, פאַרוואָס רעדט זי צו אים מיט קאַס, ווי ער וואָלט עפּעס געטאָן, וואָס איר געפעלט ניט; פאַרוואָס שעלט זי סטאַם, ווען קיינער איז ניט לעבן איר און קיינער קריגט זיך ניט מיט איר?

— מאַמעשי... — האָט ער זי געוואָלט פרעגן, צי זי פילט זיך שלעכט, אָדער עפּשער האָט מען זי באַרויבט און זי וויל נישט אויסזאָגן.

— וואָס, מײַן קינד?

— גוניש, מאַמעשי, — ער האָט מוירע געהאַט פאַר דעם, וואָס די מאַמעשי קאָן אים זאָגן.

צומאָרגנס איז פּריץ אדענבאָך ווידער צוגעקומען צו איר, איר א קיצל געטאָן מיטן שטעקן, ווי ער וואָלט זי מיט א טאָג פריִער ניט געהאַט געשלאָגן.

— גיב מאַ לייגעס! — האָט זי אײַנגעבויגן איר רוקן אופּצונעמען זײַנע קלעפּ.

דער אופזעער האָט זיך צעלאַכט מיט א פּערדיש געלעכטער, א פּאַכע געטאָן מיטן שטעקן אינדערלופטן, א קלאַפּ געטאָן איר מיט דער האַנט אין הינטן און איז אוועק.

— כ׳וועט זיך שלעכט ענדיקן, — האָט פאַרויסגעזאָגט איינער פון פּראַדלס אַרבעט־שכיינים. — ער וועט דיך אוועקשיקן צום אומשלאַג־פּלאַץ.

פּראַדל האָט פאַרלייגט די הענט אויף די באַקעס, פאַרזשמורעט די אויגן מיט פאַרביסנקייט:

— מיך אפן אומשלאַג־פּלאַץ? א לעבעדיקע? יאָך האָב אים טיף אין דר׳יירד! — האָט זי אַרויסגעזעדט פון צווישן די פאַרפּרעסטע ליפּן און זיך א שאָקל געטאָן אויף צו באַפעסטיקן אירע ווערטער.

פאַרן פאַרענדיקן די אַרבעט אין שאָפּ האָט פּריץ אַרײַנגערופן פּראַדלען אין זײַן ביוראָ־צימער, אַנגעוויזן מיט א האַנט אויף דעם שטול פון דער צווייטער זײַט שרײַבטיש און געהייסן איר זיך זעצן, א קאָווּעד, וואָס קיין שום אַרבעטער־שקלאַף האָט ניט זוכע געווען. פּרווונדיק מילד מאַכן זײַנע גרוי־וואַסערדיקע אויגן, האָט ער זיך אײַנגעקוקט אין איר מיד, אָבער ווײַבלער־רייצנדיק, פּאַנעם און געזאָגט:

— דו געפעלסט מיר, ייִדין, דו אַרבעטסט פליַסיק. ביסט ניט קיין פּאַראזיט ווי אַלע אַנ־דער׳ע. וועסט מיט מיר שלאָפן און ס׳וועט דיר גאָרניט פעלן. וועסט בלײַבן, ווען אַלע וועלן אוועק־גיין און מיר וועלן דאָ שלאָפן.

פּראַדל האָט זיך א שאָקל געטאָן, ווי עס איז איר שטייגער, ווען זי גרייט זיך געבן עמעצן די גאָב און געזאָגט מיט אײַנגעהאַלטענעם צאַרן:

— יאָך האָב נאָך ווי צו שלופן און יאָך שלוף נישט.

פּריץ האָט געלאַכט מיט זײַן פּערדיש געלעכטער:

— מיט מיר וועסטו ניט שלאָפן. מיט מיר וועסטו וואָך זײַן.

— הער אופזעער, ווען יאָך בין וואָך, אַרבעט יאָך פאַרן פּיראַ.

— כ׳וועל דיך באַפרײַען פון דער אַרבעט, — האָט פּריץ געזאָגט, זיך אופגעשטעלט מיט א שאַרפער באַוועגונג און צוגעגאַנגען נעענטער צו פּראַדלען. אויך זי האָט זיך אופגעשטעלט, מיט א פוס אָפּגערוקט דעם שטול און געמאַכט א טריט הינטערווײַלעכס. ער האָט אַראָפּגעבויגן דעם קאָפּ, קוקנדיק צו איר מיט זײַנע גרוי־וואַסערדיקע אויגן, וואָס זײַנען פלוצעם פאַרוואָלקנט געוואָרן:

— כ׳וואָלט געקאָנט דיך צווינגען צו שלאָפן מיט מיר, נאָר איך וויל דיך ניט צווינגען. כ׳וויל, דו זאָלסט מיך ליב האָבן. דײַן פּאַנעם זאָגט מיר, אז דו קאָנסט ליב האָבן. וועל איך געדולדיק וואַרטן ביז מאָרגן אין דער צײַט. — ער האָט א קוק געטאָן אויף זײַן האַנטזייגערל און צוגעגעבן: — פאַר די, וועלכע פאָלגן מיך ניט, האָב איך א באַן פאַר א ווײַטער שטרעקע. איצט קאָנסטו גיין.

אין אָוונט פון דעם זעלבן טאָג האָט פּראַדל זיך באַגעגנט מיט איר בערעלען אפן בוידעם־מאַ־רק. דאָס מאָל איז דער מאַרק געווען א טומלדיקער, כאָטש עס זײַנען ניט געווען מער סאָחרים און קויינים. געטומלט האָט מאַכמעס דעם בלעכענעם דאַך, וואָס א שטאַרקער רעגן האָט געפּויקט אין אים ווי מיט שטיינדלעך. עס זײַנען אויך געווען מער קריסטלעכע שמוגלערס, וואָס זײַנען זיך אַרײַנגעדרונגען אין געטאָ דורך די שטאָטישע אָפּפלוס־קאַנאַלן, ווי ייִדישע שמוגלערס. זי האָט אַנגעקויפט א פולן זאַק. פאַר זיך און פאַר בערעלען האָט זי אָפּגעטיילט א לעבל ראַזעווע ברויט, א שטיק האַרטן ווײַסן קעז מיט צוויי ציבעלעס. באַגינען, נאָך דעם ווי בערעלע איז צוריקגעקומען פון די בונקערס און זיך געגרייט אוועקצוגיין אין שאָפּ, האָט פּראַדל נאָכגעקוקט, ווו ער לייגט אַוועק דאָס קאַצאָוויס־מעסער, מיט וועלכן ער היט באַנאַכט דעם בוידעם־דורכגאַנג. ס׳איז געווען א קליין מעסער, וואָס פון יאָרן שלײַפן אים איז דאָס קלינגל געוואָרן שמאָל און פאַרונדיקט ווי א

קינזשאַל. באַם היטן באַנאַכט די דורכגאַנג־לעכער אַפֿן בוידעם האָבן אַלע ייִנגלעך געהאַט ענלעכע מעסערס, אָדער שפּיציקע שליסל־אײַזנס.

ווי נאָר ס'האָט אָנגעהויבן גרויען אויף טאָג, האָט פֿראַדל זיך אויפֿגעהויבן פֿון איר געלעגער אין דער קעלערשטוב, וווּ זי האָט געוווינט זינט זי האָט כאַסענע געהאַט; דאָ האָט זי געבוירן אירע קינדער און פֿונדאַנען איז אַוועק איר מאַן אין דער פּוילישער אַרמײַ ערעוו דעם אויסבראָך פֿון דער מילכאָמע און איז מער ניט צוריקגעקומען. זי האָט פֿאַרבעט איר און בערעלעס געלעגער, מיט בענקשאַפֿט געקוקט אויף דער סאָפֿקע, וווּ עס פֿלעגן שלאָפֿן אירע צוויי ייִנגסטע, זיך געקליבן צו גיין אין איר שאַפּ. דאָס מאָל האָט עס געדויערט לענגער. זי האָט געזוכט אַן אָרט צווישן אירע קליידער, וווּ צו באַהאַלטן דאָס קאַצאָווים־מעסער. זי איז אין קאַס געוואָרן אויף איר קלייד, וואָס האָט נישט געהאַט קיין אָרט, וווּ צו באַהאַלטן אַ מעסער; זי האָט עס אויסגעטאָן און אַוועקגעשלײַדערט. אַ צעטומלטע, איז זי געבליבן שטיין אין דעם אונטערוועש, עפּעס געזוכט אַרום זיך און גאָרנישט געפֿונען. זי האָט זיך אָן עפּעס דערמאָנט און אַרײַן אין דער צווייטער קאַמער. דורך די קעלער־שײַבלעך האָט זיך אַרײַנגעזײַעט דער גרויער רעגנדיקער טאָג. פֿראַדל האָט פֿון אַ באַשלאָגענעם קופֿערט אַרויסגעשלעפּט אַ ווײַס בלוזקעלע, וואָס זי פֿלעגט עס טראָגן אין די שאַבאָסים, געפֿונען אַ וואָלן קליידל, וואָס אַמאָל האָט זי עס מער ניט געקאָנט אַרויפֿשלעפּן אויף איר פֿעט־געוואָרענעם גוף נאָך די קימפּעטן, און ביידע באַקוקט, ווי זי וואָלט זיי געזען צום ערשטן מאָל. זי האָט דאָס קליידל אַרופֿגעשלעפּט אויף זיך. די העקעלעך זײַנען ווידער צוגעגאַנגען ווי אַמאָל, אַמאָל, אויך דאָס בלוזקעלע איז אַרופֿגעגאַנגען אויף איר גוף און בוילעט געמאַכט אירע בריסטן. זי האָט באַקלאָגט איר יאָמטעוודיקײַט אין איר מײַמעד, אַרײַנגעשטעקט דאָס קאַצאָווים־מעסער צווישן דעם קליידל און דעם בלוזקעלע, און אַרופֿגעצויגן אויף זיך דעם מאַנטל.

זי איז שוין געווען גרייט אַוועקצוגיין, נאָר זי האָט זיך באַטראַכט און אַוועקגעזעצט זיך אויף דער סאָפֿקע, וווּ עס פֿלעגן שלאָפֿן אירע צוויי ייִנגסטע. זי האָט אַליין ניט געוווּסט, צוליב וואָס זי האָט זיך אַוועקגעזעצט, אַז זי דאַרף זיך גאָר אײַלן צו דער אַרבעט אין שאַפּ. בלײַבן אויף דער גאַס אָן אייך־אייניציקע איז סאַקאָנעס־נעפּאָשעס. ס'האָט איר געקלעמט באַם האַרץ. זי וואָלט אַוועקגעגעבן איר לעבן צו זען אירע צוויי ייִנגסטע. וווּ זײַנען זיי? אין וועלכן קלויסטער? צי שלאָפֿן זיי נאָך איצט, אָדער זיי זײַנען וואַך און בענקען נאָך דער מאַמען ווי זי בענקט נאָך זיי? מיט פֿאַרדראָס אויף זיך אַליין האָט פֿראַדל זיך אָפּגעריסן פֿון דער סאָפֿקע און אַרויס פֿון קעלער אַפֿן הויף. אויך אַנדערע שכיינים האָבן געאײַלט צו זייערע שאַפּן, אײַנגעטוליעט אין שמאַטעס און אין לאַכעס, קעדיי צו שיצן זיך פֿונעם רעגן, וואָס האָט ניט אויפֿגעהערט כליאַפּען. די מענטשן האָבן ניט גערעדט מיטאַנאַנד, אַפֿילע קיין גוט־מאָרגן ניט געזאָגט. אַרויס פֿון טויער, געשליאָפּעט אין געוויסער, אַוועק, אַוועק, צו נאָך אַ טאָג, וואָס דער בלײַענער קלאָגנדיקער הימל זאָגט ניט אָן, אַז ער וועט ווערן ליכטיק.

מאַכמעס דעם רעגן און די נאַסע מאַנטלען אויף די אויסגעפּײַניקטע גופֿים איז אין שאַפּ געווען קעלטער ווי יעדן טאָג. אויף צו דערוואַרעמען זיך האָבן די אַרבעטער־שקלאַפֿן געטופּעט מיט די פֿיס, געהויכט אין די פֿויסטן און זיך געקראַטשעט. פֿריץ אַדענבאַך איז אָנגעלאָפֿן מיט רוגזע. דעם שטעקן אויסגעשטרעקט, ווי עפּעס אויסטערלישס וואָלט געשען אין שאַפּ, האָט ער געריטשעט:

— אַרבײַטען, אַרבײַטען!

דאָס טופּעניש האָט זיך אָפּגעשטעלט, די שקלאַפֿן האָבן מיט פֿאַרשטײַפֿטע הענט זיך געכאַפּט צו דער אַרבעט. פֿריץ האָט מיט דעם פֿאָכענדיקן שטעקן געמאַכט אַן אינספּעקציע בײַ יעדן וואָרק־שטעל באַזונדער און געראָוועט ווי אַ הונט, וואָס קלײַבט זיך בילן און בילט נישט. ער האָט זיך אָפּגעשטעלט לעבן פֿראַדלס טיש און זיך צוגעקוקט, ווי עס אַרבעטן אירע פֿינגער. ער האָט גענומען זײַן שטעקן אונטער אַן אָרעם און, אָנבייגנדיק זיך צו פֿראַדלען, האָט ער מיט זײַנע גרויסע הענט פֿאַרדעקט פֿראַדלס ביידע הענט, קלוימערשט זי געלערנט, ווי־אַזוי זי דאַרף אַרבעטן. זײַנע הענט זײַנען געווען הייס און פֿון זײַן פֿאַרפֿרישטשעט פּאָנעם האָט זיך געטראָגן דער איבלדיקער רייעך פֿון ביליקן שנאַפּס.

— זאָ מוז מאַן אַרבײַטן, זאָ! — האָט ער געדריקט אירע הענט. פֿראַדל האָט אָפּגעקערט איר קאָפּ פֿון זײַן פּאָנעם אָבער נישט אַפּירגענומען אירע הענט פֿון אונטער זײַנע. זי האָט געדאַרפֿט די היץ, וואָס האָט זיך געטראָגן פֿון זײַנע הענט. צום סאָף האָט ער אַוועקגענומען זײַנע הענט און אַ פּאַטש געטאָן פֿראַדלען אין הינטן: — זאָ מוז מאַן אַרבײַטן!

— ער איז דאָך הײַנט ווי צוצולייגן צו אַ מאַקע, דער ראָשע, — האָט באַמערקט פֿראַדלס שאָכן. — אין אַ רעגן־טאָג שיקט מען נישט די פֿריצן אַפֿן רוסישן פֿראָנט.

— אַז שיקן זאָל מען אים אין גענעם אַראָן און יאָך זאָל אים זען אַ פֿאַרברענטן! — האָט פֿראַדל אַרײַנגעבורטשעט אין זיך און זיך פֿאַרשלאָסן. זי האָט געשוויגן, און אין שווײַגן האָט זי געברענט פֿון קאַס. ס'האָט געקאָכט אין איר, נישט וויסנדיק קעגן וועמען: קעגן זיך אַליין? קעגן

איר גוירל? זי איז אפילע נישט געווען אין קאס אף דעם אופזעער. ווי נאר ער איז אוועק פון לעבן איר, האט זי אים ווי פארגעסן. נעכטן איז זי גרייט געווען צו צערײַסן אים אף שטיקער. זי האלט אים אויסגעדראפעט די אויגן, אבער איצט, נאך דעם ווי ער האט גערעדט צו איר ווי א מענטש, איז כאטש זי האט אים געחוונטשן גענעם, האט זי נישט געטראגן קיין קאס אף אים.

— מאנע שוואלבן... — האט זי עטלעכע מאל געזאגט שטילערהייט, און איר שאכן, וואס האט געמיינט, אז זי רעדט צו אים, האט איבערגעפרעגט:

— וועץ?

— גוניש, — האט זי געענטפערט און זיך ווידער פארשלאסן אין זיך.

דעם טאג האט פריץ קיינעם נישט געשלאגן. פון צײַט צו צײַט איז ער ארויסגעקומען פון זײַן ביורא־צימער, ארומגעדרייט זיך ארום די טישן, קאוואלעריש געדרייט דעם שטעקן צווישן די פינגער און צוריק נעלעם געווארן. פארבאכט־צו איז ער ארויסגעקומען פון זײַן צימער, גלײַך צו־געגאנגען צו פראדלען און מיט רוגזע איר באפוילן, זי זאל גיין מיט אים. זי האט זיך אײַנגעצויגן, ווי זי וואלט זיך געקליבן אופנעמען קלעפּ, און געגאנגען נאך אים.

— ער וועט זי דערהארגענען, — האט נעווייעס געזאגט איר נאענטסטער שאכן באם ארבעט־טיש. — די ווילדע יוכע האט אים געשלאגן אין פארצעף ארײַן.

בא פריצן אין ביורא־צימער איז אפן שרײַבטיש געשטאנען א טעלער מיט וורשט־סענדוויטשן און א פלאש בראנפן מיט צווי טיי־גלעזער. איידער פראדל האט דערזען די וורשט־פענעצלעך מיט די ווײַסע פעטס־אויגן, האט זי דערפילט דעם רייצנדיקן רייעך פון געראויכערט פלייש און ס'האט איר א שלאג געטאן אין קאפ ארײַן. אין דער רעגע איז אין איר זיקארן אופגעגאנגען די דער־מאנונג וועגן „אפשניט", „טרוקענער", „הייסע קישקעלעך", און צוזאמען מיט זיי האט זי געזען דאס געשטאלט פון איר מאן. פרײַטיק, ווען ער פלעגט פריער אהיימקומען פון דער ארבעט, האט ער מיטגעבראכט טרוקענעם וורשט, געגנדזן־וורשט און רויטע פעטע ברוסט, וואס האט פארשמעקט די קעלערשטוב. די קינדער, ווי הינטעלעך, האבן דערפילט דעם רייעך פון געראויכערט פעטס און האבן ארומגעטאנצט ארום דעם טאטעשי; „טאטעשי, טאטעשי, א פיצעלע, א שטיקעלע. טאטעשי, מיר אויך אזא קליין שטיקעלע!"

דער טאטעשי האט געהאט א ווייך הארץ. האט ער געטיילט דעם א שטיקל, דעם א פיצל, דעם נאך א צולאג, ביז פראדל איז ארויס מיט לאשן, אז ער מאכט פון די קינדער „פרעסערס, געשמאדטע העלדזער", כאטש דאס הארץ איז איר צעגאנגען פון נאכעס, וואס פאר א לעבעדיקע קינדער גאט האט איר געגעבן. און ווי ליב ער האט די קינדער. דאס אלץ האט פראדל געהאט פאר די אויגן אין דער רעגע, ווען זי האט דערפילט דעם רייעך פון די סענדוויטשן אף פריצס טיש.

ער, פריץ אדענבאך, האט זי ארויסגעשלאגן פון אירע געדאנקען דערמיט, וואס ער האט איר געזאגט, זי זאל זיך זעצן, און איר אנגעוויזן אף דעם שטול פון דער צווייטער זײַט שרײַבטיש.

— יאך בין געחוינט צו שטיין. וואס חינטשט דער האר פאן אדענבאך? — האט זי געדענקט זײַן אנזאג, חיאזוי זיך צו ווענדן צו אים.

— זעץ דיך און רוף מיך פריץ! — האט ער ווידער אויסגעשטרעקט די האנט און איר אנ־געוויזן אף דעם שטול. — פארוואס ביסטו איגעם מאנטל. טו אים אויס! — האט ער געזאגט באר־פעלעריש.

זי האט אויסגעטאן דעם מאנטל און אים אוועקגעלייגט אפן אנלען פון דעם ליידיקן שטול.

— זעץ זיך און עס! — האט ער ווידער באפוילן און אנגעגאסן אין די גלעזער בראנפן.

— יאך עס קושא, — האט זי זיך פארענטפערט. — יאך עס נישט קא טרייפס, עס יאך נישט.

— וואס פיר אײַנע שפײַזע איז טשוטשאָ? — האט פריץ געלאכט זײַן פערדיש געלעכטער און אופגעהויבן א פולע גלאז. — איך האבע קײַן טשוטשא. מארגען ווערדע איך אין דער קאנטינע טשוטשא קאופען. פראזיט!

מיט א נערוועזער באוועגונג האט פראדל אופגעהויבן די גלאז בראנפן, וואס איז געשטאנען פאר איר, און די פליסיקײַט ארײַנגעגאסן אין זיך, ווי עס וואלט געווען וואסער.

— בראוואָ, בראוואָ! דו הימלישע טרינקזאו! — האט פריץ אויסגערופן און ארײַנגעגאסן אין זיך דעם בראנפן פון זײַן גלאז. ער האט זיך אופגעשטעלט, פארנומען די האלב־ליידיקע פלאש בראנפן מיט די גלעזער און געעפנט א טיר אין דער וואנט הינטער זײַן שטול. מיט א באוועגונג פון א קאוואלער האט ער אין דער ראם פון דער אפענער טיר פארבעטן פראדלען, זי זאל גיין נאך אים. דער אלקאהאל האט איר א זעץ געטאן אין קאפ ארײַן און שווער געמאכט אירע פיס. דאך איז זי נאכגעקומען דעם פארלאנג פון פריצן און געגאנגען אין זײַנע פוסטריט, קוים אופהאלטנדיק איר גלײַכוואג. אין דעם צווייטן צימער האט פראדל ווי דורך א נעפל געזען א ריזיקע סאפע, אדער ס'האט זיך איר בלויז געדאכט, אז זי זעט א סאפע, איבער דער סאפע האט זיך אופגעהויבן און אראפגעלאזט א צונטער־רויטע פליושענע דעק, וואס זי האט אמאל געזען בא עמעצן אף א טיש.

אף װעמעס טיש? בא װעמען? זי האָט דערפילט א האסטיקן ריס בא דער ברוסט און זיך א װאקל געטאָן פאָרויס אף פריצן. דאָס האָט ער מיט א װילדער באװעגונג אראָפגעריסן פון איר דאָס װײַסע בלוזקעלע צוזאמען מיט דעם ביוסטהאלטער. פון צװישן אירע אויסגעבלייכטע בריסטן האָבן זיך אראָפגעשאָטן באנקנאָטן פון זלאָטעס און דאָלארן און געבליבן ליגן פאַר אירע פיס. פריץ האָט געלאכט זײַן פערדיש געלעכטער מיט אזא קריעך, אז ער האָט זיך א װאקל געטאָן און פאלנדיק זיך אראָפגעזעצט אפן ראנד פון דער קושעטקע.

— האָסט אין דײַן בוזעם א געלט־פאבריק? — האָט ער נישט אופגעהערט לאכן און אין געלעכטער אויסגעשטרעקט ביידע הענט פאָרויס, אָנגעכאפט זי בא די היפטן און זי א צי געטאָן צו זיך. ער האָט זיך אײַנגעביסן מיט זײַנע פינגער אין איר לײַב, מיטן פּאָנעם געזוכט אירע בריסטן און אראָפּגעבויגן דעם קאָפּ צו געפינען איר בויך: — קום צו מיר, קום צו מיר, דו... — האָט ער געכאָרכלט און מיטן קאָפּ זיך געגראָבן אין איר בויך. פראַדל האָט דורך דעם נעפּל פון פאַר אירע אויגן געזען פריצס פליישיקן קארק, װי א שטיק אופגעװײרענעם טײג, װאָס הייבט זיך און לאָזט זיך אראָפּ. זי האָט געגרייכט צום קאצאַװים־מעסער און אָן דער מינדסטער אָנשטרענגונג — זי האָט אפילע נישט געװוּסט, װיאַזוי דאָס איז געשען — האָט זי דאָס מעסער אריַנגעשטאָכן אין זײַן קארק, װי אין טײג.

אלץ אין דעם צימער איז געװען געדיכט פארנעפּלט. אין דעם נעפּל איז פראַדל געשטאַנען אין אומגליקלעכע, א פארלוירענע און מיט א קלעמענדיקן װייטיק אין הארץ. ערשט װען פריץ האָט זיך א װאקל געטאָן אף א זײַט, זײַן קערפּער האָט זיך גענייגט צו פאלן אף דער קושעטקע און איז מיט א װייכן קלאפּ אראָפּגעפאלן אפן דיל, האָט זי געמאכט א שיקערן טראָט הינטער־װײַלעכס. דאָס בלוט, װאָס זי האָט דערזען, האָט זיך איר אויסגעװיזן צו זײַן אן אָפּגעריסענער שטיק פון דער רויטער פליושענער דעק. זי האָט באמערקט דאָס קאצאַװים־מעסער אין איר האַנט און זיך אופגעװעקט װי פון א שװערן כאָלעם. זי האָט אװעקגעװאָרפן דאָס מעסער און א קוק געטאָן אף אירע נאקעטע בריסטן. מיט טריט הינטערװײַלעכס איז זי אריַין אין ביוראָ־צימער, זיך אָנ־קלאפנדיק מיט דער נאקעטער פלייצע אינעם בײַשטידל. זי האָט שנעל אָנגעטאָן דעם מאנטל, קוקנדיק דורך דער אָפענער טיר צו דעם גוף פון פריץ אדענבאך און לעבן זײַן גוף — די צעשאָטענע באנקנאָטן. א רעגע האָט זי זיך פארהאלטן, װי זי װאָלט נישט געװוּסט װאָס װײַטער צו טאָן. זי האָט באמערקט די װורשט־סענדװיטשן אפן טעלער, האָט זי מיט זיי אָנגעפילט די קעשענעס און אײַנטוליענדיק זיך אין מאנטל, קיינער זאָל נישט באמערקן איר אייבערשטן נאקעטן גוף, איז זי אריַין אין שאפּ. זי איז צוגעגאנגען צו איר ארבעט־טיש און געזאָגט צו איר שאָכן מיט א נאטירלעכער, כאָטש שװאכלעכער שטים:

— ער גריזשעט די אייארד, — און זי איז ארויס פון שאפּ.

אין דרויסן האָט אָנגעהאלטן דער קאלטער רעגן. פראַדל האָט אים נישט געפילט. זי איז געװען מיד. פון מידקײַט װאָלט זי זיך געקרן אװעקגעלייגט אף דער אויסגעליידיקטער גאס אונטערן רעגן און אײַנגעשלאָפן. אָבער דער רעגן האָט איר געפּאטשט אין פּאָנעם. די נאסע האָר־פּאסמעס האָבן פארשטעלט אירע אויגן. זי האָט זיך דערמאָנט אָן בערעלען. ער װעט אהיימקומען א הונגעריקער. ער איז איצט איר איינציק קינד. שפּעטער, אין אָוונט, װעט ער זי זוכן אפן בוידעם־מארק און זי נישט געפינען. װען די יינגסטע װאָלטן כאָטש געװען מיט איר... װו זײַנען זיי? אין װעלכן קלויסטער? צי בענקען זיי נאָך דער מאמען װי זי בענקט נאָך זיי?.. פון דעם שאפּ אף דער פראנציסקאנער־גאס ביז איר קעלער־דירע אף מילע־גאס איז נישט געװען װײַט. אָבער די פיס האָבן זי נישט געטראָגן, זיי האָבן זיך ראק אײַנגעבראָכן אונטער די קני און זי געצויגן צו דעם אויסגעליידיקטן, פארשװוּנקטן ברוק.

פראַדל האָט זיך דערשלאָגן צו איר קעלער און מיט די לעצטע קויכעס אופגעשלאָסן די טיר. װי זי איז אריַין אין דער קאמער, האָט זי זיך א װאָרף געטאָן אף איר געלעגער אינעם דורכגענעצטן מאנטל און קעהערט־אײַן איז זי פארזונקען געװאָרן אין א טיפן שלאָף. אייך בערעלע איז אהיימגעקומען פון זײַן שאפּ א דורכגענעצטער פונעם רעגן. געזען די מאמעשי שלאָפט, האָט ער שטיל פון אונטער זײַן בעטל אפירגענומען א קוישל, פונעם קוישל ארויסגעקניפּט ברויט און הארטן קעז און געקײַט אָן אפּעטיט. פון א זײַט האָט ער געקוקט אף דער שלאָפנדיקער מאמעשי. זי איז אין שלאָף געװען קליין װי א מיידעלע, און ער האָט געהאט אף איר ראכמאָנעס. װי נאָך עס האָט זיך אים געדאכט, אז די מאמעשי באװעגט זיך אף איר געלעגער, האָט ער שטיל געפרעגט:

— מאמעשי, טוט דיר עפּעס װיי? עפּשער װעלן מיר הײַנט נישט גיין צום בוידעם?

פראַדל האָט נישט געענטפערט. זי איז װײַטער געשלאָפן. און אז די מאמעשי איז געשלאָפן, האָט ער נישט אָנגעצונדן דאָס קאנעצל. ער האָט זיך אװעקגעלייגט אף זײַן בעטל און געקוקט אין דער פינצטערניש אריַין. דאָרטן האָט ער געזען א סאך זאכן, װאָס ער האָט נישט געװאָלט זען און ער האָט זיי געטריבן פון זיך. ער האָט אָבער נישט געקאָנט אװעקטרײַבן די פינצטערניש.

שפעט אין אָוונט האָט בערעלע געהערט א גערודער פון מענטשן בא דער קעלער־טיר. עמעצער האָט זי געעפנט און אריינגעפרעגט אין דער פינצטער אריין:

— איז ווער דאָ?

— איך בין דאָ. די מאמעשי איז דאָ, — האָט בערעלע זיך אופגעזעצט אף זײַן בעטל. אן עלעקטריש לעמפל האָט באלויכטן דעם אָרעמען צימער מיט א העל ליכט און אָפּגעדעקט טונקעלע פלעקן אף די ווענט. דאָס ליכט האָט געוואנדערט איבערן צימער, איבערן דיל און איבערן באלקן, איבער די ווענט און צופוסנס פון די געלעגערס. ס׳האָט זיך פארהאלטן אף דער שלאָפנדיקער פראדל.

— די מאמעשי שלאָפט, — האָט בערעלע געזאָגט.

— פון שלאָף וועקט מען זיך אוף, — האָט איינער פון די צוויי פאָליצײַ־לײַט זיך דערנעענטערט צו פראדלס געלעגער, און דער צווייטער איז געבליבן שטיין בא דער טיר. דער, מיטן עלעקטרישן לעמפל, האָט א טרייסל געטאָן פראדלען באם אקסל.

— שטייען זי אאוף, פריצעטע!

פראדל האָט א קרעכץ געטאָן און ווײַטער געשלאָפן. דער פאָליציאנט האָט זי א שטארקערן טרייסל געטאָן און דערנאָך א צי געטאָן זי בא א פוס.

— שטייט אוף, איצט איז נישט די צײַט צו שלאָפן! — איז דער פאָליציאנט געוואָרן אומגעדולדיק.

פראדל האָט געעפנט די אויגן און זיי צוריק געשלאָסן צוליב דעם בלענדנדיקן ליכט. זי האָט באַכאמאָל געעפנט די אויגן, זיך ארומגעקוקט, ווי זי וואָלט נישט געוווּסט, וווּ זי געפינט זיך, און געפרעגט:

— בערעלע, ביסט דאָ?

— מאמעשי, כ׳בין דאָ.

— שטייט אוף און איר וועט גיין מיט אונדז! — האָט דער פאָליציאנט מיטן עלעקטרישן לעמפל געהאָלפן איר זיך אופזעצן.

— וויאַזוי דאָרף די מאמעשי גיין? — האָט בערעלע געוואָלט וויסן.

— די מאמעשי וועט צוריקומען, וועט זי דיר זאָגן.

— כ׳וועל מיטגיין מיט איר, — האָט בערעלע זיך דערבעענטערט צו דער מוטער.

— דו וועסט נישט מיטגיין, אין דרויסן כליאפעט, — האָט דער פאָליציאנט זיך געשטעלט צווישן דעם יינגל און זײַן מוטער.

— כ׳וויל! — איז בערעלע באשטאנען אף זײַנס.

— און איך וויל נישט. ווילסט באקומען לײַגעס? — האָט דער פאָליציאנט געפרעגט דראָענדיק.

פראדל האָט זיך אופגעשטעלט א שיקערע. זי האָט אפילע נישט געפרעגט, וווּהין די צוויי האָבן בעדייע זי צו פירן. אין די מאנטל־קעשענעס האָט זי געפונען די צעקנייטשטע ווורשט־סענדוויטשן. האָט זי זיי מיט פארשלאָפענע באוועגונגען ארויסגענומען פון די קעשענעס, זיי אוועקגעלייגט אפן טישל און געזאָגט נאָך אלץ מיט שלאָף:

— דאָ האָסטו, בערעלע, וועסט עס עסן אף וועטשערע.

— כ׳האָב שוין געגעסן וועטשערע, מאמעשי.

— גייט, גייט, אויך מיר דארפן עסן וועטשערע! — האָט דער פאָליציאנט זי א שטופ געטאָן צו דער טיר.

בערעלע איז זיי נאָכגעגאנגען. די פאָליציאנטן האָבן אים געטריבן:

— א זשאנדאר וועט דיך דערשיסן. ס׳איז שפעט.

— וועסט באלד קריגן לײַגעס, — האָט דער צווייטער פאָליציאנט צוגעגעבן.

דאָס יינגל איז געבליבן שטיין אונטערן רעגן און נאָכגעקוקט, ווי די צוויי פאָליציאנטן פירן אוועק זײַן מאמעשי. צווישן די צוויי האָט די מאמעשי אויסגעזען קלענער, ווי ער אליין איז געווען. דער רעגן האָט נאָך מער פינצטער געמאכט דעם דרויסן, באלד האָט ער די מאמעשי מער נישט געזען.

אין דעם באלויכטענעם צימער פון דעם יודענראט אפן פלאץ עק גענשע און דזשיקע איז הינטער א גרויסן שרײַבטיש געזעסן א דײַטשישער אָפיצער אין א גרויער שינעל מיט א מאָנאָקל אין רעכטן אויג. פון בײדע זײַטן טיש זײַנען געזעסן צוויי אָפיצערן פון דער געסטאַפּאָליציי. באם ארײַנגאנג אין צימער זײַנען פון בײדע זײַטן געשטאנען צוויי זשאנדארן מיט שילדן אף די ברוסטן. אמטלעך זײַנען אלע געזעסן אין די היטלען און געשוויגן. פון צײַט צו צײַט האָט דער דײַטשישער אָפיצער א הייב געטאָן די באק, איבער וועלכע ס׳איז געזעסן דער מאָנאָקל.

בײַס די צוויי פאָליציאנטן האָבן ארײַנגעפירט פראדלען, האָט איינער פון די אָפיצערן פון דער געסטאַפּאָליציי, אין אן עלעגאנטן מונדיר און געפוצטע שטיוול, זיך אופגעשטעלט און איר

אנטקעגנגעגאנגען. ער האָט זי אָפּגעשטעלט אין דער מיט פונעם צימער. דערנאָך מיט אַ פינגער אופגעהויבן איר קאָפּ, קעדיי צו זען איר פּאָנעם, און געפרעגט:

— דו ביסט פראַדל מאַזיק? אַזוי רופט מען דיך?

זי האָט אַ שאָקל געטאָן מיטן קאָפּ אויף יאָ און דער אָפּיצער האָט אופגעהויבן זײַן שטים:

— שאָקל נישט מיטן קאָפּ, נישט אויף יאָ און נישט אויף ניין, גיב לאַשן.

— יאָ, — האָט פראַדל באַשטעטיקט

— דו אַרבעטסט אין דעם בערשטער־שאַפּ, וווּ דער אופזעער איז הער פריץ אַדענבאַך?

— יאָ, — האָט פראַדל געזאָגט און צוגעשאָקלט מיטן קאָפּ. — איך אַרבעט דאָרט.

— ווי אַלט ביסטו, פראַדל?

— יאָר? איין און דרײַסיק פינצטערע יאָר.

— האָסט דײַן אַרבעט־קאַרטע? — האָט דער אָפּיצער אויסגעשטרעקט צו איר די האַנט.

— יאָך האָב זי נישט בײַ זיך. ס'איז רעגן אין דרויסן, — האָט פראַדל אָנגעוויזן אויף איר נאַסן מאַנטל.

— ווייסטו נישט, אַז די אַרבעט־קאַרטע דאַרף מען שטענדיק האָבן מיט זיך?

— יאָך ווייס.

— האָסט אַ מאַן?

— יאָך האָב אַ מאַן אין דרייאַרד.

— קינדער האָסטו?

— יאָך האָב דרײַ שוואַלבן.

— אין דעם שאַפּ, אין וועלכן דו אַרבעטסט, האָסטו דערמאָרדעט דעם דײַטשישן אופזעער, הער פריץ אַדענבאַך. ביסטו זיך מודה, אַז דו האָסט אים דערמאָרדעט, און פאַר וואָס?

— יאָך ווייס גוניש, — האָט פראַדל געענטפערט.

— וואָס ווייסטו נישט? ווילסט פאַרלירן דעם אַרבעטס־פּלאַץ און גיין צום אומשלאַג־פּלאַץ? — האָט דער אָפּיצער נאָך מער אופגעהויבן זײַן שטים.

— יאָך ווייס גוניש. יאָך בין שוין סײַווי געשטאָרבן.

דער דײַטשישער אָפּיצער האָט זיך אופגעשטעלט און אומגעדולדיק אָנגעהויבן שפּרײַזן איבערן צימער מיט שטײַפע, געמאָסטענע טריט. שפּרײַזנדיק הין און צוריק, האָט ער געלאָזן אַראָפּגעצויגן אַ הענטשקע פון יעדן פינגער באַזונדער, דערנאָך אַראָפּגעצויגן די צווייטע הענטשקע. דערנאָך איז ער געבליבן שטיין הינטער פראַדלען, אַרויסגענומען פון דער רעכטער אויגן־ראַם דעם מאָנאָקל, אויסגעשטעלט אים אַנטקעגן דעם ליכט צו זען, צי ער איז ריין. מיסטאָמע נישט געווען ריין. וואָרעם פון דער בוזעם־קעשענע האָט ער אַרויסגענומען אַ בלאַנק ווײַס טיכל, געפוצט דעם מאָנאָקל, געלאָזן צוריק אַרײַנגעשטעלט דאָס גלעזל, אַרײַנגעלייגט דאָס ווײַסע טיכל אין דער בוזעם־קעשענע און ווידער אָנגעהויבן שפּרײַזן הין און צוריק. דער אָפּיצער פון דער געסטאַ־פּאָליצײַ האָט נישט אופגעהערט פרעגן. ער האָט ראַק געוואָלט וויסן, צי פראַדל אַליין האָט געהאַרגעט דעם הער פריץ אַדענבאַך, אָדער זי האָט געהאַט אַ שותּף. זי דאַרף זאָגן, ווער ס'איז געווען דער שותּף, וועט ער גיין אָפּן אומשלאַג־פּלאַץ, און זי וועט מאָרגן אינדערפרי צוריקגיין צו דער אַרבעט אינעם שאַפּ.

פראַדל האָט געענטפערט:

— יאָך ווייס גוניש.

דער דײַטשישער אָפּיצער האָט שפּרײַזנדיק אַרײַנגעשטופּט זײַנע הענטשקעס אין דעם לינקן דערנעם פאַס אַרום דעם שינעל, ווידער בוידעק געווען צי דער מאָנאָקל איז ריין. צוריקזעצנדיק דאָס גלעזל, האָט ער אויף דעם לאַץ פון זײַן שינעל באַמערקט אַ שטויבעלע, האָט ער דאָס שטויבעלע אַראָפּגעפּילעט מיט די פינגער. ער האָט זיך פאַרהאַלטן אַ צוויי טריט הינטער פראַדלען, אַ ווײַלע זיך צוגעהערט צו די שײַלעס פון דעם פּאָליצײַ־אָפּיצער און צו די „גוניש" פון פראַדלען. פּלוצעם האָט ער פלינק אַרויסגעכאַפּט דעם רעוואָלווער פון זײַן זײַט־טעשל און, נישט צילנדיק אפילו, אָפּגעגעבן דרײַ שאָסן אין פראַדלען.

דער פּאָליצײַ־אָפּיצער, דער אויספאָרשער, איז אָפּגעשפּרונגען אָן אַ זײַט, ווי ער וואָלט מורא געהאַט, אַז אויך אים וועט טרעפן אַ קויל. פראַדל האָט זיך אײַנגעבראָכן, זי איז געפאַלן אויף אַ זײַט. אַ ריטשקעלע בלוט האָט אַרויסגערונען פון איר מויל. אירע אויגן, פאַרגלייזטע און פאַרוואָלקנטע, האָבן געקוקט אויף די געפוצטע שטיוול פון דעם פּאָליצײַ־אָפּיצער.

דער דײַטשישער אָפּיצער האָט אַרופגעצויגן זײַנע הענטשקעס אויף די פינגער און אַ ווונק געטאָן צו די צוויי זשאַנדאַרן. זיי האָבן אַ קנאַק געטאָן מיט די קנאַפּל און אים נאָכגעגאַנגען. אויך די צוויי אָפּיצערן פון דער געסטאַ־פּאָליצײַ האָבן אַ קנאַק געטאָן מיט די קנאַפּל און סאַלוטירט. דער דײַטש איז שוין געווען אויף יענער זײַט טיר.

# אווראָם סוצקעווער



אווראָם סוצקעווער איז געבוירן געוואָרן אין 1913 אין סמאָרגאָן, אין ווײַסרוסאַנד. דעביוטירט מיט לידער אַף העברעיִש אין 1927 און אין 1933 — אַף ייִדיש. די מילכאָמע האָט אים געטראָפן אין ווילנע, ווו ער איז אַרײַנגעפאַלן אין געטאָ. אָנטיילנעמער אין דער פּאַרטיזאַנישער באַוועגונג. אין 1944 אַרויסגעפירט געוואָרן אַף אַ סאָוועטישן אַעראָפּלאַן קיין מאָסקווע. אין 1946 געווען אַן איידעס אַפן נירנבערגער פּראָצעס. אין 1947 געקומען קיין ייִסראָעל. אווטאָר פון פיל ביכער פּאָעזיע און פּראָזע, רעדאַקטאָר פון דעם פּערטליאַריקן זשורנאַל „די גאָלדענע קייט".

## לידער פונעם טאָגבוך 1983

### א

כ'בין מאָמע־קראַנק. און וואַנדער
זוך אַ דאָזע
געהיימען סאַם אין וועלטישע אַפּטייקן,
די וווּנד זאָל ניט פאַרגיין,
זאָל ניט פאַרגיין,
ביז לעצטן אָטעם זיך ניט היילן.
ברומען זאָל זי לייביק,
ברומען אייביק,
ניט פאַרגיין.
ביז דערמאָנען וועט זיך דער באַשעפער
אין דער מאַמען,
אַרײַנבלאָזן אַן אָטעם אין איר אויסגעצאַנקט
געביין.

כ'בין מאָמע־קראַנק. און שרײַב אַליין רעצעפּטן
אין ליד און פּראָזע.
נאָר ניט פאַראַן אין וועלטישע אַפּטייקן
איז די דאָזע

געהיימער סאַם,
די ווונד זאָל ברומען ברעניקער.
ברומען זאָל זי לײַביק,
ברומען אײביק,
ווידערשפּעניקער,
די ווונד זאָל ניט פאַרגיין.
ביז דערמאָנען וועט זיך דער באַשעפער
אין דער מאַמען,
אַרײַנבלאָזן אַן אָטעם אין איר אויסגעצאַנקט
געביין.

ב

אַקערן די לופט. און וואָס פאַרזייען?
פאַרזייען אָטעם-קערנער. זאָל דער זאָמען
זיך וואַרעמען געדולדיק אין דער לופט
אַדורכגעווייקט מיט פרילינג-זון
און טרערן.

איך אַליין, צי האַלב אַליין,
אָדער גאָר פון זיך אַליין אַ שפּליטער,
קומען וועל איך, זאָגט מיר ס'האַרץ בעלאַכאַש,
צום אויפגאַנג פון די אָטעמס.

קומען וועל איך בענטשן
די אומלעבעדיקע מײַנע,
וואָס ציִען זיך צום אויפגאַנג פון די אָטעמס,
קעדיי צו לעבן.

דעמלט וועל איך קאָנען זאָגן זיך אַליין אין אויער:
בעדאַקאָם, אַט איז דער ניצאָכן דײַנער,
דער איינציקער,
דער ערשטער
און דער לעצטער.

ג

פאַר מײַן פרײַנט ראָכל קרינסקי־מעלעזין, וואָס האָט מיר דער־
מאָנט, אַז כ'האָב געבעטן אַ כירורג בײַצוזײַן און בײַצוזען אין
ווילנער געטאָ־שפּיטאָל אַ מויעך־אָפּעראַציע.

דערציילֿ, וואָס האָסטו זען געוואָלט באַם אופשנײַדן אַ שאַרבן,
ווען שוין צעשניטן איז געווען די ייִדנשטאָט אויף שטיקער?
— מיסטאָמע זען דאָס אײביקע, וואָס בלײַבט מעכוצן שטאַרבן,
אַ נאָמען האָב איך דעם געגעבן: פינקלענדיקער איקער.

דער שאַרבן — אָפן. ס'איז דער פאַנצער זײַנער ניט קיין דיקער,
אַצינד באַשערט איז מיר צו זען זײַן פינקלענדיקן איקער.
אַזוי האָט קענטיק אויסגעזען די וועלט באַם בערײשיס־בוירע,
אַזוי האָט ליכט געבוירן ליכט. געבוירן און געבוירן.

דער שאַרבן — אָפֿן. און איך קוק אַרײַן אין זײַנע טהאָמען,
ווען שוין צעשניטן איז די אַלטע ייִדנשטאָט אויף שטיקער:
דיך־אַדערדיקע שריפֿט. איך זע דעם נאָמען־אָן־אַ־נאָמען,
פֿאַרשטעל איך מײַנע אויגן: ס'איז דער פֿינקלענדיקער איקער.

פֿאַרלאָשן דער שפּיטאָל. עס נעמען קנײַען זײַנע זײַלן.
דער שאַרבן פֿון דער שטאָט איז אָפֿן. כ'האָב ניט וווּ צו אײַלן.
און שיקער בין איך פֿון דער זונג, ביז מעשוגע שיקער:
אַצינד וועט מיך באַשירעמען דער פֿינקלענדיקער איקער.

ד

איך בין דײַן אָפּגרונט, בין דײַן אַש און גענעם,
איך בין דײַן סאַמע לעצטער בליק — דערקען אים.

איך בין דײַן לעצטער פּונק, וואָס איך געזעגן
און אָנצינדן איך וויל מיט אים אַ רעגן.

איך בין דער יורש פֿון דײַן ערשטער ליבע,
די גרינע אײַפּערזוכט פֿון דײַנע ליבע.

איך בין אַ טאָגבוך. טאַנצסט אויף זײַנע בלעטלעך,
אַ דעמאָן פּאַטשט אַרויס פֿון שטורעם: געטלעך!

דײַן אָטעם איז מײַן ברויט און איך — אַ מעסער,
אַזאַ מין ברויט געהערט בלויז מיר, זײַן עסער.

איך בין אַ פֿורפֿלנער שפּיטאָל אין שקיִע,
וווּ אײנעווייניק ציטערט נאָך דײַן וויִע.

איך בין אַ פּיקהאָלץ אין אַ וואַלד פֿון שטערן,
איך פּיק אַרויס פֿון זיך אַלײן די טרערן.

איך בין דײַן יונגער טויט. און ווו כ'געפֿין זיך:
אין מיר איז דײַן סקעלעט. איך טראָג אים אין־זיך.

ה

דער נאָווי זאָגט אַזוי: דו ביסט געזאַלבט צו זײַן מײַן יורש,
געגלײכן צו אַן אײַלבערטבוים, וואָס וואַקסט אַרויס פֿון שוירעש.
און אויפֿשטײן וועסטו אַדערן־באַצויגן, הויט־און־בײניק,
באַדאַכט געהויר צו ווערן: לעבן אײן מאָל איז צו ווייניק.

און דו, וואָס דו ביסט אָפּגעגאָפּלט פֿון דײַן צײַט באַצײַטנס,
דערזעסט די זעלבע צײַט, נאָר זי איז אַנדערש פֿונדערווײַטנס:
וואָס פֿריִער איז געווען אַ גראָז, אַצינדער איז אַ צעדער,
און איבער דעם אַ פֿײַער־וואָגן. זונען זײַנע רעדער.

דערזעסט די זעלבע צײַט, נאָר אַנדערש וועסטו זי דערמאָנען,
דערזעסט איר אויסדערוויילטן צווישן דערנער און סקאָרפּיאָנען,
און דער, וואָס איז געזעסן אויף אַ טראָנשטול, איז נאָך מינער
געוואָרן פֿון זײַן אַלטן לעק, זײַן אויסגעשפּילטן דינער.

דערזעסט א מאַן, וואָס האָט פאַרשעמט א יאַסעם. און דעם שטרויכל
איז מוחל אים דער יאַסעם, נאָר א טרער איז אים ניט מוחל.
און צווישן בליץ און דונער הענגט ער קאָפּ־אַראָפּ, דער יעניקער,
און בעט מעכילע בא א פּיצל טרער אַן אונטערטעניקער.

## וו

א טפילע פאַרן בלינדן הונט און זײַנע בלינדע טרערן,
א צוגעקייטלטער צום האַר, א ביזן טויט געטרײַער:
דער בלינדער הונט איז מער ניט פאַרן בלינדן קיין לאַמטערן,
פאַרגוירלט זיך, איז אויך באַם הונט געוואָרן אַש דאָס פײַער.

פאַרגוירלט זיך צוזאַמען, זײַנען ביידע איצטער ענלעך,
נאָר איינער איז פּירפּיסיק און דער צווייטער — צוויי, און מענלעך.
באַגלייט אים דער פּירפּיסיקער אַהיים, א שיין געניטער,
און ס׳ווייסן ביידע ניט, אַז ביידן פירט אַהיים א דריטער.

די היים איז אָפּ א הינטערגאָס, וווּ ס׳דרייען זיך מאַטראָסן,
עס ברענגט אַהין דער בלינדער הונט זײַן בלינדן — אָן א מאַפּע.
און ווײַל פאַר היגע ליכט־גאַנאָווים איז די טיר געשלאָסן,
בישטיקע עפנט זי א צאַרטע, סאַמעטענע לאַפּע.

און אינעווייניק איז ניטאָ קיין בלינדקײַט און קיין טרויער,
נאָר זון. א קאַנדעליאַבער זון. א קוואַלעניש פון זויהאַר.
פון בלויען גאָלד געהעמערט — איז די קאַמער און די בודע,
א מאַלעך זיצט באַם טיש און אָרכים קומען צו דער סודע.

## ז

שוין אָנגעשפּאַנט אין מיר דער פּײַלן־בויגן. איבער מײַלן
אַרויסצושיקן מײַנע לעצטע פּײַלן. שוואַרצע פּײַלן.
אין וואָס און וועמען צילן זיי? ניטאָ קיין פרײַנט, קיין סאָנים,
און קליגער פון די וועלט־כאַכאָמים זײַנען גאָר נאַראָנים.

די שוואַרצע פּײַלן, אויסגעבענקטע, מוזן פריער־שפּעטער
אַרײַנגעלאָזן ווערן צי אין ווערטער, צי אין געטער.
און כאָטש ס׳איז גאָרנישט, כוץ דעם גאָרנישט — ניט פאַראַן, זיי מוזן
אַרײַן אין גאָרנישט, אָדער לאָמיך זאָגן: אין ארבוזן.

א לויב צו זיי! א שוואַרצע פײַל מוז אויכעט אָן קאַטאָוועס
אַרײַנגעלאָזן ווערן אינעם האַרץ פון מאַלעכהאַמאָוועס,
אויב יענער האָט א האַרץ... און ס׳מוז א צווייטע צי א דריטע
אַרײַנגיין אין דער אייביקײַט און האָבן דאָרט א שליטע.

צום לייענער: די שורעס אויבן האָט אַן אומבאַקענטער
געשאָנקען מיר אין כאָלעם אין א וועלט פון זיבן זונען.
און וואָרהאַפּטיק, אַז כ׳האָב געוואָלט אים זען א קאַפּל נעע׳נטער,
צערונען איז ער. לאַכנדיק צערונען.

## כ

איך לייען טעקסטן, וואָס א מענטשנהאַנט איז ניט קאַפּאַבל
צו שרײַבן. האַסטיק בליצן זיי פאַרבײַ. איך זוך א נאָמען.
זיי זײַנען ענלעכע קרים־קוים צו מעוועס ערעוו מאַבל,
בעשאַס דער יאָם וועט באַלד א הייב טאָן אויצרעס פון די טהאָמען.

געבוירן בין איך — זיי צו קאָנען לייענען די טעקסטן,
כ׳מוז לאַקערן אַף זייער גנאָד אין גינציקײַט באַשטענדיק.
אַרויסגעשיקטע פון א ווײַטן העק דעם סאַמע עקסטן,
צעזעגן זיי דעם נאַכטגראַניט אַנטפּלעקעריש און בלענדיק.

פאַרוואָס איך זיך אין אויגנבליק, ווען אָפּטאָן זיך מײַן זכיה
צו לייענען די אויסיִעס, וואָס דערווען האָט זיי ניט קיינער.
און ס׳וועט באַם אַריסלאָז פון די טעג ניט קאָנען זיך מײַן חיה
אין עפּן טאָן, און בלײַבן טויטע וועלן מײַנע ביינער.

אין זעלטענע סעקונדעס קאָן איך פאַנגען זיי, און צילע
אַרוף די טעקסטן אַף פּאַפּיר, נאָר כ׳ווייס ניט אַף אין עמעס,
צו וועמען זיי געהערן. און איך בעט בא זיי מעכילע,
וואָס אַריבן שרײַב איך אָן אַזוראָם, כאָטש איך ווייס ניט וועמעס...

## ט

דער גאַסן־קערער מיטן פרישן לעבעדיקן בעזעם
קערט אויס אין רעגן־איבערבלײַב פון רינשטאָק לעצטע שטערן,
און איך, אין בלוי־באַגינען, קער זיך אום פון א מעסיבע
און ווערטערקינדער, ניט קיין מענטשנקינדער, מיך באַגלייטן.

דער גאַסן־קערער האָט שוין אויסגעקערט מיט זעלבן בעזעם
א פּאָנעם נאָך א פּאָנעם, און זיי שטאַרבן זיך פאַנאַנדער.
געבליבן זײַנען ווערטערקינדער. האָב איך דען מיט זייער
אַמאָליקן באַשאַפער אַלטן בערײשיס־ווײַן געטרונקען?

אַצינד באַגלייטן ווערטערקינדער מײַנע טריט אַהיים־צו
און ווערן היימישער. דער ערשטער זונשטראַל ווערט א שליסל:
דערנעענטערט זיך צו מויערן, שליסט אַף אין זיי די שלעסער
פון אײַזערנע כאַלוימעס און צונויפגעשמידטע גלידער.

דער גאַסן־קערער האָט שוין אויסגעקערט זײַן אייגן פּאָנעם.
די ווערטערקינדער ברענגען מיך אַהיים און לאָזן איבער
באַם וואַרעמען געזעגענען זיך — אומגעריכטע שורעס:

פאַראַן אַן אויג, וואָס איז א בלויער פידל,
און שפּילט צו דיר א זעונג נאָך א זעונג.

פאַראַן א מענטש, אַן ענלעכער ביז גאָר צו זיך אַליין,
ווי ביידע וואָלטן זיי געווען א צווילינג.

פאַראַן אַ בלוט א פייגעלע,
וואָס בענקט אַרויסצופליִען.

●

# עלי שעכטמאַן



עליע שעכטמאַן איז געבוירן געוואָרן אין 1908 אין וואָסקאָוויטשי, פּאָלעסיע. אין 1936 — 1933 געלעבט אין כאַרקאָוו, דערנאָך אין קיִעוו ביזן 1941. אָנטיילנעמער פון דער גרויסער פּאַטערלענדישער מילכאָמע. סאָף 40־ער יאָרן געווען רעפּרעסירט, באַ־פרײַט אין 1953. אין 1972 עמיגרירט קיין ייִסראָעל. אווטאָר פון די ביכער דערציילונגען „אפן שייד־וועג״, „פּאָלעסיער וועלדער״. פון די ראָמאַנען „פאַר־אקערטע מעזשעס״, „ערעוו״, פונעם מעמואַרן־ווערק „רינגען אף דער נעשאָמע״.

## די שטראָף פון גוילעם

### א

אין יענעם פרילינג, די צווייטע וועלט־מילכאָמע פלאַקערט שוין העכער א יאָר, פאַרן אָנפאַלן פון היטלערן אף רוסלאַנד, פון פוילן קומען אָן שרעקלעכע און שוואַרצע בסורעס: די דײַטשן האַר־גענען ייִדן, קינד און קייט — אָט דעמלט, אין יענעם פרילינג, האָב איך אים געטראָפן, דעם אלטן אין דער אָפּגעטראָגן שוואַרצער, אָפּגעריבענער פּעלערינע, מיטן געקווייטלטן אקוראַט אויסגעבונ־דענעם שניפּס הינטער דער ווײַסער באָרד, מיט דער קאַלטער ליולקע אין ווינקל מויל, מיטן שאַרפן בליק פון די צוגעזשמורעטע נאָך יונגע אויגן הינטער די גרויכע האָרנברילן, מיטן ווייטיקדיקן שמייכל אף די ליפּן, אַרומשפּאַנען אין די צעטראָסקעט לאַקירטע שוואַרצע טופליעס איבער די געדיכט צע־גרינטע און צעבליטע בערג פון דער שיינער שטאָט באַם דניעפּער־טײַך.

פון זײַן גיין, פון זײַן שטעלן דעם פוס, באַזונדערס ווי בא יעדן טראָט, בײַט זיך אים דער אָנבליק אין פּאָנעם, איז געווען צו זען, אז ניט אזוי פון אלטקײַט און פון אײַנגעפאַלן כאַרעווע קויכעס בייגן זיך אים אונטער די קני, נאָר פון טראָגן אין זיך א ביז גאָר שווערע און גרויסע וועלט. ביז דעמלט, ביז יענעם פרילינג, אין ערגעץ אים ניט באַגעגנט, אָבער ווי נאָר אף יענע צעצוויטעטע בערג אים געטראָפן, אזוי שטאַרק דערפרייט געוואָרן, ווי יאָרנלאַנג וואָלט איך שוין אף אים געוואַרט, אף אָט דעם זאָקן, ווי ער וואָלט באַדאַרפט א גרויסן און פאַרבאָרגענעם סאָד פון לעבן מיר אנטפּלעקן.

און צו פאַרווונדערט און דערשטוינט וואָרן: אויך ער, דער האַדראַס־פּאָנעמדיקער זאָקן, אין דער אָפּגעטראָגן שוואַרצער פּעלערינע, האָט די ליולקע פון ווינקל מויל אַרויסגענומען און מיט זײַן שאַרפן בליק מיך אדורכגענומען — כ׳האָב דערפילט, ווי ער נעמט מאַמעש די נעשאָמע מײַנע אף דער שײַן אַרויס, וועגט און מעסט זי. און האַגאַם יענער פײַנלעכער שמייכל איז אים פון די ליפּן

פאַרשווונדן, די אויגן הינטער די האָרנברילן נאָך שטאַרקער פאַרשמורעט געוואָרן, דאָך דעם טראָט ניט פאַרהאַלטן און זײַן וועג זיך ווײַטער געגאַנגען.

און אַזוי האָבן מיר א וואָכן צוויי דאָרטן, אויף די בערג, אין די אויסגעפּרילינגטע פאַרנאַכטן — אַפילע אין א געוויטער־שלאַקסרעגן אַרײַנגעפאַלן — אין אַן אומרויִקן שווײַגן און אויף עפּעס־וואָס וואַרטן, זיך געטראָפן, מיט וואַרעמע בליקן זיך איבערגעוואָרפן, און פאָרט זיך אויסגעמיטן, און איינער דעם צווייטן פאַרבײַגעגאַנגען.

נאָר איין מאָל, און אויך צו פאַרנאַכט־צו, געטראָפן אים מיטן צעווישכערטן קאָפּ ווײַסע האָר און מיט די פּלאַסטערנדיקע שוואַרצע פאַלדעס פון דער פעלערינע אויפן שטאַרקן ווינט באַם סאַמע ראַנד פון דעם באַרג־אַפּריס שטיין, אין דער לינקער האַנט די באָרד געהאַלטן און מיט דער רעכטער אויפן יאַמש־שטעקן אָנגעשפּאַרט, און געקוקט אַראָפּ־צו, צום ברייט צעגאָסענעם טײַך, ווו א ווײַסע שיף האָט זיך אין די צעכוואַליעטע וואַסערן געוויגט און אירע קײַלעכדיקע אויגן־פענצטער האָבן פײַערדיק געבלענדט אויף דער סאַף־טאַגיקער זון.

און ער האָט געקוקט אַהין, דער זאַקן, אין דער נידער, צו יענער זיך וויגנדיקער ווײַטער שיף אין די פרילינג־צעכוואַליעטע וואַסערן, א בלאַס געוואָרענער, אַן א טראָפּן בלוט אין פּנים און פלוצעם, ווי פון שטאַרקע ווייטיקן, אָנגעהויבן צו אײַנבייגן און צו וויגן זיך אויפן ווינט. האָט מיך א שרעק באַפאַלן: דער זאַקן קאָן דאָך פונעם באַרג אַראָפּפאַלן! דערנעענטער איך זיך און שטיל, מיט געבעט און גרויס יִיראַס־האַקאָוועד, זאָג איך צו אים:

— אויף אַזאַ ווינט באַם סאַמע ראַנד באַרג, ווו די ערד נאָכן שלאַקסרעגן איז נאָך ניט אויסגע־טריקנט געוואָרן?

— יאָ, — וואַרפט ער אויף מיר זײַן שאַרפן בליק פון הינטער די ברילן און לאָזט זיך פירן צו דער באַנק, וואָס בײַ די צעצווייטעטע בעז־ביימלעך. דאָרטן נעמט ער די מיט טוטין אָנגעקלאַפּטע ליולקע אין ווינקל מויל אַרײַן: — ניין, ניין, — דערהער איך זײַן קאָל, — פײַער דאַרף איך ניט. פונעם נײַן הונדערט פיר־און־צוואַנציקסטן רייכער איך ניט. אין די טורמעס און לאַגערן... אָבער די קאַלטע ליולקע, דעם רייעך פון טוטין מוז איך פילן. איר מעגט רייכערן, ס'שטערט מיר ניט, פאַרקערט...

און מיטאַמאָל, אָן שום איבערײַס און אָפּשטעל, אָנגעהויבן צו דערציילן:

— די ווײַסע שיף איז דעמלט אָפּגעגאַנגען פון יאַלטע, פונעם קרימער האַלב־אינדזל, בײַ א שטילן און רויִקן זון־פאַרגאַנג. קיין שום געוויטער־סימאָנים אויף די וואַסערן און אויף די הימלען איז ניט געווען צו באַמערקן. די האָריזאָנטן, ווי טאָמיד אין אָנהייב האַרבסט, אין א גינגאָלדענער יאָמ־טעוודיקער שײַן. ס'האָט געשמעקט מיט ווײַנטרויבן און מיט פרישער ברינדזע. נאָר אין א פּאָר שאָ אַרום איז אונדזער ווײַסע שיף אין דעם פינצטער צעכוואַליעטן, אין דעם צעשטורעמטן יאַם, אַרײַנגעפאַלן.

און איך בין שוין גרייט געווען צו הערן וויאַזוי די גע־פּע־או־לײַט האָבן אים דעמלט, אין דער וויכערנאַכט, פון דער ווײַסער שיף אַראָפּגענומען; נאָר פלוצעם דערהער איך גאָר:

— דאָס איז געווען אין דער צײַט פון דער נײַער בלוטיקער כוואַליע פּאָגראָמען אין רוסלאַנד. אין נײַן־הונדערט־פינפטן. איך בין שוין דענסטמאָל געווען א מיליטער־דאָקטער, און צוליב זיכערקייט האָב איך אין וועג געטראָגן דעם מונדיר.

הייסט עס, אַז ער, אָט דער זאַקן, אין דער אָפּגעטראָגן שוואַרצער פעלערינע, וואָס האָט מיך פון דער ערשטער באַגעגעניש דאָ, אויף די צעצווייטעטע בערג, אַזוי צוגעצויגן, האָט מיר טאַקע עפּעס גאָר וויכטיקס צו דערציילן, און עפּשער אויך א פאַרבאָרגענעם סאָד צו אַנטפּלעקן. איך בין געוואָרן אויג און אויער.

— באַם אַרופגיין אויף דער שיף האָב איך זי דאָרטן באַמערקט, און ס'איז פּאַשעט אוממעגלעך געווען ניט צו דערזען זי. איר קאָפּ האָר, באַם זון־פאַרגיין, האָט ווי א פײַער־שײַטער געברענט אויף דער פּאַלובע. דעם פּנים אירן צווישן די סאַטערן, פּויערים, פּויערטעס, קינדער און קישן, האָב איך ניט געקאָנט זען. און זיך אַפילע דערבײַ פאַרשעמט, וואָס איך, נאַטאַן רײַך, דער צוויי־און־דרײַ־סיקיאָריקער, דער אָנגענומענער און באַרימטער כירורג אין דער גובערניע־שטאָט באַם דניעפּער, איך, דער פאַרליבטער אין מײַן ווײַב און צוויי קינדער, איך האָב זיך דאָ פלוצלינג אַוועקגעשטעלט קוקן אויף א סטויג רויט־פײַערדיקע האָר... און איך בין באַלד מיטן טראָפּ אַוועק ווײַטער צו די קאַיוטעס פון ערשטן קלאַס.

ער האָט זיך דאָ מיטאַמאָל, דער זאַקן, אויף די פיס געשטעלט, די באָרד פונעם ווינט צווישן די לאַצן פאַרנומען, ווידער צום ראַנד באַרג צוגעגאַנגען, מיט ביידע הענט אָנגעשפּאַרט זיך אויפן שטעקן און אַראָפּגעקוקט אַהין, צום פרילינג־פאַנאַנדערגעגאָסענעם טײַך, ווו די ווײַסע שיף מיט די קײַלעכ־דיק בליאַסקענדיקע אויגן־פענצטער אויף דער סאַף־טאַגיקער זון, האָט זיך, אויך ווי אין ווייטיקן, נאָך אַלץ געוויגט אין די צעכוואַליעטע וואַסערן. ער האָט זיך אָבער דאָרטן, באַם באַרג־אַפּריס, ניט פאַר־האַלטן, באַלד אומגעקערט זיך, פון ווינקל מויל אַרויסגענומען די קאַלטע ליולקע און מיט אַן אויפ־

געריעגט קאָל, נאָך מיט אַ שטילערס, ווי געוואָלט, איך זאָל זיך צו אים נאָך נעענטער צורוקן, מאַריך געווען:

— ווי נאָר איך בין אַרײַן אין דער אָפּגעזונדערטער קאַיוטע מיטן בליציקן אילוּמינאַטאָר אויף דער פאַרגייענדיקער זון, אַזוי האָב איך זיך אַ טויט מידער אַ וואַלגער געטאָן אויף דער פּליושענער ווייכער באַנק, מיט פאַרמאַכטע אויגן. נאָר אויפן וועג צו דער קאַיוטע האָב איך געהייסן זיך ברענגען צוויי פלעשער ביר. און ווי נאָר כ'האָב דעם ביר געשטעלט, האָב איך גלײַך אַ טראַכט געטאָן: צוליב וואָס דאַרף איך צוויי פלעשער? און דערנאָך, אַז דער מענטש פון רעסטאָראַן האָט זיי אויף דער זילב בערנער טאַץ אַרײַנגעטראָגן, האָב איך אים, ניט ווייסנדיק ווײַטער צוליב וואָס, געהייסן אופּעפענען ביידע פלעשער. נאָכן אויסטרינקען אַ קופּל קאַלטן זעקספּראַצענטיקן ביר, אפילו ניט פאַררײַכערט און זיך אוועקגעלייגט מיטן פּאָנעם צו דער וואַנט. אין קאַיוטע האָט געשמעקט מיט אַסטרע און דיניע. דער יאַם האָט מיך אָנגעהויבן צו פאַרוויגן. וויפל איך בין געשלאָפן, ווייס איך ניט. נאָר פּלוצעם האָט מיך אויפגעהויבן. כ'האָב אַ כאַפּ געטאָן די פולע פלאַש ביר און אוועקגעלאָפן אַהין, צו דער פאַלובע, ווו כ'האָב באַם אַרופגיין אויף דער שיף דעם פײַער־שײַטער דערזען ברענען.

איך האָב זיך אין יענער רעגע אַליין ניט דערקענט. און מיסטאָמע וואָלט מיך, דעם טאָמיד רויִקן און געזעצטן, אויך קיינער ניט דערקענט. איך האָב אויפן וועג, פאַרבײַגייענדיק, אַ קוק געטאָן אויף זיך אין שפּיגל: עפּעס אַ ווײַטער שאָטן פון יענעם דאָקטער נאַטאַן רײַך. אויף דער פאַלובע, אין דער שוין צעווייכערטער נאַכט, צווישן די בערדיקע פּויערים און קנאַפּער שײַן, צווישן די זעק און פּעק, אין די געדיכטע רייכעס און רויכן, דאָרט האָב איך איר פײַערדיקן קאָפּ אײנעם ווינקל דערזען, באַ די קאַנאַטן־שטריק, מיטן פּאָנעם צום צעבושעוועטן יאַם, צו די בליצן, וואָס שפּאַלטן די פינצ־טערע הימלען, מיט אַ ווײַסער שאַל אויף די אַקסלען. ווען עמעצער שטעלט מיך דאָרט אָפּ און טוט מיך אַ פרעג: וואָס און צו וועמען טראָגט עס אײַך אַזוי מיט דער פלאַש ביר אין דער האַנט, וואָלט איך דאָך ניט געהאַט אים וואָס צו ענטפערן. עפּעס אַ פאַרבאָרגענער קויעך האָט מיך צו איר געטריבן! זי האָט אויסגעדרייט צו מיר דעם פּאָנעם. פון איר שיינקײַט האָט מיר אָפּגענומען דאָס לאָשן, באַזונדערס פון אירע אויגן — צעווייכערטער צריבער און צאָרן!

כ'האָב איר שווײַגנדיקערהייט דערלאַנגט די פלאַש ביר. זי האָט גענומען און די פלאַש גלײַך אַ שלײַדער געטאָן אַהינצו, אין די רעדער־שטריק אַרײַן. און דער עיקער, באַם נעמען די פלאַש האָט פון הינטער איר שאַל אַ בליץ געטאָן אויף מיר אַ מעסער. כ'האָב פאַרייכערט די ליולקע און בין אַ פאַרלוירענער אוועק צוריק צו זיך אין דער קאַיוטע: איינע פון דער פאַרברעכער־וועלט!

דאָרטן, אין דער קאַיוטע, האָב איך דערטרונקען פון פלאַש דאָס פאַרבליבענע ביסל ביר, דערייכערט די ליולקע און זיך ווידער, ניט־אויסגעטאָנענערהייט, ווי אויף עפּעס געוואַרט, אוועקגעלייגט אויפן ווײַסן אָנגעקראָכמאַליעטן לײַלעך. איך בין געווען, ניט ווייסנדיק פון וואָס, אופגערודערט און ביז גאָר אופגערעגט. דאָס הייסט, איך האָב יאָ געוווּסט, פון וואָס איך בין אַזוי אופגערודערט און אופגעקאָכט, פון וואָס איך האָב פאַרלוירן די רויִקײַט, נאָר כ'האָב זיך אין דעם ניט געוואָלט מודע זײַן. און וויִאַזוי האָב איך געקאָנט אין דעם זיך מודע זײַן? איך האָב דאָך פאַרשטאַנען, אַז ס'איז פּאַשעט טיפּשעס. וואָס קאָן און וואָס דאַרף מיר אָנגיין עפּעס איינע אַ רוזיטע מויד פון דער אונטערוועלט?

און דער יאַם איז אין יענער אָנהייב־האַרבסטיקער נאַכט געוואָרן וואָס ווײַטער, אַלץ מער צעק־ווואַליעטער, די שיף האָט אָנגעהויבן גיין ווי אַ שיקערע, די שווערד מײַנע אויף דער טיר וויגט זיך פון וואַנט צו וואַנט; די אַראָפּגעפאַלענע ליידיקע פלאַש פון טישל קײַקלט זיך מיט אַ געקלאַנג איבערן פּאָל אין דער לענג און אין דער ברייט. כ'זע עס, נאָר ס'גייט מיך ניט אָן. כ'בין ווײַט פון דעם, ווי אַ ניט־דאַיִקער, ווי פון ערגעץ אַ פאַרטראָגענער אַהערצו, אויפן שוואַרצן יאַם, און בעפּעמס, כ'האָב דאָך גאָר באַדאַרפט פאָרן שפּעטער, אין אַכט טעג אַרום, און מיט דער באַן! פאַרוואָס האָב איך מיטאַמאָל זיך אופגעהויבן און בין אוועקגעפאָרן, און גאָר מיט דער שיף? פאַר אַ צעברוּיזטן יאַם האָב איך ניט מוירע. פון יאַם־קראַנקהײַטן לײַד איך ניט. איך האָב אפילו ליב צו זײַן אין צעשטורעמטן יאַם. און דער יאַם בושעוועט און וואַיעט ווי אַ פאַרווונדעטע כײַע. כ'שפּאַר זיך אָן מיט ביידע הענט, ס'זאָל מיך פון געלעגער ניט אַראָפּטראָגן, און ווי עפּעס אַ מין אָנשיקעניש, ווי עפּעס אַ נאַפּאַסט, שטייט זי מיר פאַר די אויגן. כ'הייב שוין אָן צו טראַכטן, אַז איך בין פאַרשלאָפט געוואָרן. דעריקער אירע אויגן מיטן צריבער און צאָרן טרעטן פון מיר ניט אָפּ. און אויך דער פינקל פונעם מעסער פון הינטער איר שאַל. און דאָ קלאַפּט מען שטאַרק און אומגעדולדיק אין מײַן טיר. איך עפן אויף: דער קאַפּיטאַן פון דער שיף.

— דאָקטער, אַ מאָרד...

— אַ יונגע פרוי האָט עמעצן דערשטאָכן? — פרעג איך און וואַרט ניט אויף זײַן ענטפער. איך ווייס שוין, פאַרוואָס איך בין געווען אַזוי שטאַרק אופגערעגט, פאַרוואָס איך בין געלעגן אײנעם אָנטאָן, כ'ווייס שוין, אויף וואָס כ'האָב מיט אַזאַ ציטער און קלעם געוואַרט. כ'ווייס נאָך אָבער ניט, פאַרוואָס גייט מיר אַזוי אָן איר גורל?

און איך גײ ניט מיטן קאַפּיטאַן, װאָס בעט מיך גײן צום געליטענעם, העלפֿן דעם שיף־דאָקטער אַרױסנעמען פֿון זײַן לינקער זײַט דעם מעסער, װאָס איז אַרײַנגעזעצט געװאָרן צװישן די ריפּן, ביז אַריבער דעם קלינגל. און איך האַלט דאָך באַדאַרפֿט געװען גײן ראַטעװען יענעמס לעבן, און דערמיט אַלײן האַלט איך שױן פֿאַרגרינגערט דער פֿאַרברעכערנס גוירל; נאָר מיך טראָגט אַ געהײ־מער קױער איבער דער צעװיגטער שיף צו יענע צװיבער־און צאָרן־אױגן, צו יענעם פֿײַער־שײַטער, צו יענעם פּנים, װאָס איז מיר אין אײן רגע אַזױ אײגן געװאָרן. נײן, ס׳איז ניט געװען קײן פֿאַר־ליבטקײַט, נײן, ס׳איז ניט געװען קײן לײַדנשאַפֿט צו אַ שײנער פֿרױ. װאָס דען איז עס דעמלט גע־װען? װער קאָן עס װיסן? מיר לעבן דאָך פֿונעם װיגל ביזן גרוב אין סודעס. דער ערשטער און דער גרעסטער סאָד ביסטו אַלײן און דײַן לעבן. אָט דיך איך, דער אַלטער נאַטאַן רײַך, װאָס האָט נעכטן דאָ אָפֿן בעסאַלמען צו קװורע די געבראַכט. כ׳זיך באַם דניעפּער, ניט װײַט פֿון איר פֿרישן קײװער נאָך זון־אונטערגאַנג. די זון איז הײַנט פֿאַרגאַנגען װי נעכטן. כ׳דיך אונטער די צעצװײטעטע װאַרעמע רײַכעס פֿון די בעז־בײמלעך, נאָך װעלכע כ׳האָב אַזױפֿיל יאָרן אין אײַערע טורמעס, לאַגערן און פֿאַרשיקונג אָפֿן װײַטן צאָפֿן, אין די טונדרעס, געבענקט, און כ׳קאָן זיך אַלײן ניט דערקלערן, פֿאַר־װאָס אײַך, אַ פֿרעמדן, װאָס כ׳קען גאָר ניט און װײס ניט, פֿאַרװאָס דערצײל איך אַזױנס, װאָס איך האָב עס נאָך אין מײַן לעבן קײנעם ניט דערצײלט?

און ער איז מיטאַמאָל אַנשװיגן געװאָרן, װי זיך בעעמעס געכאַפּט און כאַראָטע געהאַט, װאָס ער אַנטפּלעקט מיר, דעם אומבאַקאַנטן און װײַטן, דעם גרױסן סאָד פֿון זײַן לעבן. איך האָב אָבער װי פֿריִער, װי די גאַנצע צײַט געשװיגן. מירע געהאַט מיט אַ װאָרט אים אָנרירן. און איך האָב טאַקע באַלד װידער דערהערט זײַן קאָל, דאָס שטילע און אופּגעריסטע:

— אָן װען איך פֿאַרהאַלט זיך, װען איך קום דעמלט מיט אַ פּאָר מינוט שפּעטער, װאָלטן די צעװילדעװעטע פֿויערים אױף דער פּאַלובע זי דערהאַרגעט. פֿאַר מײַן מונדיר זײַנען זײ אָפּגעטראָטן און זיך צעלאָפֿן. כ׳האָב באַפֿױלן צװײ מאַטראָסן זי אָפּפֿירן צום קאַפּיטאַן און אַלײן אַװעקגעלאָפֿן צום געליטענעם. נאָר יענער, מײַן קאָלעגע, דער שיף־דאָקטער, כאָטש נאָך אַ גאָר יונגער, האָט זיך זײער שײן ספּראַװעט אַלײן. אין אַ טױט־סאַקאָנע איז שױן דער געליטענער ניט געװען. אַלפּי נעס איז דער מעסער פֿאַרבײַגעגאַנגען דאָס האַרץ, האַגאַם דאָס איז גאָר ניט צו דערקלערן, װײַל לױט אַלע סימאָנים האָט דער מעסער באַדאַרפֿט אַרײַן אין האַרצן. אָבער, װי געזאָגט, איז דאָ געשען אַ נעס. אױך דער געליטענער האָט מיך דאָ ביז גאָר פֿאַרװוּנדערט. אַ מעשונעדיק געשטאַלט. אַ הױכער, אַ ברײטבײנערדיקער, מיט אַ גרױסער שװאַרצער באָרד, מיט גרױסע פֿיס און הענט. אַזאַ פֿאַרשױן קאָן מיטן אַקסל אײַנװאַלגערן אַ שטײנערנע װאַנט. שװער געװען צו זאָגן, װיפֿל ער איז אַלט. ער האָט געהערט צו די, װאָס עלטערן זיך ניט. מ׳קאָן זײ געבן דרײַסיק, פֿופֿציק און מער. קײן אײן גראָװע האָר אױף אים ניט צו באַמערקן. פֿון זײַן װוּנד איז קימאַט קײן בלוט ניט געגאַנגען, און אױך דער אַרױסגעשלעפּטער מעסער פֿון צװישן די ריפּן איז קױם געװען אײַנגעריכט אין בלוט. מײַן קאָלעגע, דער יונגער דאָקטער, האָט געװאָלט, כ׳זאָל עס אים דערקלערן. געװיס, האָב איך אים געזאָגט, איז דער געליטענער אָפּגעגאַנגען מיט בלוט דאָרטן, אױף דער פּאַלובע. און איך בין טאַקע באַלד אַװעק אַהינצו, אָבער אױך דאָרט זײַנען געװען נאָר סימאָנים פֿון בלוט.

ס׳איז שױן געװען ערגעץ נאָך האַלבער נאַכט, דער יאַם האָט אָנגעהױבן צו אײַנשטילן זיך. דער געליטענער, אַ האַלבנאַקעטער מיט אַ געל לײַב, װי אױסגעקלעפּט פֿון לײם, אַ פֿאַרבאַנדאַזשיר־טער, איז שױן געזעסן אין שטול און מ׳האָט פֿון אים אַ קרעכץ ניט געהערט, און דער קאָלעגע מײַנער האָט מיר געזאָגט, אַז אױך באַם אַרױסנעמען דאָס קלינגל פֿון צװישן די ריפּן האָט מען פֿון אים קײן קרעכץ ניט געהערט. די גרױסע האַרטע אָדערדיקע מוסקולן האָבן אים געשפּילט אױף די הענט, װאָס זײַנען אַראָפּגעהאַנגען צו דער ערד. ער האָט געקוקט מיט טעמפּע אױגן ערגעץ אין װינקל אַרײַן און מאָדנע געשמײכלט, װי זיך מיטאַמאָל אָן עפּעס־װאָס זײער אָנגענעמס דערמאָנט. ער האָט אַקשאָנעסדיק געשװיגן. אױף קײן אײן שאַלע ניט געענטפֿערט, ס׳האָט געדאַכט, ער פֿאַרשטײט ניט, װאָס מ׳רעדט צו אים, אַז ער װײסט ניט, װאָס מ׳װיל גאָר פֿון אים, און אַלץ, װאָס דאָ איז פֿאָר־געקומען און זיך פֿאַרלאָפֿן, האָט צו אים קײן שײַכעס ניט. ער איז ניט געװען שיקער. נײן!

אָבער מער פֿון אַלץ האָט מיך פֿאַרװוּנדערט, מאַמעש געפּלעפֿט, װאָס אָט אָ־דער פֿאַרשױן איז זײער ענלעך געװען אױף אַ ייִדן, און אױף אַ פֿרומען ייִדן. ער האָט אַפֿילע געהאַט פּײעס. אין דאָ איז מיר ניט אײן שװערע קאַשע אָפֿן געדאַנק אַרױפֿגעקומען, ניט אײן האַרטן נוס האָב איך דאָ באַדאַרפֿט צעבײַסן: װער איז ער, אָט דער גױאַר, דער ייִד, דער טאַטע? פֿאַרװאָס האָט זי אים אַרײַנגעשטאָכן דעם מעסער אין זײַט אַרײַן, און אַרײַנגעשטאָכן בעקיװן, מיט באַרעכענונג. דעם מעסער האָט זי דאָך נאָך פֿון פֿריִער אונטער דער שאַל געהאַלטן. און דעריקער, װער איז זי אַלײן, אָט דער פֿײַער־שײַטער מיט די אױגן פֿון צװיבער און צאָרן?

## ב

און דער זאקן נעמט דא די קאלטע ליולקע אין מויל אריין און ווערט אנשוויגן. כ׳פיל, ווי ער מעסט און וועגט מיך נאכאמאל מיט זיין שארפן בליק פון הינטער די הארנברילן. איך פיל א קעלט אין די ביינער, ווי דער אלטער אין דער שווארצער פעלערינע וויל מיט אט דעם בליק פון זיינע צעזשמורעטע אויגן דערקלייבן זיך ווידער צום דנא און דורכלויכטן דארט נאכאמאל אלע ווינקעלעך און קנייטשן פון מיין נעשאמע. איך זיץ מיט אן איינגעהאלטענעם אטעם און ווארט. ס׳איז שוין ווייט נאך זון־פארגיין. די נאכט איז נאך אבער ניטא. א ווייטע שקיע־ליכט גייט נאך איבער די בערג מיטן ווינט, וואס וויגט די יונגע בלעטער־קרוינען פון די זיך־לייכטנדיקע בערעזעס, כוואליעט די הויכע גראזן, וואס פינקלען שוין מיט בלויע טראפנס ראסע. אט די לעצטע פאסמעס שיין אפן ווינט שטארבן שטיל אין מיין נעשאמע. פון דער ערד שמעקט מיט בעז, מיט טשערעמוכע און מיט ביטערלעכן צוויט פון דעמב. ס׳זינגען פארשיקערט די מאלינאווקעס, די זיאבליקעס, די זאריאנקעס און באזונדערס פארכלינעט זיך דער סאלאוויי. און ערגעץ אפן טייך, אין די קאמישן, פייפן זיך איבער די קוליקעס, און ארויף־צו, נאך ווייטער, הערט זיך דאס קאל פון דער זאזוליע.

— סארא מיי־נאכט! — זאגט ווי צו זיך אליין דער אלטער. — סארא וווּנדער! אזעלכע גרויסע לילאווע שטערן האב איך שוין א סאך יארן ניט געזען. דארטן, אין די טונדרעס, אין מיי כוידעש, פאלן פון די נידעריקע הימלען בלאווע שטערן, פארפרוירענע.

און פלוצעם טוט ער מיך א פרעג:

— ווייסט איר עפעס־וואס פון קאבאלע, פון מעקאבלים?

— פון פערעצעס?

— דאס איז פאר קינדער... איך מיין, צי ווייסט איר, צי כאטשבי געהערט, פונעם זאהאר, פון יידישע מיסטיקער אין שפאניע, אין אשקענאז, אין צפאס, פונעם מאהאראל... און צי ווייסט איר פון פאלשע מעשיכים בא יידן, פון שאבסע־צווי און יאנקעוו פראנק?

האב איך ניט געקאנט אופכאפן און פארשטיין, וואס גייט אים דא אן, אט דעם זאקן אין דער אפגעטראגענער און אלטמאדישער שווארצער פעלערינע, מיט דער ווייסער ראבאנישער בארד, וואס, אשטייגער, גייט אים דא אן, אין דעם לאנג־שקיעדיקן אוונט, צי ווייס איך יא אדער ניט פון זיי, פון די מיסטיקער אין שפאניע, פון דייטשלאנד צי פון פאדאליע? וואס פאר א שייכעס קאנען זיי האבן צו דער מייסע וועגן יענער רויטער מויד, וואס האט ארייננעשטאכן איר קאכאניק, עפעס איינעם א מעגושעמדיקן פארשויך פון דער גאנאוודים־ און שמוגלער־וועלט, א מעסער צווישן די ריפן? דאך זאג איך, און מיט באדויערונג, בין זיך מיסוואדע פאר אים: דעם זאהאר האב איך קיינמאל אין האנט ניט געהאלטן. דער טאך זיינער, דער קערן, איז מיר יא באקאנט, פון צווייטע און דריטע הענט. איינגאנצן א פרעמדער בין איך דארט ניט, אין דער יידישער מיסטיק.

נעמט ער אראפ די ברילן, און שוין מיט די ניט־צוגעדעקטע פארזשמורעטע אויגן ווארפט ער אף מיר א שארף־פינקלענדיקן בליק און דאס קאל זיינס העכערט זיך, ווערט רוגזעדיק און פאר־ביטערט:

— אין די צוואנציקער יארן האט איר דאך ניט נאר דעם זאהאר, נאר אויך דעם טאנאך, אלע סיפריי־קודיעש געווארפן אין פייער. איר האט געטאנצט ארום דעם שייטער, ווי ס׳האבן גע־ברענט ניט נאר די נעשאמעס פון די אוועס פון אייערע טאטעס און זיידעס, נאר אויך אייערע אייגענע נעשאמעס, אייער ווייטערדיקער קיעם! ווער ס׳טאנצט ארום אזא שייטער, דער פארבלייבט שוין סייוויסיי מיט א פארברענטער נעשאמע אפן גאנצן לעבן.

— און אויב די האק איז אופגעהויבן געווארן איבער דיין קאפ?

— דארף מען דעם קאפ לאזן אפהאקן... נאר דעמלט איז דאך דער פאלשער מאשיעך שאבסע־צווי פאר אייך אופגעשטאנען טכיאס-האמייסים! די באלשעוויסטישע רעוואליוציע איז געווען דער העמשעך און שוין אויך דער סאף פונעם שאבסע־צוויזם.

און באלד, אן שום אפשטעל, און שוין ווידער מיט יענעם שטילן קאל גענומען דערציילן:

— שוין פון די ערשטע ווערטער אירע דארט, אף דער שיף, אפן צעכוואליעטן שווארצן יאם, אין דער אנהייב־הארבסטיקער נאכט, בין איך אופגעציטערט געווארן, און יענע, מיין קאלעגע און דער קאפיטאן, זיי, דערהערנדיק אירע רייד, אז דער פארשוין, וואס זי האט אים דעם מעסער אריינ־געשטאכן, איז ניט פון פלייש און בלוט, נאר פון ליים אויסגעקלעפט געווארן. יענע, הערנדיק אט די רייד, האבן געשאקלט מיט די קעפ און געקוקט אף איר ווי אף איינער, וואס איז ניט באם קלארן זינען. און איך בין פון אירע רייד אופגעטרייסלט געווארן.

איך וועל אבער ניט פארלויפן דעם וועג. ניט נאר פאר אייך, נאר אויך פאר מיר אליין איז דאס וויכטיק. זייער וויכטיק. ווי נאר דער קאפיטאן, א מאן שוין אין די יארן, אין זילבערנע באקנ־

בערד, אַן אַלטער יאָם־וואָלף, ווי נאָר ער האָט זי אין דעם צעריסענעם קאַפּטל אַרײַנגעפּירט און זי האָט אים, דעם פאַרשוין, דערזען, אַזוי האָט זי אַ כאַפּ געטאָן פון טיש דעם מעסער, וואָס אין די טראָפּנס בלוט, איר מעסער, און זיך אַ וואָרף געטאָן אויף יענעם. מ׳האָט זי קוים פאַרהאַלטן. און יענער קוקט אויף איר מיט די טעמפּע קאַסלעכע אויגן, אַן ברעמען און אָן וויִעס, און שמייכלט מיט אַזאַ שמייכל, וואָס איז גאָר קיין שמייכל ניט, און זי ציטערט אינגאַנצן פון כּעס און פון צאָרן.

נאָכן אַרויספירן אים, יענעם פאַרשוין, טרינקט זי אויס אַ קענדל וואַסער, און זעצט זיך ניט אויפן אָרט, ווו יענער איז געזעסן, נאָר אויף אַ באַנק. מ׳לאָזט זי קומען צו־זיך. ס׳כידעשט, וואָס זי פּרוווט אַפילו ניט צו פאַרשטעלן מיט די אַראָפּהענגענדיקע שטיקער פון דעם צעריסענעם קאַפּטל איר נאַקעטקייט, ווי זי וואָלט דערמיט עמעצן און עפּעס געוואָלט בײַקומען, ווי ס׳וואָלט איר דאָ מיט דעם געגאַנגען אין אַ ביצאָכן... און ווען מ׳האָט געזען, אַז מ׳וועט ניט קאָנען איבערוואַרטן ביז אין אירע אויגן וועט זיך אײַנשטילן דער פלאַמיקער צאָרן, האָט דער קאַפּיטאַן צו איר געזאָגט:

— אײַער שווײַגן רעדט נאָר קעגן אײַך. בעסער צו ענטפערן איצטער, און דאָ, אויף דער שיף, ווו אַלע זײַנען בײַגעווען, און וועלן שפּעטער זײַן די איידעס אויף אײַער געריכט. פאַרוואָס האָט איר אים געוואָלט טייטן?

— מ׳קאָן אים, צום גרויסן אומגליק, ניט הארגענען. מ׳קאָן ניט...

— פאַרוואָס?

— ער איז ניט פון פלייש און בלוט.

— פון וואָס דען איז ער?

— פון ליים. ער איז אויסגעקנאָטן פון ליים. קיין נעשאָמע האָט ער ניט, נאָר אַן אָטעם.

— נו, גוט, זאָל זײַן אַזוי. אָבער פונדעסטוועגן, פאַרוואָס האָט איר אים פאַרט געוואָלט הארגענען?

— ער האָט מיך... פאַרגוואַלטיקט!

— און ווען איז דאָס געווען?

— מיט פינף יאָר צוריק.

— ווו?

— אין מײַן שטעטל. אין מײַן טאַטנס שטוב, בעשאַס אַ פּאָגראָם... איך בין דעמאָלט אַלט געווען צוועלף יאָר.

— און איר האָט אים איצטער געקאָנט דערקענען?

— איך האָב אים געקענט פון קליינערהייט. ער ענדערט זיך ניט. און ער האָט דאָך געלעבט בא אונדז אין שטוב.

— און ווו זײַנען דעמאָלט געווען אײַערע עלטערן?

און דאָ נעמט זי מיט די אַראָפּהענגענדיקע געבלימלטע שטיקער פון דעם צעריסענעם קאַפּטל צודעקן איר נאַקעטקייט, אָבער, ווי ס׳איז צו זען, ניט פון די, וואָס פאַרשן אַן פאַרהערן זי, נאָר ווי פאַר עמעצן, וואָס איז דאָ גאָר אויף דער שיף ניטאָ.

— די מאַמע מײַנע, — זאָגט זי שטיל און אין די צאָרנדיקע אויגן אירע שטעלן זיך טרערן, — מײַן הייליקע מאַמע איז געשטאָרבן, ווען איך בין אַלט געווען פינף יאָר. איך געדענק יענע נאַכט... און ער, דער ליימענער, איז שולדיק אין איר טויט!

— מיט וואָס איז ער דאָרט שולדיק?

— אין יענער נאַכט, געווען איז עס ווינטער, אין דרויסן האָט געוואָיעט אַ זאַווערוכע, אין שטיבל הייס, אָנגעהייצט, ס׳ברענען אַ סאַך ליכט, די מאַמע איז אָנגעטאָן אין אַ ווײַסער קלייד, דעם קאָפּ מיט אַ ווײַסן זײַדענעם שאַרף אַרומגעבונדן, איר פּאָנעם לויכט זיך, אירע צוויי גרויסע אויגן שײַנען, איך האָב מײַן מאַמע גאָר ניט דערקענט, און מיט באָרוועסע פיס קנעט זי דעם ליים, פון וועלכן מ׳האָט באַדאַרפט באַשאַפן דעם גוילעם. און פּלוצלינג האָט זי געזאָגט צום טאַטן, וואָס איז אַרומגעגאַנגען איבער דער שטוב אין דעם ווײַסן קיטל, מיטן טאַלעס איבערן קאָפּ:

— נאָכעמצעט, איך האָב זיך פאַרשטאָכן אַ פינגער. — און זי איז אין דרײַ טעג אַרום געשטאָרבן.

און איך זיץ די גאַנצע צײַט ווי אויף הייסע קוילן, ניט פאַר זיי דאַרף זי עס דערציילן. אָבער איך קאָן זי ניט אָפּשטעלן. איך טאָר זיך ניט אַרײַנמישן. אַלץ, וואָס זי זאָגט דאָ, ווערט פאַרשריבן אויף פּאַפּיר, דער קאַלעגע מײַנער פירט אַ פּראָטאָקאָל, וואָס וועט דערנאָך גיין צום געריכט.ביידע, אי דער קאַפּיטאַן און אויך דער יונגער דאָקטער, ביידע האַלטן זי פאַר אַ געריטערטע פון זינען, פאַר אַזאַ, וואָס לעבט אין בייזן כאָלעם, אין שוואַרצע האַלוצינאַציעס. און איך, דער באַוווּסטער כירורג, וואָס אין די מיליטערישע מאַלבושים, איך שאָקל זיי צו מיטן קאָפּ — אַוואַדע און געוויס, מ׳זעט דאָך קלאָר, אַז זי לעבט אין אײַנרעדעניש און אויסדאַכטעניש. ווײַל דאָס קאָן איר פאַרגרינגערן די שטראָף, און עפּשער קאָן זי גאָר באַפרײַט ווערן. די עמעסע געליטענע איז דאָך זי און ניט יענער, דער גוילעם, וואָס האָט זי פאַרגוואַלטיקט בא צוועלף יאָר אַלט, ווי איך ווייס, האָט ער דעמאָלט אויך

איר טאַטן געהאַרגעט. און דער יונגער דאָקטער, קעדיי צו זיכער זײַן און צי פּאַרפּעסטיקן דעם געשטעלטן דיאַגנאָז, אַז זי איז די קראַנקע, טוט זי נאָכאַמאָל אַ פרעג:
— און פונעם אויסגעקנאַטענעם ליים האָט מען געוואָלט באַשאַפן אַ לעבעדיקן מענטש?
— יאָ.
— אינטערעסאַנט, — זאָגט דער קאַפּיטאַן, — און ס'איז זייער באַלערעוודיק, מ'וויל שאַפן פון ליים אַ מענטש, אַ לעבעדיקן מענטש, מ'וויל ווערן אַ גאָט, און מ'שטאַרבט פון אַ שטאָך אין פינגער... און צוליב וואָס האָט מען אים גאָר באַדאַרפט באַשאַפן, דעם ליימענעם באַלוואַן?
נאָר דער קאַפּיטאַן האָט שוין אויף איר ענטפער ניט געוואַרט, ווײַל די שיף איז צוגעשטאַנען צו אַ ברעג, וווּ ס'האָבן באַדאַרפט אַראָפּגיין פּאַסאַזשירן. און ער איז אַרויס, און נאָך אים אויך דער דאָקטער. האָב איך זי דאָ אַ פרעג געטאָן אויף ייִדיש:
— ווי רופט מען אײַך?
— מאַרינע...
— און וויאַזוי האָט אײַך גערופן די מאַמע?
— מיריאַמל.
— און אײַער פאַמיליע איז רײַך?
— פונוואַנען ווייסט איר עס?
האָב איך איר געוואָלט זאָגן, אַז איך בין אירער אַ שוועסטערקינד, איר טאַטע, נאָכעמצע, איז מײַן פעטער, מײַן טאַטנס אַ ברודער, נאָר דאָ האָט זי שוין מיך געפרעגט:
— איר זײַט מײַן פעטערס, דעם קאַרליצערס ראַווס זון?
איך האָב ניט באַוויזן צו ענטפערן, ווײַל ס'איז אַרײַנגעלאָפן דער קאַפּיטאַן אַ צעטומלטער, אַ פאַרלוירענער:
— דער געליטענער איז פאַרשוווּנדן געוואָרן. קיינער האָט ניט געזען, וויאַזוי ער איז פון דער שיף אַראָפּ. און וווּ איז דער מעסער פון טיש אַהינגעקומען? — און מיט כשאַד איר אַרײַנגעקוקט אין די אויגן.
— ניין, — האָט זי געזאָגט, — איך האָב דעם מעסער ניט גענומען.
— ווער דען?
— יענער, דער ליימענער, יענער האָט באַם אַרויסגיין פונדאַנען גענומען דעם מעסער, וואָס איז געלעגן אויפן טיש, פאַר אײַערע אַלעמענס אויגן.
— טשאָרט זנאַיעט טשטאָ, — זאָגט דער קאַפּיטאַן אויפגערעגט, — דער רוער ווייסט וואָס. איך הייב אָן גלייבן אין שיידים.

ג

און דער זאַקן, דעם גרויסן קאָפּ צווישן די צעבליטע בעדביימלעך, ביידע הענט אויפן געלן יאַמש־שטעקן, ווערט דאָ מיטאַמאָל ווידער אנשוויגן, אַטעמט שווער, ווי ער וואָלט אַ חײַטן אויסמאַר טערנדיקן מעהאַלעך דורכגעמאַכט, און ערגעץ אַהין, וווּ דער וועג איז שוין מיט בוריאַן, מיט געדיכטע און שטעכיקע קוסטעס פאַרוואַקסן געוואָרן. און אַז זיך שוין יאָ אַהינצו, אַ צעבלאָטיקטער, דערקליבן, כורוועס דאָרטן געטראָפן, שוין אין דער ערד אײַנגעזונקענע.
ער האָט דאָרשטיק געפּאַמקעט די קאַלטע ליולקע, פון אונטער די האָרנברילן געקוקט מיט ברייט־צעעפנטע אויגן איבערן דניעפּער, וווּ פון די וועלדער איז אויפגעגאַנגען אַ האַלבע רויטע לעוואָנע. די רייכעס פון טשערעמוכע־צוויט זײַנען געוואָרן געדיכטער און דאָס געזאַנג פון די זשאַבליקעס נאָך שטאַרקער און העכער. ערגעץ אין די קאַמישן האָט געשריִען אַ פאַרוווּנדעטער וואַלדשנעפּ, און פון דאָרטן, פונעם כוטער, האָט זיך געלאָזט הערן די אוקראַיִנישע ליד, באַגלייט מיט אַ סאָפּילקע:

קאַלאָ מלינא, קאַלאָ בראָדו,
דווא גאָלובי פילי וואָדו...[1]

ער האָט זיך דאָ אויף די פּיס געשטעלט, דער אַלטער נאַטאַן רײַך, און גענומען אַרומשפּאַנען אין דער בלוי־בעזיקער און רויטער לעוואָנע־שײַן, אַהין און צוריק, לענגאויס דער באַנק. לויט זײַן אָפּשטעלן זיך אויף יעדן שפּאַן און טראָט, באַזונדערס לויטן וואַרפן אויף מיר פון דער זײַט די שאַרפע

[1] באַ דער מיל, באַ דעם איבערגאַנג,
האָבן טויבן צוויי געטרונקען וואַסער...

בליקן־בליצן זײַנע, איז געווען צו זען, אז דער זאָקן וואקלט זיך נאָך אלץ, שלאָגט זיך נאָך פאָרט מיט דער דייע, צי זאָל ער מיט דעם פרעמדן און ווײַטן זיך טײלן ווײַטער, און מיט אזעלכס, וואָס דאַרף אופגענומען ווערן ניט נאָר מיטן געדאנק, מיטן סייכל־האַשׂאָשער, נאָר דער־יקער מיט דער נעשאָמע, וואָס איז דער טאמציס און די כאָכמע פון לעבן, ווײַל אין איר, אין דער נעשאָמע, שלאָגן און רוישן די ריינע בלוטן פונעם הארצן און די פארבאָרגענע ליכט פון דער וועלט.

און אז כ'האָב שוין פארלוירן די האָפענונג צו הערן פון אים נאָך א וואָרט, געוואָרט, אז אָט דער זאָקן אין דער שווארצער פעלערינע, מיט דער קאלטער ליולקע אין דער ווײַסער באָרד, מיטן שארפן שפארבער־קוק פון אונטער די האָרנברילן, מיטן געלן יאמש־שטעקן, מיט די צעטראסקעטע לאקירטע טופליעס אױף די פיס, וועט באלד, ווי א געשפענסט, פארשווינדן ווערן אין דער פרילינגצעצוויטשעטער נאכט, דאָ — די עלנטקײַט אין אים האָט מער ניט געקאָנט שווײַגן, זיך מער ניט געקאָנט גויווער זײַן, און עפעס־וואָס האָט ער שוין, אפאָנעם, יאָ געוווּסט וועגן מיר, און א געטרײַערהערער בין איך געווען, ניט איבערגעשלאָגן, און שײַלעס ניט געשטעלט, האָט ער פלוצעם זיך אופגעהויבן, די ליולקע פון מויל ארויסגענומען, אָנגעשפארט זיך מיט ביידע הענט אפן שטעקן, און איך האָב ווידער דערהערט זײַן שטיל און אופגערעגט קאָל:

— זי איז ווי א פײַער אין מײַן לעבן ארײַן, און ווי יעדער פײַער אומבאַראכמאָנעסדיק אלץ דאָרטן פארברענט און פארסארפעט. אָבער אין איר פײַער איז מײַן נעשאָמע געלײַטערט געוואָרן. זי איז ארײַן אין מײַן לעבן מיט איר צויבער און צאָרן. ביידע זײַנען געווען אין איר גרויס, סײַ דער צויבער, סײַ דער צאָרן. ניין, דער צאָרן איז געווען אין איר גרעסער. דער צאָרן איז געווען אין איר שטארק, ניט צו אײַנברעכן און ניט צו אָפּשוואכן. זי האָט ניט געקאָנט פארגעבן און שענקען פאר איר פארשוועכט לעבן. און ביכלאל האָט זי ניט געוואָלט גיין מיטן לעבן אױף דער מינדסטער פשאָרע, ניט געוואָלט אָפּטרעטן פון זיך אױף א האָרעלע, געהאלטן, אז יעדער מין פשאָרע מיטן לעבן ברענגט צו אינטערטעניקײַט, פירט צו קנעכטשאפט. און זײַן א קנעכט באם לעבן, אפילע צוליב די גרעסטע פארגעניגנס און טײַנוגים, איז געפאלנקײַט, אומקאָווּעד און כארפע פארן מענטשן! און דאָך, מ'קאָן עס ניט פארשטיין און באנעמען. זי איז דערנאָך פון אים, פון דעם גוילעם, אײַנגעבראָכן געוואָרן.

נעכטן האָב איך זי באהאלטן אפן נײַעם פעלד, וווּ פון איין זײַט ליגן קריסטן, און פון דער צווייטער — יידן. אזא מין כאָרט באָלשעוויסטישע פעלקער־פרײַנטשאפט! אױף איר לעווײַע איז קיינער ניט געווען. איך און דער גוילעם. אויך ער האָט זי צו איר אייביקער רו באגלייט! שטיל איז געווען. די זון איז נאָך ניט פארגאנגען. אז די קריסטן האָבן זי אױף די שטריק אראָפּגעלאָזט אין קייווער ארײַן, קיין כעוורע־קאַדישע איז דאָך בא אײַך ניטאָ, האָט זיך פאר מיר ארויסגעלאָשן די שײַן פון לעבן. איך האָב אָנגענומען אין טיכעלע א ביסל ערד און באהאלטן אין זײַט־קעשענע. די ערד, אונטער וועלכער זי וועט ליגן, איז הייליק. קאַדיש־קידושן. ווען די באגרעבער האָבן פארשאָטן דעם קייווער, א זאסטעפ האָט אפילע א קלונג ניט געטאָן, האָב איך בא איר פרישן קייווער, וואָס וועט אינגיכן מיט ווילדגראָז פארוואקסן ווערן, איך וועל אָבער צו דעם ניט דערלאָזן, איך וועל איבער די הײַזער ארומגיין, איבער שטאָט און דאָרף, די הענט אויסשטרעקן, א נעדאָווע בעטן, און א מאציוועשטיין אױף איר קייווער שטעלן... דאָ, אז איך האָב אױף איר פרישן קייווער אָנגעהויבן קאַדיש זאָגן, אזוי איז ער גלײַך, דער גוילעם, פון בעסאָלמען אנטלאָפן.

אָבער איך בין שוין צו ווײַט פארגאנגען, דעם וועג זיך פארלאָפן, מ'דאַרף זיך אומקערן צוריק, צו יענע ווײַטע יאָרן. דער גוילעם איז טאקע דעמאָלט פארשוואונדן געוואָרן פון דער שיף צוזאמען מיטן מעסער. שווער צו זאָגן, צי האָט ער, דער גוילעם, געוואָלט פארווישן די לעצטע שפורן פון זײַן פארברעכן, ווײַל פארן מאגס זײַן, און דערצו נאָך א מינדעריעריקע, וועט ער א געקאָוועטער אין קייטן אױף קאטאָרגע גיין, און זי וועט פארן ארײַנרוקן אים דעם מעסער צווישן די ריפּן באפרײַט ווערן. שווער צו זאָגן, צי דער אריִעם האָט עס פארשטאַנען און צי א גוילעם באנעמט און פארשטייט ביכלאל עפעס־וואָס.

און האָטאָם כ'האָב זיך א וואָרט געגעבן, זיך פארשווירן, קיין שײַלעס ניט צו שטעלן, הערן און שווײַגן, דאָך האָב איך דאָ ניט אויסגעהאלטן און געפרעגט:

— גלייבט איר טאקע, אז מ'קאָן פון לײם באשאפן א מענטש?

האָט דער זאָקן דאָ א ציטער און א שווערן קרעכץ געטאָן, ווי כ'וואָלט אים מיט מײַן פרעגן גרויסע יעסורים פארשאפט. האָב איך אין יענער רעגע ניט פארשטאַנען, פארוואָס האָבן מײַנע רייד אין אזא אומרויִקײַט אים ארײַנגעבראכט? ער האָט זיך אָנגעבויגן צו מיר און ווידער מיט זײַן שארפן בליק־בליץ טיף אָפּגעמאָסטן. דערנאָך א זויג געטאָן דאָרשטיק די קאלטע ליולקע און צוריק אױף דער באנק זיך אוועקגעזעצט. שוין ווידער אן אויסגעגלײַכטער, דעם קאָפּ צווישן דעם צווייט פון די בעזביימלעך, די אויסגעצויגענע הענט אפן שטעקן און געקוקט אהין, אריבערן דניעפּער, צו דער האלבער רויטער לעוואָנע, וואָס הייבט זיך פון די וועלדער אין אויסגעשטערנטן הימל ארײַן:

— ווי נאָר ייִדן זײַנען פֿון זייער לאַנד פֿאַרטריבן געוואָרן, אַזוי האָבן זיי אומעטום, אין די גאַלעסן, גענומען שאַפֿן אַ קויעך, וואָס זאָל זיי באַשיצן און באַשירעמען. שוין די אַמוירים האָבן פֿון ליים צונויפֿגעשטעלט אַ גוילעם און מיטן שעם־האַמפֿאָרעש אים לעבעדיק געמאַכט און ער האָט געטאָן, וואָס זײַנע באַשעפֿער האָבן אים געהייסן צו טאָן. דער גרויסער פּאָעט און דענקער ר׳ שלוימע איבן־גאַביראָל האָט אַזאַ גוילעם געשאַפֿן, און אויך דער הייליקער מאַהאַראַל פֿון פּראָג. ייִדן אין גאַלעס האָבן זיך דאָך טאָמיד צווישן סאָנים געפֿונען, אומעטום און קעסיידער גזיירעס און שכיטעס. די קרייצפֿאָרער האָבן אויסגעהאַרגעט און כאָרעוו געמאַכט גאַנצע קעהילעס. די יאָרן פֿון כמעלניצקי אין גאָנטאַ. די פּעטליורישע פּאָגראָמען און איצטער, אַז דער בלוטיקער האַקנקרייץ הענגט איבערן לעבן פֿונעם ייִדישן פֿאָלק, אין פּוילן גיסט זיך שוין ייִדיש בלוט ווי וואַסער, און קיין באַשיצער און קיין גוייעל איז ניטאָ!

און דאָ האָט ער מיטאַמאָל אויסגעדרייט צו מיר דעם קאָפּ און אין זײַן בליק־בלײַך האָב איך דערפֿילט, אַז עפּעס וויל ער פֿון מיר האָבן, אָט דער זאַקן אין דער שוואַרצער פּעלערינע, אָבער וואָס? נאָר באַלד האָט ער ווידער גענומען קוקן אַהין, צו דער אויפֿגייענדיקער האַלבער לעוואָנע, וואָס שפּיגלט זיך פֿײַערדיק אָפּ אין ביידע גרויסע גלעזלעך פֿון די האָרנברילן.

— צי איך גלייב אין קאָנען באַשאַפֿן אַ גוילעם מיטן שעם־האַמפֿאָרעש? יאָ, איך גלייב מיטן גאַנצן האַרצן, אַני מאַמין בעעמונע שלוימע. עמעס, מײַן טאַטע און דער זיידע, זיכרוינע לעוואָכע, די קאַרליצער ראַבאָנים, זיי האָבן ניט געהאַלטן פֿון קאַבאָלע־מײַסעס. דער זיידע, זיכרוינע לעוואָכע, האָט עס געזאָגט אָפֿן, מיט רוגזע. דער טאַטע מײַנער, זיכרוינע לעוואָכע, האָט עס אויך געזאָגט, אָבער שוין שטילער, ניט אַזוי אָפֿן. פֿון זײַנע רעמאָזים האָב איך אָבער דעמלט, אַ באָכער צו דער כופּע גיין, שוין מיט סמיכע אָפּ ראַבאָנעס, זיך געהאַט אַרײַנגעלאָזט אין דער וועלט פֿון די ספֿירעס, אין דעם אַצילעס־האַציילעס, אין דער וועלט פֿון אויסשטראַלונגען. איך בין שוין געווען אַריבערן קאָפּ אין זאָהאַר, דיך געגריבלט אין דעם ראַמבאַן, אין דער טוירע פֿון אַרי־האַקוידעש. שוין ניט געהערט, וואָס מ׳רעדט צו מיר, אַרומגעגאַנגען פֿאַרדימיענט און פֿאַרטראָגן, געקוקט אַ מענטשן אין פּאָנעם אַרײַן, און אים ניט געזען. האָב איך דעמלט פֿון זײַנע רייד פֿאַרשטאַנען: אַוואַדע איז דער זאָהאַר פֿון רעב שימען בען יאָכאַי אַ הייליקער סייפֿער, אַוואַדע איז רעב ייִצכאָק לוריע אַ גרויסער און טיפֿער ייִד געווען, ס׳קאָן אָבער פֿירן צו פֿאַלשע מעשיכים, צו אַ שאַבסע־צווי, צו אַ יאַנקעוו פֿראַנק, יימאַך שעמוי, און פֿון שאַפֿן אַ גוילעם האָט ער שוין אַפֿילע ניט געוואָלט הערן. וועגן אַ גוילעם האָט ער געזאָגט אָפֿן: ס׳שטעקט אין דעם אַ מין קפֿירע. ניט אָפֿן אייבערשטנס קויעך, נאָר, כאַסוועכאָלילע, אָפֿן קויעך פֿון אַ גוילעם וויל מען זיך פֿאַרלאָזן. מעג מען דעם גוילעם מאַכן מיט די בעסטע קאַוואָנעס און מיטן שעם־האַמפֿאָרעש. און עפּשער דערפֿאַר טאַקע האָט ער מיך קיינמאָל ניט געלאָזט, מיך אָפּגעהאַלטן פֿון פֿאָרן צו מײַן פֿעטער, צו זײַן ברודער נאָכעמצע, צו דעם גאָיען, דעם מעקובל, וואָס איז קיין ראָוו ניט געוואָרן, נאָר געלעבט פֿון סטאָליערײַ, פֿון דער האַק און הובל, מעקײַעם געווען בעזאָס־אַפּייכאָ טאָאַכעל לעכעם. געדענקט איר נאָך דעם טײַטש פֿון די ווערטער?

— יאָ.

— די צוויי ברידער, מײַן טאַטע און מײַן פֿעטער, זיכרוינע לעוואָכע, האָבן זיך ליב געהאַט דאָס לעבן, אַהאַוואַס־נעפֿעש, אָבער געהאַלטן זיך ווײַט איינער פֿונעם אַנדערן, ווי געלעבט אין פֿאַרשיידענע וועלטן. און אַז מײַן טאַטע האָט זיך דערוווּסט, אַז דער ברודער זײַנער, נאָכעמצע, נעמט זיך באַשאַפֿן אַ גוילעם, איז ער פּאַשעט אויסער זיך געוואָרן: מ׳קאָן טאַקע באַשאַפֿן מיטן שעם־האַמפֿאָרעש אַ גוילעם, אָבער פּאָטער ווערן פֿון אים איז נאָך דעם אומעגלעך. די אַלע גרויסע צאַדיקים מעקובלים, וואָס האָבן באַשאַפֿן גוילעמס, האָבן שפּעטער זיי ניט געקאָנט צעשטערן. זיי גייען אַרום, די גוילעמס, איבער דער וועלט, פֿון לאַנד צו לאַנד, ווי אין אוילעם־האַטויהו. דער גוילעם מאַטערט זיך, לײַדט, בענקט נאָך אַ נעשאָמע, אָבער אַ נעשאָמע קאָן ער ניט האָבן. צאָלט ער דערפֿאַר, דער גוילעם, מיט אַכזאָריעס, נעמט נעקאָמע אין זײַן באַשעפֿער. דער גוילעם, וואָס איבן־גאַביראָל האָט באַשאַפֿן, האָט אים, ר׳ שלוימען, יונגערהייט אומגעבראַכט.

און ער האָט מיטאַמאָל דאָ, דער זאַקן, אַ ציטער געטאָן: אין דער געמישטער שײַן פֿון בלויען בעז־צווײַט און פֿאַרפֿלאַמטער לעוואָנע־ליכט, צווישן די ווילדע רויזן־קוסטעס, האָט זיך דורכגעשלײַכט, פֿאַרבײַגעשווינדלט אַ הויכער און כערדיקער שאָטן.

— ער איז אַוועק צו איר אָפֿן קייווער!

— ווער?

— דער גוילעם. ער האָט זי אַ גאַנץ לעבן ניט געלאָזט צורו, און וואָס וויל ער פֿון איר איצטער, שוין נאָך דעם ווי ער האָט זי אומגעבראַכט, וואָס וויל ער פֿון איר נאָכן טויט? וואָס קוקט איר אָף מיר אַזוי? מענטש איינער, פֿאַראַן זאַכן אונטער דער לעוואָנע, וואָס לאָזן זיך ניט דערקלערן, פֿאַרטײַטשן און אויסמאָלן! זאַכן, וואָס זײַנען העכער פֿונעם סייכל. איר גלייבט אין אַלײַיאַס־נעשאָמע, אין רועך־האַקוידעש? געווים און זיכער, און אַוואַדע איז מײַן טאַטע, זיכרוינע לעוואָכע, דער באַל

איקוויס האמאשנע, געווען געריכט: מ׳דאַרף זיך פֿאַרלאָזן אויפֿן ריבוינעשעלוילעמס הילף, און ניט אויפֿן קויעך פֿון א גוילעם. פֿון דעם גוילעם קאָן מען דערנאָך ניט פּאַטער ווערן, זיך אויסלייזן, זיך אָפּבינדן. און דאָס שרעקלעכסטע, — און דעם זאַקנס קאָל איז דאָ געוואָרן נאָך שטילער, אופגערעגטער, ווי ס׳וואָלט אים פֿארשלאָגן געוואָרן דער אָטעם, — און דאָס שרעקלעכסטע איז, וואָס דער גוילעם גייט אַרײַן אינעם בלוט פֿון אונדזערע קינדער. אָבער וואָס זאָלן מיר טאָן? ביז ס׳וועט קומען דער גוועל־צאַדיק, דער געזאַלבטער פֿון גאָט, און קעדיי צו פֿאַרמײַדן פֿאַלשע מעשיכים, מוזן מיר, קיין אנדער ברירע האָבן מיר ניט, ווי שאַפֿן גוילעמס און וואָס מער. דער רעצייעך היטלער האָט אופגעהויבן דעם טאַמעדיקן האַקנקרייץ איבערן לעבן פֿונעם הייליקן פֿאָלק. איר הערט?

און איך האָב דאָ ווידער דערפֿילט אויף זיך פֿון אונטער זײַנע האָרנבריקן יענעם בליק־בליץ, וואָס שנײַדט זיך אַרײַן ביז צום דנאָ פֿון דער נעשאָמע, דערפֿילט ביז צו ווייטיק, אַז עפּעס וויל ער פֿון מיר, אָט דער זאַקן אין דער שוואַרצער פּעלערינע, אַז זײַן זיצן דאָ מיט מיר, באַם דניעפּער, אין אָט דער וווּנדערלעך־צעצווייטעטער מײַ־נאַכט, איז ניט קיין צופֿעליקײַט, נאָר פֿון פֿרײַער באַטראַכט און באַקלערט געוואָרן, אַז זײַן רעדן מיט מיר וועגן די גוילעמס האָט א מיין און א ציל, אַז עפּעס וויל ער פֿון מיר דער טיף־גלויביקער זאַקן, דער מיסטיקער. אָבער וואָס וויל ער, און וואָס קאָן ער דאָ פֿון מיר וועלן?

און ניט־ווילנדיק, און שוין ניט באַרעכנט, האָב איך דאָ געבראָכן מײַן וואָרט, וואָס כ׳האָב זיך אַליין געגעבן: שײַלעס ניט פֿרעגן, ניט וועקן מיטן זאַקן, צו זײַנע רייד קיין שטעלונג ניט נעמען, און דאָך אומגערן א פֿרעג געטאָן:

— קלײַבט איר זיך אויך באַשאַפֿן א גוילעם? און איר ווילט...

האָט ער זיך דאָ פּלוצעם פֿונעם אָרט אופגעהויבן, די ליולקע אין ווינקל מויל אַרײַנגעשטעקט, און גענומען מיטן שטעקן אַראָפּגיין גיך פֿון די בערג, צום דניעפּער. די שוואַרצע פּאָלעס פֿון דער פּעלערינע, ווי גרויסע פֿליגלען פֿונעם נאַכט־פֿילין, האָבן אים געפּאַכעט אויפֿן ווינט אין דער רויטער לעוואָנע־נאַכט.

ד

און דרײַ טעג, פֿון זון־ופֿגאַנג ביז זון־ונטערגאַנג פֿון דער שקיע אין דער ווײַטער שאָ פֿון דער נאַכט, בין איך אַרומגעגאַנגען אויף די פֿרילינג־צעצווייטעטע בערג באַם דניעפּער־טײַך, געהאָפֿט און געוואַרט אויף זײַן קומען, נאָר דער זאַקן האָט זיך ניט באַוויזן. בין איך אויפֿן פֿערטן טאָג אַוועקגעגאַנגען אַהין, צו יענעם בעסאַלמען. אָבער דאָרטן, שוין נאָכן זון־פֿאַרגיין, איבער די קוואָרים, אין דער צעבליטקײַט פֿון די ביימער, זינגען פֿייגלען, ס׳שמעקט זיס מיט האָניק. דעם זאַקן האָב איך דאָרטן ניט געטראָפֿן. עפּעס איינער א הויכער און ברייטבייניקער, מיט א שוואַרצער באָרד, איז געשטאַנען אומבאַוועגלעך, ווי פֿאַרגליווערט געוואָרן, איבערגעבויגן איבער א פֿרישן בערגל ערד. כ׳ווייס ניט פֿאַרוואָס, נאָר א קעלט איז מיר דורכגעגאַנגען איבערן לײַב און איך בין אַוועק אַרויס פֿון יענעם בעסאַלמען־צווינטער.

און איך האָב זיך אומגעקערט צוריק אַהינצו, גענומען אַרופֿגיין אויף די בערג, געוואָלט ווידער צו יענער באַנק אונטער די צעצווייטעטע בעדביימלעך קומען — עפּשער וועל איך דאָרטן אים פֿאָרט טרעפֿן? נאָר אויפֿן האַלבן וועג אַהין, האָב איך אים פּלוצעם אונטער א צעצווײַגט־בלעטערדיקן קליאָן דערזען שטיין, אין דעם טונקעלן פֿיאָלעט־ווײַכער פֿון די לאַמטערן־שײַנען, מיטן פּאָנעם און אופגעהויבענע הענט צום הימל, ניט ווײַט פֿונעם אָרקעסטער, וואָס שפּילט ראַוועלס פֿײַערדיקן „באָלעראָ“. כ׳האָב זיך אָפּגעשטעלט אנטקעגן אים, אין דער נאָענטקײַט פֿון איין טראָט, נאָר ער האָט מיך ניט געזען, ער איז פֿאַרכאַפּט, מיטגעריסן און פֿאַרטראָגן געוואָרן מיט די זאַווערוכע־קלאַנגען אין א גאָר אנדער וועלט.

און איך וואַרט ביז דער אָרקעסטער ענדיקט שפּילן, ביז די קלאַנגען ווערן איבערגעריסן ערגעץ דאָרטן, אין די הייכן, אָבער אויך דעמלט ריר איך זיך פֿון אָרט ניט, ווײַל ער שטייט נאָך אַלץ, דער זאַקן, מיט די אופגעהויבענע הענט און פּאָנעם צום הימל:

— וווּנדערלעך! — זאָגט ער ווי צו עמעצן אופגערעגט און באַגײַסטערט. — וווּנדערלעך, סאַרא גרויסער און היסלײַוועסדיקער כסידישער ניגן!

און מיטאַמאָל מיך דאָ דערזען שטיין, און ווי געוואַרט אויף מיר, און ווי געוווּסט, אַז טאַקע דאָ, אונטער דעם ברייט־צעצווײַגטן קליאָן, וווּ צווישן די געפֿינגערטע שמעקנדיקע בלעטער פֿאַלן שטערן אין די טויקע גראָזן אַרײַן, אַז באַם שפּילן דעם פֿײַערדיקן „באָלעראָ“ וועלן מיר זיך דאָביידע דאַרפֿן

טרעפֿן און באַגעגענען, און ווי פֿון פֿריִער דאָס געווּסט, זאָגט ער צו מיר מיט זײַן שטיל אומ־רויִק קאָל:

— לאָמיר גיין אַהין, אױף אונדזער אָרט, דאָרט האָב איך ליב די וויוגע־שײַנען פֿון דעם מילכוועג איבער די בערג, און איבער די כוואַליע־וואַסערן אין דער נידערניש. צו האַלבער נאַכט, צו כאַצעס, גיי איך אַראָפּ צום טײַך זיך באָדן. כ׳האָב ליב צו פֿילן מיט אַלע איבֿרים, מיט האַרץ און נשמה, דעם קאַדמאָן־קוואַל פֿון דער וועלט. און וואַסער איז געווען נאָך פֿאַר בריאַס־אוילעם. וואַסער איז אייביקייט, און מ׳דאַרף זיך באַהעפֿטן מיט דער אייביקייט, און אויך מיטן ברענענדיקן ניגון קאָן מען זיך צוטוליען צו גאָט, צו דער אייביקייט!

און אַז ער איז שוין אױף דער באַנק אַנטקעגן דער קימאַט פֿולער שטאַרק ליכטיקער לעוואָנע געזעסן, דעם גרויסן קאָפּ מיט די לאַנגע זילבערנע האָר צווישן די צעצוויטעטע שוואַרץ־בלויע בעז־צווײַגן פֿאַרוקט, די קאַלטע ליולקע דאַרשטיק געצויגן, האָט ער מיט אַ גאָר שטילן קאָל צוגעגעבן:

— די טראַגעדיע פֿון גאָט איז עפּשער גרעסער פֿון דער טראַגעדיע פֿונעם מענטשן. ער וואָלט אוואַדע, דער באַשעפֿער, געקאָנט מיט זײַן ווילן פֿירן די וועלט, צו טאָל און צו שטיוב מאַכן דעם סאָטן, אָבער דעמלט וואָלט שוין קיין מענטש ניט געווען. דעמלט וואָלט קיין אָרט פֿאַר פֿרײַהײַט ניט געבליבן. דעמלט וואָלט קיין פֿרײַער אויסוואַל, קיין ברייִרע פֿאַרן מענטש ניט געקאָנט זײַן. דער מענטש ווי די קרוין פֿון יעצירע, ווי דער צעלעם־עלויקים, וואָלט פֿאַרשווּנדן געוואָרן. און די בריאַס־אוילעם וואָלט פֿאַרן ריבוינעשעלוילעם קיין זינען ניט געהאַט. אָן דעם פֿרײַען מענטשן, אָן זײַן טראַגיזם איז ניטאָ קיין טאַכלעס־אוילעם! די נשמה וואָלט געווען אין יאָך, טאַקע אין געטלעכן, אָבער פֿאָרט אין יאָך, אין שפּאַן, פֿאַרלירט זי דעמלט, די נשמה, איר געטלעכקײַט. געטלעכקײַט איז — פֿרײַהײַט!

און ווי געוואָרגט זיך מיטן קאָל, שוין ניט אַרויסגערעדט, נאָר ווי פֿון ווײַטיק אַרויסגעקרעכצט:

— און טאַקע דאָ, אין אָט דער געטלעכער פֿרײַהײַט, ליגט די גרויסע טראַגישקײַט פֿון מענטש און פֿון גאָט, פֿון זיי ביידן, איינער איז געבונדן מיטן צווייטן, ווי אָדאָם איז געבונדן מיט כאַווען. און זייער ביידנס גוירל איז טראַגיש, יעסורים שעל אַהאַווע. איינער אָן דעם צווייטן איז עלנט אױף דער דאָזיקער ערד, און מיט עלנטקײַט און בענקשאַפֿט, וואָס קיין ווערטער זײַנען נאָך פֿאַר דעם ניט באַשאַפֿן געוואָרן. איר זעט אָן־אַ דאָרטן, צווישן די ווילדע רויזן־קוסטעס, דעם שאָטן, איר זעט? דאָס קערט ער זיך אום, דער גוילעם, פֿון איר קייווער, איך קום און איך לייג אױף איר בערגל ערד ראָמאַשקעס, לאַנדישן, און ער קומט און וואַרפֿט זיי אַראָפּ, צעטרעט מיט די פּיס, און בלײַבט דער־נאָך שטיין איבער איר קייווער אָנגעבויגן אױף שאָענלאַנג, ווי אַ פֿאַרשטיינערטער, ווי אַ מאַצייווע. אַ מאַצייווע פֿון נעקאָמע און אויך פֿון בענקשאַפֿט! יאָ, ער בענקט נאָך איר מיט דער בענקשאַפֿט פֿון אַ גוילעם, וואָס איז פֿאַרבליבן אַליין, אָן זײַן באַשעפֿער. אייגענעם ווילן און אייגענע שליכעס האָט ער דאָך ניט, דער גוילעם... און זי, מיריאַם, האָט נאָך איר מאַמעס טויט געהאָלפֿן דעם טאַטן אירן, דעם גאָיען און צאַדיק, אויסקנעטן דעם גוילעם, און דעריקער: נאָכגעזאָגט אים, איר טאַטן, דעם שעם־האַמפֿאָרעש. און ס׳קאָן זײַן, אַז דער שעם־האַמפֿאָרעש אין קינדס מויל האָט גאָר דעם גוילעם באַשאַפֿן. ניט ער, דער טאַטע אירער, דער מעקובל, נאָר זי, מיריאַמל, מיט איר קינדערשער ריינקײַט און קדושע האָט דעם גוילעם באַשאַפֿן. און דערפֿאַר טאַקע האָט ער שפּעטער, דער גוילעם, אין איר נשמה געצומען, איר ריינקײַט און קדושע מעטאַמע געמאַכט.

— און דאָס אויסטערלישע איז אָבער דאָ, וואָס נאָך יענעם פֿאַל מיטן מעסער אױף דער שיף, האָט זי אים מער ניט אָנגערירט, דעם גוילעם, כאָטש ער האָט איר יענעם מעסער געבראַכט אין שטוב אַרײַן, צו מיר אין שטוב, וואָס איז פֿול געווען מיט געסט, און דערלאַנגט איר דעם מעסער אין האַנט, ווי דערמיט געזאָגט: נאַ, און שטעך מיך וויפֿל דו ווילסט, מיט קויעך קאָן מען מיך ניט אומקערן צוריק צו דער ערד, צום ליים... האָט זי גענומען פֿון זײַנע הענט דעם מעסער, פֿאַרמאַכט די אויגן אױף אַ פּאָר רעגעס, ווי אַרײַנגעקוקט אין דער אייגענער נשמה, נאָר באַלד די אויגן אופֿ־געעפֿנט, קיין ברעקל צוויבער איז שוין אין זיי, אין אירע אויגן, ניט געווען, שוין בלויז צאָרן, איין גלײַקער צאָרן, און מיט פֿאַרקלעמטע ליפּן צוגעגאַנגען צו דער טיר, דעם מעסער אין דער שפּאַרונע אַרײַנגעשטעקט, און אים אױף צווייען צעבראָכן. און צו מיר האָט זי זיך אויסגעדרייט:

— זאָל בינעם פֿאַרבלײַבן בא אונדז אין הויף, בא די פֿערד.

— ניין, דעם פֿאַרברעכער וועל איך בא זיך ניט האַלטן.

— אויב ניט, קער איך זיך אום צוריק צו מײַן מומע.

און זי וואָלט זיך אומגעקערט אַהין, צו איר מאַמעס שוועסטער, צו דער גווירנטע, צו דער אַקאָרע, וואָס האָט איבער איר, איבער מיריאַמען, געציטערט און געצאַפּלט, איר צוגעשאָקלט מיטן קאָפּ און אַלצדינג נאָכגעגעבן. און איך האָב דאָך שוין אָן איר, אָן מיריאַמען, ניט געקאָנט לעבן. איך האָב דאָך שוין יעדן טאָג געמוזט זי זען און איר קאָל הערן.

און פּלוצעם ווערט ער דאָ, דער זאַקן, אַנשוויגן, בלײַבט מיט די אונטערגעהויבענע אַקסלען, ווי פאַרקילט זיצן, דאָס פּאָנעם ווײַס און די אויגן פאַרשטאַרט, קוקן ערגעץ פאַר זיך אין דער לעער וואַניקער ווײַטקייט. אָבער אין אָט דעם מאַצעוו, אין אָט דער פאַרגליווערטקייט געפינט ער זיך, דער זאַקן, געציילטע סעקונדעס, און נעמט באַלד רעדן ווײַטער, מיטן שטילן און אופגערעגטן קאָל, ווי פריִער:

— און אָט דעמלט, אין יענעם פײַערלעכן אָוונט, אַז די שטוב מײַנע איז פול געווען מיט געסט, אַז מ'האָט אופגעהויבן די באָקאַלן שאַמפּאַניער פאַר סאַבינעס פינף און צוואַנציק יאָר, גראָד דעמלט האָט ער זיך אין זאַל אַרײַנגעריסן מיטן מעסער. זײַנען אַלע דערשראָקן געוואָרן, געמיינט, אין שטאָט האָט זיך אַ פּאָגראָם אָנגעהויבן, ס'איז דאָך געווען דאָס פינפטע יאָר! נאָר ער האָט זי גלײַך דערזען און איר דערלאַנגט, מיריאַמען, דעם מעסער. און אָט דאָ, בײַ דער העלער ליכט, האָב איך אים גוט אָנגעקוקט, דעם גוילעם, און בין אופגעטרייסלט און דערציטערט געוואָרן: ניט געקוקט אויף זײַן מע־גושעמדיקייט, אויף זײַן אומגעלומפּערטקייט, האָט ער דאָך אין זײַן פּאָנעם עפּעס געהאַט פון די דויִרעס קאַרליצער ראַבאָנים. ער איז געווען אַ שיינער, דער גוילעם, ער האָט אפילע פאַרמאָגט פון איר, פון מיריאַמען, שיינקײַט. דאָך, און פונדעסטוועגן, שוין בײַ מײַן גאַנצער דעמלטיקער ליבשאַפט צו איר, צו מיריאַמען, ווען ניט זי, סאַבינע, און דערצו נאָך פאַר די געסט, וואָס שטייען אַרום געפּלעפּט, מיט די פולע באָקאַלן ווײַן אין די הענט, פאַרשטייען ניט וואָס דאָ קומט פאָר און פאַרלויפט זיך, ווער איז דער פאַרשוין מיטן מעסער, און פאַרוואָס נעמט זי בײַ אים דעם מעסער, ווען ניט זי, סאַ־בינע, וואָלט איך בעשום־אויפן ניט אײַנגעגאַנגען, אַז דער גוילעם זאָל אין הויף בײַ מיר, אפילע בײַ די פערד, אויף איין טאָג בלײַבן. נאָר צו מײַן אומדערוואַרטקײַט און גרויסער שטוינונג, האָט זי, סאַבינע, וואָס האָט פון דער ערשטער רעגע, ווי נאָר מיריאַמען אויף דער שוועל מיט מיר דערזען אַרופגיין, פײַנט באַקומען; ווי נאָר זי דערזען, בלייך און דערשראָקן געוואָרן, ווי ס'וואָלט פּלוצלינג אַ פײַער אין איר שטוב אַרײַן. זי, סאַבינע, אויך מיט אַ שטאָלענעם כאַראַקטער, איך ניט געקאָנט זיך אָפּשטעלן און צוימען, זי איז פאַר די געסט באַלד מאַסקים געוואָרן, אַז דער בינעם, ווי מ'האָט אים גערופן, דעם גוילעם, זאָל פאַר אַ מעשאָרעס אין הויף פאַרבלײַבן, האָגאָם ביז אַהערצו קיינמאָל ניט געוואָלט בײַ זיך ייִדן פאַר מעשאָרסים און דינסטן האָבן. אָבער אין אָט דעם געווירבל, מענטש איינער, אין אָט דעם הוראַגאַן, חוּ די ווערסט ווי אַ שפּענדל געשלײַדערט, אין אָט דעם צעשטורעמטן יאַם פון לעבן, ווו פעלקער גייען אויף און פאַרגייען, אין אָט דער זאַווערוכע פון לײַדנשאַפט, דאַרף מען זיך אויף גאָרנישט ניט כידעשן.

און דערצו נאָך, מענטש איינער, אין אָט דעם געהויטער קומט דער צופאַל, די צופעליקײַט, דער אומשטאַנד, דאָס אָנשלאָגן זיך אין אַ פרעמדן גוירל, וואָס ברענגט, וואָס בײַט, וואָס ברעכט און אַנדערשט איבער דײַן אייגענעם גוירל, און נעמט דיך פירן אויף אַנדערע, אויף פרעמדע, און גאָר פאַר די ווײַטע וועגן. איך בין שוין דעמלט געווען אין שווייצאַריע, אין לאַנד פון די אָוצרעס און אַלפּן. דער טאַטע מײַנער, זיכרוינע לעוואָכע, האָט נאָך יאָרן שווערן געראַנגל מיט זיך און מיט מיר, סאָפּקאָלסאָף געלאָזט מיך פאָרן שטודירן מעדיצין, דער ראַמבאַם איז דאָך געווען אַ דאָקטער. אַז ער האָט געגלייבט אין מיר, מײַן טאַטע, געווען אפילע זיכער, אַז כ'וועל פון וועג ניט אַראָפּגיין, ייִדישקײַט פון זיך ניט אַראָפּוואַרפן, טראָגן ווײַטער, און מיט פרייד, דעם אָל־האַטוירע, דעם אָל פון מאַלכעס־שאָמאַיִם, די שליכעס פון דעם פאָלק ייִסראָעל, אַז איך וועל שפּעטער ווערן דאָקטער און ראָוו, היילן ייִדישן גוף און ייִדישע נעשאָמע... און איך בין טאַקע שפּעטער מיט יאָרן, נאָך דער אָקטיאַבער־רעוואָליוציע, געוואָרן אויך ראָוו, און ווי אַ כירורג געמאַלעט ייִדישע קינדער, זיי אַרײַנגעבראַכט אין דעם בריס שעל אַווראָם אָווינו, זיי באַהעפט צו זייער גאָט און צו זייער פאָלק, און דערפאַר בין איך אַרעסטירט, געמישפּעט און פאַרשיקט געוואָרן אַהין, אָפן ווײַטן צאָפן.

און דאָ הייבט ער זיך ווידער אויף, דער זאַקן, נעמט אַרומגיין אַהין און צוריק, און וואַקלענדיק זיך, און באַם סאַמע ברעג, און באַם סאַמע אָפּריס פון באַרג. איך טו זיך אָבער פון אָרט ניט אַ ריר, שווײַג, האָב מוירע, אַז פון מײַנעם אַ וואָרט קאָן ער, כאָלילע, ווי אַ לונאַטיקער, פון שלאָף אופגע־וועקט ווערן, און פון דער הייך אַראָפּפאַלן, און איך האָב אויך מוירע, אַז זיי, די געזאַנגען פון די פאַרשיקערטע סאָלאָווייען אין דער צעצוויטעטער נאַכט, זאָלן אים אופוועקן. און ער שטייט שוין, ווי צוריק מיט דרײַ טעג, מיט בײדע הענט אָפן שטעקן אָנגעשפּאַרט, זויגט הילכיק די מיט טויזן אָנגעקלאַפּטע קאַלטע ליולקע, קוקט אַראָפּ־צו, אין די שוואַרצע נידערנישן, ווי בײַ דעם זילבער־שמאָלן בריקל, וואָס וויגט זיך נאָסקאָס איבערן טײַך, באָדט זיך די פאַרפאַלײַטע נאַקעטע לעוואָנע. ער שווײַגט לאַנג, ווי אין מיר גאָר פאַרגעסן, און איך וואַרט, אַז באַלד וועט ער ווידער, ווי צוריק מיט דרײַ טעג, פון די בערג צום טײַך נעמען אַראָפּגיין, טויווּל זײַן זיך, ס'איז דאָך שוין באַלד כאַצעס.
נאָר שטייענדיק אַזוי צו מיר מיטן רוקן, דערהער איך זײַן קאָל, און שוין ניט דעם פריִערדיקן, האָגאָם אויך אַן אופגערעגטן אָבער מיט באַגײַסטערונג:

— איך דעמלט איז געװען מײַ כוידעש, און אויך אזא נאכט, נאָר ניט באם טײַך, באם דניעפּער, אין אוקראַינע, נאָר דאָרטן, אין שװײצאַריע־לאנד, אין די אַלפּן־בערג, װוּהין איך פּלעג ארופגיין צו מיסבוידעד זײַן זיך, אין װאַלד, בא דעם קאַדמאָן־ליכט פון די װײַסע שנייען, און דאָ קומט, מענטש אײנער, דער צופאַל, װאָס אקערט אוף און קערט איבער דײַן לעבן. געװען שוין נאָך שקיִעס־האַכאַמאָ, שוין באם צופאַלן פון דער נאכט, שוין בא די קאָלירטע שײַנען, װאָס שיטן זיך פון די װײַטע הייכן, מײַן נעשאָמע איז שוין אין יענער שטילקײַט און אין דעם ניגן פון אייביקער יעצירע אַרײַן. װיפל מאָל איך האָב זיך אהינצו, אוף יענעם אָרט, אופגעהויבן, האָב איך דאָרט קיינמאָל א בען־אָדאָם ניט באגעגנט, און דאָ, אז איך שטיי מיט בײדע הענט ארומגענומען און מיטן קאָפּ אין בוים אַנגעשפּאַרט, דאָ דערפיל איך פּלוצעם, װי עפּעס האָט מיך א שטאַרקן זעץ געטאָן אין אַקסל, און באַלד דערזע איך װי פון בארג פאַלט עמעצער.

און װי שפּעטער פון איר, פון דער אראָפּגעפאַלענער, געװויר געװאָרן, האָט זי דאָרט, אין די בערג, דעם זון־פאַרגײַן געמאָלט, און באם צופאַלן פון דער נאכט גענומען פון די בערג זיך אראָפּלאָזן, און כאָטש זי איז געװען זייער געהיט און ניט איבערגעײַלט, דאָך אין דעם פּלאָנטער פון די שאָטנס א שלעכטן טראָט געמאַכט, דאָס קעסטעלע מיט די פאַרבן איז איר פון האַנט ארויסגעפאַלן, און אויך זי אליין האָט זיך פון די בערג גענומען אראָפּקײַקלען. אוף דעם רעכטן פיס האָט זי ניט געקאָנט זיך שטעלן, פון װייטיק געשריִען, האָב איך פונעם דעמב צװיי שטיקער קאָרע אויסגעשניטן, דעם פוס איר צװישן די צװיי שטיקער קאָרע ארײַנגעלייגט און מיטן טאַלעסקאָטן שטײַף צונויפגעצויגן און איבערגעבונדן. איך, דער פרומער באָכער, דעם קאַרליצער ראָװס זון, מיטן טאַלעסקאָטן...

און ביז האַלבער נאכט האָב איך זי פון די בערג אוף די הענט װי א הײליקײַט געטראָגן, װי זי װאָלט פון הימל מיר אראָפּגעפאַלן, און אז איך האָב זי פון די בערג צום ישעװ, װאָס בא דער אַזערע, אראָפּגעטראָגן, אין די נאכטיקע טירן און פענצטער געקלאפּט, ביז א פערד און װאָגן געקראָגן, אין שטאָט ארײַן, צום שפּיטאָל, צו װעלכן זי האָט געבעטן, זי געבראַכט צו פירן, אוף די הענט פון װײַסע כאַלאַטן זי איבערגעגעבן, דעמלט בין איך א דערשראָקענער פון איר שײנקײַט און דעריקער פונעם װיכער, װאָס האָט זיך אופגעהויבן אין מײַן נעשאָמע, אנטלאָפן געװאָרן, און צוריק אהין, צו די אַלפּן־בערג, זיך דאָרטן מיסבאָדעד זײַן און איסזינגען פאַרן באשעפער פון דער װעלט די טפילע פונעם איבערגעפולטן האַרץ.

און די גאַנצע צײַט שטײט ער דאָרט, דער זאָקן, אפן שפּיץ בארג מיטן רוקן צו מיר, באם סאַמע אַפּריס, אַנגעשפּאַרט אפן שטעקן, און װיגט זיך מאַמעש איבערן אָפּגרונט. װיל איך אים פון דאָרטן צוריק צו דער באַנק פירן, צו די בעז־ביימלעך, לאָזט ער זיך ניט און רעדט אַלץ אהין, צו דעם זילבערנעם בריקל, װוּ די פאַרפאַליעטע לעװאָנע באָדט זיך:

— און פון א צופאַל װערט באשערטקײַט, גוירל! פון אַנהייב א ליכטיקער, אפילע א זוניקער, אָבער װאָס װײַטער טונקעלער און טונקעלער, ביז צו שטענדיקער שװאַרצקײַט. װײַל דער גוילעם איז פונעם סאָטן! און אין דעם, מענטש אײנער, ליגט דאָס סאַמע טראַגישע: דער גוילעם װערט דאָך באשאַפן מיטן שעם־האַמפאָרעש. מיר זײַנען געװען פון גאָר אַנדערע, פון גאָר װײַטע און פרעמדע װעלטן. זי, סאַבינע, פון די יעהודים, פון די דײַטשן פון מאָזעס גלױבן, פון די סאַמע לינקע רעפאָרמער, פון די, װאָס שטייען שוין בא יעזוסן אף דער שװעל. געהאַט זייער רײַכע עלטערן און נאָך רײַכערע צװיי זיידעס. זי, א געראָטענע מאָלערן, און אויך געהאַלטן באם פאַרענדיקן דעם יורידישן פאַקולטעט, און איך, א פרומער באָכער אין באָרד און פּייעס, גיי ניט נאָר מיט מײַן טאַטנס װעג, נאָר אויך מיטן װעג פון מײַן פעטער, דעם מעקובל. אָבער ביז מײַן באגעגעניש מיט איר, ביז יענעם צופאַל אף דער שיף, זײַנען מיר בײדע, איך און סאַבינע, פאָרט געװען א גליקלעכע פאָר, געהאַט צװיי קינדער, אָבער נאָך דער באגעגעניש מיט איר, מיט מיריאַם, און דעריקער נאָך יענעם אָװנט פון די אימענינעס, װען די געסט האָבן אופגעהויבן די באָקאַלן שאַמפּאַניער פאַר סאַבינעס פינף און צװאַנציק יאָר, און ער, דער גוילעם, האָט זיך דאָ פּלוצלינג ארײַנגעריסן אין זאַל מיטן מעסער...

און דאָ שטעקט ער די ליולקע אין מויל ארײַן, טוט זיך א דרײַ אויס צו מיר און ניט געבעטן, נאָר פּאַשעט באַפּיילן, געזאָגט:

— גיט מיר פײַער! זעכצן יאָר בין איך איבער דער טונדרע ארומגעגאַנגען מיט דער אַנגעקלאַפּטער קאַלטער ליולקע! — און אז פאַרייכערט, דעם רויך אין מויל געהאַלטן ביז צו פאַרהוסטן זיך, האָט ער, װי צוריק מיט דרײַ טעג, אָן א גוטע־נאכט גענומען פון די בערג צום טײַך אראָפּנידערן. די שװאַרצע פּאָלעס פון זײַן פּעלערינע האָבן װידער װי ברײטע פליגלען פון א פּילין־פויגל איבער די בערג געפּאַכעט און פון דער ליולקע האָט געשלאָגן א בלוי רויכל. איך האָב געװאַרט ביז ער איז בעשאָלעם פון די בערג אראָפּ און אף די זאַמדן אַרוּף, ארײַן אין די רויטלעכע שאָטנס פון דער לעװאָנע און אין טונקל־בלאָװע רייפן פון די ברענענדיקע פאַרשטויבטע לאַמטערנס.

ס'איז געווען האַלבע נאַכט. דער זאַקן, ווי אַ ווײַטער שאָטן אויפֿן ווײַסן זאַמד, האָט געשפּאַנט מיטן שטעקן צום טײַך, צו דער זילבערנער סטעזשקע, וואָס ציט זיך נאַסקאַס איבערן דניעפּער פֿון איין ברעג צום צווייטן, געגאַנגען צו טויזלען זיך דאָרטן. און אַרויף־צו, בײַ דער זײַט צווישן די ווילדע רויזן־קוסטעס, האָט זיך ווי אַ געשפּענסט געשלײַכט דער גוילעם.

# ה

און אויך איצטער, ווי אַמאָל, ווי נאָך יענעם פּלוצעמדיקן אַוועקגיין, און אויך צו האַלבער נאַכט, האָב איך געמיינט און אויף דעם זיך גערעכנט, אַז דער זאַקן וועט ווידער פֿאַרפֿאַלן ווערן אויף אַ טאָג דרײַ, און עפּשער אפֿילו מער, און אויף די ברעג בײַם דניעפּער זיך ניט באַווײַזן. און דערצו נאָך האָבן זיך צום סאַמע טאָג אָנגעהויבן פֿון מײַרעוו גיין אָנגעבראַכענע וואָלקנס, זילבערדיק באַזוימטע, נאָך מיט זון דורכגענומענע, מיט אַלע קאָלירן פֿונעם ווײַסן רעגנבויגן דורכגעשײַנטע, דערווײַל נאָך איינצלנע, באַזונדערע, צעוואָרפֿענע, ווי פֿון ערגעץ־ווו פֿאַרבלאָנקעטע, אָבער שוין מיט רייכעס פֿון פֿאַלין און טרוקענער ערד, וואָס זאָגן אָן אויפֿן לעצטן מײַיקן שלאַקסרעגן.

און דאָך, צו מײַן פֿאַרוווּנדערונג, האָב איך אים געטראָפֿן דאָרטן, אויף דער באַנק, אונטער די בעז־צווײַגן, וואָס דער בלי שיט זיך שוין פֿון זיי אָפּ. ער איז געזעסן, דער זאַקן, אַ בלייכער, די באָרד צעקנייטשט, מיט אויסגעצויגענע זיך טרייסלענדיקע הענט אויפֿן שטעקן, די שוואַרצע פּעלערינע געדיכט באַשאָטנט מיט אַראָפּפֿאַלנדיקע בלויע שטערנדלעך בעז־צווײַט, די ליולקע, אָן אָנגעקלאַפּטע מיט פֿריש שמעקנדיקן טוטין, צווישן די ליִלאָווע ליפּן, אַ קאַלטע, די אויגן הינטער די האָרנברילן שטאַרקער ווי טאָמיד פֿאַרזשמורעטע און געקוקט ווי די זון, אַ קײַלעכדיקע ראָד כטעלניק, לאָזט זיך פֿון די ברעג צום דניעפּער אַראָפּ, און ס'טריפֿט פֿון איר גאָלד־לויטערער האָניק אין די וואַסערן אַרײַן.

— אייגנטלעך, — הייבט ער אָן מיט ווייטיק און אַ ביז גאָר אויפֿגערעגטער, ווי נאָר איך זעץ זיך לעם אים צו, — אייגנטלעך ווייס איך גאָר ניט, פֿאַרוואָס האָט ער, דער גוילעם, גראָד מיר פֿאַר־שטערט און כאָרעוו געמאַכט די וועלט מײַנע? עפּשער דערפֿאַר, ווײַל איך בין זייער ענלעך געווען אין מײַן פֿעטער, אין יענעם מעקובל, וואָס האָט אים, דעם גוילעם, באַשאַפֿן, אויף דער וועלט געבראַכט? און דער גוילעם קאָן דאָך זײַן באַשעפֿער ניט מויכל זײַן, קאָן אים ניט פֿאַרגעסן, מאַכמעס אויך ער, דער גוילעם, קאָן אָן אַ נעשאָמע ניט לעבן, קאָן ניט לעבן נאָר מיטן גוף און נאָר מיטן קריעך. טוט ער אַלץ, וווּ ער קאָן נאָר, אומעטום, דעם גײַסט אויסלעשן, יענעמס נעשאָמע אין געפֿאַלנקײַט, אין בלאָטע צעטרעטן. פֿאַרלענדן אים אָבער, דעם גוילעם, איז דאָך אוממעגלעך, אין זײַנע ביינער רוט דאָך פֿון די צעשאָטענע הייליקע פֿונקען, פֿון די געטלעכע ניצויצעס, און דערצו פֿילט ער דאָך אויס, דער גוילעם, זײַן שליכעס! ער ווערט דאָך דער היטער, דער באַשירעמער, דער שוימער וועמאַציל, דער שוץ־מאַלעך... עמעס, בײַם אויספֿילן די דאָזיקע שליכעס ווערט ער ווילד, פֿאַרלירט די האַשפּאָע און קאָן דעמלט אומברענגען זײַן באַשעפֿער און אויך מאַזיקן און שענדן זײַנע טעכטער.

און דאָ טוט ער אַ ציטער, דער זאַקן, זײַן פּאָנעם ווערט בלאַסער און קוקט אַלץ אַהין, צום טײַך, מיטאַמאָל ברייט צעעפֿנטע אויגן, וווּ די פֿײַערדיקע זון, שוין אַרומגעגאַרטלט מיט אַ שוואַרצן וואָלקן, שוין ווײַט פֿון די הימלען, זינקט אין וואַסער אַרײַן:

— טאַקע אין יענעם אָפּדערנאַכט, בײַסן פֿײַערן סאַבינעס פֿינף־און־צוואַנציקסטן געבורטסטאָג, אַז די שטוב מײַנע איז פֿול געווען מיט געסט, מיט אַדוואָקאַטן, מאָלער, דאָקטוירים, מוזיקער מיט זייערע פֿרויען; בײַם אויפֿהייבן די שוימיקע באָקאַלן, אַז ער, דער גוילעם, האָט זיך אין זאַל אַרײַנ־געריסן און איר, מיריאַם, דעם מעסער דערלאַנגט, און איך האָב מיט שרעק געוואַרט: אָט באַלד וועט זי אים דעם מעסער ווידער אין זײַט אַרײַנשטעכן, נאָר זי האָט דעם מעסער אין דער טיר צע־בראָכן און גאָר געבעטן, איך זאָל דעם גוילעם אין הויף, בײַ די פֿערד, פֿאַר אַ מעשאָרעס איבערלאָזן און, צו מײַן שטױנונג, איז זי, סאַבינע, אויף דעם גלײַך מאַסקים געוואָרן, ניט געקוקט אויף מײַן קעגנ־שטעלן זיך, און נאָך מער: זי האָט אים בײַם טיש אַוועקגעזעצט, פֿון די שאַרפֿע מאַשקעס אַ פֿולן באָקאַל פֿינפֿשטערנדיקן קאָניאַק אָנגעגאָסן און אַ טעלער געפֿילטע פֿיש מיט כריין דערלאַנגט און אויך זעמלעך אונטער דער האַנט צוגערוקט, און דערבײַ האָט זי, סאַבינע, דערציילט, ווי מיט אַנדער־האַלבן יאָר צוריק האָט זי אין קרײַזגעריכט פֿאַרטיידיקט אַ פּויער, וואָס האָט זײַן צוועלפֿיאָריקע טאָכ־טער פֿאַרגוואַלטיקט. און זי האָט דעמלט, סאַבינע, בײַ די געשווירענע געפֿרעגט: אין וועלכן מענטשן זיצט דאָס ניט קיין כײַע? אפֿילו דער קולטורעלסטער און גאָטפֿאַרכטיקסטער מענטש קאָן דאָך ניט שטענדיק באַהערשן די כײַע אין זיך, באַזונדערס נאָך אַ פּאַשעטער פּויער, וואָס וווינט איינער אַליין מיט דער טאָכטער אין וואַלד, אויף די זומפּן, — און דאָ האָבן אָנגעהויבן פּלאַצן די שויבן אין די פֿענצטער, ס'האָבן גענומען פֿליִען שטיינער אין שטוב אַרײַן, און דורך די אויפֿגעבראָכענע טירן יאָגן

שוין פינצטערע לײַט מיט שטעקנס און אײַזנס, מיט העק און האמערס און מיט ווילדן שיקערן געשריי:

— שלאָגט זיי, די זשידעס און טעלעגענטן, זיי ווילן אומברענגען דעם צאַר־אימפּעראַטאָר, דעם גאָט־געזאַלבטן און דאָס הייליקע רוסלאַנד! של־אַ־גט!

און דאָ, אַז די בליצלאָמפּן זײַנען בלינד געוואָרן און ס'האָבן זיך דערהערט גוואַלד־געשרייען פון די ווײַבער, וואָס מ'רײַסט בא זיי דעם טײַערן צירונג אַראָפּ און מ'שלעפּט זיי, די פאַרכאַלעשטע פרויען, אין די פינצטערע קאָרידאָרן אַרײַן אויף צו מאַנס זײַן, דאָ, אַז סאַבינע האָט שוין ניט מיט איר קאָל הילכיק געבעטן, און איך, נאָך יענעם געשלעג מיט די שיקורים, מיט די ווילדע ברוים, בין שוין געלעגן אַ צעבלוטיקטער, דאָ האָט זי, מיריאַם, אַ געשריי געטאָן:

— בינעם, באַווײַז דײַן קויעך! פאַרטרײַב זיי!

און דער גוילעם, ווי נאָר זײַן נאָמען פון איר, פון מיריאַמס מויל, און איר באַפעל דערהערט, אַזוי טייקעף בא איינעם דעם אײַזערנעם שטעקן פון האַנט אַרויסגעריסן און אָנגעהויבן ברעכן בײַנער, שפּאַלטן קעפּ, און דעריקערשט, וואַרפן זיי, די ראָצכים, פונעם צווייטן עטאַזש דורך די אַרויסגעריסענע פענצטער אין דרויסן אַרויס.

און שפּעטער, אַז שוין פון שטוב און פון הויף זיי פאַרטריבן, האָט זי אים גענומען, מיריאַם, דעם גוילעם, פאַר דער האַנט און מיט איר צוּבער און צאָרן אין די אויגן געזאָגט:

— בינעם, קום מיט מיר אַהינצו, וווּ ס'גיסט זיך ייִדיש בלוט! קום, בינעם, קום מיט מיר אַהין, וווּ דער פינצטערער האַמוין שלאָגט און הארגעט ייִדן. קום, בינעם, קום מיט מיר!

און דער גוילעם איז מיט איר געגאַנגען און אויך דאָרטן דעם פּאָגראָם אָפּגעשטעלט, די שוואַרצמייעניקעס פאַרטריבן. דער גוילעם האָט זײַן שליכעס אויסגעפילט.

און אַז ער האָט זיך מיט איר, מיט מיריאַם, צו פאַרטאָג־צו אומגעקערט, האָט ער זיך בא דער טיר, בא דער שוועל פון איר צימער, אויף דער הוילער ערד איבערגעלייגט שלאָפן. און דאָ בין איך ווידער געשטוינט און געפּלעפּט געוואָרן: זי, סאַבינע, האָט זיך לעם אים אויף די קני געשטעלט, זיך אָנגעבויגן און אים, דער גוילעם, אַ קוש געגעבן. און צו מיר האָט זי באַם אַרײַנגיין אין איר שלאָף־צימער געזאָגט:

— מאַרינאַ, — געמיינט מיריאַם, — זי איז פאַרליבט אין אָט דעם גוואַר...

— אויב ס'איז אַזוי, ווי דו זאָגסט, דעמלט פרעג איך, פאַרוואָס האָט זי אים אַ מעסער אין זײַט אַרײַנגעשטאָכן?

— ניט געקאָנט איז מויכל זײַן די פאַרגוואַלטיקונג, און דעריקער, וואָס נאָכן פאַרגוואַלטיקן האָט זי אים ליב באַקומען... זי האָט זיך פון אים מיטן מעסער געוואָלט באַפרײַען! דו האָסט אָבער ניט געזען מיט אַזעלכע פאַרליבטע אויגן זי האָט געקוקט אויף אים, ווען ער האָט איר דערלאַנגט דעם מעסער.

— די אויגן אירע זײַנען געווען פול מיט הייסן צאָרן!

— דאָס איז יענער צאָרן פון אַ פאַרליבטער פרוי!

— איז צוליב וואָס האָסטו אים איבערגעלאָזט דאָ, אין אונדזער שטוב?

— צוליב דיר...

האָב איך דעמלט אין סאַבינעס רייד ניט געגלייבט, איר סוואָרע ניט געקאָנט אָננעמען, ס'האָט זיך מיר גאָר אָפן סייכל ניט געלייגט, אַז מ'קאָן זיך אין דעם גוילעם פאַרליבן... אין דעם גוילעם?

אָבער שפּעטער, אַז זי, מיריאַם, האָט אָנגעהויבן אויף דער בריטשקע אַרויספאָרן מיטן גוילעם טאָג אײַן און טאָג אויס הינטער דער שטאָט, אין וואַלד אַרײַן...

און דאָ טוט ער פּלוצעם, דער זאַקן, ווי נעכטן אַ ציטער, הייבט אָן מיטאַמאָל בלייך און בלאַסער צו ווערן, די אויגן זײַנע, ברייט צעעפנט, פאַרשטאַרט געוואָרענע, קוקן פאַר זיך, אין אַן אַנדער וועלט אַרײַן, און בלײַבט אַזוי מיטן גאַנצן גוף פאַרגליווערט. אָבער באַלד, ס'געדויערט עפּשער צוויי־דרײַ סעקונדעס, קומט ער צו־זיך, און ווי ס'וואָלט מיט אים גאָרנישט ניט געשען, און ווי ס'וואָלט מיט אים גאָרנישט ניט געטראָפן, זאָגט ער:

— די זון איז שוין פאַרגאַנגען. מײַן זון איז פאַרגאַנגען. יענע, די זון פון דער וועלט, יענע גייט איצטער אויף ערגעץ דאָרטן... סאָפאָקלעסאָף וועט ער, דער גוילעם, מיך אומברענגען, ווײַל צו דעם געראַנגל, וואָס גייט אָן צווישן אונדז אויף לעבן און טויט, צו אָט אָ־דעם ביטערן און פאַרביטערטן געראַנגל מוז דאָך קומען אַ סאָף. שוין יאָרן ווי איך וויל אים צעשטויבן, דעם גוילעם, איך וויל אים מיטן שעם־האַמפאָרעש אומקערן צוריק צו זײַן כוימער, צו ליים! אָבער צעברעקלען און צעשטויבן אים, דעם גוילעם, איז אָפּגאָנעם אומגעלעך. דאָ איז דער סאָטן שטאַרק. מײַן קאַמף מיט אים האָט זיך אָנגעהויבן נאָך דעמלט, ווי נאָר זי, מיריאַם, האָט אָנגעהויבן ניט פאַרשטעלט, שוין אָפן, אַרויס־פאָרן מיט אים, מיטן גוילעם, הינטער דער שטאָט, אין וואַלד אַרײַן.

אוואדע האָב איך פון דעם שווער געליטן. ניטאָ פאר זיי, פאר אָט די לײדן, קיין ווערטער. אַלע ווערטער ווערן דאָ פוסט, אויסגעדראָשן. און וואָס האָב איך דאָ געקאָנט טאָן, וויאַזוי האָב איך דאָ אָט די שענדונג, אָט די פארשוועכונג געקאָנט אָפשטעלן? דאָ האָט דאָך דער שײַטער פון טײַוועל, פון דעמאָנישע לײַדנשאַפטן געברענט. זיך וואַרפן אױף אים מיטן מעסער, וואָס פאַרוווּנדעט אים אַפילע ניט?

נאָר דער גענעם מײַנער דאָ אויף דער ערד האָט זיך אָנגעהויבן דערנאָך, שפעטער־צו, אַז מיריאַם איז צו איר פארשלאָפטער מומע אוועקגעפאָרן, און זי, סאַבינע, וואָס האָט זיך דעמלט מיט די קינדער אויף דער דאַטשע געקליבן, האָט פלוצלינג אים, דעם גוילעם, מיט זיך אַהינצו מיטגענומען, פאַרן פערד־אונטערטרײַבער און אויך פאַרן שוימער דאָרט זײַן.

און איך האָב זיי, סאַבינען מיט די קינדער, באַגלייט אַהין. די דאַטשע האָט זיך געפונען אין אַ וווּנדערלעך אָרט. פעלד און וואַלד. די שטוב אויף אַ הויכקײט, אין אַ גרויסן סאָד, וואָס גייט צום ברייטן און פולוואַסערדיקן טײַך אַראָפ. אויפן צווייטן טאָג, מיט זון־אויפגיין, האָט שוין סאַבינע איר מאַלבערט אין די טויִקע גראָזן צווישן די צעבליטע מאַלוועס אוועקגעשטעלט. אירע פייזאַזשן זײַנען פול געווען מיט שײַן און מיט לופט. אַפילע אין זיי מעלאָדיע. געווען אין זיי מעלאָדיע. אַפילע אַ פאַרעגנט נאַקעטע צווײַג איבערן פענצטער האָט געהאַט דעם ניגון פון אַ האַרבסטיקער סאָנאַטע. וואָלט זי, סאַבינע, ניט געווען אַ יוריסט, וואָלט זי זיך אָפגעגעבן נאָר מיט מאַלערײַ, וואָלט זי אַ סך און ווײַט געקאָנט דערגרייכן.

און איך האָב זיך אין יענעם פרימאָרגן, פאַרן אוועקפאָרן אַהיים, איך געוואָלט מיסטיריעד זײַן, פאַרקלײַבן אין אַ ווינקל פון סאָד מיט אַ קאַבאַלע־סייפער. און פאַרבײַגייענדיק, פונדערווײַטנס, אַ בליק אָפן מאַלבערט געוואָרפן און דערזען: דער לײַוונט איז נאָך אַלץ אַ ליידיקער און זי, סאַבינע, מיטן פענדזל אין האַנט, מיט דער פאַרביסענער אונטערשטער ליפ, ווי טאָמיד, ווען זי ווערט מיט עפעס־וואָס באַגײַסטערט, קוקט צום טײַך אַראָפ זייער אָנגעשטרענגט. האָב איך אויך אַהינצו מײַן בליק געוואָרפן און דערזען: דער גוילעם, אַ נאַקעטער, באָדט דאָרטן די צוויי קאַרע פערד אין טײַך.

אין דעם ווײַטן ווינקל פון סאָד, אין דעם געדיכט פאַרוואַקסענעם, אין דעם טונקעלן, קימאַט פינצטערן, אַ שטראַל פון דער זון שלאָגט אַהין ניט אַרײַן, דאָרטן, אָנגעשפאַרט מיטן אַקסל אין בוים, האָב איך זיך אויף אַ פאָר שאָ אינעם קאַבאַלע־סייפער פאַרטאָן. און אַז כ'בין געגאַנגען צוריק, האָב איך שוין דעם גוילעם געטראָפן שטיין פאַרן מאַלבערט, און סאַבינע האָט אים געמאָלט. און ווי ס'איז פון איר פּנים געווען צו זען, מיט באַגײַסטערונג, מיט היספּײַלעס. סאַבינע האָט די רייד וועגן גוילעם קיינמאָל ניט אויפגענומען. ניט געוואָלט און פּשוט ניט געקאָנט גלייבן, אַז ער, בינעם, איז פון ליים אויסגעקנאָטן געוואָרן, אַז ער איז ניט מער ווי אַ שטיק ערד. איצטער, באַם מאָלן אים, דערזען מיך פאַרבײַגיין, אָפגעשטעלט און מיט אַ שמייכל געזאָגט:

— אויב ער איז פון ליים אויסגעקנאָטן געוואָרן, האָט אים אויסגעקנאָטן ניט קיין אַנדערער ווי מיקעלאַנדזשעלאָ אַליין...

און זי האָט מיך שוין דאָ פאַרהאַלטן: גוט, וואָס איך בין געקומען. זי וויל זיך פון בינעמען דערוויסן און הערן פון אים אַליין, פונוואַנען שטאַמט ער, וויפל איז ער אַלט, געדענקט ער זײַנע קינדער־יאָרן, זײַנע עלטערן? אָבער צונויפרעדן זיך מיט אים, מיט בינעמען, קאָן זי ניט. בעט זי מיך, סאַבינע, איך זאָל איר דאָ קומען צו הילף. האָט ער נאָך אַ לאַנגן שווײַגן, קוקנדיק מיט כּשאַד אָפן סייפער אין מײַן האַנט, מיט האַלבע ווערטער אָפגעענטפערט: ניין, ער ווייסט ניט, פונוואַנען און פון וועמען ער שטאַמט, זײַנע קינדער־יאָרן געדענקט ער ניט. אויך פון זײַנע עלטערן ווייסט ער גאָרנישט. ניין, ער ווייסט ניט, וויפל ער איז אַלט. ער האָט געהאַט אַ באַלעבאָס, דעם סטאָליער, נאָכעמצען, — מיט אים אין סטאָליאַרנע געאַרבעט, נאָך ברעטער געפאָרן, געזען, ווי ער, נאָכעמצע, טוט אָן דעם טאַלעס און דאַוונט לאַנג אין וואַלד. ער איז געווען אַ גוטער, נאָכעמצע, נאָר ער, בינעם, האָט אים פײַנט געהאַט. ניין, דעם פּאָגראָם דעמלט אין שטעטל, דעם ערעוו־פּייסעכדיקן, ווען ער, בינעם, האָט געהאַרגעט דרײַ גױִם, און אויך אים, נאָכעמצען, געדענקט ער ניט. נאָר אַז איך האָב אים געפרעגט:

— געדענקסטו, גוילעם, וואָס דו האָסט דעמלט, בעשאַס יענעם פּאָגראָם, אָפגעטאָן אויך מיט מיר, מיט נאָכעמצעס טאָכטער, מיט דער צוועלפיאָריקער מיריאַם? — דאָ, באַם דערמאָנען מיריאַמס נאָמען, האָט ער אויף מיר אַ קוק געטאָן מיט סינע, אַרויסגעקלאַפּט דעם סייפער פון מײַן האַנט, זיך אויסגעדרייט און אַפּגיך אַוועק צו די פערד, וואָס פּאַשען זיך באַם טײַך.

און דער זאַקן האָט גענומען פאַרייכערן די ליולקע, נאָר די שוועבעלעך אָפן ווינט האָבן איינס נאָך איינס זיך געצונדן און געלאָשן, ווי די בליצן אין די שוואַרץ געוויטערדיקע הימלען. די דונערן ווערן נעענטער, קימאַט איבערן קאָפּ. פאָרלעך, האַלטנדיק זיך פאַר די הענט, לויפן פאַרבײַ, ווײַל טראָפּנס רעגן קלאַפּן שוין אין די בלעטער, און דער סאָלאָוויי אין די קוסטעס איז אײַנשוויגן געוואָרן. זײַן פּנים זע איך נאָר אין די בליצן, וואָס ווערן פון מאָל צו מאָל לענגער, געשלענגלטער, פײַער־דיקער.

— אין יענעם טאָג, — רוקט ער זיך צו האַרט צו מיר און רעדט מיר אין אויער אַרײַן מיט א ציטערדיקן, שוין מיט א ביז גאָר אָפּגעשוואַכטן קאָל, — אין יענעם טאָג בין איך אוועקגעפאָרן. האַגאַם סאַבינע האָט מיך געבעטן בלײַבן מיט איר נאָך אַף איין מעסלעס. איך האָב זיך אָבער ניט געקאָנט פאַרהאַלטן. כ'בין דאָך דעמלט געווען א מיליטער־דאָקטער, געמוזט אין שפּיטאָל זײַן. אין דרײַ טעג אַרום האָב איך באַקומען א טעלעגראַמע, אַז סאַבינע איז געשטאָרבן. זי איז געשטאָרבן אין שטאַל, אַפן בעטל פון דעם גוילעם. דער גוילעם האָט נעקאָמע גענומען, דער גוילעם איז אונדזער קלאָלע, זיך האַלטן אַף קויעך... אַף גוילעם... — און זײַן קאָפּ איז מיטאַמאָל און שווער אַף מײַן אַקסל געפאַלן. דער זאָקן איז געווען טויט. און דאָ, אין דער אופגעבלענדט בלוטיקער שײַן פונעם קרומען בליק, וואָס שנײַדט אוף די שוואַרצע כמאַרעס איבערן דניעפּער, דאָ דערזע איך אין די ווילדע רויזן־קוסטעס יענעם בערדיקן שאָטן און דערהער אויך פון דאָרטן א ניצאָכנדיקן געלעכטער, וואָס פאַלט באַלד אַרײַן אינעם דונער, וואָס טרייסלט אוף די נאַכט.

---

## קולטור־נײַס אין ייִסראָעל

אין שײַכעס מיטן הונדערטסטן געבוירן־טאָג פון מאַרק שאַגאַל האָט דער „מוזעיאָן טעל־אוויוו" אײַנגעאָרדנט אַן אויסשטעלונג, דעריקער פון סקיצעס, וואָס דער מאָלער האָט געצייכנט, ווי צוגרייטונגען פאַר זײַנע גרויסע אייל־בילדער. צווישן זיי געפינט זיך אויך די צוגרייטונג־סקיצע צו דעם בילד „אוי־טאָפּאָרטרעט מיט זיבן פינגער". די צייכענונגען געהערן צו דער זאַמלונג פון מאַרק שאַגאַלס פרײַנט מאַרקוס דינער.

●

די האַיאָריקע לאַורעאַטן פון פּראַס־ייִסראָעל זײַנען: דער העברעיִשער פּאָעט כאַיִם גורי און דער העברעיִשער פּראָזאַיִקער מאָשע שאַמיר. בײדע שרײַבער האָבן געשפּילט א גרויסע ראָליע אין דער אַנטוויקלונג פון דער העברעיִשער שפּראַך און ליטעראַטור אין דער טקופע, ווען איווריט האָט זיך אָנגעהויבן באַפרײַען פון ליטעראַרישע פּענטעס און אַרויסגיין אין גאַס.

אַכוץ זײַנע לידער־ביכער, האָט כאַיִם גורי געוווּנען דעם לייענער מיט דער וואַרעמקײַט און האַרציקײַט פון זײַן פּראָזע און פּובליציסטיק.

מאָשע שאַמיר איז באַליבט און אָנערקענט ווי א שרײַבער, אפילע בײַ זײַנע געשוווירענע פּאָליטישע קעגנער. קימאַט ניט פאַראַן א שטוב, וווּ מע רעדט איוורית, ס'זאָל זיך דאָרטן ניט געפינען מאָשע שאַמירס בוך „הוא חלך בשדות" („ער איז געגאַנגען איבער די פעלדער").

●

אין ראַמאַט־האַשאַראָן האָבן 22 טאַלמידים אָנגעהויבן צו לערנען ייִדיש פאַר דעם אַרויסלאָז־עקזאַמען. ראַמאַט־האַשאַראָן איז דאָס אײנציקע אָרט אין לאַנד, וווּ ייִדיש גייט אַרײַן אין פּראָגראַם פאַר דעם אַרויסלאָז־עקזאַמען.

●

דער נאַציאָנאַלער טעאַטער אין ייִסראָעל „האַבימאַ" האָט אָפּגעמערקט זיבעציק יאָר עקזיסטענץ. לעקאָוועד דער דאָזיקער דאַטע איז אַרויס אין פאַרלאַג „קעטער" אַן אַלבאָם „70 שנים ראשונות" („70 ערשטע יאָרן"). די פּאָטשט האָט אַרויסגעגעבן א ספּעציעלן שטעמפּל מיט דער דאַטע פון 22־טן אָקטיאַבער 1987. אין „ראַווינאַ־זאַל" האָט מען אײַנגעאָרדנט אַף א גאַנצער וואַנט א בילדער־אויסשטעלונג, געהייליקט די גרינדער פון דער „האַבימאַ". ס'איז אויך געעפנט געוואָרן אַן אויסשטעלונג פון די צייכענונגען פון זעעוו, וואָס האָט באַגלייט דעם טעאַטער אין מעשעך פון 35 יאָר. דעם 10־טן נאָיאַבער איז פאָרגעקומען אין דער קנעסעט א ספּעציעלע זיצונג לעקאָוועד זיבעציק יאָר „האַבימאַ".

●

אין זײַן בוך „וווּנדער אין מעלאָכים־טאָל" טײַנעט דער עגיפּטישער היסטאָריקער אַכמעד אוסמאַן, אַז ער האָט אַנטפּלעקט די מומיע פון יויסעפן, יאַנקעוו־אָווינוס זון, וואָס די ברידער זײַנע האָבן אים פאַרקויפט, און ער איז שפּעטער אוילע־לעגדוילע געוואָרן אין מיצראַיִם.

די מומיע האָט מען אויסגעגראָבן נאָך אין יאָר 1905, און זי איז א לאַנגע צײַט געלעגן אין קעלער פון עגיפּטישן נאַציאָנאַלן מוזיי. דאָקטאָר אַכמעד אוסמאַן האָט יאָרנלאַנג אויסגעפאָרשט דעם איניען און, מיט דער הילף פון מומכים אין מומיעס, האָט ער פעסטגעשטעלט, אַז דער אײַנבאַלזאַמירטער איז געווען פון סעמיטישן שטאַם און איז אינגאַנצן ניט ענלעך צו דעם אויסזען פון די פּאַרעס און די מיצרישע קויהאַנים, וואָס זײַנען, ווי באַוווּסט, געווען בנײ־כאַם.

אויך די אויפשריפטן אין דער הייל, וווּ די מומיע איז געלעגן, טײַנעט דער מיצרישער פאָרשער, זאָגן אײדעס, אַז דער סאַר, וואָס ווערט דאָ אָנגערופן מיטן נאָמען יוווא, איז ניט געווען קיין אַנדערער ווי יויסעף. פּאַרעס ליבלינג, וואָס האָט אים פויסער געווען די פאַרפּלאָנטערטסטע כאַלוימעס. דערפאַר האָט ער געהייסן אים באַגראָבן לעבן זיך, ער זאָל זיך מיט אים ניט צעשיידן אויך אַף יענער־וועלט.

(„די גאָלדענע קייט" נומ. 123)

# מייער יעלין



מייער יעלין איז געבוירן געוואָרן אין 1910 אין קאָונאָס. ביז דער מילכאָמע געווען א בוי־אינזשעניער, בייס דער דײַטשישער אָקופּאַציע — אין דער פּאַרטיזאַנישער באַוועגונג. אין 1944 זיך ארויסגעריסן פון געטאָ. נאָך דער מילכאָמע ווידער געלעבט אין קאָונאָס. דעביוטירט אין דער ליטעראַטור מיט א דערציילונג אין 1931. אוטאָר פון די ביכער „פּאַרטיזאַנער פון קאָונאָסער געטאָ" (צוזאַמען מיט ד. געלפּערן), „אין די פאָרטן פון טויט", „זייערע גליקן האָבן זיך באַגעגנט" און אנד. אין 1973 זיך באַזעצט אין ייִסראָעל.

## אין און אַרום דעם „שוואַרצן בוך"

אפן גרונט פון א טיפן כוישעך — צעזייטע געלע מאָגנדאָווידלעך מיט צושריפטן אף רוסיש — שטעט און שטעטלעך איבער שטאָכים פון מיזרעך־אייראָפּע, ווו דער נאַצישער שטיוול האָט געטראָטן און איבערגעלאָזט זײַנע מוירעדיקע רעציכע־שפּורן; איבער די צעזייטע מאָגנדאָווידלעך — א גרויסער געלער מאָגנדאָוויד מיט דער אופשריפט: Jude, אזא ווי די נאַצים האָבן געצוווּנגען ייִדן צו טראָגן אף דער ברוסט און אפן רוקן; א געאָגראַפּיע פון א גוואַלדיקן מאַסשטאַב: פון קלאָגע (עסטלאַנד) — אין צאָפן, ביז קיסלאָוואָדסק (קאַווקאַז) און קרים — אין דאָרעם, פון אַשווענטשים (אוישוויץ) און וואַרשע — אין מײַרעו, ביז ראָסטאָוו־אַפן־דאָן און כאַרקאָוו — אין מיזרעך. טויזנטער, טויזנטער קוואַדראַט־קילאָמעטערס אף די טעריטאָריעס פון רוסלאַנד, אוקראַיִנע, מאָלדאַוויע, ווײַסרוסלאַנד, עסטלאַנד, לעטלאַנד, ליטע, פּוילן... און אונטן — די ייִדישע אופשריפט, געמאַכט מיט א צעציטערטן האַנטשריפט — דער שוואַרצער בוך.

די דאָזיקע סופּער־הילע וויקלט אַרום טאָוולען פון א גרויספאָרמאַטיקן בוך, 816 זײַטן, אָנגעזאָפּטע מיט ייִדיש בלוט, פּײַן, טרערן און גוורע.

אפן אָריגינאַל־שער פונעם בוך לייענען מיר: „דער „שוואַרצער בוך" וועגן ראָצכישן מאָרד פון ייִדן דורך די דײַטשיש־פאַשיסטישע פאַרכאַפּער אין די צײַטווײַליק אָקופּירטע ראַיאָנען פון ראַטנפאַרבאַנד און אין די אויסראָט־לאַגערן פון פּוילן אין צײַט פון דער מילכאָמע 1941—1945".

און זײַט קעגן זײַט צום שער — א רעשימע פון 29 אָנגעזעענע ייִדישע, ייִדיש־רוסישע און רוסישע שרײַבער, באַטייליקטע אין אָט דעם גרויסן קאָלעקטיוון ווערק.

פאַרן אָריגינאַל־שער — א האַקדאָמע פון די ארויסגעבער. דערנאָך — אן אַרטיקל פונעם רעדאַקטאָר פון דער פאַרוואַלטונג פון יאַד וואַשעם, ד״ר ייִצכאָק אַרד, וועגן אומקום פון די ייִדן אף די סאָוועטישע טעריטאָריעס, אָקופּירטע דורך די דײַטשן, און א גרעסערער מײַמער פונעם אָנפירנ־

דיקן מיטארבעטער פון יאַד וואשעם, ד״ר יויסעף קערמיש, וואָס דערקלערט די גילגולים פון א קאַפּיטאַלן בוך — פון מאָסקווע, ווו ער ווערט פאַרשניטן, ביז ירושלאַיִם, וווּ ער דערזעט אין יאָרן ארום די שײַן...

דער „שווארצער בוך״... א סאך איז וועגן אים גערעדט און געשריבן געוואָרן אין דער היגער פּרעסע — אױף ייִדיש, העברעיִש, רוסיש — פאר און נאָך דעם, ווי זײַן רוסישער אָריגינאַל איז ארויס אין ירושלאַיִם. „די גאָלדענע קייט״ (נומ. 102) האָט פּובליקירט דעם מײמער פון יויסעף קערמיש „צו דער געשיכטע פון „שווארצן בוך״, ווו עס ווערט אופגעשטעלט די געניזע פּונעם בוך, וויִאזוי ער האָט ניט זויכע געווען ארויסצוגיין אין מאָסקווע, ווו ס׳האָט אים געגרייט צום דרוק דער ייִדישער אנטיפאשיסטישער קאָמיטעט אין די יאָרן 1944—1946. און טאקע אין יאָר 1946 האָט דער ייִסראָעלדיקער קאָמיטעט פאר פרײַנטשאפט מיטן סאָוועטנפארבאנד באקומען פון מאָסקווע א פולע קאָפּיע פונעם קסאָוויאד (1119 מאשינשריפט־זײַטן), מיטן ציל ארויסצוגעבן דעם בוך אױף איווריט. נאָך דעם ווי אין מאָסקווע זײַנען אין יאָר 1948 ליקווידירט געוואָרן אלע ייִדישע אינסטיטוציעס, איז אָפּגעשטעלט געוואָרן די ארבעט פון איבערזעצן און ארויסגעבן דעם בוך אין ייִסראָעל. ערשט אין יאָר 1965 איז דער קסאָוויאד איבערגעגעבן געוואָרן אין יאַד וואשעם — פארגעלט פון דער צײַט, מיט א סאך אָפּגעבליאקעוועטע שורעס, מיט ארויסגעפאלענע זײַטלעך און ארויסגעריסענע שטיקער טעקסט, און מיט א גרויסן בלויז — ס׳האָט געפעלט דער גאנצער אָפּטייל ליטע.

דער איניציִאטאָר פון אָט דעם מערקווירדיקן בוך וועגן ייִדן־אומקום, אדורכגעפלאָכטן מיט ייִדישן ווידערשטאנד און גבורה, איז געווען איליא ערענבורג. אליין פון א דורכויס אסימילירטער שטוב, פרי אוועק קיין פאריזש און זיך געקאָכט דאָרטן אין די באָהעמישע קרײַזן פון שרײַבער און קינסטלער, אָנגעקומענע אין דער רוישיקער וועלט־שטאָט פון פארשיידענע מעקומעס, האָט ער זיך דאָ אָנגעשטעקט מיט פרײַהײַטלעכן גײַסט און קאָסמאָפּאָליטישע שטימונגען. שפּעטער איז ער געוואָרן א קאָרעספּאָנדענט אין פאריזש פון צענטראלע מאָסקווער צײַטונגען; דערנאָך אױף די פראָנטן פון שפּאנישן בירגערקריג, ווו ס׳איז געקומען צום ערשטן גרעסערן פארמעסט מיטן פאשיזם. נאָך היטלערס אָקופּירן פאריזש, האָט ערענבורג אױף אומוועגן דערגרייכט מאָסקווע. געווען פראָנט־קאָרעספּאָנדענט פון פירנדיקע מאָסקווער צײַטונגען בײַס דער מילכאָמע קעגן היטלער־דײַטשלאנד. איצט איז געקומען צו איר פולן אויסדרוק זײַן סינע צום פאשיזם און נאציזם און געצונדן הערצער פון די קעמפער קעגן די דײַטשישע ראָצכים. פּאָפּולער איז געווען בעשײַטע דאָס ווערטל, אז ערענבורגס אַן ארטיקעלע איז גלײַך דעם קויער פון א גאנצער שלאַכט־דיוויזיע. באגלייטנדיק סאָוועטישע ארמייטיילן אין זייער שווערן קאמף, האָט ערענבורג אנטפלעקט פאר זיך דעם ראָצכישן פארצעף פון די נאצי־דײַטשן און צוגלײַך די ייִדישע טראגעדיע אין איר מוירעדיקן פארנעם. און טאקע זי האָט אין אים פאנאנדערגעפלאַמט דאָס פארלאָשענע פּינטעלע ייִד. אין זײַנעם אַן ארטיקל אין דער מאָסקווער צײַטונג „איינקײַט״, יון 1943, צום צווייטן יאָרטאָג פון היטלערס אָנפאל אפן סאָוועטנפארבאנד, האָט דער פריִער איבערצײַגטער אסימיליאטאָר, ערענבורג, געשריבן: „...פארטיליקן א פאָלק קאָן מען ניט. יאָ, ייִדן זײַנען געוואָרן ווייניקער ווי זיי זײַנען געווען, נאָר יעדער ייִד איז געוואָרן מער, ווי ער איז געווען...״ ריישיס־קאָל האָט ער, מאשמאָעס, וועגן זיך אזוי געטראכט.

און טאקע בא דער־אָ געלעגנהײַט דערלויב איך זיך צו דערציילן וועגן ערענבורגן אָט וואָס: בײַס א וויזיט בא אים אין זײַן מאָסקווער ווינונג, הארבסט 1947, האָט ער אונדז, דעם פּאָעט הירש אָשעראָוויטש, דעם קריטיקער שלוימע ביילים און מיר, דעמלט מיט א קענטיקער סאטיספאקציע געוויזן אַן אָקאָרשט באקומענע טעלעגראם. מאָגיליאָווער ייִדן לאָזן אים וויסן, אז באם דאווענען יאָמקיפּער אין דער שול האָבן זיי געבעטן גאָט, ער זאָל אים, ערענבורגן, אָנכאָסמענען א סאך געזונט און לאנגע יאָרן צו קאָנען אײַנשטעלן זיך פאר ייִדן... אויך האָט ער מיט א קענטיקן שטאָלץ אונדז געוויזן די אָקאָרשט באקומענע פון „פּאלעסטינע״ איבערזעצונג פון זײַן ראָמאן „דאָס פאלן פון פּאריזש״, די צוויי־און־דרײַסיקסטע איבערזעצונג פון אָט דעם ווערק, און באדויערט, וואָס ער קאָן עס ניט לייענען... און דאָס איז געווען ערענבורג, וואָס האָט אָפּן זיך געהאט אידענטיפיצירט מיט יוליאַן טוווימס דעקלאראציע, אז אים פארבינדט מיט זײַן אָפּשטאם־פאָלק בלויז דאָס פארגאָסענע ייִדישע בלוט.

אין זײַן אויטאָביִאָגראפישן בוך „מענטשן, יאָרן, לעבן״ שרײַבט ערענבורג: „סאָף 1943 האָב איך צוזאמען מיט וו. ס. גראָסמאנען אָנגעהויבן ארבעטן איבער א זאמלונג דאָקומענטן, וועלכע מיר האָבן באדינגלעך אָנגערופן דער „שווארצער בוך״. מיר האָבן באשלאָסן צונויפקלײַבן טאָגביכער, בריוו, דערציילונגען פון אלפּי נעס לעבנגעבליבענע קאָרבאָנעס אָדער איידעס פון דעם טאָטאלן אויסראָט פון ייִדן, וואָס די היטלעריסטן האָבן דורכגעפירט אױף דער אָקופּירטער טעריטאָריע. צו דער ארבעט האָבן מיר צוגעצויגן שרײַבער...; זשורנאליסטן, וואָס האָבן געארבעט אין ארמייִשע און דיוויזיע־צײַטונגען, האָבן צוגעשיקט מיר מאטעריאלן... ניט ווייניק צײַט, קויער און הארץ האָב איך אָפּגעגעבן דער ארבעט איבערן בוך. צומאָל, ווען כ׳האָב געלייענט א צוגעשיקטן טאָגבוך, אָדער געהערט, וואָס ס׳דערציילט אַן איידעס, האָט זיך מיר געדאכט,

אז איך געפין זיך אין געטאָ, הײַנט איז אָן „אַק־
ציע", און מיך טרײַבט מען צו א גרוב, צו א ריווי".

מיט זײַנע מאַטעריאַלן, צוגעגרייטע צום דרוק, וואָס זײַנען מער ווי א דריטל פון דעם „שוואַרצן בוך", האָט ערענבורג געגעבן דעם טאָן פאַר דער גאַנצער זאַמלונג. „דאָס איז ניט קיין ליטעראַטור, — האָט ער געשריבן, — נײַערט וואָרהאַפטיקע דערציילונגען, אָן קונצן". אָט זײַנען צוויי דאַגמעס פון זײַנע פאַרצייכענונגען, פובליקירטע אין דעם „שוואַרצן בוך":

„אין סאַראַטשינצי האָט געוווינט דער דאָקטער־גינעקאָלאָג. ל. מ. לאַנגמאַן. ז' איז געווען באַליבט בא דער באַפעלקערונג, און די פויערטעס האָבן א לאַנגע צײַט ז' און איר עלפיאַריקע טאָכטער אויסבאַהאַלטן פון די דײַטשן. ווען די דאָקטערן איז געווען אין דאָרף מיכײַליקי, איז געקומען צו איר א הייבאַם און דערציילט, אז דעם סטאַראָסטעס פרוי גייט שווער צו־קינד. לאַנגמאַן האָט דער הייבאַם געזאָגט, וואָס מ'דאַרף טאָן, אָבער דער מאַצעוו פון דער קימפעטאָרן איז קעסיידער געוואָרן ערגער. געטרײַ איר כיווי, איז לאַנגמאַן אוועק אין דער וווינונג פון סטאַראָסטע און געראַטעוועט די מוטער און דאָס קינד. נאָך דעם האָט דער סטאַראָסטע געמאָלדן די דײַטשן, אז בא אים אין כאַטע געפינט זיך א ייִדישע פרוי. די דײַטשן האָבן אוועקגעפירט די דאָקטערן מיט איר טאָכטער צום דערשיסן. פון אָנהייב האָט לאַנגמאַן געבעטן: „דערהאַרגעט ניט דאָס קינדו" — אָבער דערנאָך האָט ז' צוגעטוליעט די טאָכטער צו זיך און געזאָגט: „שיסט! איך וויל ניט, אז מײַן קינד זאָל לעבן מיט אײַךו"

און א צווייטע פאַרצייכענונג:

„אין יאַרמאָלינעץ האָבן די ייִדן זיך קעגנגעשטעלט צוויי טעג. געווער איז געווען צוגעגרייט פון פריִער אין מיליטערישן שטעטל. דעם ערשטן פאָליציימאַן, וואָס איז אַהין אַרײַן, קעדיי אַרויסצופירן א גרופּע פאַרורטיילטע, האָבן די ייִדן דערשאָסן און זײַן קערפּער אַרויסגעוואָרפן דורכן פענצטער. ס'האָט זיך אָנגעהויבן א קעגנזײַטיקע שיסערײַ, בײַם וועלכער עס זײַנען דערהאַרגעט געוואָרן נאָך עטלעכע פאָליציי־לײַט. אױף מאָרגן זײַנען אָנגעקומען לאַסט־אויטאָס מיט פאָליציי פון די אַרומיקע ראַיאָנען. ערשט אין אָוונט, ווען בא די ייִדן האָט זיך אויסגעשעפּט די אַמוניציע, זײַנען די באַלאַגערער אַרײַנגעדרונגען אין שטעטל. די שכיטע האָט געדויערט דרײַ טעג. בײַסן ווידערשטאַנד זײַנען דערהאַרגעט געוואָרן 16 פאָליציי־לײַט, צווישן זיי — דער פאָליציי־נאַטשאַלניק און פינף דײַטשן".

פון ערענבורגס שורעס שרײַט אַרויס דער מוירעדיקער עמעס פון יענער טקופע און די קאַמפּליצירטקײַט פונעם לעבן.

די רעדאַקטאָרן פון דעם „שוואַרצן בוך" האָבן ניט אויפגעצוווּנגען אױף די מעכאַברים זייער ליטעראַרישע קאָנצעפּציע. ערענבורגן איז אָנגעגאַנגען אויפצושטעלן א וואָס גרעסערע, אַרומכאַפּנדיקע מאָזאַיק, וואָס זאָל אָנטפּלעקן דעם כײַישן פאַרצעף פון די דײַטשן און די טיפקײַט פון דער ייִדישער טראַגעדיע. וואַסילי גראָסמאַן, ערענבורגס מיטרעדאַקטאָר, איז אין זײַנע צוגעגרייטע מאַטעריאַלן שרײַבעריש פרײַער. אין די גרעסערע רעפּאָרטאַזשן (וועגן דער שכיטע אין בערדיטשעוו און אַנדערע מעקוימעס), באַזונדערס אין טרעבלינקער גענעם, שרײַבט ער ווי א בעלעטריסט, וואָס האָט אין זײַנען פּסיכאָלאָגישע און פילאָסאָפישע קאַטעגאָריעס. אויך די אַנדערע ערשטראַנגיקע רוסישע שרײַבער און פּאָעטן — מאַרגאַריטאַ אַליגער, פּאַוועל אַנטאָקאָלסקי, ווסעוואָלאָד איוואַנאָוו, ווערא אינבער און אַזוי ווײַטער, לויטן אַלפאַבייס, ביז וויקטאָר שקלאָווּסקי, — האָגאָם זיי זײַנען צוגעבונדן צו א דאָקומענטאַלן מאַטעריאַל, וואָס זיי האָבן באַאַרבעט און צוגעגרייט צום דרוק, לאָזן זיי אָבער קומען צום אויסדרוק זייער אינדיווידועלן שרײַבערישן כאַראַקטער.

אױף אַלע זײַנע פראָנט־וועגן האָט ערענבורג געקליבן יעדיִעס וועגן אומקום פון ייִדן. און קימאַט שטענדיק איז דער דאָזיקער אומקום געגאַנגען באַהעפט מיט ייִדישן ווידערשטאַנד און גוווּרע. צו אים, ווי צו א פירשפּרעכער פונעם באַזונדערס שטאַרק געליטענעם ייִדישן פאָלק, האָבן געשטראָמט מאַטעריאַלן וועגן די רעציכעס פון די נאַציס און זייערע מיטהעלפער. ווען קיין מאָסקווע איז פון פאַרטיזאַנישן וואַלד, מיט א ספּעציעלן אַעראָפּלאַן, געבראַכט געוואָרן אַוורום סוצקעווער, האָט ערענבורג מאַמעש געשלונגען זײַן אינפאָרמאַציע וועגן ווילנער געטאָ — איר מאַרטיראָלאָגיע און קאַמף. באַלד איז אויך געקומען ערענבורגס באַקאָשע, אז דער פּאָעט־פּאַרטיזאַנער זאָל אָנשרײַבן פאַר דעם „שוואַרצן בוך" זײַנע איבערלעבונגען. און אַזוי איז דאָס קאַפּיטאַלע ווערק באַרײַכערט געוואָרן מיט אַוורום סוצקעווערס „פון ווילנער געטאָ" — די גרעסטע אַרבעט אין בוך, לויטן הייקעף, און עפּשער אויך די וואָגיקסטע לויט איר טאָך, שפּראַך און פאָרם; זאַכלעך־דאָקומענטאַל, אָבער באַהויכט מיט א געהאַמעוועטן פּאַטעטישן אָטעם. ז' גיט א פאַראַלגעמיינערט בילד פון דער טראַגעדיע, וואָס האָט געטראָפן דער טיף ייִדישער, גײַסטיק רײַכער ווילנע — ווי ז' האָט זיך געראַנגלט פאַר איר פיזישן און גײַסטיקן קיום אונטער דער נאַצישער האַק, און זיך קעגנגעשטעלט דעם פאַרלענד און די פאַרלענדער. סוצקעווער האָט די אַרבעט געשריבן אין מאָסקווע, איידער ווילנע איז געווען באַפרײַט (אַכוץ די לעצטע קאַפּיטלען). דער מעכאַבער האָט אויפגעהיט א שלאַל דעטאַלן, נעמען, דאַטעס און פאַקטן פונעם פּערזענלעכן און קלאַל־לעבן און געגעבן אויסדרוק דעם גוירל פון קלאַל.

זומער 1944. מיטן אָפּרייניקן קימאַט די גאַנצע פאַרמילכאָמעדיקע סאָוועטישע טעריטאָריע פון דעם נאַצישן ברוד, האָבן אָנגעהויבן קומען פאַר

דעם „שוואַרצן בוך" מאַטעריאַלן פֿון ווײַסרוסלאַנד, ליטע, לעטלאַנד, מאָלדאַוויע, פֿון לוואָווער און טשערנאָוויצער געגנטן, מאַטעריאַלן וועגן די אויסראָטלאַגערן. דערצו — הויסאָפּעס, אויספֿאָרש־פּראָטאָקאָלן פֿון פֿאַרכאַפּטע און געפֿאַנגענע נאַצי־ראָצכים. די ראַמען פֿון דער אַרבעט האָבן זיך פֿאַרנאַנדערגעוואַקסן.

צוגרייטן דעם בוך צום דרוק (אויף רוסיש) האָט געדאַרפֿט דער ייִדישער אַנטיפֿאַשיסטישער קאָמיטעט, און ער איז געוואָרן דער אָפֿיציעלער אַרויסגעבער. געדרוקט האָט אים דער מאָסקווער ייִדישער פֿאַרלאַג „דער עמעס". ניט פּינקטלעך איז די אינפֿאָרמאַציע אין דער האַקדאָמע פֿון די אַרויסגעבער אין ייִשׂראל, אַז „אין יאָר 1948 איז דער זאַץ (פֿונעם בוך) געוואָרן צעשטערט". פֿאַקטיש איז עס אַזוי געווען: האַרבסט 1947 איז דער בוך געווען אָפּגעדרוקט, און זײַנע פּאַרטיקע בויגנס זײַנען געלעגן אין אַ זײַטיקן צימער פֿון ייִדישן אַנטיפֿאַשיסטישן קאָמיטעט און געוואַרט, מ'זאָל זיי פֿירן אין דער אײַנבינדערײַ. דינט יאָרן איז אין סאָוועטנפֿאַרבאַנד געווען דער דין, אַז נאָכן אָפּדרוקן די בויגנס פֿון אַ בוך, מאַכט מען פֿון זיי צוויי אײַנגעבונדענע קאָפּיעס, די אַזויגערופֿענע „סיגנאַל־עקזעמפּליאַרן", און מ'שיקט זיי צום „גלאַווליט" (צענזור) צו קריגן די האַסקאָמע דעם בוך צו פֿאַרשפּרייטן. בעדרערך קלאַל איז דאָס געווען אַ פֿאָרמאַליטעט, ווײַל די צענזור האָט, אויפֿן סמך פֿון די איר צוגעשטעלטע אָפּצוגן פֿון די געשטעלטע זײַטן, געגעבן די האַסקאָמע צום דרוקן. אָן אַזאַ האַסקאָמע האָט מען קיין בוך ניט אַרײַנגעלאָזט אין דרוקמאַשין.

מיט דעם „שוואַרצן בוך" איז געשען עפּעס אַנדערש: מ'האָט די צוויי „סיגנאַל־עקזעמפּליאַרן" געשיקט גאָר הויך, אויף אין צק פֿון דער פּאַרטיי, צום סעקרעטאַר פֿאַר קולטור־איניאָנים. ניט וועלנדיק „שטעלן אויף זיך", איז ער אַפּאָנעם אַוועק נאָך העכער, צו סטאַלינען אַליין. און, ווי עס ווײַזט אויס, אַז סטאַקע ער האָט דעם בוך פֿאַרשניטן, און דער באַרג אָפּגעדרוקטע בויגנס איז אַוועק אויף מאַקולאַטור אין אַ פּאַפּיר־פֿאַבריק.

מ'האָט געשמועסט, אַז די סיבע פֿון אַרעסטירן דעם בוך איז געווען „נאַציאָנאַלע אָפּגעזונדערטקייט". סטײַטש, צי האָבן דען בלויז ייִדן געליטן פֿון די דײַטשן און צי האָבן דען בלויז ייִדן געקעמפֿט קעגן זיי?.. נאָר מיסטאָמע איז די איקערדיקע סיבע פֿון פֿאַרווערן דעם „שוואַרצן בוך" געווען אַ טיפֿערע. אין סטאַלינס כאַדריי־כאַדאָרים האָט זיך שוין דעמלט געגרייט דער גרויסער בראָך אויף דער ייִדישער קולטור.

טשיקאַווע, אַ צווייטער בוך, צוגעגרייט לויט ערענבורגס איניציאַטיוו דורכן ייִדישן אַנטיפֿאַשיסטישן קאָמיטעט, איז אַרויס אין אָקטיאַבער 1948, אַ בוידעש איידער מע האָט געשלאָסן דעם קאָמיטעט און אַרעסטירט זײַנע אָנפֿירער: „פּאַרטיזאַנסקאַיאַ דרוזשבאַ" (פּאַרטיזאַנישע פֿרײַנטשאַפֿט) מיטן אונטערקעפּל: „זכרוינעס וועגן קאַמף פֿון פּאַרטיזאַנער־ייִדן, אָנטיילנעמער אין דער גרויסער פֿאָטערלענדישער מילכאָמע". דאָס האָט געזאָלט זײַן דער דריטער בוך — נאָכן „שוואַרצן" און „רויטן" (וועגן העלדן—ייִדן אין דער רויטער אַרמיי), וואָס ערענבורג האָט פּלאַנירט. „פּאַרטיזאַנסקאַיאַ דרוזשבאַ" איז אַרויס אין פֿאַרלאַג „דער עמעס", מיט דער באַווייליקונג צום דרוק פֿון סעפּטעמבער 1948. ס'איז געגאַנגען דעם „נאָרמאַלן" וועג — צום מאָסקווער „גלאַווליט", און דאָרט איז מען אַוודאי נאָך ניט געווען אינפֿאָרמירט וועגן דעם, וואָס עס גרייט זיך...

וויאַזוי דער קסאַוויאַד פֿון דעם „שוואַרצן בוך" (אין רוסיש) איז דערגאַנגען קיין טעל־אָוויוו, האָבן מיר שוין העכער דערמאָנט. גענויער וועט וועגן דעם דערציילט אין אַרײַנפֿיר צום בוך, וואָס יאַד וואַשעם האָט אין 1980 אַרויסגעגעבן אויף רוסיש און איצט — אויף ייִדיש. אַכוץ הויסאָפּעס, פֿאַרפּינקטלעכונגען און דערגאַנצונגען, איז אין דער ייִדישער אויסגאַבע צוגעקומען דער צוריק אויפֿגעשטעלטער לויטן פֿאַראַנענעם אינהאַלט פֿונעם בוך אָפּטייל ליטע. וועגן דעם איז נייטיק צו זאָגן עטלעכע ווערטער.

די רוסיש־אויסגאַבע פֿונעם בוך אין ייִשׂראל איז אויפֿגענומען געוואָרן מיט גרויס אינטערעס. נאָר דאָ און דאָרט האָבן זיך געלאָזט הערן טענות, לעמײַ ס'איז ניט אויפֿגעשטעלט געוואָרן דער פֿאַרלוירענער אָפּטייל ליטע. בײַ זײַנע מעכאַברים געפֿינען זיך אין ייִשׂראל און האָבן קאָפּיעס פֿון זייערע מאַטעריאַלן. און ווען דער קסאַוויאַד פֿון אָט דעם אָפּטייל גייט ניט פֿאַרלוירן, — האָט מען געטענהט, — צי וואָלט ניט אויסגעזען אַבסורדאַל צו איבערזעצן פֿון רוסיש צוריק אויף ייִדיש סוצקעווערן, אַשעראָוויטשן, יעלינען, יערושאַלמין, יאַסאַדען? (אין אָט דעם אָפּטייל איז געווען געשריבן אויף רוסיש בלויז איין פּאָזיציע: פֿראַגמענטן פֿון ד״ר ה. קוטאָרגעניס טאָגבוך). קומט אויס, אַז בעמיילע וואָלט מען געדאַרפֿט זיך ווענדן צו די אָריגינאַלן אויף ייִדיש, וואָס זײַנען געוואָרן אָפּגעהיט. און דאָס איז געטאָן געוואָרן.

דער מעכאַבער פֿון אָט די שורעס האָט אַ שײַכעס צום אויפֿשטעלן דעם אָפּטייל ליטע און איז כוישעד, אַז דער איבערזעצער אויף העברעיִש, וואָס האָט סאָף 1946 באַקומען דעם רוסישן קסאַוויאַד, איז ניטאָ צווישן די לעבעדיקע. ווען ניט, ווי וואָלט ער זיך ניט אָפּגערופֿן אויף די אַאודיציעס אין ראַדיאָ, אויף די אַרטיקלען אין דער היגער און אויסלענדישער פּרעסע (העברעיִש, ייִדיש, ענגליש, רוסיש), ווי נאָר ס'איז געוואָרן אַקטועל דאָס אַרויסגעבן דעם „שוואַרצן בוך" דורך יאַד וואַשעם און זײַן פּובליקאַציע. האָט מען געמוזט גיין מיט דעם וועג, וועלכן מ'איז געגאַנגען בײַם אויפֿשטעלן דעם אָפּטייל.

ס'האט זיך געלאָזט הערן אויך די טײַנע, לעמיי אין בוך איז געגעבן א צו קלײנער פראגמענט פינעם טאָגבוך פון דעם סקולפּטאָר ריוואָש (ריגע), בײס אין יאד וואשעם געפינט זיך דער פולער קסאוויאד פונעם רוסישן אָריגינאַל (ארום 300 מאשינשריפט־זײַטן). אף דעם איז געקומען די דערקלערונג: די ארויסגעבער (יאד וואשעם) האָבן זיך שטרענג געהאלטן באם טעקסט פונעם אאוטענטישן קסאוויאד, וואָס איז געשטאנען צו זײער דיספּאָזיציע — ניט אראָפּנעמען און ניט דערגעבן, סײַדן געוויסע דערגאנצונגען פון ערענבורגס פריערדיקע פובליקאציעס פון זעלביקן מאטעריאַל. טאָמער ברעכט מען דעם דאָזיקן פרינציפּ, איז עס א מײַסע אָן א סאָף. אויך די מאטעריאַלן וועגן די געטאָס אין ביאַליסטאָק, ווארשע, וועגן די אויסראָט־לאגערן אין טרעבלינקע, סאָביבאָר, אוישוויץ און אנד. ניטיקן זיך לעכאָל־האדײעס אין פארפינקטלעכונג און הויסאָפעס אפן סמאך פון די יעדיעס, וואָס האָבן זיך אין מעשעך פון דער צײַט אָנגעקליבן. געווים, ריוואָשעס טאָגבוך, אָנגעשריבן מיט טאלאנט און אף אן אינטעלעקטועלער הייך, האָט פארדינט פול פובליקירט צו ווערן. ליגט טאקע א כוויו אפן פארבאנד פון די לעטישע יִדן אין ייִסראָעל ארויסצוגעבן אין א בוך־פאָרם דעם דענקמאָל, וואָס דער סקולפּטאָר עלמאר ריוואָש האָט מיט דער פען געשטעלט דער ריגער געטאָ.

אין מעשעך פון די פערציק נאָכמילכאָמע־יאָרן איז אופגעקומען א גרויסע דאָקומענטאלע און קינסטלערישע ליטעראטור אף דער טעמע פון אומקום און גוורע פון אונדזער פאָלק אין מיזרעך־אייראָפּע. נעמט מען הײַנט אין האנט ארײַן דעם „שווארצן בוך" מיט א באשטימטער באוואָרעניש, וואָס קאָן ער שוין מעכאדעש זײַן? ווילט זיך זאָגן מיט ביאַליקס אומשטערבלעכע ווערטער, מיט וועלכע ער הייבט אָן דעם יִדיש־וואריאַנט פון זײַן „אין שכיטע־שטאָט": „פון שטאָל און אײַזן שאַרף און שטום, שמיד אויס פאר זיך א הארץ, דו מענטש, און קום", קום, לײענ און לײען דעם „שווארצן בוך", די דאָזיקע מעגילע פון אומקום און גוורע, וואָס וועט דיך פירן אף א סאך ביז איצט אומבאקאנטע לענגן און ברײטן, אף אן עמעסער טערא־אינקאָגניטאָ פון אונדזער מארטיראָלאָגיע. די דעקט פאר אונדז אוף אומבאקאנטע פאקטן. קאָרבאָנעס און העלדן אנאָנימע ווערן אויס אנאָנים. און געוואָלט האָבן זיי דאָך, די וועלט זאָל וויסן סײַ וועגן זײער שטארבן, סײַ וועגן זײער געראנגל מיט דער ברוינער בעסטיע און נעקאָמע אין איר. האָט דער „שווארצער בוך" געטאָן א כעסעד־שעל־עמעס דעם מײדל ליזע פערקעל פונעם אוקראַיִנישן שטעטל בראַיִלאָוו, וואָס האָט ווי א לײַביכע זיך געראנגלט מיט די ראָצכים באם ראנד פון דער גרוב; און דעם זאקן פון דעם זעלבן שטעטל, כאַיִם־ארן, וואָס איז מיט א כײַפּער־טוירע, צוגעדריקט צום הארץ, געפאלן אין גרוב; און דעם שנײַדער יאנקעוו וולאדימיר פון דעם זעלבן שטעטל, וואָס איז ליבערשט מיט זײַן פרוי און קינדער אוועק צום טויט, אײדער בלײַבן ארבעטן פאר די דײַטשן...

די דאָזיקע רעשימע וואָלטן מיר געקאָנט פירן ווײַטער און ווײַטער. קימאט איטלעך זײַטל פונעם בוך דעמאסקירט די כײַישקײַט פון די „רײנראסיקע פאָרשטײער פונעם גערמאנישן האָרנפאָלק" און אנטפּלעקט מוטיקע, ניט־אײַנגעבראָכענע ייִדישע מאסן, פון וועלכע אונדזער היסטאָריאָגראפיע האָט ביז איצט ניט געהערט און ניט געוווּסט. דער באטײַט פונעם בוך קייפט אויס זײַנע אנאכראָניסטישע, צומאָל אופקלינגענדיקע לויב־געזאנגען צו סטאלינען.

ס'איז א דאָקומענט, אף וועלכן ס'ליגט דער שטעמפּל פון דער צײַט און פונעם אָרט. און אנדערש האָט עס ניט געקאָנט זײַן.

פון דער רעדאקציע פון „סאָוועטיש היימלאנד"

מײער יעלין, וועלכער באהאנדלט אין אלגעמײן ריכטיק דעם טאָך און די געשיכטע פונעם „שווארצן בוך", האָט אין אײן אָרט זיך ניט אָפּגעהאלטן פון צוגעבן דער באשרײַבונג א סאקראמענטאלן בײַסאם. ווי באוווּסט, איז דער געוועזענער דירעקטאָר פונעם „עמעס"־פארלאג לײב סטראָנגין געווען אין די 60־ער יאָרן אײנער פון די אקטיווע בויער פון „סאָוועטיש היימלאנד", און, לויט דער באקאָשע פון דער רעדאקציע, האָט ער מיט אלע קויכעס געזוכט דעם אײנציקן סיגנאל־עקזעמפּליאר פונעם „שווארצן בוך", וועלכער איז נאָך ל. סטראָנגינס ארעסט פארבליבן ערגעץ אין א היימישן ארכיוו. דערבײַ האָט סטראָנגין פארשריבן פאר דעם זשורנאל אלע פראָטים. צווישן זיי איז ניט געווען קײן „זײַטיקער צימער אין ייִדישן אנטיפאשיסטישן קאָמיטעט", אין וועלכן ס'זײַנען אין 1947 געלעגן די פארטיקע בויגנס פונעם בוך, פונקט ווי ס'איז ניט באשטעטיקט מיט פאקטן, אז „מ'האָט די צווײ סיגנאל־עקזעמפּליארן געשיקט גאָר הויך, אזש אין צק פון דער פארטיי, צום סעקרעטאר פאר קולטור־איניאָנים (!?), ניט וועלנדיק „שטעלן אף זיך", איז ער, אפּאָנעם, אוועק נאָך העכער, צו סטאלינען אלײן, און, ווײַזט אויס, אז טאקע ער האָט דעם בוך פארשניטן..." דאָס אלץ איז גאנץ פארכאפּנדיק אָנגעשריבן, אָבער דער עמעס איז מער פּראָזאַיִש: בײַסן פארמאכן דעם „עמעס"־פארלאג איז דער טײראזש פון דעם „שווארצן בוך" ארויסגעפירט געוואָרן פון דער דרוקערײַ, און די דירעקציע האָט ניט געוווּסט, וווּהין ער איז אהינגעקומען. ס'איז קײן סאָפעק ניט, אז ווען אין 1965 וואָלט דער יאד וואשעם אומגעקערט אין סאָוועטנפארבאנד א קאָפּיע פונעם מאנוסקריפּט פון דעם „שווארצן בוך", דאן וואָלט דער בוך דערזען די ליכטיקע שײַן נאָך אין די 60־ער יאָרן, ניט אין די 80־ער. די רעדאקציע פון „סאָוועטיש היימלאנד" פּלאנירט איצט באקאנען די לײענער מיט די מאטעריאַלן פונעם „שווארצן בוך" אין קומענדיקן יאָר.

# ק. צעטניק

ק. צעטניק (פסעוודאנים פון יעכיעל פיינער) איז געבוירן געווארן אין 1917 אין סאסנאוויץ, פוילן. בייס דער מילכאמע זיך באטייליקט אין דער אונטערערדישער באוועגונג אין טשענסטאכאוו. אין 1945 זיך באזעצט אין פאלעסטינע. געווען אן איידעס אפן אייכמאן־פראצעס אין יערושאלאיִם (1961). אוטאר פון די ביכער „22 לידער" (1931), „דאס הויז פון ליאלקעס" (1955), „דער זייגער, וואס איבערן קאפ" (1961), „אש־שטערן" און אנד.

## יידיש, נומען הייִמעלע יידיש!

דאס איז געווען אין א שיינעם זוניקן טאג. בערקלי — און אויב מע זאגט בערקלי, דאס מיינט: דער אוניווערסיטעט, דער קאמפוס — האט זיך געטונקט אין טיפן גרין פון בערג. ס'איז געווען הויכער מיטנטאג, „לאנטש־שא", איך בין געגאנגען אין הארץ פון קאמפוס אין דער ריכטונג צום דארעמטויער. ארום מיר האט געמינעט א פארביקער שלאל פון סטודענטן, אין די הונדערטער: אפריקאנישע ווייס־לאכעדיקע ציין, בלאנד־צעפּאליעטע מיידלקעפ, ווייך־יאפאנישע מאנדל־אויגן, א געמיש פון אלערליי קוילעס, אראביש, כינעזיש, און אלערליי לעווושים.

איך בין געגאנגען צווישן זיי, און מיינע שריט זיינען געווען טרויעריק פארטראכטע. פלוצלינג האב איך זיך געפילט ווי אן איבערגעבליבענער פון א זעלטענעם שיִווער, וואס איז פארלוירן געגאנגען.

איך בין געקומען פון נאך א לעקציע, וואס איך האב היינט געגעבן, און איך האב געהאט א געפיל, ווי די סטודענטן וואלטן מיך פערזענלעך אטאקירט.

די טעמע פון מיין קלאס איז געווען — עסקאטאלאגיע. די סטודענטן ווייסן, אז איך קום פון יִסראעל און אין בערקלי האבן דעמלט געאטעמט די אייפאריע־טעג פון שווארצן דזשעסי דזשעקסאן אין זיין מארש צום ווייסן הויז. אבער, כאלילע, אין קלאס פון סטודענטן און דאקטאראנטן וועט מען ניט אראפנידערן צום טאגטעגלעכן, דא איז מען אסעק אין „קעץ האיאמים". אויב אזוי פרעגן סטודענטן: וואס איז עס פאר א יידישער מיף, העין טאלמודיש, העין קאבאליסטיש, ארום דעם געשאפענעם באגריף פון „כעווליי מאשיעך"? און ביכלאל, וואס מיינט אין דער היסטאריע דער נאמען ייד? וואס און ווי איז זיין שייכעס צום נעוויִיִשן „קעץ האיאמים"? צי בין איך ניט מודע, אז פאר אונדזערע אויגן איז דאס מאל, ווידעראמאל, אוועק אין דער פארגעסנקייט דעם יידס לאשן, דאס מאל האט מען עס גערופן — יידיש.

איך בין געגאנגען אין דער ריכטונג צום ספראול־סקווער. אט איז דער בארימטער ספראול־סקווער אין קאמפוס פון בערקלי־אוניווערסיטעט. אין די זעכציקער יארן האבן די סטודענטן דא, אף אט דעם פלאץ, אנגעצונדן דאס פייער פון אופשטאנד קעגן דער מאכט. פון אט דעם כפראול־פלאץ איז דאס פייער ארויס און האט אנגעצונדן אלע אוניווערסיטעטן אין די פאראייניקטע שטאטן. ווייל בערקלי איז א באגריף; בערקלי איז א פארגייער, אן אוואנגארד, א וועגווייזער.

ס'איז מיך באפאלן א דערשלאגנקייט. אין העברעיש רופט מען דאס „כאלאשעס־האמויכין". ארום מיר האט געשטראמט דער קלאפנדיקער דויפעק פון פעלקער און לעשוינעס. דזשעסי דזשעקסאן ווערט דא דערווארט. ער וועט קומען אהער ווי צו זייניקע. דער זעלביקער דזשעסי דזשעקסאן, וואס האט אקארשט עפנטלעך אויסגערופן: „מיר איז שוין נימעס צו הערן פון דעם יידישן האלאקאוסט!"

בעעצעם בין איך געווען אף מיין וועג צו דער „פלאזא", דעם קאפע־רעסטאראן אין קאמפוס. איך האב ליב טאגטעגלעך, אין דער איצטיקער שא, דארטן צו זיצן אין דער גרינקייט פון דיביימער בא א קאווע מיט קוראסאן. דאס מאל איז מיר פארגאנגען דער כיישעק. מיינע פיס האבן מיך געפירט אן א ציל.

פלוצלינג האב איך דערפילט א פריינטלעכע האנט אף מיין אקסל. איך האב זיך אויסגעדרייט: מיסטער סטענפארד!

זעקס מיליאן ביכער זיינען פאראן אין בערקליער ביבליאטעק. ניט מער און ניט ווייניקער! זעקס מיליאן. אזוי, אלקאלפאנעם, האט מען מיר, צווישן אנדערן, מודיע געווען בעשאס מע האט מיך פארבעטן צו קומען קיין בערקלי. סטענפארד

איז דירעקטאָר איבער איינער פון די אָפּטיילן אין אוניווערסיטעט־ביבליאָטעק.

ביז הײַנט ווייס איך ניט די צאָל שפּראַכן, אין וועלכע סטענפאָרד פילט זיך ווי באַם טאַטן אין ווײַנגאָרטן. פינף? אכט? און עפשער צוועלף? בעשאס דעם באַקאַנטשאַפט־צוזאַמענטרעף מיט מײַן פּאַקולטעט האָב איך דאָרט צום ערשטן מאָל געזען דעם ליבן סטענפאָרד, וואָס האָט מיך פאָרגעשטעלט פאַר די קאָלעגן.

פאַרשטייט זיך, אַז די קאָלעגן האָבן געקענט זייער סטענפאָרד און זײַן הומאָר, אָבער איך בין געזעסן מיט אויפגעריסענע אויגן אַן איבערגעראַשטער: פונוואַנען ווייסט סטענפאָרד אַזעלכע פּראָטים וועגן מיר, בײַס איך בין געווען זיכער, אַז מײַן נעכטיק לעבן איז אוועק צוזאַמען מיט אַ פאַרלױרענער וועלט?

שפּעטער האָב איך גענומען דעם ברייטביינערדיקן סטענפאָרד אין אַ זײַט. צו מײַן פאַרוווּנדערונג האָט ער מיר פּלוצלינג געענטפערט אױף אַ סאָרט ייִדיש, וואָס איז שווער צו באַשטימען צי ס'איז אַ ווילנער צי אַ וואַרשעווער, אַ טשערנאָוויצער צי אַ וויליאַמסבורגער, פונקט ווי ס'איז שווער אױף זײַן קאָמעדיבערדלדיק פּאַנעם צו דערקענען זײַן באַהאַלטענעם געזונטן הומאָר: „איך האָבע געמאַכט מײַן היים־לעקציאָן, איך האָבע אַ מיס געטאָן אין דער ענגלישער ענציקלאָפּעדיע...”

איך האָב קיינמאָל ניט געוווּסט, אַז אין דער ענגלישער ענציקלאָפּעדיע געפינט זיך אַזעלכס. קיינער האָט בא מיר ניט געפרעגט.

איצט האָב איך קימאַט אַרומגעכאַפּט דעם גוטמוטיקן מענטשישן באַרג. סטענפאָרד איז אַרויס פון ביבליאָטעק צו זײַן לאַנטש. גאָט אַליין האָט אים איצט געשיקט צו מיר.

נאָך דעם ווי כאַדאָשים איז פון מײַן מויל ניט אַרויס קיין וואָרט אױף ייִדיש, האָט איצט פון מײַן קאָל אַ שאָס געטאָן ווי אַ פּראָפּן פון אַ ברויזנדיקער פאַרקאָרקעוועטער פלאַש. דאָ, אױפן ספּראָולסקווער פון בערקלייער קאַמפּוס, צווישן פאַרביקן סטודענטן־שטראָם, האָט פון ערגעץ אַן אַטאַוויסטישער פאַרבאָרגעניש געשטראָמט פון מיר מיט פרײַדיקן הילכיקן ייִדיש וועגן אַלץ און אַלעמען, דאָס און יענץ, און וווּנדער איבער וווּנדער: סטענפאָרד, מיט זײַן אַרבע־מינימדיקן ייִדיש, ווי די אַרבע מינים אַרום לולעוו, האָט מיר צוריקגעהילכט ווי אַ באַסקאָל.

דעמלט האָט פּאַסירט דאָס אומגלייבלעכע.

פאַרכלינעט אין דעם עקזאַלטירטן ייִדיש־אויסברוך, אין דער מיט פון ספּראָול־סקווער, האָט אַ מאַן אין מיטעלע יאָרן זיך אומגעקערט אינמיטן זײַן גאַנג און זיך געווענדט צו אונדז:

— זײַט מיר מויכל פאַר מײַן שטערן, איך האָב געהערט, אַז איר רעדט ייִדיש, האָב איך ניט געקאָנט גיין ווײַטער. איך האָב געפילט, אַז איך מוז מיך צו אײַך דערנענטערן. דאָ, אין בערקלי־קאַמפּוס, ייִדיש!

אין „פלאַזאַ”־קאַפע־רעסטאָראַן זײַנען מיר געזעסן זאַלבעדריט: אָסקאַר בערלאַנד, געבוירן אין אַמעריקע, אַ לערער אין בערקלי־אוניווערסיטעט, וווינט אין דערנעבנדיקן ריטשמאָנד. אַן עכטער אַמעריקאַנער. ניט קיין געראַטעוועטער פון כורבן, ניט קיין פּאָליט פון רוסלאַנד, געבוירן און דערצויגן אין אַ פרעמדער אַמעריקאַנישער סוויווע און... אַבאָנירט „די גאָלדענע קייט”, וואָס גייט אַרויס אין ייִסראָעל.

— מיך וווּנדערט,— זאָגט אָסקאַר בערלאַנד,— פאַרוואָס איך האָב נאָך ניט באַקומען דעם נומער הונדערט עלף פון „די גאָלדענע קייט”.

איך זיץ אַנטקעגנאיבער דער רעטעניש. אַפילע דער שטענדיק באַריידעוודיקער סטענפאָרד שווײַגט. און איך הער די רייד און איך זע די קוילעס, וואָס קומען פון אָסקאַר בערלאַנדס מויל, ווי רינגעלעך קײַטלען זיך אין אַ קייט, רינגעלעך, וואָס לעבן אַ סוידעסדיק לעבן, אַ לעבן, וואָס אַנדזוערע מויכעס וועלן קיינמאָל ניט דערגיין ביזן סאָף, רינגעלעך ווי נעשאָמעס, וואָס זײַנען אינגאַנצן פרעמד פאַר דעם פאָרשערס לאַבאָראַטאָריע, אייביק פרעמד, ווי ס'איז פרעמד פאַר אונדזער מויעך דער „אייביק” גופע.

ניט מיר, און אַוואַדע ניט די סטודענטן פון עסקאַטאָלאָגיע, קאָנען געבן אַ טשווּוע, וויאַזוי איז מעגלעך, אַז אין אונדזערע טעג, ערגעץ אין אַן אָפּגעפרעמדטער סוויווע צום עצעם וואָרט ייִדיש, ערגעץ אין אַ פאַרוואָרפן ווינקל פון קאַליפאָרניע, וואָרט עמעצער אומגעדולדיק צו דערהאַלטן די ייִדישע „גאָלדענע קייט”.

אויך אָסקאַר בערלאַנד ווייסט ניט די סיבע און האָט ניט קיין ענטפער אױף מײַנע שײַלעס. אָבער אין זײַנע טשוּוועס כאַזערט זיך איבער אַ פּאָסעק ווי אַ רעפרען:

— ייִדיש, מײַן היימעלע ייִדיש!



יִסראָעל־כאַיִם בילעצקי איז געבוירן געוואָרן אין קאָברין, ווײַסרוסלאַנד, אין 1914. אין 1934 זיך באַזעצט אין פּאַלעסטינע. דעם ערשטן בוך „ליי־דער" אַרויסגעגעבן אין 1937. אין זעלבן יאָר איז דערשינען זײַן בוך „אומרו". אויסער פון די לידער־זאַמלונגען „שוועלן" (1938), „ווי און גלויבן" (1944), „אַריִעל אין דער אַלטער היים" (פּאָעמע, 1981) און אַנד.

# דרײַ לידער

## דער לאַבן ברויט

דער לאַבן ברויט אויפן טיש:
וווּנדער איבער וווּנדער.
דאָס האַרץ פון פעלד האָט זיך געעפנט,
יעדער קערנדל באַזונדער
האָט געקנאָטן דעם טייג.
געהאָלפן האָט דער הימל,
אַז פון שימל
ברויט זאָל ווערן.

אַ גלאָז וואַסער אויפן טיש
איז ראָזן דעראָזן.
אַ קוואַל האָט זיך געעפנט,
די טיפקײַטן פאַרלאָזן.
צו מײַן טיש דאָס וואַסערל דערשווומען
און מורמלט אַציילעסדיק:
כ'בין געקומען
אָפּנעצן דײַן גומען.

זי — כ'בין זיך מוידע אומיסוואַדע,
איך שעפּ זון פון איר בליק.
געבראַכט אַ זשמעניע מיט אַהאַווע,
פולע קוישן גליק.

ליגט דער לאַבן ברויט,
פאַלט אין וואַסערל אַ שטערן,
ווערן
ווערטער אין מײַן ליד
שיין,
באַכיינט מיט כיין.

אַ לאַבן ברויט,
אַ גלאָז וואַסער,
זי, —
דאַרף מען מער
אין מאַרגנפריי?

## אין גאַנג צום גרויסן וווּנדער

דער לאַמעדוואָוניק אין פאַרשלאָסענער קאַמער
דער שמיד בײַ דער קאָוואַדלע און דעם האַמער,
דער וואַסער־טרעגער מיטן נאַסן עמער,
די מיספּאַלעלים אַרום באַלעמער,
דער פּאָעט מיט די קיניגלעכע גראַמען,
דאָס קינד בײַ די בריסטן פון דער מאַמען,
די וואַגאַבונדן אין אומעטיקן קלעם,
די מעקובאָלים אין היסגאַלעסן פון שעם,
די, וואָס גוסטן באַנאַכט אין די שפּיטעלער,
די, וואָס שרײַען מין־האַמעיוצער, פון יִיִעשדיקן קעלער,
די פרויען, וואָס זוכן אויף די ראָגן זייער סכאַר,
דער כאָכעם בײַ דעם סייפער און דער נאַר,
אין אַכסאַניעס די מאַכנעס וואַגאַבונדן,
אויף די שלאַכטפעלדער סאָלדאַטן מיט די וווּנדן,
דער פידל מיט דער אָנגעצויגענער סטרונע,
דער קויפער אין דעם הייכל מיט צעריסענער עמונע,
דער גייער איבער דערנערדיקע שליאַכן,
די לייצאָנים, וואָס וואַרטן, אַז מענטשן זאָלן לאַכן,
די צירקן, וואָס פאָרן אויף ציגײַנערשע יאַרידן,
און יִידן אין פײַער, ברענענדיקע יִידן,
די פאַסטעכער, וואָס קומען אָנטרינקען זייערע שאָף,

און אלץ, וואָס הייבט זיך אָן מיט אלעף און ענדיקט זיך מיט טאָף,
די, וואָס טראָגן בעמאַאמאַקים סודעס און ניגונים,
און די, וואָס שעפּן וואַסערן פון טיפן ברונעם,
די אלע, וואָס זייער האַרץ איז פאַרזיפצט און צעבראָכן
און זוכן ברעקלעך ליבשאַפט, אום שאָבעס, אינדערוואָכן,
גאָט, גיב זיי אַ קאַמייע, אַז יעדערער באַזונדער
זאָל אויסהיטן זײַן לעבן אין גאַנג צום גרויסן וווּנדער.

## דער ניצאָכן פון פידל

טרומייטן, פּויקן, פײַפיאָלן —
פאַרקלינגען די טעג פון דײַן לעבן.
פון מאָל צו מאָל, איבער בערג, איבער טאָלן
פלאַצט אַ סטרונע פון אַ פידל.
דער דיכטער פאַרשרײַבט אַלץ:
דעם פּענעץ ברויט אויפן טיש.
דאָס מעסטעלע זאַלץ.
און די שמייכלען, וואָס קומען אָן פון דער זון.

טרומייטן, פּויקן, פײַפיאָלן
באַגלייטן דײַן לעבן.
פון מאָל צו מאָל קומען מאָלער און מאָלן:
אַ באַראָזדע ערד. פאַרזייטע קערנער.
און אין בלאַנקענדיקער ווײַסקײַט פון דײַן טאָג,
ווערן דערנער
פאַרברענט
און דעם פּאָרויכעס רירן אָן דײַן טאַטנס הענט.

די פּויק און דער פידל. ווי אַ מורמל פון אַ שטילן טײַך
אַנטקעגן רויש פון יאָם.
ביידע קומען אָן גלײַך
אויף דײַן מאַרק. פאַרקריכן אין דײַן גראַם,
אין ציטער פון ווערטער
און ביידע שאָקלען זיך אויף דײַנע ווענט,
ביז דו זעסט אויפן פּאָרויכעס דײַן טאַטנס הענט.

דעמלט שמייכלט דער פידל. די נאָטן מאָגען
אַ שטילן טאָן.
דער פידל איז מעכאַדעש די לעוואָנע.
זי זיצט אויבנאָן.
די צערודערטע פּויק בלײַבט שטיל.
דער מילנער קומט אָן פון מיל
מיט ווײַסן מעל.
ס'וועט זײַן ברויט.
דער פידל איז אַריבער די שוועל
און אַרײַן אין דײַן אַלקער.

די טאָפּלטקײַט אין דײַן לעבן.
דער שיינער גלײַכער גוף און דער הויקער.
נאָר גוט איז צו וויסן:
ווײַעהי ערעוו ווײַעהי באָקער
זאָגן פידלען טהילים און פון אָרעמע דעכער
קרייעט אַ האָן: אַ גוט־מאָרגן.
אַ גוט־מאָרגן. אויב ניט נאָך הענכער.

מיר אינפאָרמירן אונדזערע לייענער

# וועגן דעם ייִדישן אנטיפאַשיסטישן קאָמיטעט

די קאָמיסיע פון דער פּאָליטביוראָ פון צק קפּסס האָט אין גאַנג פונעם צוגאָבלעכן דערלערנען די מאַטעריאַלן, פאַרבונדענע מיט די רעפּרעסיעס, וועלכע האָבן געהאַט אַן אָרט אין פּעריאָד פון די דרײַסיקער־פערציקער און אָנהייב פופציקער יאָרן, אויסגעהערט די אינפאָרמאַציע פונעם איבער־גע־ריכט פון פּסס וועגן דעם אַזוי־גערופענעם אינ‏יען „ייִדישער אַנטיפאַשיסטישער קאָמיטעט". אין דער קאָנטראָלירונג פון די מאַטעריאַלן פון אָט דעם אינ‏יען האָט אָנטיילגענומען דער מיטגליד פון דער מיליטערישער קאָלעגיע פונעם איבער־געריכט פון פּסס גענעראַל־מאַיאָר פון יוסטיץ נ. א. פּעטוכאָוו. צו אים האָט זיך געווענדט מיט פראַגן דער זשורנאַליסט וו. וואָדאָלאַזשסקי:

— ניקאָלײַ אַלעקסאַנדראָוויטש, דערציילט וועגן דעם ייִדישן אַנטיפאַשיסטישן קאָמיטעט: ווען איז ער אויפגעקומען, וועלכע צילן און אויפגאַבעס האָט ער געשטעלט פאַר זיך?

**— אין די יאָרן פון דער גרויסער פאָטערלענדישער מילכאָמע זײַנען בײַ דער סאָווינפאָרמביוראָ געשאַפן געוואָרן פינף קאָמיטעטן: דער סלאַוויאַנישער, ייִדישער, פרויִשער, יוגנטלעכער און דער אַנטיפאַשיסטישער קאָמיטעט פון געלערנטע. וועגן דעם האָבן די צײַטונגען מיטגעטיילט אין אַפּריל 1942. די הויפּט־אויפגאַבע זייערע איז געווען: אָנקניפּן פאַרבינדונגען מיט די דעמאָקראַטישע און פּראָגרעסיווע באַוועגונגען אין אויסלאַנד, וועלכע האָבן געקעמפט קעגן פאַשיזם. קאָנקרעט האָט דער ייִדישער אַנטיפאַשיסטישער קאָמיטעט מיטגעהאָלפן דעם קאַמף קעגן פאַשיזם מיצד דער ייִדישער באַפעלקערונג אין אויסלאַנד, פּראָפּאַגאַנדירט די דערגרייכונגען פונעם סאָוועטנפאַרבאַנד אויף די שפּאַלטן פון דער אויסלענדישער פּרעסע.**

— ווײַט ניט אַלע נעמען פון די רעפּרעסירטע, וועלכע די קאָמיסיע פון דער פּאָליטביוראָ פונעם צק קפּסס האָט ניט לאַנג צוריק מיטגעטיילט, זײַנען באַקאַנט די איצטיקע דורות, באַזונדערס דער יוגנט. ווער איז געשטאַנען בעראָש פונעם קאָמיטעט?

**— פאָרזיצער פונעם ייִדישן אַנטיפאַשיסטישן קאָמיטעט איז געווען דער קינסטלערישער אָנפירער פונעם מעלוכישן ייִדישן טעאַטער, פאָלקס־אַרטיסט פון פּסכר שלוימע מיכאָעלס; פאַראַנטוואָרטלעכער סעקרעטאַר — דער פּובליציסט שאַכנע עפּשטיין, שפּעטער — דער דיכטער איציק פעפער. דער קאָמיטעט האָט אַרויסגעלאָזט די צײַטונג „אייניקייט". אין פּרעזידיום פונעם קאָמיטעט זײַנען, כוץ דעם פאָרזיצער און סעקרעטאַר, אַרײַן די דיכטער לייב קוויטקאָ, פּערעץ מאַרקיש, דער פּראָ־זאַיִקער דאָוויד בערגעלסאָן, דער דירעקטאָר פונעם אינסטיטוט פון פיזיאָלאָגיע בײַ דער וויסנשאַפט־אַקאַדעמיע פון פּסכר און פון דער אַקאַדעמיע פון מעדיצינישע וויסנשאַפטן לינאַ שטערן, דער הויפּט־דאָקטער פון צענטראַלן קלינישן שפּיטאָל באָריס שימעליאָוויטש. פון דער סאָווינפאָרמביוראָ האָט מיטן ייִדישן אַנטיפאַשיסטישן קאָמיטעט אָנגעפירט סאָלאָמאָן אַבראַמאָוויטש לאָזאָווסקי, מיטגליד פון דער פּאַרטיי פון 1901, מיטגליד פונעם צענטראַל־קאָמיטעט פון דער פּאַרטיי, אָנהייבנדיק פון דעם 1936 ביזן 1949, איינער פון די אָנגעזעענע טוער פונעם קאָמינטערן, שטעל־פאַרטרעטער פון דעם אויסערן־מיניסטער פון פּסכר, שטעלפאַרטרעטער פונעם שעף, און שפּעטער אָנפירער פון דער סאָווינפאָרמביוראָ.**

— פאַרוואָס האָט מען דעם ייִדישן אַנטיפאַשיסטישן קאָמיטעט ליקווידירט דאַפקע אין 1948?

**— צו אָט דעם מאָמענט האָט ער, ווי די אַנדערע קאָמיטעטן, אויסגעפילט די אויפגאַבן, וועלכע זײַנען געשטאַנען פאַר אים בײַס דער גרויסער פאָטערלענדישער מילכאָמע. אין נאָיאַבער 1948 איז דער קאָמיטעט פאַרמאַכט געוואָרן.**

**...אין די נאָכמילכאָמע־יאָרן האָט מיט א נײַער קראַפט זיך אָנגעהויבן דרייען די ראָד פון די סטאַלין־רעפּרעסיעס. דעם היפּאָכאָנדרישן פירער האָבן אומעטום זיך געכאָלעמט סאָנים און קעגנער. דעם ווילקיר און די אומגעזעצלעכקײַט האָט מיטגעווירקט אויך די עצעם אַטמאָספער פון אומבאַ־שטראָפטקײַט, קאָנטראָללאָזיקײַט, וועלכע האָט געהערשט אין די אָרגאַנען פונעם מעלוכישן זיכער־קײַט־מיניסטעריום. „דער לענינגראַדער אינ‏יען", דער אינ‏יען „ייִדישער אַנטיפאַשיסטישער קאָמיטעט", דער „אינ‏יען פון די דאָקטוירים" — דאָס זײַנען רינגען פון איין קייט, מיט וועלכער סטאַלין און זײַן אַרומרינגלונג האָט געפּענטעט דאָס לאַנד.**

פאַרמעל האָבן אלס גרונט צו שאפן א קרימינעלן איניען געדינט, ווי ס'איז פעסטגעשטעלט געוואָרן, די פאַלסיפיצירטע, באַקומענע אין רעזולטאט פון אומגעזעצלעכע אויספאָרשונג־מעטאָדן, באַווייזן פון די געוועזענע וויסנשאַפטלעכע טוער אי. גאָלדשטיין און ג. גרינבערג, וועלכע די אָרגאַנען פון מגב האָבן אַרעסטירט, ווען דעם, אַז לאָזאָווסקי, פעפער און אַנדערע מיטגלידער פונעם ייִדישן אַנטיפאַשיסטישן קאָמיטעט האָבן קלוימערשט זיך פאַרנומען מיט אַנטיסאָוועטישער, נאַציאָנאַליסטישער און שפּיאָנישער טעטיקייט. אין יאַנואַר 1949 זײַנען אַרעסטירט געוואָרן לאָזאָווסקי, שימעליאָוויטש, יוזעפאָוויטש, קוויטקאָ, מאַרקיש, בערגעלסאָן, וואַטענבערג, וואַטענבערג־אָסטראָווסקאַיאַ, טעומין, שטערן, ברעגמאַן. פעפער און זוסקין זײַנען אַרײַנגעפאַלן אין טפיסע אין דעצעמבער 1948, האָפּשטיין נאָך פריִער — אין סעפּטעמבער פון דעם זעלבן יאָר; אין יולי 1949 האָט מען אַרעסטירט טאַלמי.

— דער קאָמיטעט איז פאַנאַנדערגעלאָזט געוואָרן סוף 1948, דער געריכט איז פאָרגעקומען אין יולי 1952. וואָס איז געשען צווישן די דאָזיקע דאַטעס? איר האָט דאָך, ניקאָלײַ אַלעקסאַנדראָוויטש, דערלערנט אַלע דאָקומענטן פון דער אויספאָרשונג און פונעם געריכט איבער די מיטגלידער פונעם קאָמיטעט. פאַרוואָס האָט זיי געמישפּט גראָד די מיליטערישע קאָלעגיע? אין וועלכע שווערקייטן האָבן זיך אָנגעשטויסן די מיליטערישע יוריסטן, גרייטנדיק שפּעטער די רעאַביליטאַציע פון די פאַרמישפּטע?

— די אויספאָרשונג איז געפירט געוואָרן ביז אַפּריל 1952. אויף די ערשטע פאַרהערן האָבן לאָזאָווסקי, פעפער און אַנדערע פולקום אָפּגעלייקנט זייער פײַנטלעכע און שפּיאָנישע טעטיקייט. שפּעטער האָבן אַלע, כוץ שימעליאָוויטשן, אָנערקענט זייער שולד, געגעבן באַווײַזן וועגן זייער שפּיאָנישער און אַנטיסאָוועטישער אַרבעט. ס'איז פעסטגעשטעלט, אַז די אויספאָרשונג איז געפירט געוואָרן מיט ברוטאַלע פאַרלעצונגען פונעם געזעץ. די אַרעסטירטע האָט מען געשלאָגן, געפּײַניקט, סיסטעמאַטיש ניט געלאָזט שלאָפן. און סאָפּקאָלסאָף האָט מען זיך דערשלאָגן, זיי זאָלן אונטערשרײַבן די פאַלסיפיצירטע פּראָטאָקאָלן.

געזוינלעכע אַרבעט־קאָנטאַקטן פונעם ייִדישן אַנטיפאַשיסטישן קאָמיטעט מיט אָרגאַניזאַציעס און מיט באַזונדערע מענטשן אין אויסלאַנד, „פרײַע" אַרויסזאָגונגען, וועלכע „ס'האָבן זיך דערלויבט" אייניקע מיטגלידער פונעם קאָמיטעט, האָבן אַבאַקומאָוו, וועלכער איז דעמאָלט געשטאַנען בעראָש פון דער מגב, און זײַנע קלעווערטן אונטערגעטראָגן ווי מעלוכישע, קאָנטער־רעוואָלוציאָנערע פאַרברעכנס.

דעם איניען האָט באַטראַכט די מיליטערישע קאָלעגיע פונעם אויבער־געריכט פון פססר: אַלע געמישפּטע זײַנען באַשולדיקט געוואָרן אין שפּיאָנאַזש. דער געריכט־פּראָצעס האָט געדויערט העכער צוויי כאָדאָשים. אויף אים זײַנען ניט געווען קיין פאַרשטייער פון דער מעלוכישער באַשולדיקונג און פון דער פאַרטיידיקונג — דאָס איז פולקום אין גײַסט פון דעם פונקציאָנירנדיקן אין יענער צײַט געזעץ וועגן באַהאַנדלען אַזעלכע מינים איניאַנים. אויפן געריכט האָט בלויז פעפער צוערשט אָנערקענט זײַן שולד און דעמאַסקירט אַנדערע, און צום סוף זיך אָפּגעזאָגט פון זײַנע באַווײַזן, דערקלערנדיק: „...נאָך אין דער באַכט פון מײַן אַרעסט האָט אַבאַקומאָוו מיר געזאָגט, אַז אויב איך וועל ניט געבן קיין אָנערקענונגס־באַווײַזן, וועט מען מיך שלאָגן. איך האָב זיך דערשראָקן, און דאָס איז געווען די סיבע, וואָס איך האָב אויף דער פאַרלויפיקער אויספאָרשונג געגעבן ניט קיין ריכטיקע באַווײַזן". פעפער האָט דערקלערט אויפן געריכט: „צום סוף פון דער אויספאָרשונג פונעם איניען האָט דער אויספאָרשער געפאָדערט, איך זאָל באַשטעטיקן אויפן געריכט אַלץ, וואָס איך האָב געזאָגט אויף די פאַרלויפיקע פאַרהערן".

אין זייער לעצטן וואָרט האָבן די באַשולדיקטע געבעטן אַרויסטראָגן זיי באַפרײַ־אורטיילן און ניט אָנערקענט זיך אַלס שולדיקע. אַזוי, לעמאָשל, האָט שימעליאָוויטש דערקלערט: „איך בעט דעם געריכט אָנגעבן אין די געהעריקע אינסטאַנצן אַ באַקאָשע וועגן פאַרבאָטן אין די טורמעס פיזישע באַשטראָפונגען... אָפּלערנען אייניקע מיטאַרבעטער פון מגב פונעם געדאַנק, אַז דער אויספאָרשונג־אָפּטייל — דאָס איז דער „קאָדשע־קאָדאָשים", צווינגען זיי באַנעמען, אַז דאָס הייליקסטע בא אונדז איז — די פאַרטיי... אויפן סמאָך פונעם געזאָגטן אויפן געריכט וואָלט איך געבעטן צוציִען צו שטרענגער פאַראַנטוואָרטלעכקייט אייניקע מיטאַרבעטער פון מגב, דערונטער אויך אַבאַקומאָוון".

לאָזאָווסקי האָט געזאָגט: „אויב עס וועט ווען־עס־איז אויסגעקלאָרט ווערן, אַז איך בין אומשולדיק, בעט איך אופשטעלן מיך נאָכן טויט אין די רייען פון דער פאַרטיי און פאַרעפנטלעכן אין די צײַטונגען אַ מיטיילונג וועגן מײַן רעאַביליטאַציע".

צוליב גערעכטיקייט דאַרף איך באַטאָנען, אַז באַם געריכט זײַנען אויפגעקומען ספייקעס אין דער אָביעקטיווקייט פון דער אויספאָרשונג. דאָס ווערט באַשטעטיקט פון די באַווײַזן פון דעם געוועזענעם שטעלפאַרטרעטער פונעם זיכערקײַט־מיניסטער ריומין וועגן דעם, אַז דער געריכט האָט געפּרוווט אומקערן דעם איניען אויף אַ צוגאָב־אויספאָרשונג, נאָר ס'איז געמאַכט געוואָרן אויף אים אַ דרוק, קעדיי דער אורטייל זאָל אַרויסגעטראָגן ווערן לויט די שוין פאַראַנענע אינעם איניען מאַטעריאַלן.

לויטן אורטייל פון דער מיליטערישער קאָלעגיע פונעם 11 — 18 יולי 1952 זײַנען לאָזאָווסקי ס. א., פעפער אי. ס., יוזעפאָוויטש אי. ס., שימעליאָוויטש ב. א., קוויטקאָ ל. מ., מאַרקיש פּ. ד., בערגעלסאָן ד. נ., זוסקין וו. ל., טאַלמי ל. יאַ., וואַטענבערג אי. ס., טעומין ע. יאַ., וואַטענבערג־אָסטראָווסקאַיאַ טש. ס. פאַרמישפּט געוואָרן צום טויט, און שטערן ל. ס. — צו 3 יאָר 6 כאָדאָשים טפיסע מיט אַרויסשיקן שפּעטער אויף 5 יאָר אין דער שטאָט דזשאַמבול. לויטן איניען איז אויך באַ־

**שולדיקט געוואָרן דער שטעלפאַרטרעטער פונעם מיניסטער פון מעלוכישן קאָנטראָל פון רספסר ס. ל. ברעגמאַן, אָבער בײַס דער אויספאָרשונג איז ער שווער קראַנק געוואָרן און איז געשטאָרבן. דער איניען וועגן אים האָט די מיליטערישע קאָלעגיע אָפּגעשטעלט.**

— אין 1955 האָט דער אויבער־געריכט פון פססר אָפּגעשאַפן דעם אורטייל בענעגייע אַלע פאַרמישפּטע. וואָס איז געווען ביז אַט דעם באַשלוס?

**— לויט דער אָנווײַזונג פונעם גענעראַל־פּראָקוראָר פון פססר האָט מען אין 1955 צוגאָבלעך דורכקאָנטראָלירט דעם איניען „ייִדישער אַנטיפאַשיסטישער קאָמיטעט". ס'איז פעסטגעשטעלט געוואָרן, אַז די באַשולדיקונגען קעגן לאָזאָווסקין און אַנדערע האָבן גראָב פאַלסיפיצירט די געוועזענע מיטאַרבעטער פונעם זיכערקײַט־מיניסטעריום אַבאַקומאָוו, ריומין, קאָמאַראָוו, ליכאַטשאָוו (זיי זײַנען פאַרמישפּט געוואָרן פאַר פאַלסיפיצירן איניאָנעם צום טויט). לויטן שלוס־אויספיר פונעם גענעראַל־פּראָקוראָר פון פססר האָט די מיליטערישע קאָלעגיע פונעם אויבער־געריכט פון פססר דעם 22 נאָיאַבער 1955 אָפּגעשאַפן דעם אורטייל בענעגייע לאָזאָווסקין און אַלע אַנדערע.**

...פון די, וואָס זײַנען דורכגעגאַנגען לויטן איניען „ייִדישער אַנטיפאַשיסטישער קאָמיטעט" איז לעבן געבליבן בלויז לינע שטערן. זי האָט זיך אומגעקערט קיין מאָסקווע, אופגעשטעלט געוואָרן אין די רעכט, פאַרגעזעצט זיך באַשעפטיקן מיט וויסנשאַפטלעכער טעטיקייט.

---

# כראָניק

## א קאָמיסיע אַף אָפּצוהיטן נאָטע לוריעס ליטעראַרישע יערושע

דער סעקרעטאַריאַט פונעם שרײַבער־פאַרבאַנד פון פססר האָט געשאַפן א קאָמיסיע פאַר דער ליטעראַרישער יערושע פונעם באַוווּסטן סאָוועטישן ייִדישן שרײַבער נאָטע לוריע (1906 — 1987). אין באַשטאַנד פון דער קאָמיסיע זײַנען אַרײַן דער סעקרעטאַר פון שרײַבער־פאַרבאַנד פון פססר סערגיי באַרוזדין (פאָרזיצער), דער אָנפירער פון דער אָדעסער אָפּטיילונג פונעם שרײַבער־פאַרבאַנד פון אוססר איוואַן דוז (פאַראַנטוואָרטלעכער סעקרעטאַר), דער דירעקטאָר פונעם פאַרלאַג „כודאָזשעסטווענאַיאַ ליטעראַטורא" געאָרגי אַנדזשאַפּאַרידזע, דער הויפּט־רעדאַקטאָר פון „סאָוועטיש היימלאַנד" אַרן ווערגעליס, סעקרעטאַרן פון שרײַבער־פאַרבאַנד פון פססר יורי גריבאָוו און יורי ווערטשענקאָ, דער סעקרעטאַר פון שרײַבער־פאַרבאַנד פון אוססר אָלעס גאָנטשאַר, דער סעקרעטאַר פון די שרײַבער־פאַרבאַנדן פון פססר און אוססר דמיטראָ פּאַווליטשקאָ, דער הויפּט־רעדאַקטאָר פונעם פאַרלאַג „סאָוועטסקי פּיסאַטעל" וולאַדימיר מוסאַליטין, די ליטעראַטור־קריטיקער גענאַדי גאָץ און איגאָר דזעווערין.

## ליטעראַרישע פּרעמיעס פון גרוזיע

צוויי פּרעמיעס אַף שאָטאַ רוסטאַוועליס נאָמען זײַנען האיאָר צוגעטיילט געוואָרן פאַר די אויסשליסלעכע פאַרדינסטן אין פּראָפּאַגאַנדירן די גרוזינישע פּאָעזיע. אַלס לאַורעאַטן פון דער העכסטער רעפּובליקאַנישער פּרעמיע אין געביט פון קולטור זײַנען אָנגערופן געוואָרן דער ייִסראָעלדיקער איבערזעצער אַף איוורית פון שאָטאַ רוסטאַוועליס פּאָעמע „דער גיבער אין א טיגער־פעל" באָריס גאַפּאָנאָוו (נאָכן טויט) און דער גרויסער רוסישער פּאָעט באָריס פּאַסטערנאַק (נאָכן טויט), וועלכע איז געווען איינער פון די בעסטע איבערזעצער פון דער גרוזינישער קלאַסישער און הײַנטצײַטיקער דיכטונג.

באָריס בעסקראָווני
(מאָסקווע)

# מעדזשיבאָזשער נאָטיצן

## וועגן דעם אווטאָר פון די דאָזיקע נאָטיצן

ס׳האָט געטראָפן אזוי, אז די מעדזשיבאָזשער לאנדסלײַט האָבן מיך איינמאָל אײַנגעלאדן אף קיי־ווער־אָווּעס, וועלכן זיי מערקן אָפּ אלע יאָר דעם 22 סענטיאבער. און מע דארף זאָגן, אז דער דענקמאָל נאָך די אומגעבראכטע איז אין מעדזשיבאָזש אן אויסערגעוויינלעכער. אייגנטלעך, איז עס ניט איין דענקמאָל, נאָר א גאנצער מעמאָריאל, וואָס באשטייט פון עטלעכע קוואָרים, צווישן זיי — א באזונדערער קייווער אין אָנדענק פון די אומגעקומענע קינדער.

דעם 22 סענטיאבער פאָרן זיך צונויף צו אָט דעם מעמאָריאל מעדזשיבאָזשער לאנדסלײַט פון אלע עקן לאנד. די דאָזיקע טראדיציע פירט זיך שוין אין מעשעך פון צענדליקער יאָרן. אלט און יונג, מאנצבלען און פרויען, קינדער און אייניקלעך פון די קדושים, וועלכע ליגן אין די גריבער הינטער מעדזשיבאָזש, קומען אף קייווער־אָווּעס.



באָריס בעסקראָווני (אין צענטער) צווישן זײַנע לאנדסלײַט

און אָט, אין איינעם אזא יאָרצײַט האָב איך זיך באקאנט מיט באָריס בעסקראָווני. ער איז ארויסגעטראָטן דער ערשטער, און כ׳האָב געזען, מיט וואָס פאר אן אָפּשײַ מע הערט אויס דעם דאָזיקן שוין באיאָרטן מענטשן. שפּעטער, ווען מיר האָבן זיך מיט אים צערעדט, האָט זיך ארויסגעוויזן, אז באָריס בעסקראָווני איז גאָר ניט קיין געוויינלעכער מענטש, און א לעבן האָט ער דורכגעמאכט אויך ניט קיין געוויינלעכס. אלע יאָרן א גרויסער האָרעפּאשניק, אין צוויי מילכאָמעס — אין דער פינישער קאמפּאניע און אין דער גרויסער פּאַטערלענדישער מילכאָמע — זיך באטייליקט, און די ברוסט זײַנע איז באצירט מיט א סאך אָרדענס און מעדאלן.

אָבער ניט דאָס איז דער איקער, ס׳האָט זיך ארויסגעוויזן, אז דער דאָזיקער מענטש פארמאָגט א זעלטענעם זיקאָרן, און א דערציילער איז ער א מערקווירדיקער. האָב איך אים פאָרגעלייגט:

— ווייסט איר וואָס, עפּשער וואָלט איר דאָס אלץ, וועגן וואָס איר דערציילט, אויסלייגן אף פּאַפּיר? ביפראט נאָך, אז די שפּראך איז בא אײַך א זאפטיקע, ניט קיין געקינצלטע, אן עכטע פאָלקס־שפּראך...

באָריס בעסקראָווני האָט לאנג ניט געלאָזט זיך בעטן. אין א צײַט ארום האָט ער מיר געבראכט די ערשטע זײַנע פארנאָטירונגען. און ווען כ׳האָב זיי א בלעטער געטאָן, האָב איך דערזען, אז ס׳איז דאָ וואָס צו לייענען. און כ׳האָב אים געבעטן אָנשרײַבן נאָך עפּעס, און ער האָט געבראכט נאָך און נאָך. אָט אזוי האָט זיך באקומען א גאנצער אויצער, מע האָט אים בלויז געדארפט ברענגען אין אָרדענונג, פאריכטן, ווו מע מוז, אָפּרייניקן פון די פּאָדאָליער דיאלעקטיזמען, ווי אויך אמאָל אייניקע פון זיי איבערלאָזן, עס זאָל ניט געפּאטערט ווערן זייער כיין, זייער געשמאקער נוסעך.

איצטער לייגן מיר פאָר אייניקע פון באָריס בעסקראָווניס נאָטיצן דעם לייענער פון „סאָוועטיש היימלאנד״. מיר מיינען, אז ער וועט זיי ווי געהעריק אָפּשאצן.

כאַים ביידער

# באם סאכנע אָנהייב

שוין א סאך יאָרן זײַנען אוועק, זינט איך האָב געוואָלט שרײַבן. און אָנגעהויבן האָט זיך דאָס בא מיר, ווען איך בין געווען נאָך גאָר א שנעק — קוים אלט געוואָרן עלף יאָר.

גראָד דעמאָלט האָב איך זיך אוועקגעזעצט שרײַבן וועגן א יינגל, וואָס איז געבוירן געוואָרן אין איין יאָר און אין איין טאָג מיט מיר, געוווינט מיט אונדז בישכיינעס, א טיר קעגן א טיר. פאַרוואָס האָב איך גראָד וועגן אים פארטראכט צו שרײַבן? ווײַל צו זײַנע עלף יאָר איז ער שוין געווען אן אויסוווּרף. בא אונדז אין שטעטל איז עס געווען א נאָווינע, אז א יידיש יינגל זאָל אין עלטער פון צען־צוועלף יאָר זײַן א פּראָפעסיאָנעלער גאנעוו...

געווען איז דאָס אין יענע יאָרן, ווען ס׳איז נאָך געגאנגען דער בירגערקריג. ס׳האָט מיך מאמעש פארווונדערט, ווו־הין איז עס פלוצעם אין איין שיינעם טאָג אהינגעקומען מײַן קליינינקער שאָכן. און נאָך מער בין איך פארכידעשט געוואָרן, ווען אין א צוויי צי דרײַ כאָדאָשים ארום קערט ער זיך אום מיט א כאָפּטע פארוואָרלאָזטע יונגאטשעס מיט ספּראָווקעס, אז זיי זײַנען קינדער פון דערהארגעטע פארטיזאנער און מע בעט זיי ארויסהעלפן מיט געלט און מיט קליידער...

מע האָט, פארשטייט זיך, ראכמאָנעס געהאט אף די „יעסוימים״, נאָר איך, און עפּשער ניט בלויז איך, האָב דאָך געוווּסט, אז מײַן קלייניקער שאָכן איז גאָר ניט קיין יאָסעם, און זײַן טאטע איז קיינמאָל קיין פארטיזאנער ניט געווען. האָט עס מיך א צי געטאָן צו דער פּען. פון מײַן שרײַבן האָט זיך, פארשטייט זיך, גאָרנישט ניט באקומען, די עטלעכע זײַטלעך, אף וועלכע איך האָב אויסגעלייגט די געשיכטע, האָב איך קיינעם ניט באוויזן, אפילע דער מאמען, וועלכע איז געווען פאר מיר דער העכסטער אווטאָריטעט און די קליגסטע אייצעגעבערן.

עס זײַנען אוועק א סאך יאָרן. לערנענדיק זיך אין די הויכשולן האָב איך קיין מעגלעכקײַט ניט געהאט, כאָטש ניט איין מאָל וועגן דעם געטרוימט. כ׳האָב געדארפט שפּײַזן א מישפּאָכע, העלפן די עלטערן, און מילכאָמע האלטן — צוערשט מיט די ווײַספינער, דערנאָך מיט די דײַטשן. אזויארום האָט זיך צוגערוקט די עלטער, און אז די סאָוועטנמאכט האָט מיך באזאָרגט מיט פּענסיע, און מײַנע צוויי טעכטער האָבן דאָפּקע געענדיקט הויכשולן — איינע דעם מאָסקווער אוניווערסיטעט, די צווייטע א בוי־אינסטיטוט, — בין איך געוואָרן א פרײַער מענטש, און עס האָט זיך מיר דערמאָנט, אז כ׳האָב אמאָל געוואָלט ווערן א שרײַבער.

באַזונדערס איז מיר געווען א שאָד, וואָס איך האָב ניט דערציילט וועגן מײַן מאַמען. זי איז געווען א האָרעפּאשנע ייִדענע, א נייטערין, געאַרבעט טאָג און נאַכט און געהאָדעוועט זיבן קינדער, און מיר האָבן געלעבט! פאַרשטייט זיך, קיין באַזונדערע מײַכאָלים האָט זי אונדז ניט געקאָכט, קיין מאַרציפּאַנעס, ווי מע זאָגט, אויך ניט. אויב ס'איז ניט געווען קיין ברויט, איז מען אָפּגעקומען מיט קאַרטאָפל, באַשמירט מיט א ביסל גענדזנשמאַלץ, און קיינער האָט ניט געוווּסט, אז מיר לעבן אזוי אָרעם. מיר האָבן געהאַט רויטע בעקעלעך פון די ציבעלעס, פון די אוגערקעס, פון די בוריקעס און פּאַטלאַזשאַנעס (אזוי פלעג מען בא אונדז רופן די פּאַמידאָרן). קיין פלייש האָט מײַן מאַמע ניט געקויפט, גענוג, אז ס'איז געווען ברויט. נאָר שטענדיק איז בא אונדז אין שטוב געווען א זינגערײַ און א געלעכטער, און די שכנים האָבן געמיינט, אז מיר עסן פּוטער און דאָס בעסטע געבעקס.

די מאַמע פלעג ניט איין מאָל זאָגן:

— קינדערלעך, א קניפּ אין באַק, נאָר די פאַרב זאָל שטיין!

שאַבעס האָט מען ניט געטאָרט אַרבעטן, נאָר זיך צונויפנעמען האָט מען געקאָנט. און די מאַמע פלעג דערציילן ווונדערלעכע מעשׂיות וועגן דעם באַלשעם, וועגן הערשעלע אָסטראָפּאָליער, וועלכע האָבן א סאַך יאָרן געלעבט בא אונדז אין מעדזשיבאָזש — ביז הײַנט קאָן מען געפינען זייערע קבֿרים אויפן אַלטן ייִדישן בעסוילעם.

ווען איך בין אונטערגעוואַקסן, האָב איך געבעטן די מאַמע, זי זאָל מיר דערציילן וועגן דעם באַלשעמטאָוו — צי איז ער טאַקע געווען אזא גרויסער צאַדיק, ווי מע דערציילט, און פאַרוואָס האָט מען אים אזוי ליב געהאַט, אז ביז איצט רעדט מען וועגן אים מיט גרויס דרעכערעץ און ליבשאַפט. און אין איינעם א שאַבעס האָט זי מיר דערציילט.

— כ'האָב דאָס געהערט נאָך פון די באָבעס און פון די אורבאָבעס. הונדערט פופציק יאָר צי אפילע מער האָט מען וועגן דעם באַלשעם גערעדט, דערציילט, וואָס פאַר א ניסים זײַנען מיט אים געווען. דו ווייסט, פאַרוואָס אונדזער שטעטל הייסט מעדזשיבאָזש? ווײַל עס ליגט צווישן צוויי טײַכן — בוג און זײַן בײַטײַך בוזשאָק. איז אָט, הער...

...אין איינעם א האַרבסטטאָג איז עס געווען. ס'האָט געטריפט א דריבנע רעגנדל. נאָר דאָס האָט ניט אָפּגעשטעלט די קאַטערינשטשיקעס, וועלכע פלעגן קומען צו אונדז און שטעלן זייערע ספּעקטאַקלען. מיר, קינדער, פלעגן לויפן אפן פּלאַץ, ווו די קאַטערינשטשיקעס זײַנען אַרויסגעטראָטן. לײַדער האָבן זיי געזונגען וועגן דעם ביטערן גורל. און א גורל איז בא זיי געווען טאַקע גאָר א ביטערער. הונדערטער וויאָרסטן פלעגן זיי אויסגיין צו פוס און אָפט ניט געהאַט קיין שטיקל ברויט אף צו דערקוויקן די נעשאָמע. איך געדענק אייניקע זייערע לידער. אָט, לעמאָשל:

וואָס טויג מיר זינגען לידער,
אז אף קיין ברויט האָב איך נישט —
ניט נעכטן און ניט הײַנט?
וואָס טויג מיר מײַן וואַנדער־לעבן,
אז דו, מיידעלע, האָסט מיך פײַנט?

און אזא לידעלע:

א געליבטע האָב איך געהאַט איינע,
ווי די זון, איז זי שיין געווען,
מיט א צווייטן איז זי אַנטלאָפן,
און כ'האָב זי מער שוין ניט געזען.
איצט האָב איך א סאַך,
נאָר ליב האָב איך ניט קיינעם,
מײַן געליבטע איז דאָס פלעשעלע,
טשאָרט וואָזמי.
א נאָמען האָב איך געהאַט א שיינעם,
צוגלײַך מיט די רוסישע אַריסטאָקראַטן,
איך טו זיך וואַלגערן אין אַלע גאַסן,
מײַן נאָמען איז דאָס פלעשעלע,
טשאָרט וואָזמי...

די מאַמע האָט אף מיר א קוק געטאָן א פאַרשעמטע, און איר בליק האָט באַטײַט: „מע רעדט וועגן דעם באַלשעמטאָוו, בין איך גאָר אַרײַן מיט לידעלעך...”

מיר אָבער זײַנען געפעלן געווען די לידער, ווײַל די מאַמע האָט זיי געזונגען. זי האָט שוין דעמלט געהאַט זיבן קינדער — און זי זינגט נאָך לידער! און די מאַמע האָט פאַרגעזעצט:

— אין איינעם אזא טאָג איז אַרײַנגעפאָרן א ייִדל מיט א פערד אין ווײדל, איך מיין — א פערד אין וואָגן, און מע האָט ניט געקאָנט וויסן, ווער וועמען עס שלעפּט — דאָס פערד דעם וואָגן, צי דער וואָגן דאָס פערד... נו, האָט ער אָפּגעשטעלט דאָס פערד. דו ווייסט, דאָרט, ווו הײַנט דער ייִד איז אַרײַנגעפאָרן, איז נאָך איצט דאָס אָרט, ווו עס שטייען די באַלעגאָלעס און טרעגער. די באַלעגאָלעס האַלטן די בײַטשלעך — דאָס איז ווי א מין רעקלאַמע. און די טרעגערס, מע זאָל זיי, כאָלילע, ניט איבערפּלאָנטערן מיט דאָקטוירים, זײַנען געווען איבערגעבונדן מיט גראָבע שטריק אונטער די בײַכער. און ווען די גאַנצע קאָמפּאַניע האָט דערזען, אז דאָס פערדל מיטן וועגעלע פונעם אָנגעפאָרענעם האָט זיך אָפּגעשטעלט, און דערהערט, ווי ער טוט א געשריי: „טפּרו!..”, האָבן זיי, פאַרשטייט זיך, אויסגעשאָסן א געלעכטער. האָט יענער געוואַרט, ביז מע וועט אויפהערן לאַכן, געקלאַפּט מיטן בײַטשל איבער די כאָליעוועס פון די גאַנץ אָפּגעניצטע שטיוול און אויך געלאַכט. איינער א טרעגער, א שייגעץ שעבעשייגעץ (קיין אַרבעט איז סײַ ווי סײַ ניט געווען) איז צוגעגאַנגען צום ייִדל און א פרעג געטאָן:

— רעב באַלעגאָלע, איר ווייסט דאָך, אז קיין פּראָסקעריעוו אָדער קיין דעראַזשנע צי לעטיטשעוו, אויב מע דאַרף פאָרן, זײַנען בא אונדז, קיין אײַנהאָרע, פאַראַן גענוג אייגענע באַלעגאָלעס, איז וווּהין וועט איר פירן פאַרשוינען מיט אײַער סוס, מיט אזא זשערעבעץ?

ענטפערט דער געקומענער, סרול, דאָס הייסט ייִסראָעל, האָט ער געהייסן:

— כּעוורע, אויב איר וועט מיר דערלויבן, וועל איך מײַן סוס שפּאַנען, ער זאָל פירן קיין וויניצע, קאַמענעץ און אַפילע קיין אָדעס...

איז ווידער געוואָרן א גרויס געלעכטער, מע האָט זיך אזש געהאַלטן פאר די בײַכער, און עס האָבן גענומען זיך אָפּשטעלן קינד און קייט...

די מאמע האָט א ביסל זיך פארטראכט, אנשוויגן געוואָרן. דאָס האָט זי דערהערט, ווי פייגלען זינגען אויף די ביימער — זי האָט זייער ליב געהאַט צו הערן, ווי פייגלען זינגען. זי האָט א וואָרף געטאָן די זינגער עטלעכע ברעקלעך, דערבײַ זײַנען די שוועלבעלעך א סאַך פלינקער, איידער די טויבן, און האָט באמערקט:

— אזא כאילו דאַרף האָבן א מאכט, ס'איז קליין דער זאַלאַטניק, אָבער טײַער ביז גאָר...

דאָס האָט זי געמיינט די שוועלבעלעך. די מאַמע האָט זיך געכאַפּט:

— זע נאָר, ס'האָט מיך ווידער א טראַג געטאָן אין דער זײַט... הער ושע ווײַטער... איז אָט, יענער ייִד, סרול, אָדער ייִכראָעל, ווי ער האָט געהייסן, איז טאַקע געווען דער קינפטיקער צאַדיק — דער באַלשעם. פונוואַנען האָט ער זיך גענומען און וויאַזוי האָט מען אים ליב באַקומען, באַזונדערס אמכאָ, שער און אײַזן, אָרעמעלײַט אויף דריקעס, און פאַרוואָס האָבן אים פײַנט געהאַט גווירים, קליי־קוידעש און, פאַרשטייט זיך, די קאַשערע מאַכט? — האָט א שמייכל געטאָן די מאַמע, — דאָס האָב איך אויך געפרעגט מיט א סאַך יאָרן צוריק בא מײַן באָבען. האָט די באָבע לאַנג עפּעס געמורמלט, נאָר פאַרט מיר דעם סאָד אַנטפּלעקט. איז הער ווײַטער...

— איצט, ווען בא אונדז איז שוין ניטאָ קיין קייסער אויפן טראָן, נאָר די ראַטנמאַכט, וואָס איז פאַר די אָרעמע און געוועזענע געפּלאָגטע, דאַרף איך דיר זאָגן, אז דער באַלשעם וואָלט הײַנט געהאַט א גרויסן אויטאָריטעט, ווײַל אַלץ האָט ער פאַר מענטשן געטאָן, ניט פאַר זיך... און וואָס פאַר א צײַט איז פריִער געווען, ווייסטו דאָך אַליין. געבאַלעבאַטעוועט האָבן די פּריצים, און פאַרטיידיקט האָט זיי דער קייסער מיט זײַנע סאָלדאַטן. אַליין די סאָלדאַטן זײַנען אויך געווען פאַרשקלאַפט, א קלייניקײַט — מע האָט געדינט צו פינף און צוואַנציק יאָר און זיך אומגעקערט שוין באַיאָרטע מענטשן. און נאָך די מושטרעס, וואָס זיי האָבן געהאַט אויסצושטיין, נאָך די קלעפּ פון די אָפיצערן זײַנען דאָס שוין ניט קיין מענטשן געווען — קליאַטשעס בידנע, וועלכע זײַנען קוים געשטאַנען אויף די פיס... איצט פאַרשטיי, וויאַזוי פלעג מוירעדיק שרעקלעך זײַן דעם ייִדן, וועלכער האָט אָנגעטראָפן אין דער אַרמיי אויף פינף און צוואַנציק יאָר. דעם ביטערן גוירל האָבן די סאָלדאַטן און די אָפיצערן אויסגעלאָזט צום ייִדן — מע האָט זיי געשלאָגן מאַקעס־רעצעך, ווײַל זיי זײַנען קלוימערשט געווען די שולדיקע אין אַזאַ לעבן, און זעלטן־ווער עס פלעג זיך אומקערן מיט איין צאָן אין מויל...

די מאַמע האָט זיך ווידעראַמאָל פאַרטראַכט, אָפּגעווישט דעם שווייס פונעם שטערן און געזאָגט:

— איך בין, מײַן קינד, א בעזגראַמאָטנע און ווייס נאָך ניט אַלץ, נאָר דו וועסט מיסטאָמע זיך לערנען, און די געשיכטע פונעם ייִדישן פאָלק וועט עמעצער אָנשרײַבן, און דו וועסט שוין וויסן פון ביכער, וויאַזוי אַלץ איז געווען. און מע וועט, אפשר, נעמען, דערמאָנען, וואָס די ייִדן האָבן איבערגעטראָגן. אָט נעם, לעמאָשל, אונדזער שטעטל. מע האָט אונדז דערלויבט צו לעבן נאָר אינעם טכום, און עטלעכע שפּאַן פונדאַנען, ווײַטער פון דער בריק, האָבן מיר שוין ניט געטאָרט וווינען. זעסט דאָך, אין וואָס פאַר א דערשטיקעניש מיר וווינען. אין דאָרף — פאַרבאָטן, אין די גרויסע שטעט — פאַרבאָטן, עמעס, גרויסע סאָחרים פלעג מען יאָ דערלויבן צו וווינען... יאָ, כ'האָב זיך נאָכאַמאָל אָפּגעווענדט. הייסט עס, וועגן דעם באַלשעם...

ניט ווײַט פון וויניצע זײַנען געווען רײַכע פעלדער, טײַכן און וועלדער, און אין די וועלדער זײַנען געווען אָן א שיר ווילדע כײַעס — בערן, הירשן, פוקסן, וועוועריקעס, ווילדע הינט, פייגל, און קאַלערליי פיש אין די טײַכן. נאָר דאָס אַלץ האָט געהערט די פּריצים און די פירשטן. אויב א פויער האָט געפּרוּווט אַמאָל נעמען אין וואַלד א שײַטל האָלץ אָדער א ברעטל צו פאַריכטן דעם פּלויט, האָט מען אים געפּאַקט און געשלאָגן מיט ריטער, אָנגעווייקט אין זאַלץ, אַרויסגעלאָזט אויף אים הינט, ווי די וועלף, און נאָך אַזעלכע עקזעקוציעס פלעג מען צוטראַכטן. פלעגן די פויערים בעסער לעבן אין נעבעכדיקע הײַזלעך, איידער אַרײַנפאַלן אין די מערדערישע הענט פון א פירשט צי א פּאַריץ.

און בא איינעם א פירשט האָט געלעבט א ייִדיש פּאַרפאָלק. זיי האָבן געפּאַשעט זײַנע שאָף און רינדער און שטענדיק זײַן אין פעלד — זומער אין בײַדלעך, און ווינטער — אין די שײַערס פאַר די רינדער און פערד. נערן פלעגן זיי זיך מיט קאַרטאָפל פון זייער אייגענעם גאָרטן, וואָס דער פירשט האָט זיי אויסגעטיילט. אַזוי־אַרום איז דער פירשט געווען זיכער, אז זײַנע אומזיסטיקע פאַסטעכער וועלן קיין שטיקל פלייש ניט אָנרירן. און וועלף האָבן ניט געטשעפּעט דעם פירשטס שאָף און רינדער, ווײַל די ייִדן האָבן געוווּסט, אז אויב עס וועט עפּעס טרעפן מיט א שעפּסל, וועט דער פירשט אָפּנעמען בא זיי א זויגקינד, אַוועקלייגן עס אין וואַלד, אז די וועלף זאָלן עס אויפעסן.

מײַן ליבע דערציילערן האָט זיך ווידער פאַרטראַכט, איבער איר פּנים איז דורכגעלאָפן א שאָטן, זי האָט א קרעכץ געטאָן:

— קעדיי דו זאָלסט וויסן, וויאַזוי האָבן געלעבט שקלאַפן בא די פּריצים, האָט מיר מײַן באָבע דערציילט, וואָס עס איז געשען מיט א ייִדן, וועלכער האָט געלעבט בא איינעם א פּאַריץ. דאָס ווײַב פונעם ייִדן פלעג אַלע אינדערפרי ברענגען פאַרן פּאַריץ מילך פון דער בעהיימע, וואָס זי האָט געהאַלטן, — דער פּאַריץ האָט ליב געהאַט טרינקען אין בעט מילך, ערשט אָנגעמעלקטע פון דער קו. קומט אים פּלוצעם א דעספּאָטישער געדאַנק: אויב די ייִדענע וועט ווערן בלינד, וועט זי אויך קאָנען ברענגען אים פרישע מילך אַלע אינדערפרי? און ער האָט געהייסן איר אויסשטעכן די אויגן, מע זאָל זי א בלינדע פירן צו דער בעהיימע, זי זאָל בלינדערהייט מעלקן די קו און דערנאָך זי פירן צו אים מיט דער מילך, און זי זאָל זיך צוגעווינען אַליין, אָן א באַגלייטער, דאָס אַלץ טאָן...

(אָדער א מײַסע וועגן א ייִד א פויגל... ווען איך בין עלטער געוואָרן און שוין געקאָנט אליין לייענען ביכער, האָב איך דאָס אויסגעלייענט אין שאָלעם־אַלייכעמס א דערציילונג.)

— אָט אין אַזעלכע וועלפּישע סטײַעס, — האָט די מאַמע ווײַטער דערציילט, — האָבן געלעבט סרוּליקס זיידעס און באָבעס. און ווען ער איז אַלט געוואָרן אכט יאָר, האָט ער שוין געפּאַשעט די טשערעדע, און מיט דער באָבע פון דער מאַמעס צאַד פלעג ער זאַמלען קרײַטעכצער און העלפן די פּויערים אין די דערפער. דער פּירשט האָט קיינמאָל ניט גערופן קיין דאָקטער צו די פאַרשלאָפטע פּויערים, און די באָבע האָט געהאָלפן א סאַך פון זיי, פאַשעט גראַטעוועט פון טויט, באַזונדערס קינדער. סרוליק אליין האָט שוין גוט זיך פאַנאַנדערגעקליבן אין די הײלגראָזן, און ווען די באָבע איז געווען קראַנק, פלעג ער אליין גיין אין וואַלד נאָך די גראָזן. די באָבע האָט אים געלערנט, וויאַזוי גרייטן פון די קרײַטעכצער רעפּועס, און ער האָט געקראָגן בא די אַרומיקע פּויערים א שעם פון א רופא. ווען די באָבע איז געשטאָרבן, האָט ייִסראָעל זי מעקאַבער געווען אויף א באַרג לעבן א פּרײַלעך טײַכל, וואָס די באָבע האָט עס ליב געהאַט באַם לעבן: זי פלעג זיצן טאָג און נאַכט, הערן, ווי די וואַסערן פּליסן און בלעבלען, און זיך קוויקן מיט די רעגנבויגן־קאָלירן אויפן איבערפלאַך פון דעם וואַכער. אויפן קייווער האָט ער אוועקגעלייגט א שטיין און אויף אים אויסגעקריצט: „דאָ ליגט א צאַדייקע, וועלכע האָט איר גאַנץ לעבן אָפּגעגעבן אָרעמע מענטשן, זיי געהיילט און געהאָלפן, מיט וואָס נאָר זי האָט געקאָנט".

ער אליין, ייִסראָעל, האָט זיך געגעבן א נײַדער, אַז אַלע יאָרן וועט ער, פּונקט ווי זײַן באָבע, זיך אָפּגעבן פאַר אָרעמע מענטשן. פון קינדווײַז אָן האָט ער זיך געגערט מיט יאַגעדעס, שוועמלעך, מיט פּרוכטן און גאָרטנוואַרג, פאַרגרייטן דאָס אַלץ אויף ווינטער און זיך געטיילט מיט זיי, ווען עמעצער האָט אין דעם זיך גענייטיקט.

— אָט אַזוי, קינד מײַנס, — האָט די מאַמע ווײַטער געצויגן איר דערציילונג. — ייִסראָעל איז שוין אַלט געווען, ווען די באָבע איז געשטאָרבן, אכצן יאָר. און דעמלט טאַקע איז ער געקומען קיין מעדזשיבאָזש. וועגן דעם, וויאַזוי מע האָט אים באַגעגנט, האָב איך דיר שוין געזאָגט. און ווען דער טרעגער האָט פון אים כוייזעק געמאַכט, האָט ייִסראָעל אויך געלאַכט, נאָר אָט איז ער צוגעגאַנגען צום טרעגער, אים א קניפּ געטאָן אין דער רעכטער באַק, און אַלע האָבן דערזען, ווי אויף דער באַק האָט זיך באַוויזן א בלאָטער און זיך אָנגעהויבן צו יאָטרען, אפילע בלוט האָט גערונען. דער טרעגער איז גלײַך אוועק צו א זנאַכער, יענער האָט ניט געוווּסט, וויאַזוי צו העלפן, און ס'איז דערגאַנגען צו דעם, אַז דער טרעגער האָט שוין געהאַלטן באַם שטאַרבן.

ייִסראָעל זשע איז אוועק אין וואַלד אַרײַן ניט ווײַט פון מעדזשיבאָזש און האָט דאָרט זיך געמאַכט א בײַדל. געגערט האָט ער זיך אויך, ווי פריער, מיט יאַגעדעס און שוואַמען, קיין פויגל און קיין כײַע ניט אָנגערירט אפילע ווינטער — קיין פליייש האָט ער ניט געברויכט. ערגעץ פלעג ער קריגן א קריגל מילך, א שטיקל קעז, דערנאָך האָט מען אים געשענקט א קעלבל, און ער האָט עס אָנגעהויבן צו האָדעווען. צווײ לאַשעקלעך האָט מען אים אויך געשענקט, און ער איז געוואָרן א שטיקל באַלעבאָס איבער אָט דעם פי.

די נאַטור האָט ער ליב געהאַט, פלעג זיך איבערסווישטשען מיט די פייגל, אַפילע אָנגעהויבן פאַרשטיין זייער לאַשן. זיי פלעגן צו אים קומען לויטן ערשטן רוף, און ער האָט זיי געהאָדעוועט. זיי זײַנען געזעסן בא אים אויף די אַקסלען און געפּיקט פון זײַנע הענט. עס פלעג זיך מאַכן, אַז א ווינט צי א קאַלטער רעגן פלעגן אַראָפּוואַרפן פון א בוים א נעסט. פלעגן די פייגל־מוטערס קומען צו פליִען צו ייִסראָעלס ערדשטיבל, געצוויטשערט. פלעג ער פאַרשטיין, וואָס זיי בעטן בא אים. ער פלעג די נעסט פאַריכטן, אָפּזוכן די אייפּעלעך, און אַז מע האָט געדאַרפט, האָט ער זיי געהיילט, ווי אַן אייגענע מאַמע. נאָך מער, ער האָט אײַנגעאָרדנט אין זײַן שטיבל און אין דרויסן א גאַנצן שפּיטאָל פאַר די קראַנקע פייגל און כײַעס.

נאָר אים האָט געצויגן זיך לערנען. די באָבע פלעג אים זאָגן, אַז א ייִד דאַרף זײַן א באָקי אין די קליינע אויסיעלעך — און אַן אַמאָרעץ לאָזט מען ניט אין גאַנעידן אַרײַן. ייִסראָעל האָט געוואָלט אַלץ וויסן, באַזונדערס דעם כומעש, די געמאָרע. אָבער וווּ קריגט מען די דאָזיקע אַלע זאַכן אין פעלד און אין וואַלד? נאָר ווען ייִסראָעל איז געוואָרן באַרמיצווע, האָט זי געעפנט איר קעסטל, וואָס זי האָט אַלע יאָרן געטראָגן מיט זיך, ווי דאָס טײַערסטע אין איר וואַנדער־לעבן. דאָרט איז געלעגן א כומעש, א געמאָרע און א קליין טוירעלע.

— אָט דאָס, — האָט זי אים געזאָגט, — טראָג איך מיט זיך זינט מײַן מאַמע איז געשטאָרבן, אייך טפילין און א טאַלעס, און איצט גיב איך דאָס איבער דיר, און אויב דו ווילסט, קאָן איך דיך אויסלערנען לייענען.

ייִסראָעל האָט, פאַרשטייט זיך, געוואָלט, און ער האָט באַלד גענומען זיך לערנען. אין א יאָר אַרום האָט ער שוין א סאַך געוווּסט, אַפילע די באָבע האָט זיך געכידעשט, און זי האָט געקליבן נאַכעס פונעם אייניקל.

די מאַמע האָט נאָכאַמאָל איבערגעכאַפּט דעם אָטעם, זיך פאַרטראַכט און נאָך א פּאָרע געזאָגט:

— אויב דו געדענקסט, קינד מײַנס, האָבן מיר איבערגעלאָזט ייִסראָעלן אין מעדזשיבאָזש אויף דער הויפּט־גאַס צווישן די באַלעגאָלעס און טרעגער, ווען ער האָט א קניפּ געטאָן אין דער רעכטער באַק איינעם א טרעגער, וועלכער האָט כויזעק געמאַכט פון אים. דער טרעגער האָט זיך גענומען היילן, און ייִסראָליק איז אוועק אין וואַלד אַרײַן, און וואָס ער האָט דאָרט געטאָן, האָב איך דיר שוין דערציילט. אין א צײַט אַרום האָט מען אין מעדזשיבאָזש אָנגעהויבן רעדן וועגן איינעם א לאַמעדוואָווניק, וועלכער לעבט אין וואַלד, האַרגעט ניט קיין פייגל און קיין כײַעס, רעדט מיט זיי זיך איבער אויף זייער לאַשן, זיי הערן אים און פאָלגן אים. און נאָך האָט מען גערעדט, אַז אָט דער לאַמעדוואָווניק האָט מיט איין קניפּ אין באַק איינעם

א טרעגער געמאַכט א וווּנד, וואָס קיין שום זנאַכער האָט אויסהיילן אים ניט געקאָנט, און ווען יענער האָט שוין געהאַלטן באַם שטאַרבן, האָט דער לאַמעדוואָוויניק אים געפונען, געגעבן די נייטיקע קרײַטעכצער און אים אויסגעהיילט. די רייד זײַנען דערגאַנגען צום ראָוו, האָט דער ראָוו צונויפגענומען די רײַכע מענטשן פונעם שטעטל און די קלייקוידעש און געהאַלטן פאַר זיי א דראָשע:

— ראַבויסיי, — האָט ער געזאָגט, — גאָט האָט אונדז צוגעשיקט א לאַמעדוואָוניק, ווײַל אין דער טוירע שטייט געשריבן, אז דער מענטש, וועלכער טראַכט נאָר וועגן אַנדערע, קאָן מאַכן פון קרום גלײַך, פון שלאַפֿע — געזונטע, פון טויבע — הערנדיקע, און אַליין נערט ער זיך מיט קרײַטעכצער, שלאָפֿט מיט א שטיין צוקאָפּנס — איז אָט דער מענטש גאָטס א שאָלײַעך, א צאַדיק!

— מאַמע, — האָב איך געפרעגט, — ווי קאָן מען עס דערקלערן, וויאַזוי האָט ייִסראָעל געקאָנט מאַכן א וווּנד אויף דער באַק פון דעם טרעגער, וויאַזוי האָט ער אים אויסגעהיילט און פאַרוואָס האָט מען געזאָגט, אז ער האָט ניט מוירע אפילע פאַר א וואָלף?

— קינד מײַנס, — האָט געענטפערט די מאַמע, — ס'איז א גאַנץ פּאָשעטע זאַך. ערשטנס, די מאַקע אויפן טרעגערס באַק, אויף ייִסראָעלס פינגער איז, ווײַזט אויס, געווען א שטעכלקע, האָט עס א שטאָך געטאָן אין דעם טרעגערס באַק און געמאַכט א וווּנד. דער טרעגער האָט דאָס פּאָנעם ניט געוואַשן, איז עס געווען קויטיק, די וווּנד האָט זיך גענומען יאַטרען, און דער מענטש וואָלט אוודאי געשטאָרבן, ווען ייִסראָעל וואָלט ניט געקומען, אַרומגעאַרבעט די וווּנד מיט ריינער וואַסער, באַשמירט מיט א זאַלב, וואָס ער אַליין האָט צוגעגרייט פון זײַנע קרײַטעכצער. און דאָס צווייטע — מיטן וואָלף. דערציילט מען, אז עס איז געווען אזוי. איינמאָל אין א ווינטער־נאַכט, ווען ייִסראָעל איז געזעסן אין זײַן ערדשטיבל און געלערנט געמאָרע, האָט ער דערהערט א שרעקלעכע וואָיעניש פון וועלף. אין א צײַט אַרום האָט זיך צו אים דערטראָגן עפּעס א געוויין. איז ער אַרויס פונעם שטיבל און דערזען אין עטלעכע שפּאַן פון אים א פּיצל הינטעלע, ס'איז געלעגן און געצאַפּלט פון קעלט — אָט־אָט ווערט עס פאַרפרוירן. האָט ער עס גענומען אויף די הענט, געבראַכט אין שטיבל, עס דערוואַרעמט. אָנגעהאָדעוועט מיט מילך. און פּלוצעם האָט ער דערזען, אז דאָס איז ניט קיין הינטעלע, נאָר גאָר א וועלפּעלע. אָבער פאַר אים איז געווען אַלצייגנס — א הונט, א קאַץ, א וואָלף, ער האָט געוווּסט, אז ס'איז א צאַר באַלעכאַיִם, און ער האָט דאָס וועלפּעלע איבערגעלאָזט בא זיך — אויסהיילן.

דאָס וועלפּעלע האָט זיך צוגעבונדן צום באַלעבאָס, און ווען ער האָט עס אַרויסגעלאָזט א געזונטס אין וואַלד, איז עס נאָך עטלעכע טעג געקומען צוריק. די אַנדערע כײַלעך, וועלכע זײַנען געווען בא ייִסראָעלן אויף היילונג אין איין צײַט מיטן וועלפּעלע, האָבן צוערשט זיך געזײַטיקט פון דעם, נאָר ייִסראָעל האָט זיי באַפרײַנדעט און זיי האָבן שוין ניט מוירע געהאַט. פונעם וועלפּעלע איז אויסגעוואַקסן א גרויסער וואָלף, און אין די ווינטערדיקע נעכט פלעג ער וואָיען, נאָר אוועקגיין פונעם באַלעבאָס האָט ער ניט געוואָלט און פלעג אַלעמאָל קומען אַהיים, צום ערדשטיבל...

— נאָר גענוג, — האָט די מאַמע א שמייכל געטאָן, — צו רעדן וועגן כײַעס, לאָמיר בעסער דערציילן וועגן מענטשן, מיט וועלכע ס'האָט געהאַט צו טאָן ייִסראָעל באַלשעם...

— הערשעלע אָסטראָפּאָליער? — האָב איך געפּרוּווט אונטערזאָגן דער מאַמען.

— ניין, ניט הערשעלע, — האָט די מאַמע מיך א גלעט געטאָן איבערן קעפּעלע, — און צום אַלעם ערשטן וויל איך דיר דערציילן דאַפקע ניט וועגן א ייִדן, נאָר וועגן א קריסט, וועלכער איז זייער נאָענט זיך צונויפגעגאַנגען מיט ייִסראָעלן. די געשיכטע איז א גאַנץ לאַנגע, און איך בין שוין מיד, וועלן מיר עס אָפּלייגן אויף א צווייט מאָל. גוט?

וואָס האָב איך געקאָנט ענטפערן דער מאַמען. אוודאי איז מיר געווען טשיקאַווע צו הערן די געשיכטע ביזן סאָף, נאָר אויב מע דאַרף איבערײַסן, איז דאָך ניט שײַעך... און מיר האָבן עס אָפּגעלייגט אויף אן אַנדערס מאָל...

## מײַן באַגעגעניש מיט לייב קוויטקאָ

קינדער טרוימען קעסיידער צו זען א לעבעדיקן העלד אָדער א גרויסע פּערזענלעכקײַט. צום בײַשפּיל, א באַװוּסטן שרײַבער, בּיכלאַל אזא, וועד עס שרײַבט פאַר אונדז, קינדער. אונדזער באַליבטער שרײַבער איז געווען לייב קוויטקאָ.

אין שול האָב איך זיך געלערנט פונעם 1918 ביזן 1925. א סאַך קינדער האָבן דעמלט ניט געקאָנט באַזוכן די שול, בּיפּראַט אַזעלכע, וועלכע האָבן ניט געהאַט קיין עלטערן און געמוזט אַרבעטן, קעדיי זיך צו שפּײַזן. מע האָט זיך געלערנט בא באַלמעלאָכעס — ווער בא א שוסטער, ווער בא א קאָוואַל, ווער בא א בלעכער, בא א שנײַדער אאַז. אָבער ווען קיין מעדושיבאָזש פלעג קומען א באַוווּסטע פּערזענלעכקײַט, איז די באַגעגעניש קוידעמקאָל פאָרגעקומען אין שול, און דעמלט פלעגן אַהין קומען אויך ניט קיין שילער.

איך געדענק א זומער־טאָג בײַס די קאַניקולן. מיר, כעווירע, זײַנען געווען באַם טײַך, זיך געבאָדן, זיך געשפּילט. מיר האָבן צעטיילט א שטיק פעלד און דורכגעפירט א גרענעץ. פון איין זײַט זײַנען געשטאַנען די „רויטע" — מיט א רויטער פאָן, פון דער צווייטער — די „ווײַסע" — מיט א

שוואַרצער פּאַן. די אויפגאַבע איז געווען: פאַרכאַפּן איינע באַ די אַנדערע די פאָן. באַ יענער פּאַן זײַנען געשטאַנען היטערס מיט „ביקסן". בײַם דער „אַטאַקע" האָט מען געדאַרפט זיך סטאַרען ניט צו באַקומען קיין קלאַפּ, ווײַל אַ קלאַפּ האָט באַטײַט, אַז דו ביסט „דערהאַרגעט". ער האָט געמוזט שטיין אָדער ליגן, ביז עמעצער פון זײַן אָטריאַד זאָל אים ניט אַ ריר טאָן מיט דער האַנט, און ווען ער האָט זיך דערוואַרט, איז ער שוין געוואָרן צוריק „לעבעדיק" און געמעגט ווידער כאַפּן די פאָן. אין אַזעלכע שפּילן האָבן מיר געשפּילט אין לעוואָנע־נעכט אויפן ברעג פונעם בוג.

די שפּיל האָט זיך געצויגן עטלעכע שאָ, און מיר פלעגן זיך ניט צעגיין, ביז עס האָט ניט גענומען קלעמען דאָס האַרץ — דאַן פלעג מען זיך אַרײַנכאַפּן אַהיים, קעדיי עפּעס נעמען אין מויל אַרײַן.

איז אַט, וועגן יענעם זומער־טאָג. געווען איז עס אויגער זעקס אין אָוונט, ווען ס'האָט זיך צעטראָגן אַ קלאַנג, אַז יאַבלאָטשניק, אונדזער לערער, האָט געהייסן קומען אין שול אַרײַן. ס'הייסט, קומען זאָלן יענע, וואָס עס שפּילט אין אָרקעסטער, זינגען אין כאָר, נעמען אָנטייל אין ספּעקטאַקלען. איך האָב זיך באַטייליקט אין די אַלע זאַכן — געשפּילט אויף אַ פידל, דעקלאַמירט, אַרויסגעטראָטן אויף דער בינע, אָנטיילגענומען אין אַלע ספּעקטאַקלען, וועלכע מיר פלעגן שטעלן ניט בלויז אין שול צי אין אונדזער שטעטלדיקן קלוב, נאָר אויך אין די דערפער און אין די אַרומיקע שטעט — אין וויניצע, פּראָסקוראָוו (איצט — כמעלניצקי), אין דעפּאָ גרעטשאַני. האָב איך זיך, פאַרשטייט זיך, אויך געלאָזט צו דער שול.

דאָרט האָבן מיר געטראָפן צוויי מאַנצבלען: איינער — אַ מיטלוואוקסיקער, מיט קלוגע אויגן, וועלכע האָבן מאַמעש געלויכטן, אַ ברייטפּלייציקער, און ער האָט די גאַנצע צײַט געשמייכלט. דער צווייטער — אַ דאַרינקער, מיט פּענסנע, און מיר האָבן גלײַך באַשטימט, אַז דאָס איז עמעצער פון דער מאַכט. פּאָזנאַנסקי האָט ער געהייסן, אַ יעוסעק פון קיִעוו, אַ באַפולמעכטיקטער פון דער אוקראַיִנישער רעגירונג. דער ערשטער איז געווען דער שרײַבער לייב קוויטקאָ.

מיר האָבן זיך געטוליעט באַ די ווענט, געגלאָצט די אויגן אויף די צוויי הויכע געסט.

— צו אונדז זײַנען געקומען דער מיטגליד פון דער אוקראַיִנישער רעגירונג כאַווער פּאָזנאַנסקי און דער באַוווּסטער דיכטער לייב קוויטקאָ! — האָט געמאָלדן דער לערער יאַבלאָטשניק.

ס'האָט זיך אָנגעהויבן גלײַך אַ טומל, מיר האָבן געשריִען „הוראַ!", „זאָל לעבן אונדזער באַליבטער קינדער־שרײַבער לייב קוויטקאָ!". און ווײַל איך בין געשטאַנען נעענטער צו אים, האָט ער מיך אַ רוף געטאָן מיטן פינגער. איך בין באַלד צוגעלאָפן. ער האָט אַ קוק געטאָן אויף מײַן שײַנענדיק פּנים און געפרעגט:

— אין וואָס פאַר אַ קלאַס לערנסטו זיך? און וויאַזוי לערנסטו זיך?

— אויף דווקא דאַברע! אויף זייער גוט! — האָב איך אויסגעשאָסן.

— אויף וועלכע לימודים?

— אויף אַלע לימודים, אַכוץ מאַלעריי, קיין קינסטלער וועט פון מיר ניט זײַן!

— און וועלכע לימודים האָסטו בעסער פון אַלע ליב?

— אַלע לימודים האָב איך ליב. מיר איז אַלציינס, נאָר מער פון אַלעמען האָב איך ליב דעם לערער יאַבלאָטשניקס לימודים, ער לערנט אונדז



דאָס קרײַזל „יונגער נאַטוראַליסט" פון דער מעדזשיבאָזשער שול. פּרילינג, 1927

לידער און פירט אָן מיט אונדזערע ספּעקטאַקלען.
און נאָך האָב איך ליב אײַערע געדיכטן!

— נו, און וועלכע מײַנע געדיכטן געדענקסטו?

— א סאך געדענק איך, כאַווער קוויטקאָ. — און איך הייב אָן דעקלאַמירן:

געוואַקסן האָט דאָס קאַוונדל,
געוואַקסן האָט מײַן גליק,
אַרומגעצוימט מיט בודיקעס
פון ייִנגלס־צינגלס בליק.
נאָר איינמאָל צו דעם קאַוונדל
איך טו א שפּרונג צום אָרט —
טרעף איך שוין קיין קאַוונדל.
נאָר א קאַוון דאָרט...

דערנאָך גיי איך איבער צום „קעצעלע", נאָר קוויטקאָ שלאָגט מיך איבער:

— פאַראַן בא מיר צוויי „קעצעלעך", איז וואָס פאַר א „קעצעלע" קענסטו?

זאָג איך אים:

— איך קען ביידע, נאָר מער האָב איך ליב יענע ליד, אין וועלכער דאָס קעצעלע אין אַוועק אין פעלד, און ס'האָבן עס באַמערקט צוויי אָדלערס. אומזיסט האָט עס זיך געבעטן, מיאַוקעט און געוויינט. די בייזע אָדלערס האָבן דאָס קעצעלע ניט געשוינט, צעריסן דאָס אָפּ שטיקלעך, געלאָזן נאָר דעם עק, איך האָב אים נאָכדעם ליגנדיק געפונען אָפּן וועג...

האקלאל, כ'האָב אויך דאָס צווייטע „קעצעלע" דורכדעקלאַמירט, און דערנאָך נאָך עטלעכע לידער. זאָגט ער:

— מאַלאַדיעץ! מיר איז אָנגענעם, וואָס איר האָט ליב מײַנע געדיכטן...

ס'האָט זיך אָנגעהויבן דער אָוונט. געדויערט האָט ער קימאַט א גאַנצע נאַכט. געעפנט האָט אים דער דירעקטאָר פון אונדזער שול מייער גערוויק. ער האָט באַדאַנקט די געסט. דער ערשטער איז אַרויסגעטראָטן פּאָזנאַנסקי. ער האָט געזאָגט, אַז אין קיִעוו גייט א גוטער שעם וועגן מעדזשיבאָזש, וועגן יאַבלאָטשניקן, מע דערציילט דאָרט, אַז יאַבלאָטשניק איז פּאַשעט א קישעפמאַכער — אַזויפיל קולטור טראָגט ער אַרײַן אין לעבן פונעם שטעטל...

אונדז איז געווען זייער אָנגענעם, וואָס מע לויבט אַזוי אונדזער לערער. און מיר האָבן טאַקע אין יענער נאַכט באַוויזן אַלץ, וואָס ער האָט מיט אונדז צוגעגרייט: דעקלאַמירט, געזונגען לידער, אויסצוגן פון ספּעקטאַקלען. ס'איז פאַר אונדז ניט געווען קיין נאָווינע — מיר פלעגן דאָך זייער אָפט אַרויסטרעטן פאַר א מאַסע צושויער, און אַלעמאָל פלעגט מען אונדז אויפנעמען מיט רוישיקע אַפּלאָדיסמענטן.

א וואָרט האָט גענומען לייב קוויטקאָ. ער האָט גענומען לייענען זײַנע לידער. צוויי פון זיי האָבן זיך מיר פאַרגעדענקט ביז הײַנטיקן טאָג. איך וויל נאָכאַמאָל דערמאָנען, אַז פאַרגעקומען איז עס זומער 1924 — מיט פינף און זעכציק יאָר צוריק, נאָר דער דיכטער שטייט מיר ביז איצט פאַר די אויגן, ווי ער לייענט און שמייכלט צו. און געלייענט האָט ער וועגן... אָן אומריינעם באַכער. און דאָ דאַרף מען מאַכן א קליינע אָפּווײַכונג. אין יענע יאָרן איז אין שטעטל קיין זייף ניט געווען, מע האָט געלעבט אָרעם, און אין די הײַזער איז אויך ניט געווען זייער ריין. די רעגירונג האָט דערקלערט א מאַרש קעגן קויט. דערמיט טאַקע האָט זיך דערקלערט אויך ל. קוויטקאָס ליד „בוף דער קוויטיקער":

עפּנט אויף די קראַנען,
לייגט אים אין די וואַנען —
בוף דעם קוויטיקן!..
מע האָט אים אַרײַנגעוואָרפן אין דער וואַנע —
האָט ער זיך זייער דערשראָקן.
ער טוט א קוק:
עס שווימען אַרום
א פּאָר פאַרדאַרטע זאָקן...

כ'בין ניט אינגאַנצן איבערצײַגט, אַז כ'האָב פּינקטלעך איבערגעגעבן דעם טעקסט, נאָר דעם אינהאַלט האָב איך ניט פאַרקריפּלט. מיר האָבן אַפּלאָדירט דעם דיכטער נאָך אָט דער ערשטער ליד עפּשער א האַלבע שאָ — אַזוי האָט זי אויסגענומען בא אַלעמען. און נאָך דעם, ווי ס'איז ענדלעך אײַנגעשטעלט געוואָרן א שטילקײַט, האָט דער שרײַבער געזאָגט:

— און איצטער וועל איך אײַך איבערלייענען א דערציילונג.

געווײנלעך, די דערציילונג האָב איך ניט פאַרגעדענקט אַזוי פּינקטלעך, ווי די ליד, נאָר דעם אינהאַלט אירן קאָן איך איבערגעבן מיט אַלע פּראַטים.

געווען איז עס בײַסן בירגערקריג. אין איינעם פון די בריאַנסקער וועלדער האָט געלעבט אָן אַלטער סמאָליער. אין וואַלד האָט ער געהאַט א שטיבעלע, א קורעז, און ער האָט דאָ געלעבט שוין א סאַך יאָרן, געוווּסט דעם וואַלד, ווי די אייגענע שטוב. אין איינער א נאַכט האָט זיך אינעם וואַלד באַוויזן אָן אָטריאַד פּאַרטיזאַנישע אויסשפּירער און מע האָט געבעטן דעם אַלטן ייִדן, ער זאָל זיי באַווײַזן דעם וועג. האָט ער זיי געוויזן, וויאַזוי מע קאָן גיין ווײַטער, אויסמײַדנדיק די ווײַסע. זיי האָבן אים באַדאַנקט און זײַנען אַוועק. אײַנגיכן אָבער זײַנען צו אים געקומען די ווײַסגוואַרדייער, און זיי האָבן אויך אים געבעטן באַווײַזן דעם ריכטיקן וועג. אָבער ער האָט זיי פאַרפירט אין א בלאָטע. זיי האָבן אָנגעהויבן צו זינקען און קוים זיך געראַטעוועט. אומקערנדיק זיך פון דער בלאָטע, זײַנען זיי ווידער געקומען צום אַלטן סמאָליער און אים צעשאָסן.

בײַס קוויטקאָ האָט געלייענט די דערציילונג זײַנען מיר געזעסן ווי פאַרקישעפטע. יעדער פון אונדז האָט זיך געשטעלט אָפּן אָרט פונעם אַלטן סמאָליער, און מיר זײַנען געווען פול מיט סינע צו די ווײַסגוואַרדייער.

דער שרײַבער און פּאָזנאַנסקי האָבן אונדז נאָכאַמאָל באַדאַנקט פאַרן וואַרעמען אויפנאַם, זיך צעקושט מיט אונדזער אָנפירער, דעם לערער יאַבלאָטשניקן.

און נאָך האָט זיך פֿאַרגעדענקט, וויאַזוי ליבּ קוויטקאָ האָט געקוקט אונדזער ספּעקטאַקל וועגן פּאַרוואַרלאָזטע קינדער. מיר האָבן אַליין אונטער דער אָנפֿירונג פֿון יאַבלאָטשניקן פֿאַרפֿאַסט דעם טעקסט פֿון דער פּיעסע. אין צענטער פֿונעם ספּעקטאַקל איז געווען אונדזער קרײַזל פֿון נאַטור־וויסנשאַפֿט, וואָס פֿירט דורך אַ גרויסע אַרבעט, עקספּערימענטן. די פּיאָנערן פֿונעם קרײַזל ווילן צוציִען צו אָט דער אַרבעט אויך די פּאַרוואַרלאָזטע. און אָט וויאַזוי דאָס איז פֿאָרגעקומען.

די ערשטע סצענע האָט פֿאָרגעשטעלט מיט זיך אַ מאַרק, וווּ עס האַנדלען אַלטע ייִדענעס, און אויך יונגע מיידלעך און ייִנגלעך ברענגען אַהער צו פֿאַרקויפֿן קאָלערליי סכוירעס. אָט קומט צו לויפֿן אַ מיידל, זי האַנדלט מיט פּאַפּיראָסן און זינגט:

וואָס איר דאַרפֿט נאָר האָבן —
מאַכאָרקע פֿון סטאַמבול,
איר קאָנט בײַ מיר דאָס קריגן,
אָט קוקט, אָט קוקט זיך צו...

נאָך איר קומט צו גיין אַן אַנדער מיידל און לייגט פֿאָר איר סכוירע:

לעבעדיקע, פֿרישינקע, פֿרישינקע איריסעלעך —
אַ מעכײַע זיס!
ווען מען ביטער איז אין די פּיסקעלעך,
קויפֿן זאָל אַן איריס!
טײַערינקע, טײַערינקע, טײַערינקע צוקערקעלעך
איז די בעסטע זאַך,
פֿרישינקע, זיסינקע איריסעלעך
און קאָסטן ניט קיין סאַך...

אָפּן מאַרק באַווײַזט זיך אַ כאַפּטע פּאַרוואַרלאָזטע כעווריע, און איך בין דער עלטסטער. איך ווײַז די כעווריע, זיי זאָלן שטיין הינטער מיר, און אַליין גיי איך צו אַ פֿרוי, וועלכע פֿאַרקויפֿט בייגל. איך נעם אין דער האַנט אַ בייגל און פֿרעג:

— מאָמעניו, וויפֿל קאָסט אַ בייגל?

— אַ קאָפּיקע, — ענטפֿערט זי.

— און פֿאַר דרײַ בייגל וויפֿל דאַרף מען באַצאָלן?

דערווײַל גיב איך איבער איין בייגל אַ כעווריע־מאַן, וועלכער שטייט הינטער מיר, און אין דער צווייטער האַנט האַלט איך שוין אַ צווייטן בייגל. די פֿאַרקויפֿערן באַמערקט ניט, אַז אין איר קוישל זײַנען שוין ניטאָ קיין בייגל, און בײַ מיר אין דער האַנט איז פֿאַראַן בלויז איין בייגל — די איבעריקע זײַנען שוין בײַ דער כעווריע. פּלוצעם כאַפּט זיך די פֿאַרקויפֿערן, אַז איר קוישל איז פּוסט, און מאַכט אַ גוואַלד. עס יאָוועט זיך אַ גרופּע פּיאָנערן, זיי דערוויסן זיך, וואָס עס קומט פֿאָר, און זאָגן צו די פּאַרוואַרלאָזטע:

— פֿע, ניט שיין! גאַנווענען בײַ אַלטינקע באָבעס איז אַן אַוועירע, זי וועט דאָך ניט האָבן פֿאַר וואָס צו קויפֿן אַ שטיקל ברויט.

דער עלטסטער, דאָס הייסט איך, זאָגט:

— אָבער וואָס זשע טוט מען, די כעווריע זײַנען הונגעריק... כעווריע, קערט אום די בייגל!

נאָר וואָס, ווען — די יאַטן האָבן שוין אויפֿגעגעסן די בייגל. די פֿאַרקויפֿערן שרײַט און וויינט, די פּיאָנערן זאַמלען צונויף עטלעכע קאָפּיקעס און באַצאָלן דער פֿאַרקויפֿערן. די פּאַרוואַרלאָזטע ווערן פֿאַרשעמט און גייען אַוועק פֿונעם מאַרק מיט אַראָפּגעלאָזטע קעפּ...

ווײַטער קומט פֿאָר אַ שמועס מיט די פּאַרוואַרלאָזטע, מע באַשליסט גיין אַרבעטן: מיט דער הילף פֿון די פּיאָנערן און פֿונעם קאָמיוג וועלן זיי ווערן נוצלעכע פֿאַר דער געזעלשאַפֿט מענטשן.

יאַבלאָטשניק פֿלעג שטעלן מיט אונדז קאָלערליי ספּעקטאַקלען לויט אַלע טעאַטראַלע קלאַלים. אויב די בינע האָט געדאַרפֿט ווײַזן אַ וואַלד, האָט זיך באַוויזן אַ נאַטורעלער וואַלד. און אַ לעוואָנע האָט אַרײַנגעקוקט צווישן די ביימער, און עס האָבן זיך איבערגערעדט פֿייגל (די צוויטשערײַ האָב איך אימיטירט). ווען איך בין געקומען קיין מאָסקווע, ווי כ'האָב אָנגעהויבן אַרבעטן אויף דער בויונג פֿון אַ זאַוואָד פֿון מעטאַל־גיסערײַ, האָב איך, ניט געקוקט, וואָס איך בין געווען פֿאַרנומען טאָג און נאַכט (כ'האָב געדאַרפֿט העלפֿן מײַנע עלטערן און דער מישפּאָכע), פֿלעג איך באַזוכן קאָלערליי טעאַטערס, פּרוּוונדיק פֿאַרגלײַכן, וועלכער פֿון די אַרטיסטן איז אַזוי באַגאַבט, ווי מײַן יאַבלאָטשניק. און שטעלט זיך פֿאָר, אַז כ'האָב מיט קיינעם אים ניט געקאָנט פֿאַרגלײַכן — אַזאַ שפּיל האָב איך בײַ קיינעם ניט געזען...

יאַבלאָטשניקס אויטאָריטעט איז אין אונדזער שטעטל געווען זייער גרויס, זײַן וואָרט איז פֿאַר יעדערן געווען אַ געזעץ. איך געדענק אַזאַ עפּיזאָד. מײַן עלטערער ברודער איז געווען אַ באַלעטמײַסטער, ער האָט געלערנט רײַכע קינדער טאַנצן. איך פֿלעג קומען צו אים אין קלאַס און זיך אויך געלערנט טאַנצן — אַ וואַלס, אַ פּאָלקע, אַ מאַזורקע. ס'איז דערגאַנגען אַזוי ווײַט, אַז מײַן ברודער האָט מיר פֿאָרגעלייגט צו זײַן בײַ אים אַ געהילף, און איך האָב אויף זיך גענומען די ייִנגערע מיידעלעך. איינמאָל איז געקומען אין טאַנץ־קלאַס יאַבלאָטשניק. האָב איך זיך דערשראָקן, ווײַל שילער האָבן ניט געטאָרט אַרומגיין שפּעט אָפּדערנאַכט.

— וואָס טוט מען? — האָב איך געזאָגט דעם ברודער. — וויאַזוי זאָל איך זיך פֿאַרענטפֿערן פֿאַרן לערער?

דער ברודער איז צוגעגאַנגען צו יאַבלאָטשניקן, וועגן עפּעס געשמועסט. נאָכן געשפּרעך האָט יאַבלאָטשניק מיך צוגערופֿן און געזאָגט:

— ס'איז, פֿאַרשטייט זיך, שפּעט, און קליינע קינדער טאָרן שוין ניט אַרומגיין. נאָר דאָ ביסטו אויף דער אַרבעט, דעריבער וועל איך ניט פֿאָדערן, דו זאָלסט גיין אַהיים.

איך בין געווען איבערגליקלעך פֿון זײַנע רייד. דעם לערער האָט מען אַרומגערינגלט און געבעטן, ער זאָל עפּעס זינגען, מע האָט אַפֿילע פֿאַרויס גענומען אַפּלאָדירן. יאַבלאָטשניק האָט לאַנג זיך געקווענקלט, נאָר דערנאָך זיך אונטערגעגעבן. ער האָט געבעטן דעם פֿידלער שפּילן, און ס'איז אַוועק אַ גאַנג. דער פֿידלער האָט געשפּילט, און יאַב־

לאָטשניק האָט געזונגען. איין ליד האָט ער בלויז אויסגעפֿילט, נאָר וואָס פֿאַר אַ פּרעכטיק געזאַנג איז עס געווען!

אין שול האָב איך זיך געלערנט ביזן יאָר 1927, און די גאַנצע צײַט בין איך געווען באַגאַנד מיט מײַן לערער, זיך געסטאַרעט מיט עפּעס העלפֿן, ווען ער האָט געגרייט ספּעקטאַקלען — מיט די עלטערע זעלבסטעטיקע אַרטיסטן, מיטן קינדערשן טעאַטער, מיטן כאָר אין שול. נאָר מער האָב איך אים ניט געהערט זינגען, און בלויז צוויי מאָל האָב איך אים געזען אַלס אַרטיסט אויף דער בינע. זײַן באַרוף איז געווען רעזשיסור, און דאָס האָבן אַלע אָנערקענט. איך געדענק זײַנע צוויי ספּעקטאַקלען — פּערעץ הירשביינס „די נעווײלע" און יאַקאָוו גאָרדינס „מירעלע עפֿראָס". מירעלען האָט געשפּילט יאַבלאָטשקינס פֿרוי אַניוטע שיכעט, און ער האָט אויסגעפֿילט די ראָל פֿון מירעלעס עלטערן זון. און אַלע זײַנען געווען פֿאַרגאַפֿט פֿון זײַן שפּיל. איך כאָזער נאָכאַמאָל איבער: אַזאַ זעלטענעם אַרטיסט, אַזאַ קינסטלער, אַזאַ גלענצנדיקן רעזשיסער האָב איך שוין מער אין מײַן לעבן ניט געזען.

אין דער צווייטער העלפֿט פֿון די דרײַסיקער יאָרן איז יאַבלאָטשניק מיט זײַן פֿרוי אַריבערגעפֿאָרן אין שכײנעסדיקן שטעטל לעטיטשעוו. אַריבערגעפֿאָרן זײַנען זיי ניט לויט זייער ווילן. עפּעס אַ מעסירע איז אויף אים אָנגעגעבן געוואָרן, און ער האָט זיך געדאַרפֿט ראַטעווען מיטן לעבן, ווײַל אומברענגען אַזאַ אויטאָריטעטן מענטשן האָט מען אין יענע צײַטן געקאָנט איינס און צוויי. געשטאָרבן איז ער נאָך פֿאַר דער מילכאָמע. זײַן פֿרוי אַניוטע שויכעט האָט זיך אין אָנהייב פֿון דער מילכאָמע עוואַקויִרט און שפּעטער זיך אומגעקערט קיין לעטיטשעוו.

נאָך דעם, ווי אין מעדזשיבאָזש איז אויפֿגעשטעלט געוואָרן אַ דענקמאָל די אומגעקומענע, האָבן מיר, די לעבנגעבליבענע, אָפּגערעדט אַלע יאָר דעם 22 סענטיאַבער קומען אַהין אויף קיווער־אָוועס. און אַלעמאָל פֿלעגן מיר, די געוועזענע שילער פֿון די יאַבלאָטשניקס, דערמאָנען זיך אין אונדזער אַלטער לערערן. מיר פֿלעגן דערמאָנען אונדזער שול, יאַבלאָטשניקס ספּעקטאַקלען. אויף איינער אַזאַ באַגעגעניש האָבן מיר דערמאָנט, וויאַזוי יאַבלאָטשניק האָט געשטעלט דעם ספּעקטאַקל „כינעזישע ראַקעטעס". דאָס איז געווען אַ מערקווירדיקע פֿאָרשטעלונג. בינע האָט דעמלט געקעמפֿט פֿאַר איר אומאָפּהענגיקײַט, און אויף דער בינע זײַנען באַוויזן געוואָרן סצענעס פֿון אַט דעם קאַמף מיט די ענגלישע קאָלאָניזאַטאָרן, מיט טשאַן קײַשי, מיט די כינעזישע פֿעאָדאַלן. דער ספּעקטאַקל האָט אַזוי אויסגענומען בײַ די צושויער, אַז מע האָט מאַמעש געבראַכן די טירן פֿונעם קלוב. מיר האָבן געשפּילט ניט בלויז אין מעדזשיבאָזש, נאָר אויך אין פּראָסקוראָוו און אין ווינניצע, אין דעפּאָ פֿון דער סטאַנציע גרעטשאַני, אין דעם געגנטלעכן צענטער קאַמענעץ־פּאָדאָלסק.

ביז הײַנט געדענק איך די גאַנצע פֿאָרשטעלונג, די לידער, וועלכע מיר האָבן געזונגען. יאַבלאָטשניק האָט באַוויזן רעאַלע פּערסאָנאַזשן פֿון יענער צײַט — דעם ענגלישן פּרעמיער טשעמבערלענען, דעם דײַטשישן פּרעזידענט הינדענבורגן, די אָנפֿירער פֿון די רעגירונגען פֿון בעלגיזקס.

פֿון זינט יענער צײַט זײַנען אַוועק שוין אַ היפּש ביסל יאָרן, אַוועק זײַנען אין דער אייביקײַט סײַ די געשעענישן, סײַ די פֿאַרשוינען, וועלכע האָבן זיך אין זיי באַטייליקט, נאָר דער זיכּאָרן שטעלט אַלץ אויף מיט די מינדסטע פּראָטים. און אָפֿט טראַכט איך, אַז יענער דאָר, צו וועלכן איך געהער, איז, ניט געקוקט אויף די גרויסע שוועריקײַטן — סײַ מאַטעריעלע, סײַ סאָציאַלע, וועלכע מיר האָבן געהאַט אויסצושטיין, — יענער דאָר איז אָן ספֿק געווען אַ גליקלעכער. מיר האָבן געלעבט מיט די פֿריידן און מיט די ליידן פֿון אונדזער לאַנד, און קיינער פֿון אונדז איז ניט געווען גלײַכגילטיק צו דעם, וואָס עס קומט פֿאָר. ווי מע זאָגט, האַלעווײַ זאָלן אונדזערע אייניקלעך זײַן אַזוי פֿאַרבונדן מיט זייער צײַט, ווי מיר זײַנען געווען אין די אומפֿאַרגעסלעכע צוואַנציקער יאָרן...



## אווראָם ראַכמאַן
(טשערקאַס)

### פּלעקן

איך בלעטער די געשיכטע אונדזערע —
איך ראַיִע זיך אין איר און זוך:
חיַסע פּלעקן
כ׳פּרוּוו אין איר אַנטפּלעקן.
נאָר אינעם דיקן
און צומאָל אַפילע מאַרעשכּוירעדיקן בוך
שוואַרצע זע איך פיל,
אויך רויטע דאַפקע עס געלינגט מיר צו אַנטדעקן.

א נעס, וואָס איצטער, סאַפּקאָלסאָף,
עס קלעקט אונדז מוט
דעם עמעס זאָגן —
ניט באַהאַלטן, ניט פאַרדעקן.
אין רויטע פּלעקן זע איך הײליק בלוט,
פאַראַט און אומזין — אין די שוואַרצע פּלעקן.

## איליא זלאָטניק
(מינסק)

### פאַר וועמען?

פון אַן איסיִע ביזקל א וואָרט
דער מעדאַלער איז גרויס
צו באַנעמען,
און עס טיאַכקעט אין האַרצן פאַרט:
פאַר וועמען?
פאַר וועמען?
פאַר וועמען?

ווער וועט הערן און ווער וועט פאַרשטיין
מיַין אַלט און פאַרגעסן לאָשן?
כ׳ביַיס די ליפּן,
נאָר כ׳טרייסט זיך אַליין:
נישקאָשע,
נישקאָשע,
נישקאָשע.

אויב כאָטש איין מענטש וועט דערהערן מיַין ליד
און דערמוטיקט פון איר וועט ער ווערן,
מעג איך בלאָנדזשען אַף אָט דעם יאַריד
צווישן שטערן,
אַזוי ווי א שטערן.

## לעוו היר ש
(בערדיטשעוו)

### שוין צייט

די זון אין דרעמלענדיקן וואלד,
פונקט ווי א שטיפערקע זיך שטיל באהאלט.
פארוואונדערט זוכט זי מיטן בליק מײַן אייניק,
אפשר וועט ער זיך אױף א קאָל צעװײנען.

צו מיר ער האָט געווענדט זיך אופגערעגט:
— וווהין איז אומגעריכט די זון אוועק?

— מיט איר עס האָט זיך גאָרניט ניט געטראָפן,
איך איר, ווי אונדז, שוין צײַט זיך לייגן שלאָפן.

## העניע גאָרנשטיין
(ווילנע)

### די האָפענונג

כאָטש צומאָל זי נאַרט מיך אָפּ,
דאָך לעבט זי אַלץ אין מיר —
דערשלעפּט זיך ביז מײַן גרויען צאָפּ
און טרייסט מיך אָן א שיר.

א סאך עס ווילט זיך. צוליב וואָס?
גיי ווייס. דאָס הארץ — עס גאַרט,
אָן פאַרוואָרפן אין אָן פאַרדראָס
עס טרוימט און בענקט און וואַרט.

## שמועל גערשוני
(טשעליאבינסק)

### רעכילעס

(א מאָשל)

א פיקסל קומט צום לייב
און, ציטערנדיק פאַר שרעק,
הייבט אָן צו פאָכען מיטן לאַנגן עק
און שטאַמלען:
— גרויסער האַר,
דער אייזל זאָגט גאַר, אַז דו ביסט א נאַר...

דאָ לאַכט זיך אויס דער לייב דעם פוקס אין פּאַרצעף:
— לאָשנהאָרע כ׳נעם זיך קיינמאָל ניט צום הארצן.
נאָר פאַר רעכילעס —
טכילעס...

מע האָט אין יענער געגנט
דאָס פיקסל מער שוין קיינמאָל ניט באגעגנט.

● ● ●

מוישע געגוזשינסקי
(ווילנע)

# א ביקס צווישן בעזעמער

איך שפאציר פאמעלעך איבערן ברייטן לעניִן־פראספעקט פון היינטיקן קאונאס. איך גיי געבויגן, שפאר זיך אן אין א שטעקן, וועלכער האלט מיין גלייכגעוויכט, די פיס שלעפן זיך שווער און ווייטיקדיק. פאר די אויגן לויפן פארביי, איילן זיך פוסגייער, פריילעכע פענעמער שיינען אף די פארבייגייער, מאשינען פליִען פארביי ווי א חיכער. דאס לעבן ברויזט, דאס לעבן גלייבט אין זיין צוקונפט.

איך שטעל זיך אפ בא א שטיינערנעם פלויט. אט דא בין איך מיט פיל יארן פארבייגעגאנגען מיט צונויפגעפרעסטע ליפן, מיט פארקראמפטע הענט. דאס איז געווען מיט א סאך יארן צוריק — בייס דער היטלערישער אקופאציע. קאונאס איז דאן געלעגן אונטערן פרעס פון די פאשיסטישע כאיאלעס, די גאסן זיינען געווען שטילע, זעלטן באוויזן זיך אף זיי פארבייגייער. אט דא און דארט פאטרולירן דייטשישע סאלדאטן. ניט ווייט פונדאנען טרייבט מען סאוועטישע קריגס־געפאנגענע. עס לויפט פארביי אן אוטאמאשין, אין וועלכער עס זעען זיך כוצפעדיקע פענעמער פון היטלערישע אפיצערן. איך האלט פעסט א גרויסן זאק, אין וועלכן עס ליגט א דייטשישער קאראבין. ער איז פארמאסקירט אין א בינטל בעזעמער, וועלכע שטארצן ארויס פונעם זאק. איך טראג א טייערע סכוירע, וועלכע איז אזוי שווער געווען היינט ארויסבאקומען.

אין יענע גרויליקע טעג פון דער דייטשישער אקופאציע האט זיך אין קאונאסער געטא ארגאניזירט אן אונטערערדישע קאמפס־ארגאניזאציע. איר אויפגאבע איז געווען צו שאפן פארטיזאנישע גרופעס אין די ארומיקע וועלדער, דורכפירן דיווערסיע־אקטן אין די דייטשישע געווער־סקלאדן, וואוהין די אקופאנטן האבן געטריבן אף צוואנגס־ארבעט קאלאנעס יידן פון געטא. בא דער אנפירונג פון דעם ווידערשטאנד אין געטא זיינען געשטאנען קאמוניסטן, דערפארענע אין אומלעגאלער ארבעט אין דער צייט פונעם סמעטאנא־רעזשים, דרייסטע קאמיוגיסטן און פיל אנטשלאסענע יוגנטלעכע, וועלכע זיינען געווען גרייט אפצוגעבן דאס לעבן אין קאמף קעגן דעם אקופאנט. דער באוווסטער העלד פון קאונאסער געטא־קאמפס־ארגאניזאציע כאים יעלין איז געשטאנען בעראש פון קאונאסער געטא־אונטערערד — כאים יעלין איז שפעטער געווארן באשטימט אלס מיטגליד פון קאונאסער אונטערערדישן שטאטישן פארטיי־קאמיטעט. די אנפירנדיקע כאוויירים פון קאוונער געטא־אונטערערד דימע גאלפערין, מערע לאן, פייסעך שאטער, מוישע שערמאן, שימען ראטנער, מייער גרינבערג, דאוויד מארקאווסקי און פיל אנדערע האבן מיט זייער מעסירעסנעפעשדיקער איבערגע־

געבנקייט און אנטשלאסנקייט צוגעגרייט און באוואפנט די אונטערערדלער פון געטא ארויסצוגיין אין וואלד צו די פארטיזאנער.

די מילכאמע האט מיך געטראפן, ווען איך בין ניט אלט געווען נאך קיין פולע זעכצן, נאר איך האב שוין דאן געהאט א קליינעם „סטאזש" פון אומלעגאלער קאמיוגישער ארבעט. מיר האבן געקלעפט אומלעגאלע פראקלאמאציעס אף די טויערן פון קאוונער הייזער, געטראגן קאמוניסטישע ליטעראטור אין די ארבעטער־קווארטאלן. אבער אין יאר 1943, אין דער בלוטיקער אקופאציע־צייט, איז דאס באוויזן זיך אף דער גאס פיל געפערלעכער, ווייל יעדער מינדסטער דורכפאל האט געדראט מיט געפייניקטן טויט און גלייכצייטיק געשטעלט אין געפאר די גאנצע געטא.

איך דריק צו דעם זאק נאך שטארקער צו מיין דאר קערפערל, נעם אים ארום און פיל א ווארעמקייט, א פאראנטווארטלעכקייט, איך בין שטאלץ, וואס איך קאן היינט אפנארן דעם פיינט, זיך פארשטעלן פאר אן אומשולדיק ליטוויש יינגל און טראגן דאס געווער אף צו שלאגן דעם סוינע.

דעם קאראבין האט היינט דורכגעשמוגלט דורכן פארקן די כאווערטע פון אונדזער קאמפס־ארגאניזאציע סאניע ראבינטאן, וועלכע ארבעט אלס דינסטמיידל אין דייטשישן קריגס־לאזארעט. זי האט עס איבערגעגעבן דער כאווערטע איידע פילאווניק, וועלכע באגלייט מיך איצט אין דעם געפערלעכן וועג, צו דער שטאטישער געווער־„מאלינע" אף יאנאווער גאס.

איך גיי מיט דרייסטע טריט איבער די פארדרייטע געסלעך פון קאוונע. דערנעבן שפאנט דרייסט דאס שיינע מיידל איידע פילאווניק. זי באמיט זיך אופהייבן מיר די שטימונג, רעדט הויך אף ליטוויש און שפילט די ראל אויסגעצייכנט. פונעם גרינעם בארג לאזן מיר זיך אראפ אפן קליינעם געסל. יאנאווער גאס הייסט זי, און דא ניט ווייט לעבט די שוועסטער פון אונדזער ליבן קאמפס־כאווער, דעם אלטן אונטערערדלער פיאטער טראכימאוו. דארט איז דאס באהעלטעניש זיכערער. דא האבן מיר פלינק אפגעגעבן דאס טייער געווער, דאס קלייזייען, אף וועלכן עס ווארטן אזוי לאנג דער וואלד, די דרייסטע פארטיזאנער, וועלכע זיינען גרייט צו שלאגן דעם בלוטיקן אקופאנט, נעמען נעקאמע פארן פארגאסענעם בלוט.

היינט, אין יאר 1989, זיינען שוין פיל פון אונדזערע קעמפער ניטא. ווער איז געפאלן אין העלדישן קאמף, ווער איז געשטארבן שוין נאכן ניצאכן איבערן פאשיזם. ווי טייער איז היינט דער שאלעם און דאס פרידלעכע לעבן, וואס איז אויסגעקעמפט געווארן מיט בלוט מיט 45 יאר צוריק...

## ערשטער צוזאַמענפאָר פון דער ייִדישער קולטור־געזעלשאַפט פון ליטע

פינף הונדערט דעלעגאַטן פון פאַרשיידענע שטעט און ראַיאָנען פון ליטע האָבן זיך אָנהייב מאַרט ד. י. צונויפגעקליבן אין ווילנע אפן ערשטן צוזאַמענפאָר פון דער רעפּובליקאַנישער ייִדישער קולטור־געזעלשאַפט.

וועגן דער ביז איצטיקער טעטיקייט פון דער געזעלשאַפט האָט מיטגעטיילט איר פאָרזיצער, דער ליטעראַטור־קענער ע. זינגעריס. אין ווילנע ווערט אויפגעשטעלט דער ייִדישער מוזיי, די רעגירונג האָט איבערגעגעבן פאַרן מוזיי די געבײַדע, וווּ ס'האָט פאַר דער מילכאָמע פונקציאָנירט דער ייִדישער טעאַטער. אין ווילנע און אין קאָוונע ווערן עקספּאָנירט רעטראָספּעקטיווע אויסשטעלונגען פון ייִדישער מאָלערײַ. עס פונקציאָנירן גרופּעס פאַר דערלערנען ייִדיש און איוריט. אין דער זעלבער צײַט בלײַבן ניט געלייזט נאָך א סאַך פּראָבלעמען, צווישן זיי — די פּראָבלעם פון אָפּהיטן ייִדישע קולטור־דענקמעלער אף דער טעריטאָריע פון ליטע.

אפן צוזאַמענפאָר זײַנען אַרויסגעטראָטן דער פאַרוואַלטער פונעם אידעאָלאָגישן אָפּטייל פון צק פון דער קאָמפּאַרטיי פון ליטע יו. פּאַלעצקיס, דער שרײַבער ג. קאַנאָוויטש, דער פאָרזיצער פונעם קאָמיטעט פון געוועזענע געטאָ־אסירים ד. געלפּערנאַס, דער פאָרזיצער פונעם ליטווישן קולטור־פאָנד טש. קודאַבאַ, ווי אויך געסט פון אויסלאַנד.

עס איז אָנגענומען געוואָרן א פּראָגראַם און א סטאַטוט פון דער געזעלשאַפט.

## א געזעלשאַפט פון ייִדישער קולטור אין דאַוגאַווּפּילס

דאַוגאַווּפּילס (ביזן 1920 — דווינסק) איז אַן אַלטע שטאָט. זיבן הונדערט יאָר, ווי זי עקזיסטירט, און מיט יאָרהונדערטער צוריק האָט זיך שוין דאָרט געפונען א באַדײַטנדיקער ייִדישער ישוב. בײַם דער פאָלקסציילונג פון 1784 זײַנען אין דאַוגאַווּפּילס געווען 3573 אײַנוווינער, צווישן זיי 43 פּראָצענט ייִדן. ערעוו דער גרויסער פאַטערלענדישער מילכאָמע זײַנען אין דער שטאָט געווען מער פון פופציק טויזנט אײַנוווינער און 25 פּראָצענט ייִדן. קימאַט אַלע זײַנען זיי אַכזאָריעסדיק פאַרניכטעט געוואָרן. הײַנטצוטאָג איז דאַוגאַווּפּילס די צווייטע לויט דער גרייס שטאָט אין סאָוועטן־לעטלאַנד. דאָרט לעבן אַן ערך צוויי טויזנט ייִדן.

בא פינף הונדערט מענטשן האָבן זיך פאַרזאַמלט אינעם זאַל פון דעם דראַמאַטישן טעאַטער אף דער אָרגאַניזאַציאָנעלער פאַרזאַמלונג פון דער דאַוגאַווּפּילסער אָפּטיילונג פון דער לעטלענדישער ייִדישער קולטור־געזעלשאַפט.

די פאַרזאַמלונג האָט געעפנט דער מיטגליד פון דער פאַרוואַלטונג פון דער רעפּובליקאַנישער געזעלשאַפט פון ייִדישער קולטור, דירעקטאָר פון דער היגער קאָנצערט־פאַרייניקונג סאַמועל כאַגים. פאַרטרעגער זײַנען געווען די געסט פון ריגע — דער שטעלפאַרטרעטער פונעם פאָרזיצער פון דער רעפּובליקאַנישער געזעלשאַפט פון ייִדישער קולטור, רעדאַקטאָר פונעם זשורנאַל „נאַוקאַ אי טעכניקאַ" וויטאַלי קריטשעווסקי און דער אָנפירער פונעם בילדונגס־סעקטאָר כאַנע ברעגמאַן. זיי האָבן באַקאַנט דעם אוילעם מיט דער פּראָגראַם און מיטן סטאַטוט פון דער פרײַוויליקער געזעלשאַפט.

מיט באַגריסונגס־ווערטער זײַנען אַרויסגעטראָטן דער סעקרעטאַר פונעם שטאָטישן קאָמיטעט פון דער קאָמוניסטישער פּאַרטיי ע. אַבאַלעוויטש און דער דומע־מיטגליד פונעם לעטלענדישן פאָלקס־פראָנט, דירעקטאָר פון דעם מוזיקאַליש־דראַמאַטישן טעאַטער יאַ. זשוגאַוס.

אין דער פאַרוואַלטונג פון דער דאַוגאַווּפּילסער געזעלשאַפט זײַנען אַרײַן דער דאָקטאָר פון פילאָלאָגישע וויסנשאַפטן, פּראָפעסאָר לעאָניד צילעוויטש, פּעדאַגאָג פון דער מוזיקאַלישער מיטלשול איליא פאָדלעס, דער אינזשעניער יאַקאָוו ראָזענקאָ, די פּעדאַגאָגן כײַע לעבעדיאָווא און מינע בלײַער, דער בוכהאַלטער טעוויע קאָזבאַ. אַלס פאָרזיצער פון דער פאַרוואַלטונג איז אויסגעוויילט דער אינזשעניער־עקאָנאָמיסט אַנאַטאָלי פּישעל. ער דערציילט:

— שוין בײַם דעם גרינדונגס־פאַרזאַמלונג האָבן זיך צענדליקער מענטשן פאַרשריבן אין קרײַזלעך פאַר דערלערנען ייִדיש און ייִדישע געשיכטע. עס שטייט אָבער א האַרבע פראַגע: ווו נעמט מען קוואַליפיצירטע פּעדאַגאָגן? די פּראָבלעם פון א לאָקאַל פאַר אונדזער טעטיקייט האָבן מיר, קאָן מען זאָגן, פאַרלויפיק געלייזט — דער היגער פּעדאַגאָגישער אינסטיטוט טיילט אונדז אויס דרײַ אַודיטאָריעס און פאַר עפנטלעכע לעקציעס — דעם אַקטן־זאַל. אויך דער דירעקטאָר פונעם דראַמאַטישן טעאַטער האָט אויסגעדריקט זײַן גרייטקייט צו געבן אונדז דעם טעאַטער־זאַל. אין די יאָרן 1946—1967 זײַנען בא אונדזער צענטראַלן קולטור־הויז טעטיק געווען א ייִדישער דראַמאַטישער קאָלעקטיוו און א געוויסע צײַט אויך א ייִדישער יוגנטלעכער דראַמאַטיש־מוזיקאַלישער קאָלעקטיוו. דאַרפן מיר די דאָזיקע טראַדיציע פאַרזעצן.

ז. יאַקאָוו



## שאָלעם-אַליינעם

# דער בלוטיקער שפּאַס

### אַן אויסטערגעוויינלעכער ראָמאַן

צווייטער טייל

דאָס איינאונזיבעציקסטע קאַפּיטל

### „פּאַסטרעסטאַנטאַ"

דער לעצטער געדענקט מינאַסטאַם, וויאַזוי אונדזערע קונדייסים, דער קריסט גרישאַ פּאָפּאָוו און דער ייִד הערשל ראַבינאָוויטש, האָבן אין אָנהייב פון זייער שפּאַס, באַלד ווי זיי האָבן זיך געביטן מיט די יאַצרעס, זיך אופגעזעצט ביידע אויף איין דראָזשקע און זייַנען גלייַך פונעם פרייַלעכן קערמעשל אוועק אַהיים איבערצושמועסן וועגן פאַרשיידענע זאַכן, אויסאַרבעטן אַ פּלאַן און איבערגעבן זיך איינס דאָס אַנדערע סימאָנים, ביכדיי יעדער פון זיי זאָל וויסן אַקוראַט זייַן ראָל, וואָס עס שטייט אים פאָר צו שפּילן אין פאַרלויף פונעם יאָר.

אין איין האַלבן טאָג איז אויסגעאַרבעט געוואָרן בא זיי דער גאַנצער פּלאַן, די דאָקומענטן זייערע זייַנען געבראַכט געוואָרן אין דער בעסטער אָרדענונג, — אַלצדינג איז דורכגעפירט געוואָרן גאַנץ גענוי און פּינקטלעך, ווי אויף נאָטן. עס איז געבליבן, אַז דער קריסט פּאָפּאָוו, וואָס הייסט שוין הייַנט ראַבינאָוויטש, זאָל פאָרן אין דער גרויסער אוניווערסיטעט־שטאָט, וואָס געפינט זיך סאַמע

פאַרזעצונג. אָנהייב זע „סאָוועטיש היימלאַנד" נומ. 7—12, 1988 און 1—4, 1989.

אין דער מיט פֿון דער ייִדישער „טשערטאַ“, און אַלס מעדאַליסט וועט ער דאָרט געוויס אַרײַן, אָן אַ שום ספֿק, אין אוניווערסיטעט, און דאָרט וועט ער האָבן אַ געלעגנהײַט צו באַקענען זיך און שטודירן ייִדישקײַט פֿון דער נאָענט. און דער ייִד ראַבינאָוויטש, וועלכער הייסט שוין איצט פּאַפּאָו, וועט זיך אויפֿקלאָזן אין דער גרויסער רוסישער שטאָט, וואָס געפֿינט זיך אינעם סאַמע צענטער פֿונעם לאַנד, און אַלס קריסט וועט ער דאָרט אַוודאי און אַוודאי גרינג אַרײַן אין אוניווערסיטעט, ווי עס פּאַסט פֿאַר פּאַפּאָווס זונדל, און עס וועט זײַן, ווי עס רעדט זיך, אַ קאָשערער טאָפּ מיט אַ קאָשערן לעפֿל. נאָר אַזויווי סײַ דער קריסט פּאַפּאָו, סײַ דער ייִד ראַבינאָוויטש האָבן דאָך יעדער זײַן היים מיט זײַנע אייגענע, מיט וועלכע זיי שטייען אין שטענדיקער פֿאַרבינדונג דורך בריוו, לעכיין דאַרף מען האַלטן די היימישע אַ גאַנץ קײַלעכדיק יאָר אין שטענדיקער פֿאַרבלענדע־ניש. דאָס הייסט, די פּאַפּאָווס באַדאַרפֿן זײַן זיכער, אַז זייער גרישאַ לערנט זיך אין דער רוסישער צענטראַל־שטאָט, און די ראַבינאָוויטשעס באַדאַרפֿן מיינען, אַז זייער הערשל לערנט זיך אין דער גרויסער שטאָט פֿון דער „טשערטאַ“. איז די קשיא — ווי־אַזוי איז דאָס מעגלעך, אַז בעעמעס וועט זיך אין דער רוסישער שטאָט געפֿינען ניט גרישאַ פּאַפּאָו, נאָר הערש ראַבינאָוויטש, און אין דער שטאָט פֿון דער „טשערטאַ“ וועט דאָך פֿאַקטיש זײַן ניט דער ייִד ראַבינאָוויטש, נאָר דער קריסט פּאַפּאָו? איז דער טערוץ: אַ ייִד אַ לאַמדן גיט זיך אַן אייצה — און דאָס איז טאַקע געווען דעם ייִדן ראַבינאָוויטשעס אופֿטו: אַז די בריוו, וואָס ראַבינאָוויטש (דער פֿאַלשער, ניט דער עמעסער) וועט שרײַבן אַהיים, זאָל ער איבערשיקן צו זײַן כאַווער, דעם עמעסן ראַבינאָוויטש, אין דער רו־סישער שטאָט, און פֿון דאָרט וועט זיי יענער איבערפּעקלען צו די פּאַפּאָווס. און די בריוו, וואָס דער עמעסער ראַבינאָוויטש וועט שרײַבן צו זײַניקע, זאָלן איבערגעשיקט ווערן צו דעם געמאַכטן ראַבינאָוויטשן אין דער „טשערטאַ, און פֿון דאָרטן וועט זיי יענער איבערפּעקלען צו די ראַבינאָ־וויטשעס. און צוריק איך די אייגענע קונץ: די פּאַפּאָווס, וואָס וועלן מיינען, אַז זייער גרישאַ געפֿינט זיך אין דער רוסישער שטאָט, וועלן זיי אים שרײַבן אַהין זייערע בריוולעך און פֿון דאָרט וועלן זיי שוין איבערגעשיקט ווערן צו אים אין דער „טשערטאַ“; און די שרײַבעכצן פֿון די עמעסע ראַ־בינאָוויטשעס וועלן איבערגעשיקט ווערן פֿון דער „טשערטאַ“ דורכן געמאַכטן ראַבינאָוויטשן, צו זייער כעווערמאַן רעב הערש ב״ר מוישע, וואָס לערנט זיך ניט אין דער „טשערטאַ“, נאָר אין דער רוסישער שטאָט אַלס גליקלעכער דוואָריאַנין גריגאָרי איוואַנאָוויטש פּאַפּאָו.

דאַכט זיך, די דאָזיקע קאָמבינאַציע איז אַזוי פּראָסט, אַז ס׳איז ניט נייטיק זי איבערצוכאַזערן נאָכאַמאָל. ניט מער ס׳איז געבליבן נאָר איין זאַך: וואָס טוט מען ווײַטער? אַ קשיא וואָס סע מאַכט זיך! בריוולעך, וואָס יונגעלײַט סטודענטן שרײַבן איינער דעם אַנדערן, — טאָמער, אַל טיפּ־טאַך פּע לעסאָטן (עפֿן ניט דאָס מויל פֿאַרן סאָטן), טרעפֿט זיך — זיי פֿאַלן אַרײַן אין אַזעלכע הענט, וואָס מע דאַרף ניט, זײַנען זיי דאָך פֿאַרפֿאַלן מיט די ביינער...

— וואָס זשע טוט מען? — פֿרעגט דער געמאַכטער ראַבינאָוויטש באַם עמעסן און קוקט אים אין די אויגן אַרײַן.

— וואָס מע טוט? — ענטפֿערט אים דער עמעסער ראַבינאָוויטש און נעמט זיך אָן באַם בערדל, וואָס וועט ערשט אַמאָל זײַן. — איך וועל דיר זאָגן, וואָס מע טוט. אימירצעשעם מיט גאָטס הילף, אַז דו וועסט קומען אָפּן אָרט און דו וועסט זיך באַזעצן בעשאָלעם אין דער שטאָט פֿון דער „טשערטאַ“ געזונטערהייט, וועסטו זיך מאַטריעך זײַן און וועסט אָנשרײַבן אַ בריוועלע צו דײַנע לײַט אַזוי און אַזוי. דו וועסט זיי געבן צו פֿאַרשטיין, אַז זיי זאָלן דיר ניט שיקן קיין בריוו אויף דײַן נאָמען, וואָרעם פּאַפּאָווס זײַנען פֿאַראַן אין דײַן אוניווערסיטעט, וועסטו זיי זאָגן, גאַנצע דרײַ און אַפּצולאָכעס הייסן זיי אַלע גרישאַ. פֿאַרשטאַנען? און איך וועל אָנשרײַבן צו מײַנע לײַט, אַז אַזויווי אין דער שטאָט פֿון דער „טשערטאַ“ זײַנען פֿאַראַן אין אוניווערסיטעט ראַבינאָ־וויטשעס אַזויווי די הינט, אַלקיין גיבן מיר זיי אויף איין מאָל פֿאַר אַלע מאָל אַ שטענדיקן סימען, ווי־אַזוי מע זאָל אַדרעסירן זייערע בריוו פּאָסטרעסטאַנטאַ. פֿאַרשטאַנען?

— בראַוואָ, הערשקאָ! — רופֿט זיך אָן פּאַפּאָו אויסער זיך פֿונעם דאָזיקן אײַנפֿאַל, — דאָס איז דאָך בעעמעס אַ טאַלמודישער אופֿטו, טשאָרט וואָזמי!

— אַ טאַלמודישער, ניט קיין טאַלמודישער, — זאָגט דער עמעסער ראַבינאָוויטש, — נאָר אַן אײַנפֿאַל איז דאָס. מע דאַרף, פֿאַרשטייסטו מיך, פֿאַרדרייען אַזוי, אַז אַ מאַקע זאָל עמעצער וויסן, ווער שרײַבט צו וועמען. ניטאָ קיין אַדרעס, ניטאָ קיין פּאַפּאָו, ניטאָ קיין ראַבינאָוויטש; פֿאַראַן נאָר פּאָסטרעסטאַנטאָ און ראָשעטײַוועס, איניציאַלן — און גייט זוכט אונדז! פֿאַרשטאַנען?

— טשאָרט וואָזמי, הערשקאָ, — רופֿט זיך אָן דער געמאַכטער ראַבינאָוויטש צום עמעסן ראַ־בינאָוויטשן, — גיב, לאָמיר זיך צעקושן!

און ביידע כאַווירים האָבן זיך פֿרײַנטלעך אַרומגענומען און זייער וואַרעם צעקושט זיך.

מע קאן ניט זאגן — דער דאזיקער אופטו איז טאקע געווען זייער א געראטענער אופטו, און בא אונדזערע כאווירים איז עס אוועקגעגאנגען פיין און גלאט ווי א מיזמער. די פאפאווס פון ט—ר גובערניע האבן געשריבן זייערע בריוו צו זייער גרישען פאסטרעסטאנטא אין דער רוסישער שטאט אריין, און די ראבינאוויטשעס האבן געשיקט זייערע בריוולעך צו זייער הערשלען אין דער גרויסער שטאט פון דער „טשערטא״, אויך פאסטרעסטאנטא. און די פאטשט, וואס ווייסט ניט פון קיין כאכמעס, האט זיך געטאן איר צוויי־ענדיקע ארבעט גאנץ געטריי: געטראגן די בריוו צוויי מאל פון איינעם צום אנדערן הין און צוריק פאסטרעסטאנטא. און עס וואלט געווים אזוי געגאנגען אומגעשטערט דאס גאנצע יאר, ווי זיי האבן אפגערעדט. קיין פויגל וואלט ניט געוווסט, קיין האן וואלט ניט געקרייט, ביז עס וואלט געקומען די צייט און זיי וואלטן זיך אפגעביטן מיט די יאצרעס צוריק און — בארוך שעפעטראני. איז אבער פלוצעם קאליע געווארן עפעס א רעדל, עס האט זיך איבערגעריסן אינמיטן, און די גאנצע מאשין האט זיך אוועקגעשטעלט.

— וואס איז געשען?

עס איז געשען א קלייניקייט: דער עמעסער ראבינאוויטש, וואס לערנט אין דער גרויסער שטאט אונטערן נאמען פאפאוו, האט מיטאמאל אופגעהערט צו באקומען בריוו פון זיין כאווער, פונעם עמעסן פאפאוו, וואס איז פארשריבן אלס דאנטיסט ראבינאוויטש אין דער גרויסער שטאט פון דער „טשערטא״. עס האט ניט געהאלפן קיין שרייבן „זאקאזנאיע״, קיין זידלען זיך, קיין שעלטן זיך. עס האבן ניט געהאלפן קיין דעפעשן. דער געמאכטער ראבינאוויטש האט זיך ניט געוואלט אפרופן, כאטש ווער צעריסן, און דער עמעסער ראבינאוויטש איז שיר ניט מעשוגע געווארן. און ווי אפצולאכעס האבן די פאפאווס די לעצטע צייט געהאקט מיט בריוו צו זייער גרישען, וועלכע הערשל האט זיי אלע איבערגעשיקט פאסטרעסטאנטא צו זיין כאווער גרישא אין „טשערטא״ — און דארטן זיינען זיי זיך געבליבן ליגן בעשאלעם אף דער פאטשט איניינעם מיט אלע בריוו, וואס די ראבינאוויטשעס האבן פון זייער זייט געשיקט אויך פאסטרעסטאנטא צו זייער הערשלען און געקלאגט זיך, אז זיי קאנען גאר אזוי קלוג ניט זיין און אז זיי הייבן ניט אן צו פארשטיין — וואס איז דער סייכל, וואס זיי האבן פון אים קיין ענטפער אף אלע זייערע בריוו? „מימאנעפשעך, — האבן זיי געטייַנעט, — ביסטו, כאלילע, קראנק, קאנסטו דאך הייסן עמעצן שרייבן א בריוול, אדער קלאפן א דעפעש, וועט מען קומען צו דיר צו פארן, כאטש ס׳איז ניט אזוי גרינג אפצוּרייַסן זיך פון פארנאסע און דעריקערשט צו פארן אהין אין דייַן שטאט אריין, ווו מע לאזט ניט א יידן א נאכט איבערנעכטיקן... עלע וואס דען? באדארף מען לערנען דעם פשאט, אז מיט דיר האט זיך סייַדן געטראפן, כאסוועשאלעם, עפעס א „סלוטשיי״? גלייבט זיך עפעס ניט אף דיר. דו ביסט ניט אזעלכער... כאטש אפילע א ביסל איז אונדז קאשע, וואס דו הייסט אונדז שרייבן נאר פאסטרעסטאנט און פאסטרעסטאנטו.. אלקיין זאלסטו וויסן, הערשל, אז נאך איין וואך ווארטן מיר, ניט מער אז איין וואך. און טאמער, כאלילע, וועט אוועקגיין די וואך אויך און עס וועט פון דיר אלץ ניט זיין קיין בריוו, וועט אדער דער טאטע אליין, אדער איך מוז זיך דורכפארן צו דיר, דיך אופזוכן און געוויר ווערן, וואס דו מאכסט...״

אזוי האט אים געשריבן דער עלטערער ברודער אווראם־לייב ראבינאוויטש, שוין א באלעבעסל מיט א פיין בערדל, וואס האנדלט איניינעם מיטן טאטן איין געשעפט בא דער באן, און האט זיך שוין געטומען גרייטן אין וועג אריין. מע האט אים אבער פארשפארט א טירכע און אומזיסטע הוצאָעס: טאקע אינעם זעלבן טאג, וואס ס׳איז אוועקגעגאנגען דאס דאזיקע בריוול, האט מען פלוצעם פארנומען אט דעם באלעבעסל, אווראם־לייב מיטן בערדל, און זיין פאטער, רעב מושע ראבינאוויטש, און מע האט זיי בימכילע קאוועד אפגעפירט אין גוטן מאקעם און איינגעזעצט — און דאס גאנצע שטעטל האט זיך אופגעקאכט, געגאנגען כאדאראם:

— געשיקט זיך עס! רעב מושע ראבינאוויטש איז ניט אזא ייד, וואס זאל האנדלען מיט גנייוושע פערד, און זיין אווראם־לייב איז ניט אזא יונגערמאן, וואס זאל זיך מישן אין די זאכן, ווי אנדערע יונגעלייט, לעמאשל... הייַנט וואס זאל עס באטייַטן???

# רעב מוישע ראַבינאָוויטש פּאָרט ראַטעווען זײַן זון

נאָך איידער מע האָט אַרויסגעלאָזט רעב מוישע ראַבינאָוויטשן מיט זײַן עלטערן זון אוּרעאָם־לייב, האָט אַפֿן אַנדערן טאָג דאָס גאַנצע שטעטל שוין געוווּסט די גאַנצע מעשׂה, איבער וואָס מע האָט זיי געפּאַקט, — און ס׳איז געוואָרן אַ יאַריד, הימל עפֿן זיך!

און דערוווּסט האָט מען זיך עס פֿון די צײַטונגען, וואָס האָבן צום ערשטן מאָל אַרויסגע־שטעלט דעם גאַנצן נאָמען מיטן טיטל פֿונעם ריטואַל־מערדער. פֿריִער האָט מען געשריבן סטאַם „אַ ייִד אַ דאַנטיסט". איצט איז שוין געשטאַנען בעפֿיירעש, אַז ער איז אַ שקלאָווער מעשטשאַנין און לערנט זיך אויף דאַנטיסט און הייסט הערש מאָווישאָוויטש ראַבינאָוויטש — אַלע סימנים.

וואָס אין דעם דאָזיקן שטעטל האָט זיך אָפּגעטאָן — איז שווער צו באַשרײַבן. מיטאַמאָל אַזויפֿיל ניַעס אין אַזאַ קליין שטעטל! געלעגן זיך אַ שטאָט רויִק און געדרעמלט — און פּלוצעם אַן אייגענער דרייפֿוס! מאָלט אײַך — ס׳איז גאָרניט, ס׳איז אַ געלעכטער, אָבער דערווײַל! אַ ביזאָיען פֿאַר גױִם! אַ ביזאָיען פֿאַר „יעווראָפּע"! אַ ביזאָיען פֿאַר זיך אַליין! „הײַנטיקע צײַטן, וואָס אַפֿילע אין אַזאַ העק ווי בא אונדז, איז שוין אויך דאָ אַ באַן און אַ פּראָגימנאַזיע און אַ סינעמאַטאָגראַף..."

— ווער רעדט פֿון אַ סינעמאַטאָגראַף, שויטע? אויך מיר אַן אַנטיק — סינעמאַטאָגראַף! דאָרט האַלט מען שוין בא „עראָפּלאַנען", לופֿט־באַלאָנען — און ער זאָגט גאָר סינעמאַטאָגראַף!

— מײַלע בעקיצער, מע איז אײַך מוחל דעם סינעמאַטאָגראַף מיטן „ערעפּלאַן" מיט די לופֿט־באַלאָנען אינייִנעם — אַ ראַכמאָנעס, נעבעך, אויף אונדזערע ראַבינאָוויטשעס — אַזאַ בילבל!

— באַשערט אַ מענטשן אַן אומגליק, טרעפֿט עס אים דורך אַ קוימען. ניטאָ ווער ס׳זאָל לאַכן, כאַ־כאַ!

— אַ גוטער געלעכטער! דערווײַל האַלט מען איין ייִדן דאָרטן און דאָ צוויי ייִדן. אַ קאַ־טאָוועסל!

— בלאָטע, נאָט אײַך אַ גראָשן! מע וועט זיי אַלע דרײַ אַרויסלאָזן, אַזוי גיך מעג שוין קומען מאַשיִעך!

אַזוי האָט זיך אויסגעשמועסט דאָס שטעטל — און מע האָט דאָך טאַקע געטראָפֿן. מע האָט זיי טאַקע אַרויסגעלאָזט אַלע דרײַ — דער דריטער זיצט דאָך גאָר דאָרטן, קאָנען זיי פֿאַר אים דען אַרעוו זײַן? — נאָר די צוויי, דעם פֿאָטער מיטן עלטערן זון, האָט מען אַפֿן דריטן טאָג שוין אַרויסגעלאָזט. מע האָט זיי נאָר אויסגעפֿרעגט, אויסגעזוכט בא זיי און איבערגעשאַרט אַלע ווינ־קעלעך, אויסגעטרייסלט און צוגענומען בא זיי אַ גאַנצן פּאַק מיט בריוולעך, טאַקע וואָס זייער הערשל האָט צו זיי געשריבן די גאַנצע צײַט, און מע האָט זיי געזאָגט, אַז זיי קאָנען גיין. און ווי נאָר מע האָט זיי אַרויסגעלאָזט, אַזוי האָט רעב מוישע ראַבינאָוויטש זיך אָן אייצע געהאַלטן מיט דער מישפּאָכע, מיט גוטע־פֿרײַנט און גלאַט מיט קלוגע מענטשן: וואָס טוט מען ווײַטער? און ס׳איז געבליבן, אַז ער באַדאַרף פֿאָרן „ראַטעווען זײַן זון". וואָס ראַטעווען? וויאַזוי ראַטעווען? — דאָס האָט קיינער ניט געוואָלט וויסן. נאָר אַז אַ ייִד טרינקט זיך, איז עפּעס אַ טערעך?

און דער אָרעמער פֿאָטער האָט ניט געמאַכט קיין לאַנגע שיִעס. ער האָט נאָר דורכגעשמועסט זיך נאָכאַמאָל מיט אַ פּאָר קלוגע מענטשן, דאָס הייסט טאַקע מיטן גאַנצן שטעטל, און האָט אײַנ־געפּאַקט דעם טשעמאָדאַן און האָט זיך אָוועקגעלאָזט אין דער גרויסער שטאָט אַרײַן אויף גאָטס באַראָט, שוין גאָרניט איבערצוקלערן אַפֿילע פֿון דעם, וואָס מע לאָזט דאָרט אַ ייִדן אַפֿילע אַ נאַכט ניט איבערנעכטיקן. „מימאָעפֿשעך, — האָבן קלוגע מענטשן געדרונגען און אויסגערעדט אים דאָס האַרץ, — וואָס גאָט וועט געבן, אָט דאָס וועט זײַן. געשיקט חיך עס, אַז אַ ייִד זאָל שוין גאָר ניט קאָנען דאָרטן זײַן כאָטש איין טאָג? נעמט, לעמאָשל, אַזאַ שטאָט ווי פּעטערבורג, וווּ אַ ייִד איז, דאַכט זיך, שוין גאָר טאַרפֿע. פֿונדעסטוועגן זאָגן אַלע, אַז געבענטשט זאָל זײַן פּעטערבורג, וואָרעם ס׳איז ניטאָ נאָך אַזאַ שטאָט אויף דער וועלט, ווי פּעטערבורג איז פֿאַר אַ ייִדן... אָדער, אַש־טייגער, נעמט, לעמאָשל, מאָסקווע. מי לנו גדול ממאָסקווע? אַ ייִד איז דאָך דאָרט ווי אין אַן אויג אַ שטאָך! אַ קלייניקײַט, מאָסקווע! פֿונדעסטוועגן מעג מען זיך ווינטשן די אַלאָפֿים, וויפֿל ייִדן עס פֿאָרן אַרײַן און פֿאָרן אַרויס פֿון מאָסקווע בעכאָל יום וויום... אַ ייִד איז מעכויִעוו צו טאָן, וואָס ער קען און גאָט דאַרף העלפֿן..."

רעב מוישע ראַבינאָוויטש האָט זיך אָוועקגעלאָזט, מע קאָן זאָגן, אויף קידעש־האַשעם. ער האָט אַפֿילע דעם פּאַס פֿאַרגעסן מיטנעמען — אַ קלייניקײַט, אַ ייִד פֿאָרט ראַטעווען אַ קינד!.. און

מאַכמעס ער אַליין איז נאָך אַ ביסל אַ מענטש פֿון דער אַלטער וועלט, האָט ער מיטגענומען מיט זיך זײַן עלטערן זון אַווראָם־לייב, וועלכער איז שוין, ווי עס רעדט זיך, צו גאָט און צו לײַט. אַווראָם־לייב קאָן זיך, באַרעכהאַשעם, אויסטײַטשן מיטן גרעסטן קריסט. און כאָטש אַווראָם־לייב האָט קיין גימנאַזיע, ווי דער ייִנגערער ברודער הערשל, ניט געענדיקט און קיין מעדאַל ניט געקריגן, פֿונדעסטוועגן — ער וועט אײַך ניט גיין זאָגן אין אַנדערע זאַכן — נאָר דאָרט, וווּ ס'איז „שײַעך צו לאָשן־שפּראַך", וועט ער זיך, האָט קיין יעסורים ניט, אויסגלײַכן מיטן גרויסן באַל־גראַמאַטיקע, טאַקע מיט רעב הערשן אַליין. און אויב איר ווילט שטאַרק, וועט ער אים עפּשער נאָך געבן דרײַ אויגן פֿאָר. קוקט ניט, וואָס אַווראָם־לייב איז זיך קלוימערשט אַ ניונקעלע, זעט אויס, דאַכט זיך, גאָר אַ יונגערמאַן אַ פֿלאַכט, אַ יונגערמאַן אַ כניאָק. איר קאָנט אײַך פֿאַרלאָזן. אַ סוואָרע, אַז ער האָט נאָך באַכערווײַז געוווּסט גאַנץ קירפּיטשניקאָוו מיט גאַנץ גאַלאַכאָוו אויף אויסווייניק. ניט מער, ער האָט ניט קיין מאַזל. אים האָט דער טאַטע בעשום־אויפן ניט געוואָלט אָפּגעבן אין גימנאַזיע, כאָטש ער איז עלטער פֿון הערשלען ניט מער, ווי אויף אַ יאָר. דער טאַטע פֿאַרענטפֿערט זיך אַפֿילע, אַז די ייִדישע סאָנים זאָלן אַזוי לעבן, ווי ער האָט געוואָלט, אַז זײַן הערשל זאָל גיין אין גימנאַזיע, נאָר ער האָט דען אַן אַנדער ברייִרע געהאַט, איך בעט אײַך, אַז אָט דער הערשל, דער ייִמאַכשמוֹיניק, ווי דער פֿאָטער רופֿט אים אָן אין גוטן מוט, איז גאָר סאַכאַקל ייִנגלווײַז, אויב איר ווילט וויסן, אויקער געווען פֿון דער היים און אַוועקגעלאָזט זיך, ניט געדאַכט זאָל ער אײַך ווערן, אין אַן אַנדער שטאָט — אַזוי דערציילט דער פֿאָטער אַליין. מע האָט גאָר אַ צײַט ניט געוווּסט אַפֿילע, וווּ זײַן געביין איז אַהינגעקומען. ערשט העט־העט, אין אַ צײַט אַרום, איז מען געוווויר געוואָרן, טאַקע פֿונעם ייִמאַכשמוֹיניק אַליין, אַז ער „פּריגאָטאָוועט" זיך אין גימנאַזיע אַרײַן און אַז ער איז שוין קימאַט פֿאַרטיק, דאָס הייסט, ער האָט שוין דעם „עקזאַמענט" אויסגעהאַלטן, און דאַפֿקע גוט אויסגעהאַלטן, נאָר אַן אומגליק — קיין „וואַקאַציע" איז נישטאָ! פֿונדעסטוועגן, שרײַבט ער, דער קאַלבויניק, אַז מע זאָל דערפֿון, כאַסוועשאָלעם, קיין יעסורים ניט האָבן — ער וועט, אימירצעשעם, „עקסטערניטשען", זאָגט ער, און „עקסטערניטשען" אַזוי לאַנג, ביז ער וועט פֿאַרט, זאָגט ער, אַרײַן, נאָר יעדנפֿאַלס אַהיים וועט ער, זאָגט ער, שוין צוריק ניט קומען. נו? אַדראַבע, זאָגט שוין איר, וואָס האָט ער געקאָנט טאָן, אַ פֿאָטער, וואָס האָט ליב זײַן קינד? און נאָך אַזאַ געראָטן קינד, ווי אָט דער שפּירט, אַז צו וואָס ער נעמט זיך, ברענט דאָס בײַ אים אונטער די הענט?

אַזוי דערציילט דער פֿאָטער, רעב מוישע ראַבינאָוויטש, אַ ייִד אַ פּראָסטער און אַן ערלעכער. ער איז אַ „פּראָוויטעל" (דאָס מיינט מען „אָטפּראָוויטעל", וועלכעס הייסט עקספּעדיטאָר) בײַ דער באַן. פֿונעם פֿאָטערס רייד איז צו פֿאַרשטיין, אַז זײַן זון הערשל האָט זיך גוט אָנגעמוטשעט, אָנגעהונגערט, אָנגעפּרווירן און „געעקסטערניטשעט" און סאָפּקאָלסאָף אַרײַן אין איינע פֿון די מיטלסטע קלאַסן ערגעץ אין אַ פֿאַרוואָרפֿענער שטאָט אין טיף „ראַסייע" (אין ט—ר גובערניע), וווּ ייִדן זײַנען ניט בעניִמצע. דאָרט האָט ער אַ קאָרעוו פֿון דער מוטערס צאַד, אַ ייִד אַ באַלמעלאָכע מיט אַלע „פּראַוועס", האָט ער אים צוגעשריבן צו זיך, און ס'איז אים געראָטן, מע האָט אים צוגענומען, און ער האָט געלערנט, אַ ביסל צוגעהאָרעוועט, געגעבן שטונדן, און אַ ביסל האָט אים אונטערגעהאָלפֿן דער פֿאָטער — אַ ברייִרע האָט ער געהאַט? — „און דער ייִמאַכשמוֹיניק האָט געענדיקט די גימנאַזיע מיטן קנאַק, טאַקע ווי נאָר אַזאַ קאַלבויניק שטייט אָן".

אָט מיט דעם לאָשן האָט זיך דער פֿאָטער אַליין דערנאָך באַרימט, גאָר ניט געשעמט זיך, וואָס ער, רעב מוישע ראַבינאָוויטש, אַ ייִד מיט אַ טאַליעסקאָטן, האָט אַ זון, מע קאָן זאָגן, אַ גױ. נאָר וואָס זאָל מען טאָן, אַז ס'איז הײַנט אַזאַ וועלט געוואָרן? נאָך דאַנקען גאָט, וואָס ער האָט ניט אַראָפּגעוואָרפֿן פֿון זיך אינגאַנצן דעם נאָמען ייִד, ווי אַנדערע אין הײַנטיקע צײַטן... אַדראַבע, זײַן הערשל, אַז ער קומט אַמאָל צו פֿאָרן אויף אַ יאָמטעוו אַהיים און ער גייט מיטן פֿאָטער אין שול אַרײַן דאַוונען, און מע רופֿט אים אויף מאַפֿטיר, לייגט ער אַוועק אַ האַפֿטוירעלע, דער קאַלבויניק, איז דאָך מאַמעש די פֿינגער צו לעקן. אַז מע שמועסט אַ געראָטענער, איז דאָך ניט שײַעך.

אַזוי האָט זיך דער פֿאָטער געטרייסט און אונטערגעשיקט העם זון אָפּטלעך, וויפֿל ער האָט נאָר געקאָנט און בעסאַד, אַז דער עלטערער זון, אַווראָם־לייב, זאָל ניט וויסן און זאָל ניט זײַן מעקאַנע... אַווראָם־לייב האָט אָבער יאָ געוווּסט דערפֿון און איז טאַקע געווען זייער ניט צופֿרידן און טאַקע אָפּטלעך אונטערגעוואָרטשעט, אונטער דער נאָז געוויינלעך, וואָרעם ווי קאָן מען ריידן קעגן אַ טאַטן? קאָוועד־אָוו איז דאָך עפּעס ניט קיין קלײניקײַט. ער פֿלעגט נאָר דערלויבן זיך אַמאָל אַ מורמל טאָן פֿאַרבײַגייענדיק, אַז ער, אַווראָם־לייב, זעט ניט אַרויס הײַנטיקע צײַטן אינעם שטודירן קיין שום טאַכלעס פֿאַר אַ ייִדן. נאָט אײַך דרײַ גראָשן, יאָ גימנאַזיע, ניט גימנאַזיע. אַדראַבע, אַ ייִד מיט אַ גימנאַזיע איז בײַ זיי טויזנט מאָל מער טרייף, ווי אַ ייִד אָן אַ גימנאַזיע. און לאָמיר זאָגן, אַז ער האָט שוין גאָר געענדיקט די גימנאַזיע — איז וואָס? און אַפֿילע שוין, לאָז שוין זײַן ער האָט שוין געענדיקט אוניווערסיטעט אויך, נו? וואָס ווײַטער? פּכע — גאָרנישט מיט גאָרנישט,

דער אייגענער הערשקאָ, נאָר טויזנט מאָל ערגער. וואָרעם הערשקאָ, אַז ער האָט ניט קיין דיפּלאָם, איז ער בײַ זיי הערשקאָ אָן אַ סאַף, און וויבאַלד ער באַקומט אַ דיפּלאָם, וויל ער דאָך שוין ניט הייסן הערשקאָ, נאָר גרישאַ אָדער גריגאָרי, און פֿון אַ הערשקאָ זאָל ווערן אַ גרישאַ אָדער אַ גריגאָרי, דאָס ווילן זיי ניט לײַדן — און טוט זיי עפּעס!

פֿאַרשטייט זיך, אַז אין די דאָזיקע דיבורים, אין וועלכע עס האָט זיך געפֿונען אַ ביסל עמעס, איז געווען אויך ניט ווינציק קינע, וואָס זײַן ייִנגערער ברודער הערשל שטודירט און ער, אַווראָם־לייב, וואָס איז אינגאַנצן מיט איין יאָר עלטער פֿון זײַן ברודער און קען גאַנץ קירפּיטשניקאָוו מיט גאַנץ גאַלאַכאָוו אויף אויסווייניק, באַדאַרף ער זײַן אַן אַטפּראַוויטעל אויף דער באַן, האַלטן דאָס היטל ניט נאָר פֿאַרן „נאַטשאַלניק סטאַנציע", נאָר אַפֿילע פֿאַרן „סטאָראָזש", אַ גוי אין יוכטאָווע שטיוול, וואָס פֿאַרגינט זיך זאָגן אַווראָם־לייבן „דו". נאָר דער „דו" אַליין וואָלט נאָך געווען אַ האַלבע צאָרע, איז זיך מעיאַשעוו דער כאַמרוק און רופֿט אים „כאַלאַמייזער". כאַלאַמייזער — דאָס הייסט בײַ אים כאַים־לייזער, כאָטש מע רופֿט אים ניט כאַים און ניט לייזער, נאָר אַווראָם־לייב. נאָר גיי דער מיט אַ כאַם! וויבאַלד אַ ייִד און האָט צוויי נעמען — איז שוין בײַ אים „כאַלאַמייזער". אָן אומע, וואָס מעג זיך טאַקע איבערנעמען...

אַז ס'איז אָנגעקומען די ידיִע פֿון דער גרויסער שטאָט פֿון דער „טשערטאַ", אַז הערשל איז אין אוניווערסיטעט ניט אַרײַן און אַז ער האָט זיך גאָר אײַנגעגעבן אויף דאַנטיסט, איז אַווראָם־לייב אין האַרצן געווען מאָלע געדולע, וואָס ער האָט געטראָפֿן נאָך ווייס איך ווען, אַז ס'ט אַזוי זײַן. וואָס דען? סע שפּילט בײַ זיי אַ ראָל אַ מעדאַל, לאָז זײַן אַ זילבערנע מעדאַל, אַ גאָלדענע מעדאַל, אַ בריליאַנטענע מעדאַל! „ייִדעלע־לידעלע, וווּהין קריכסטו מיטן פֿידעלע?..."



דער אלטער ראבינאָוויטש, דאַפקע א ייִד מיט א טאַלעסקאַטן, וואָס מע רופט אים רעב מוישע, האָט זיך דאַפקע באַרימט פאַר אַלעמען, אַז זײַן הערשל — איר קענט דאָך אים, דעם ייִמאַכשמויניק — איז שוין הײַנט א סטודענט. דאָס הייסט אייגנטלעך ניט קיין סטודענט, נאָר א דאַנטיסט, נאָר וואָס איז די נאַפקעמינע א סטודענט, אָדער א דאַנטיסט? — איר זאָלט זען די בריוולעך, וואָס ער שרײַבט!.. שפּעטער מיט א קורצער צײַט האָט דער פאָטער געזאָגט: „שטעלט אײַך פאָר, דער ייִמאַכשמויניק האָט שוין גאָר אָנגעהויבן פאַרדינען געלט, אַזוי ווײַט, אַז ניט נאָר ער נייטיקט זיך שוין ניט אינעם פאָטערס הילף, זאָגט ער, אַדעראַבע, ער זאָגט, אַז ער וויל שוין גאָר, זאָגט ער, צעצאָלן זיך מיטן טאַטן, זאָגט ער, מיט זײַנע אַלטע כויוועס — א קאַלבויניק קאָן! ניין, נאָך שענער, ער האָט שוין גאָר אָנגעהויבן טאַקע צו שיקן געלט אַלע כוידעש, אַמאָל א קאַפּײַער און אַמאָל א פּופּציקער, און אַמאָל א גאַנצן הונדערטער. נו, וואָס וועסטו עפּעס איצטער זאָגן אויף דײַן ברודער, אַווראָם־לייב? קום נאָר אַהער, וואָס שווײַגסטו?״

נאָר וואָס קאָן זאָגן אַווראָם־לייב? ערשטנס, האָט ער אויף זײַן ברודער קיינמאָל קיין שלעכטס ניט גערעדט. און צווייטנס, אַז מע וועט אים שטאַרק בעטן, וועט אַווראָם־לייב נאָך הײַנט אויך זאָגן, אַז מע קאָן נאָך גאָרניט וויסן. ס׳איז נאָך ווײַט צום געלעכטער... אַז א מענטש פאַרדינט אַמאָל איין כוידעש א ביסל מער, איז נאָך גאָר קיין ראיע ניט... איבעריקנס, וואָס וועט ער גיין איבערשפּאָרן א טאַטן? קאַוועד־אָוו — שײַעך צו זאָגן...

א ביסל האָט זיך אַווראָם־לייב די ערשטע צײַט געקילט דאָס האַרץ, אַז זײַן ברודער הערשל האָט פּלוצעם אויפגעהערט ניט נאָר צו שיטן מיט פּופּציקערס און מיט הונדערטערס, ער האָט שוין גאָר בריוו אויך אויפגעהערט שרײַבן. „די מאַשמאָעס אונדזער קאַקער איז שוין גאָר גרויס געוואָרן, אַז עס שטייט אים שוין ניט אָן אַפילע אַרײַנשרײַבן אונדז אַמאָל א בריוול, פּכע!״ — האָט אַווראָם־לייב א זאָג געגעבן איינמאָל פאַרבײַגייענדיק, דער פאָטער זאָל הערן, און האָט אָבער באַלד סאַראַטע געהאַט, ניט געקאָנט צוזען דעם צאַר, ווי דער טאַטע גייט אַרום ווי א שאָטן, קאָן זיך קיין אָרט ניט געפינען. שפּעטער־שפּעטער האָט אַווראָם־לייב אַליין אויך אָנגעהויבן שטילערהייט האָבן יעסורים און איבערטראַכטן מיזידייע וואָס: „א קאַשע, הײַנטיקע פּײַפערס — עפּשער האָט ער זיך איבערגעקערט?.. די שאַ זאָל גאָר ניט זײַן, וואָרעם דער טאַטע וועט עס, כאָלילע, ניט איבערטראָגן...״ אַזוי האָט זיך געטראַכט אַווראָם־לייב און איז אומגעגאַנגען א טויטער. און ווער שמועסט איצטער, אַז מע ווייסט שוין אַלצדינג, און אַז עס האָט זיך געטראָפן אַזאַ אומגליק, דאַרף ער וואַרטן, ביז דער טאַטע וועט אים זאָגן: פאָר? אַווראָם־לייב האָט אַליין געגעבן צו וויסן דעם טאַטן, אַז ער פאָרט מיט. און ניט נאָר ער אַליין, דאָס גאַנצע שטעטל האָט גאָר אַנדערש ניט גערעכנט, אַז ווײַבאַלד פאָרן, באַדאַרפן זיי פאָרן אינצווייען, דער פאָטער מיטן זון. דער סייכל איז דאָך מיסכײַעו. און אַז זיי האָבן זיך אויפגעזעצט פאָרן, איז קימאַט דאָס גאַנצע שטעטל אַרויסגעקומען זיך געזעגענען מיט די ראַבינאָוויטשעס און צווינטשן זיי, ס׳זאָל זײַן מיט האַצלאָכע, און אָנגעזאָגט אַווראָם־לייבן עפּשער הונדערט מאָל, ער איז דאָך א יונגערמאַן, וואָס קען, אַלקיין זאָל ער אַרויסשרײַבן אַלצדינג און בעאַריכעס און וואָס מער און וואָס אָפּטער. און אימירצעהאַשעם, אַז גאָט וועט העלפן, ס׳וועט זײַן א גוטע בסורע, זאָלן זיי ניט זשאַלעווען קיין געלט און קלאַפּן א דעפּעש.

— געדענק זשע, אַווראָם־לייב, פאַרגעס ניט, וואָס מער אַטקריטקעס און לעמאַנהאַשעם, אַז גאָט וועט העלפן, איז געקלאַפּט א דעפּעש!

— גוט־גוט. ס׳זאָל נאָר זײַן אין דעם געוועדנדס. — און מע מעג שווערן, אַז אַווראָם־לייב האָט ביגנייווע אויסגעווישט א טרער.

דער לאָקאָמאָטיוו האָט שוין לאַנג געפּײַפט. פונעם קוימען האָט געזעצט א רויך. די רעדער האָבן געקנאַקט. די וואַגאָנען האָבן זיך געשלענגלט איינס נאָכן אַנדערן. פון די פענצטער האָבן אַרויסגעקוקט צוויי פאַרכמורעטע פּנעמער: איינער אַן עלטערער, א באַוואַקסענער, מיט א פּאַטשיילע אויפן האַלדז; דער אַנדערער א ייִנגערער מיט א ווײַסער מאַנישקע און סימאָנים פון א בערדל. רעב מוישע, נעבעך, און זײַן עלטערער זון אַווראָם־לייב — וואָס האָט צו זיי גאָט געהאַט, ווייסט מען ניט... אָט נאָך א מינוט און מע זעט זיי שוין ניט מער. און ייִדן מיט פאַרזאָרגטע פּנעמער שטייען נאָך אַלץ אויפן וואָקזאַל, געזעגענען זיך מיט די אָפּגעפאָרענע, מאַכן צו זיי מיט די הענט, שרײַען זיי נאָך פונדערווײַטן. און עס הערן זיך באַזונדערע, איבערגעריסענע און אָפּגעהאַקטע ווערטער:

— פאָרט געזונט!.. אַטקריטקעס!.. זײַט מאַצליעך!.. לעמאַנהאַשעם א דעפּעש!..

# זכוס־אָוועס

אונדזער צווייטן העלד, דעם עמעסן ראַבינאָוויטש, וואָס האָט זיך פאַרשטעלט פאַר א גאַי און האָט געוווינט אין דער גרויסער רוסישער שטאָט, אינעם סאַמע צענטער פונעם לאַנד, אונטערן נאָמען גריגאָרי פּאַפּאָוו, איז עס געגאַנגען א סאַך בעסער ווי זײַן כאַווער, דעם עמעסן פּאַפּאָוו, וואָס האָט זיך פאַרשטעלט פאַר א ייִדן און א נאָמען געגעבן זיך ראַבינאָוויטש. אים, דעם פאַלשן פּאַפּאָוון, איז עס, קאָן מען זאָגן, אוועק מיט מאַזלבראָכע און די האַצלאָכע האָט אים דאָ געשפּילט פון דער ערשטער מינוט אָן.

אז מע האָט אים באַלד אָן א שום אָפּהאַלט אָנגענומען אין אוניווערסיטעט — פון דעם איז דאָך גאָר נישטאָ וואָס צו רעדן. עס איז געווען גענוג נאָר איין קוק טאָן אין זײַנע פּאַפּירן, מע זאָל דערזען, פונוואַנען ער שטאַמט. זכוס־אָוועס איז ניט קיין קלייניקייט. דער נאָמען פון זײַן פאָטער, איוואַן איוואַנאָוויטש פּאַפּאָוו, איז מער ווי באַקאַנט אין דער דאָזיקער שטאָט.

עטלעכע שווערע מינוטן האָט ער אפילע יאָ איבערגעלעבט בייס אײַנגעבן די פּאַפּירן. די דאָקומענטן זײַנען געווען ניט אין בעסטער אָרדענונג: לעמאָשל, דאָס בילד, וואָס קומט צוגעבאַסמעט צום אַטעסטאַט, איז געווען „עפּעס ניט אינגאַנצן דאָסיק...‟ אזוי האָט זיך אויסגעדריקט דער סעקרעטאַר פון אוניווערסיטעט. נאָר ווידעראַמאָל זכוס־אָוועס — דער נאָמען פּאַפּאָוו איז געווען אזוי מעכטיק, אז דער סעקרעטאַר האָט זיך אליין שיר די צונג ניט אָפּגעביסן, וואָס ער האָט איין מינוט געוואָלט כוישעד זײַן דעם דאָזיקן באָכער אין אזא זאַך... און ער האָט אין דער גיך צונויפגעלייגט דעם אַטעסטאַט און פאַרדעקט מיט די איבעריקע פּאַפּירן, אזוי גלײַך ווי ער וואָלט זיך אליין צושלאָגן, פאַרשאַרן און אַרויסשטויסן יעדע זײַטיקע מאַכשאָווע.

דאָס איז געווען דער ערשטער גליקלעכער שריט, וואָס אונדזער געמאַכטער פּאַפּאָוו האָט זיך בא אים שיר־שיר ניט אויסגעגליטשט — און איז אַרויס טרוקן.

דער אַנדערער שריט איז געווען נאָך מער מעסוקן ווי דער ערשטער. געוווינט געוואָרן האַרעווען, געבן שטונדן, און וועלנדיק פאַרגרינגערן דעם פאָטער אין זײַנע באַדערפענישן אויך אויף ווײַטער, האָט ער באַשלאָסן צו זוכן א פּאָר שטונדן אין דער דאָזיקער רײַכער רוסישער שטאָט, וואָס דאַרפן זיך זייער גוט באַצאָלן. נאָר אָנשטאָט צו געבן אַן אַנאָנס אין די צײַטונגען, איז ער געפאַלן אויף א האַמצאָע און זיך דורכגעגאַנגען צום רעקטאָר פון אוניווערסיטעט בעטן בא אים, אז טאָמער וועט עמעצער זיך נאָכפרעגן אויף א רעכטן רעפּעטיטאָר, זאָל ער האָבן אין זינען אים, פּאַפּאָוון.

אופגענומען האָט אים דער רעקטאָר, שוין אַן עלטערער מענטש מיט באַקנבאַרדן, וועלכע זײַנען שוין לאַנג אַרויס פון דער מאָדע, זייער פרײַנטלעך און זייער האַרציק. אויסגעהערט דעם סטודענטס באַקאָשע, האָט זיך דער אַלטער מאַן מיט די באַקנבאַרדן גענומען עפּעס מאָדנע אײַנקוקן אין אים, גלײַך ווי ער וואָלט וועלן זיך איבערצײַגן, אויב דאָס רעדט צו אים דער, וואָס ער מיינט, און ניט קיין אַנדערער. עס האָט זיך בא אים אזש מאָדנע אַראָפּגעהאַנגען די אונטערשטע ליפּ. דער געמאַכטער פּאַפּאָוו מיט זײַן ייִדיש קעפּל האָט אָבער באַלד פאַרשטאַנען נאָכן דאָזיקן קוק און נאָך דער אַראָפּגעהאַנגענער ליפּ, אז ער באַדאַרף אַרויסזען באַם רעקטאָר ווילד און זײַן באַקאָשע באַדאַרף זיך אים אויסווײַזן אָפּגעפרעגט: ווי קומט פּאַפּאָווס א זונדל צו בעטן שטונדן?.. האָט ער זיך גיך פאַרכאַפּט און גענומען אופקלערן דעם רעקטאָר, אז ער האָט געגעבן דאָס וואָרט, אז ער זאָל איין יאָר קעסיידער זיך באַגיין אָן דעם פאָטערס הילף, און מוירע האָבנדיק, טאָמער טוט זיך דער רעקטאָר א פרעג אָן, כאָלילע, באַם פאָטער, דאָס הייסט אייגנטלעך בא זײַן כאַווערס פאָטער, און דאָס וואָלט דאָך אים זייער ניט געפּאַסט, מעקאַמע וועקאַמע טײַמים, האָט ער זיך געײַלט צו פאַריכטן דאָס אויך און האָט בעסאָד־סוידעס איבערגעגעבן דעם רעקטאָר, אז קיין בען־אָדעם דאַרף ניט וויסן — און דער פאָטער אויך ניט, — ווי־אַזוי און פון וואָס ער קומט דורך דאָס יאָר. עס איז בא אים, פאַרשטייט איר מיך, א מין ספּאָרט, א וועטע, וועלכע ער האָט פאַרטרויט נאָר אים, דעם רעקטאָר, און ווײַטער קיינעם ניט.

דעם רעקטאָר האָט די דאָזיקע מײַסע טאַקע אויסגעוויזן ווילד, נאָר דאָס סימפּאַטישע פּנעם פונעם סטודענט, דאָס פײַנע באַנעמען זיך, דאָס אופריכטיק און אָפנטלעך זיך באַגיין מיט אים, און דערהויפּט (טאַקע ווידעראַמאָל זכוס־אָוועס) דאָס, וואָס פאַר אים זיצט איוואַן איוואַנאָוויטש

פאפאוס זונדל — דאס אלץ האט דעם פארגלייבלעכן רעקטאר פארבלענדט די אויגן און פאר־טומלט דעם געזונטן סייכל, און ער האט זיך פריילעך צעלאכט — א סימען, אז דער אופטו איז אים געפעלן. פונדעסטוועגן האט ער געפונען פאר נייטיק צו באמערקן אין א הומאריסטישן טאן, אז עס איז אוודאי זייער שיין פון זיין זייט, וואס ער וויל פארשפארן זיין פאטער און באוויזן, אז ער קאן לעבן זעלבשטענדיק, ביפראט נאך, אז ער האט דאס ווארט געגעבן, און א ווארט דארף מען האלטן. דאס איז אלצדינג זייער שיין און זייער פיין. מע טאר אבער ניט פארגעסן דאס אויך, אז פון שטונדן לעבן הונדערטער ארעמע יונגעלייט, וואס פארמאגן ניט אזעלכע פאטערס, ווי איוואן איוואנאוויטש פאפאוו, און האבן ניט דעריבער קיין שום אנדערן ארויסקוק אין זייטיקער הילף, אויסער זייער אייגענער ארבעט, זייער אייגענער הארעוואניע, און געבן אים, פאפאוס זון, א שטונדע, וואלט געהייסן איינפאך אוועקנעמען באם ארעמען סטודענט דעם ביסן פונעם מויל — און דאס טאר אלפי יושער אזא באכער ווי ער אייגנטלעך גאר ניט פארלאנגען. נאר וואס דען — אזוויי ער האט שוין געגעבן דאס ווארט, און א ווארט דארף מען האלטן, זאגט ער אים צו, אז אויב עס וועט זיך נאר מאכן, עמעצער וועט זיך באכפרעגן אף אזא מין רעפעטיטאר, וועט ער אים האבן אין זינען...

וואס האט דער רעקטאר געמיינט מיט די ווערטער „אזא מין רעפעטיטאר" — האט דער סטודענט ניט פארשטאנען. נאר געפילט האט ער נאכן ווארעמען קוועטש בא דער האנט און נאכן קלאפן איבער די פלייצעס און נאכן באגלייטן אים ביז דער טיר, אז טאמער וועט באם רעקטאר טאקע זיין עפעס א רעכטער אוראק, איז ער, פאפאוו, דער ערשטער קאנדידאט.

און קאכהאלוע. ס'איז ניט אוועקגעגאנגען קיין וואך אפילע, האט מען אונדזער פאפאוו־ראבינאוויטש ארייננגערופן צום רעקטאר, געבעטן זיצן און געלייענט א גאנצע לעקציע ווידעראמאל וועגן דעם, אז ס'איז ניט קיין יושער אוועקנעמען בא ארעמע סטודענטן, וואס האבן ניט קיין אנדערע אויסזיכטן אויסער זייער אייגענער הארעוואניע, דעם ביסן פונעם מויל און אוועקגעבן אזא באכער ווי איוואן איוואנאוויטש פאפאוס זונדל. און דאס, וואס ער, פאפאוו, האט געגעבן דעם פאטער דאס ווארט א גאנץ קינדלעכדיק יאר צו לעבן זעלבשטענדיק, וואלט באם רעקטאר אייך ניט אזוי שטארק אויסגעמאכט, ווען עס זאל זיך ניט טרעפן א צופאל, גאר א באזונדערער צופאל. דהיינו: פראנק אין דער הציקער שטאט זייער א רייכער פאמעטשיק, פון זייער אן אנגעזעענער פאמיליע, א געוויסער פעאקטיסט פעדאסייעוויטש באראבראדאווסקי, וואס זוכט א רעפעטיטאר א סטודענט, נאר דאפקע א דוואריאנין, פון אן אנשטענדיק הויז, און דאפקע אזעלכן, וואס ער, דער רעקטאר, קאן פאר אים גאראנטירן, אז ער קאן זיכער זיין פאר זיינע קינדער, אז זיי וועלן ניט ארייננפאלן אין ניט קיין געוואונטשענע הענט. וויבאלד אזוי, קאן זיך שוין דער רעקטאר ניט רעכענען דער־מיט, וואס א סאך סטודענטן קוקן עפשער ארויס אף אזא צופאל. דארט, ווו עס האנדלט זיך אין גאראנטיע, דארט, ווו יענער פארלאנגט דורכויס, אז זיינע קינדער זאלן זיין ווייט פון אלע זייטיקע עקסטרעמען, דארט איז ניטא קיין ארט פאר ראכמאנעס, יושער און נאך אזעלכע געפילן...

אזוי האט אויסגעלאזט דער רעקטאר, צוגעטאנגען צום טיש און אנגעשריבן עטלעכע ווערטער.

— דא האט איר מיין קארטל, יונגערמאן, גייט, נעמט אן די שטעלע און לאזט עס זיין אין א גוטער שא, אז איר ביידע זאלט זיין צופרידן איינס פון דאס אנדערע און איך זאל קיין כאראטע ניט האבן אף מיין רעקאמענדאציע... און וואס אנבאלאנגט אייער באקאשע, עס זאל זיין בעסאד פון אייער פאטער און פון אלעמען, — האט דער רעקטאר צוגעגעבן אופשטייענדיק, — קאנט איר זיך פארלאזן אף מיר; וויבאלד איך האב אייך שוין איינמאל מיין ווארט געגעבן, אז צווישן אונדז זאל עס בלייבן, מעגט איר שוין זיין רויק.

מיט די ווערטער האט דער רעקטאר ארויסבאגלייט דעם יונגן פאפאוו פון זיין קאבינעט און געפונען פאר נייטיק נאכאמאל צו דערמאנען אים, אז כאטש ס'איז אפילע ניט אינגאנצן אלפי יושער, אין דער צייט, ווען א סאך ארעמע סטודענטן, וואס האבן ניט קיין אנדערע אויסזיכטן...

און אזוי ווייטער אינעם זעלבן נוסעך.

## ער כאַפּט זיך אַרײַן אין די הויכע פֿענצטער

מיט אַ ציטערדיקער האַנט און מיט אַ קלאַפּנדיק האַרץ האָט דער סטודענט פּאָפּאָודראָאַבינאַר הײַטש אָנגעקלונגען אין אַ גרויסאַרטיקן אַנטרע פֿון אַ טשיקאַווע טשאַקנדיק מויערל, וואָס שטייט זיך באַזונדער אַליין אויף אײנע פֿון די רײַכסטע גאַסן אין דער רײַכער רוסישער שטאָט. וואָס איז דאָס פֿאַר אַ שטוב? וואָס זײַנען דאָס פֿאַר מענטשן? ווי וועט ער זיך מיט זיי האַלטן? ווי וועט ער זיך מיט זיי פֿילן? און דער־יקער — צי שפּילט ער זיך ניט מיט פֿײַער? צי וועלן אים ניט אַרויסגעבן זײַנע אויגן, זײַן נאָז, זײַן אַקצענט?.. עפּשער איז דאָס ניט דער געוווּנטשטער פּלאַן? צו אַ גרויסאַרטיק הויז. צו אַ גרוים שטרײַמל. ער האָט דאָס גאָר אַזוי ווײַט ניט געטראַכט. און אַזוי הויך ניט געצילט... „באַדענק דיך, הערשל, עפּשער איז נאָך דאָ צײַט אָפּצוטראָגן זיך פֿונדאַנען?"... עס איז שוין אָבער געווען צו שפּעט — אויף זײַן קלונג האָט זיך גיך באַוויזן אַ הויכער דזשענטלמען אין אַ ליווריי מיט אַ ווײַס געגאָלט אויסגעפּעסטעט פּנים. דער דזשענטלמען האָט אויסגעמאָסטן דעם סטודענט מיט איין קוק פֿון אויבן ביז אַראָפּ, צוגענומען בײַ אים דעם רעקטאָרס קאַרטל, אַרײַנגעפֿירט אים אין אַ פּראַכטיקן וועסטיביול, געבעטן אים צוּוואַרטן און אַליין איז דער דזשענטלמען ווי לאַנג ער איז אַרויפֿגעלאָפֿן אויף ברייטע קײַלעכדיקע טרעפּ און פֿאַרשוווּנדן געוואָרן אויף עטלעכע מינוט, און דער סטודענט האָט דערווײַל צײַט געהאַט אַרומקוקן זיך, ווי ער געפֿינט זיך, באַטראַכטן דעם זעלטן שיינעם וועסטיביול, די גלענצנדיקע זײַלן פֿון געלן מאַרמאָר, די געמאָלטע הויכע גלעזערנע סטעליע, דאָס רײַכע מעבל, די טײַערע בילדער, וואָס אויף די ווענט, די בראָנזענע און מאַרמאָרנע סטאַטועס, די ביכער, זשורנאַלן און אילוסטראַציעס אין די טײַערסטע בונדן, וואָס אויפֿן טיש, און די אַלע איבעריקע שיינע זאַכן און אַנטיקלעך. און וואָס אים האָט איבעראַשט — איז ניט די רײַכקײַט, ניט דער פּראַכט און גלאַנץ פֿונעם דאָזיקן אינטעריִער, נאָר די ראַכוועס, די ברייטקײַט, די פֿעסטקײַט און באַקוועמלעכקײַט. וואָס דאָ איז, די שטילקײַט און די רויִקײַט און דערהויפּט דער באַוואָרנטער זיכערער גײַסט, וואָס שוועבט דאָ אין דער לופֿט און וואָס זאָגט אײַך, אַז די באַלעבאַטים באַדאַרפֿן זיך דאָ פֿילן ניט נאָר אָנגענעם און באַקוועם, נאָר זיכער און פֿעסט און היימיש. בײַ זיך אין דער אייגענער היים... דאָס איז אַזאַ מין געפֿיל, וואָס פֿאַרשטיין קאָן דאָס נאָר אַ ייִד. וואָרעם ווי רײַך דער ייִד זאָל ניט זײַן, ווי פֿעסט ער זאָל זיך ניט באַזעצן, ווי ברייט ער זאָל זיך ניט צעוואַרפֿן, ווי שרײַענדיק ער זאָל זיך ניט אַרומשטעלן, מוז זיך פֿילן, אַז ער איז אַ גאַסט, אַז ער זיצט אין אַ האָטעל, אין אַ צײַטווײַליקער אַכסאַניע, וואָס אויב ניט ער, נאָר זײַנע קינדער אָדער אין בעסטן פֿאַל זײַנע קינדס קינדער — גאָט ווייסט, ווו זיי וועלן זײַן...

— פּאָקטיסט פּעדאָסייִטש בעטן אײַך צו זיך, — האָט אים דער געגאָלטער דזשענטלמען איבערגעריסן די געדאַנקען און אַרויסגעפֿירט אויף די ברייטע געלע מאַרמאָר־טרעפּ אַרויף, דורכגעפֿירט דורך אַ גאַנצער ריי שפּיגלדיקע קאָדאָרים, איינער גרעסער און ברייטער און שענער און רײַכער פֿונעם אַנדערן, און אַרײַנגעלאָזט אין אַ ברייטן גערמען גרויסאַרטיק צוגעקליבענעם קאַבינעט, אויסגעבעטעט מיט די טײַערסטע טעפּיכער און ווייכע דיוואַנעס, אַזוי אַז מע הערט ניט די אייגענע טריט.

דאָס ערשטע, וואָס אים האָט זיך געוואָרפֿן אין די אויגן אַרײַן, איז געווען דער גרויסער גלאַטער שטאָלקאַלירענער הונט, וואָס איז געלעגן אויסגעצויגן, אײַנגענאָרעט די כּײנעוודיקע מאָרדע אין די פֿאָדערשטע לאַפּעס אינמיטן קאַבינעט אויף דער ערד, געדרעמלט נאָר אויף איין אויג, און דאָס אַנדערע אויג, אַ רויטס און אַ זודיקס, האָט מעלאַנכאָליש בייז געפֿײַערט אויף דעם אַרײַנגעקומענעם אומבאַקאַנטן פּאַרשוין, אַפּאָנעם כּיישעק געהאַט אים אויפֿנעמען עפּעס ניט אַזוי יאַמטעוודיק, ווי עס פּאַסט פֿאַר אַ גאַסט אַ סטודענט מיט אַזאַ רעקאָמענדאַציע און מיט אַזעלכע זכוּס־אָוועס... דאָס האָט מען באַלד געקאָנט פֿאַרשטיין נאָכן מאָדנעם בורטשען אָדער ברומען, וואָס האָט זיך אַרויסגעריסן פֿונעם דאָזיקן קעלעוווס האַלדז, עפּעס אַ מין „הר־ר־ר־ר־ר", וואָס איז עפּשער געווען ניט מער ווי אַ היימישער אופֿנאַם: „באָרעך־האַבאָ אַ ייִד, סקאָצל קומט, פֿונוואַנען האָט איר זיך גענומען?.."

דער אַרײַנגעקומענער גאַסט האָט דאָס אָבער אַנדערש אויסגעטײַטשט און ס'איז אים פּאַרכע נישמאָסוי געוואָרן. מיר שעמען זיך גאָר ניט און זאָגן אַרויס גאַנץ אָפֿנטלעך, אַז אונדזער צוויי־טער העלד, גרישאַ פּאָפּאָוו, אייגנטלעך הערשל ראַבינאָוויטש, האָט געקאַרשנט פֿון זײַנע אור־אור־עלטערן אַ ניט־פֿאַרשטענדלעכע סינע, אָדער בעסער געזאָגט, אַ שרעקלעכע מוירע פֿאַר אַ הונט...

פונוואנען דאס נעמט זיך — ווייסן מיר ניט. עפשער נעמט זיך עס דערפון, וואס זיינע עלטער־עלטערזיידעס, די אלטע ראבינאוויטשעס, זיינען געווען פריצישע ייִדן, וואס האבן באדינט דעם פאריץ, און דער פאריץ פלעגט זיך איבער זיי לוסטיק מאכן, אגרייצן די הינט, ביז דער ייִד איז געקומען אין „הויף" אריין, ניט, באלילע, מיט דעם מיין, אז די הינט זאלן צערייסן דעם ייִדן, נאר גלאט אזוי, די יאסנאוועלמאזשנע געסט זאלן קוקן פונעם גאנעק ארויס און א ביסל לאכן...

דאס איז אבער ניט מער ווי א השערה. מיר ווילן ניט אריינלאזן זיך אין אזעלכע ווייטע חקירות. מיר לאזן דאס איבער פאר די, וואס פארנעמען זיך מיט אזעלכע זאכן, זיי וועלן דאס שוין מיסטאמע פארענטפערן ווי עס געהער צו זיין. איך וויל נאר באשטעטיקן א פאקט, אז אונדזער הערשל פאפאוו האט ניט ליב קיין הונט. ער גייט, פארשטייט איר מיך, מיט דעם גאנג, וואס אלע זיינע גלויבנס־גענאסן, אז א הונט איז מער ניט ווי א הונט און פארלאזן זיך אויף זיין הינטישן יושער איז ניט קדײַ... דעריבער איז ער באם אריינטרעטן אין קאבינעט געבליבן שטיין א ווײַלע און געקוקט מיט איין אויג אפן באלעבאס, וואס איז געזעסן איבערגעדעקט מיט א בלאט־צייטונג טיף אין א ווינקל און מיטן אנדערן אויג האט ער שטארק אין זינען געהאט דעם קעלעוו שעבע־קלאווים, וואס האט זיך נאך אלץ געיישעוועט, וואס פאר א קאבאלעס־פאנעם ער זאל אפגעבן דעם האלב אריינגעקומענעם גאסט. נאר דא האט זיך אריינגעמישט דער באלעבאס און האט א שמועס געגעבן צום הונט אויף דער דייטשישער שפראך:

— גליוק! בלייבסט רויק!

פארוואס קומט דעם הונט, מע זאל מיט אים רעדן אויף דייטש — בלייבט א קאשע. נאר דאס איז א פאקט, אז ווייבאלד ער האט דערהערט פונעם באלעבאס די דאזיקע דריי ווערטער, אזוי איז דער הינט געווארן גאר אן אנדער הונט. דאס הייסט, דאס אפענע רויטע אויג האט אים נאך גענוג געפייערט אפן אריינגעקומענעם יונגנמאן, נאר עס האט אויפגעהערט בא אים צו בורטשען און צו כארכלען. ער האט זיך באלעקט, דורכגעלאזט דעם גאסט פארביי זיך און אליין געבליבן ליגן אויף זיין ארט רויק און שטיל, ווי איינער רעדט: „איצטיקס מאל בענטש גוימל, שפעטער וועלן מיר זען..."

דער באלעבאס האט דערווײַל אפגעלייגט דאס בלאט אויף א זייט, עטוואס אויפגעהויבן זיך אינעם גרויסן ברייטן פאטעל, וווּ ער איז געזעסן, אויסגעצויגן דעם אריינגעקומענעם א גרויסע ברייטע ווייסע האנט, צוגעצויגן אים צו זיך, אנגעוויזן אים אויף א שטול גאנץ נאענט נעבן זיך און אליין אויך אוועקגעזעצט זיך און זייער פריינטלעך פארבונדן מיטן סטודענט דעם ערשטן שמועס, אין דא האט דער סטודענט געהאט א געלעגנהייט צו באטראכטן דעם באלעבאס פונדערנאענט.

דאס איז געווען א פארשוין א מעגושעמדיק גרויסער, שוין צו א גרויסער, צו א שווערער, זייער ניט קיין רירעוודיקער, נאר בא אלעם דעם א זייער אנגענעמער, א סימפאטישער. ניט קוקנדיק דערויף, וואס דאס פאנעם איז בא אים מעגושעמדיק ניט שיין, די באקן ווי געשוואלן, די באָרד ווי צעשמיסן רעכטס און לינקס, און דערצו האט ער ציין אזעלכע, וואס זעען אויס גלייך ווי מע האט זיי ארויסגענומען און צוריק אריינגעשטעלט, נאר ניט אויף זייערע ערטער, פונדעסטוועגן האט אט דער מענטש אין זיך עפעס אזעלכס, וואס אז ער רעדט נאר ארויס די ערשטע עטלעכע ווערטער, אזוי קויפט ער אייך אוועק און איר באקומט אים ליב — איר ווייסט ניט פארוואס. איר פילט פאר זיך א מענטשן, וואס בא זיין גאנצן רייכטום און גרויסקייט איז ער בא זיך פראסט און קליין ווי א קינד. הײַנט זיין אופריכטיקייט און אפנטלעכקייט! וואס אויף דער לונג, דאס אויף דער צונג. און איבער דעם — א ברייט הארץ, א ברייטע נעשאמע, א ברייטע האנט. דאס אלץ איז צו באמערקן גלייך, פון דער ערשטער מינוט אן, וואס איר ווערט מיט אים באקאנט. דעם סטודענט פאפאוו האט ער, מעג מען זאגן, פארקישעפט מיט זיין גוטסקייט, וואס ער האט צו אים ארויסבאוויזן. עס ווייזט אויס, אז דער סטודענט האט אפן באלעבאס פונעם דאזיקן הויז אויך געמאכט דעם בעסטן איינדרוק, ווארעם ער האט ניט געמאכט מיט אים קיין לאנגע מאכזויקעס, ניט געפירט קיין לאנגע געשפרעכן, ניט וועגן דעם, וויפל שא אין טאג ער דארף לערנען מיט זיינע קינדער, ניט וועגן דעם, וויפל ער באקומט דערפאר געצאלטס. ער האט אים גאנץ אופריכטיק געזאגט, אז ווייבאלד אזא מענטש, ווי מיכאל מיכאליטש (דער נאמען פונעם רעקטאר) גאראנטירט פאר אים, פאר פאפאוון, רעכנט ער פאר איבעריק אלע ווייטערע רעדעניש, ביפראט אז איצט איז די צייט פון טיי טרינקען און מע דארף גיין צום טיש.

בא די דאזיקע ווערטער האט זיך דער מעגושעמדיקער באלעבאס אויפגעהויבן פון זיין שווערן טיפן פאטעל, גענומען דעם רעפעטיטאר אונטער דער האנט און געלאזט זיך מיט אים גיין צום טיש. פארשטייט זיך, אז פאר די פיס האט זיך געפלאנטערט אלץ דער אייגענער קעלעוו שעבע־קלאווים, וואס האט שטענדיק אויף זיינע הויכע ראגלאים אויסגעזען בא פאפאוון אין די אויגן ווי אן עמעסע כייע. און דערצו האט זיך דער דאזיקער כייע פארוואלט ארומשמעקן דעם נייעם רע־

פעטיטאַר פון אַלע זײַטן, געוווּר וווּרן, מיט וואָס שמעקט ער. האָט ער אים מעכאַניש געוויזן מיט זײַן נאַסער קאַלטער מאָרדע אין בײדע הענט, כײשעק געהאַט אים אַרײַנשטופּן די קאַלטע נאַסע מאָרדע אויך אין פּאָנעם אַרײַן, האָט אים דער באַלעבאָס א ווינק געגעבן ווידעראַמאָל אױף דײַטש:

— גליוק, בלײַבסט רויק...

באַם טיש איז שוין געווען די גאַנצע פאַמיליע, און באַם נײַעם רעפּעטיטאָר, וועלכן דער באַלעבאָס האָט פאָרגעשטעלט פאַר זײַנע בנײ־בײתס, האָט זיך אויש דער קאָפּ פאַרדרייט. אַזויפיל פאַרשיידענע פּנעמער האָט ער פאַר זיך דערזען און אַזויפיל פאַרשיידענע נעמען האָט ער דאָ דערהערט. נאָר פון אַלע פּנעמער האָט אים איבעראַשט איין פּאָנעם. דאָס איז געווען די באַלעבאָסטע פונעם הויז, א בילד־שײנע פרוי מיט אַזעלכע אויגן, וואָס אַז מע באַגעגנט זיי איין מאָל, פאַלעמען זיי זיך נאָכדעם דאָס גאַנצע לעבן. נאַדיעזשדאַ פּיאָדאָראָוונאַ האָט ער זיך אײַנגעמאָערט גוט, ער זאָל ניט פאַרגעסן איר נאָמען, וואָרעם די נעמען פון די אַלע איבעריקע, וואָס באַם טיש, זײַנען אים גלײַך אין איין אויער אַרײַן, פונעם אַנדערן אַרויס. פון אַלע אַנדערע נעמען האָט ער געדענקט אויך פעטיאַ און סעריאָזשאַ — דאָס זײַנען זײַנע נײַע תלמידים. אײנער איז אין דעם ערשטן, דער אַנדערער אין דעם דריטן קלאַס. און ווײַטער גײען אַזעלכע נעמען ווי מסיע דיובאַ — א פראַנצויזישער לערער, א פראַנט מיט א בלאַס פּאָנעם, מיט שוואַרצע אויגן און מיט אַזעלכע מוירעדיקע פאַרדרייטע וואָנצעס, וואָס זינט די וועלט שטייט און מענטשן דרייען וואָנצעס האָט נאָך קײנער אין ערגעץ אַזוי קונציק די וואָנצעס ניט פאַרדרייט. נאָך אים גייט הער פריש — א דײַטש מיט גרויע אויגן און מיט אַזויפיל סאָמד־פאַרב אין די באַקן, אַז עס וואָלט געקלעקט פאַר דרײַ דאַמען, זיי זאָלן פאַרשפּאָרן פאַרב אױף צו פאַרבן זיך. נאָכן דײַטש גייט א מיס טאָקטאָן — אַן ענגלענדערין מיט פּירעקעכיקע מאַנירן. און ווײַטער גייט א גאַנצע ראַיע פון רוסישע נעמען, זאַכרימשע און נעקייזישע, וואָס פּאַפּאָוו האָט זיי אַפילע ניט אין זינען געהאַט צו געדענקען. ער איז נאָר געווען נײַגעריק צו וויסן, ניט שוין זשע וועט קומען א צײַט, וואָס ער וועט האָבן אויסגעלערנט די דאָזיקע אַלע נעמען אױף אויסווייניק, אַזוי אַז ער זאָל כאַלילע קיין טאָעס ניט האָבן און ניט פאַרפּלאָנטערן זיך?..

* * *

דעם זעלבן אָפּדערנאָכט איז אונדזער פּאַפּאָוו־ראַבינאָוויטש געזעסן בײַ זיך אין א שײן צוגעקליבן צימערל און האָט געשריבן צוויי בריוו. איין בריוו צו זײַן פאָטער, וועלכן ער האָט אָפּגעטאָקט צוויי גרויסע קײַלעכדיקע ליגנס: אַז גאָט האָט אים צוגעשיקט אַן אורוק, צוויי אוראָקן, אין צוויי רײַכע יידישע הײַזער, און ער האָפט, אַז ער וועט פונעם ערשטן כודעש אָן שוין קאָנען אָפּשפּאָרן א היפּשע פּוּטעקע און צושיקן אַהיים אױף דער רעכענונג פון זײַן כויוו, וואָס ער איז שולדיק דעם פאָטער. און וואָס איז שײַך צו זײַן אַרײַנטרעטן אין אוניווערסיטעט — וועט ער ערשט קאָנען שרײַבן, אימירצעהאַשעם, נאָך שאָבעס, וואָרעם מע ווייסט נאָך ניט, וואָס וועט זײַן מיט די פּראָצענטן...

דער צווייטער בריוו איז געגאַנגען, איבעיעם מיטן אויבן־אָנגעשריבענעם, צו זײַן כאַווער, צום עמעסן פּאַפּאָוון, וואָס אין דער שטאָט פון דער „טשערטאַ", פאַר וועלכן ער האָט אויפגעדעקט דאָס גאַנצע האַרץ, אַרויסגעשריבן דעם גאַנצן עמעס, וויאַזוי ער האָט זיך אַרײַנגעכאַפּט אין די הויכע פענצטער דורך דעם, וואָס ער האָט אויסגענוצט ניט־ווילנדיק זײַן כאַווערס נאָמען און עס גייט אים דעריבער ניט אײַן. ער פילט זיך, גלײַך ווי ער וואָלט עמעצן באַגאַזלעט... נאָר פאַרפאַלן. עס האָט זיך פון זיך אַליין אַזוי געמאַכט, ער איז אין דעם ניט שולדיק... און אויסגעלאָזט האָט ער דעם בריוו מיט די דאָזיקע ווערטער: — — —

„— — — און שרײַב מיר, וואָס הערט זיך מיט דיר. צי ביסטו שוין אַרײַן, צי נאָך ניט? איך באַדאַרף עס וויסן פאַר מײַן פאָטער, איך זאָל אויפהערן פּלאָנטערן מיט דער צונג און אויסטראַכטן אַלעמאָל א נײַעם פּיזמען. איך שווים שוין אַזוי אויך ביזן האַלדז אין ליגנס... נאָר איך באַקלאָג מיך ניט. האַלעווײַ, טײַערער גרישאַ, ס'זאָל דיר ניט גײן ערגער, ווי מיר גייט עס אין דעם ערשטן אַרײַנטריט פון אונדזער וווּנדערלעכן שפּאַס, און האַלעווײַ, ריבוינעשעלוילעם, דו זאָלסט כאַלילע קיין כאַראָטע ניט האָבן אױף דײַן ראָל, וואָס דו האָסט זיך אונטערגענומען צו שפּילן אין דער דאָזיקער קאָמעדיע, וואָס מיר האָבן זיך אָפּירגעטומען... אױף זיך מעג איך בעווויִעס זאָגן, אַז איך וועל, דאַכט מיר, קיין כאַראָטע ניט האָבן, וואָס איך הייס שוין ניט הערשקאָ, נאָר גרישאַ".

אויב די דאָזיקע נעוויִעס פון אונדזער הערשל פּאַפּאָוו איז מעקוייעם געוואָרן, אָדער ניין, — דאָס וועלן מיר באַלד אַרויסזען.

(פאָרזעצונג קומט)

ציייכענונג — הערש אינגער

# סקולפטאָר וואדים
# סידור (1986-1924)



„דענקמאָל די קאָרבאָנעס פון געוואַלט”. 1966, אַליומיני.
די סקולפּטור איז אײַנגעשטעלט אין דער שטאָט קאסעל (מײַרעוו־דײַטשלאַנד)



אן „אָפּעראַציע אפן הארצן", 1965,
אליומיני.



„אלבערט איינשטיינס קאָפּ", 1967,
אליומיני.
די סקולפּטור איז איינגעשטעלט אין
פּשא און מיִרעוו־דײַטשלאַנד.



„ניט געבראכט צו קווורע", 1972,
בראָנזע.



„באבי יאר", 1966, האָלץ.



„אומגעקומענע פון באָמבעס", 1974,
אַליומיני.

„פאַרמולע פון טרויער", 1972,
אַליומיני.



צו אונדזער לעזער

# דאָס לעבן און שאַפונג פון די ייִדישע שריפטשטעלער־קאָרבאָנעס פונעם סטאַלין־טעראָר

## ש. אלעק

(1937 — 1888)

אין אָדעס האָט מען אים גערופן פּאַשעט — כאַווער אלעק. אין ניט נאָר אין אָדעס. דאָס איז געווען אַ באַוווּסטע פּערזענלעכקייט אין די ליטעראַרישע און געזעלשאַפטלעכע קרייזן, און זיין נאָמען פלעג אָפט דערמאָנט ווערן, ווען ס'איז געגאַנגען אַ רייד וועגן ייִדישער ליטעראַטור, זשורנאַליסטיק, לינגוויסטיק.

ש. אלעק איז אין אָנהייב פון די 30־ער יאָרן געווען רעדאַקטאָר פון דער צייטונג „דער אָדעסער אַרבעטער". ער האָט שוין געהאַט אַרויסגעלאָזט עטלעכע פּראָזע־ווערק: „פאַרמעקטע וועגן" (זיכרוינעס פון אַ געוועזענעם אַנאַרכיסט), „אין אַנגלי". דער ערשטער בוך איז דערשינען אין בערדיטשעוו אין 1932, דער צווייטער — אין זעלבן יאָר אין כאַרקאָוו. צו יענער צייט געהערט אויך זיין ביכל פאַרצייכענונגען „טעמפּן" (כאַרקאָוו — קיִעוו), די פּרעכטיקע פאַרצייכענונג „איבערגעבורט (צוויי פּראָצעסן — „דיאַדיאַ וואַניאַ")".

אין נומער 12 פונעם ליטעראַריש־קינסטלערישן זשורנאַל „פּראָליט" פאַרן יאָר 1930 האָבן מיר דורכגעלייענט אַ קאַפּיטל פון ש. אלעקס בוך „פאַרמעקטע וועגן" אונטערן נאָמען „שיינע טראַדיציעס" — אַ הויכקינסטלעריש בילד פון דער צייט, ווען די דייטשן האָבן אָקופּירט אוקראַינע צוזאַמען מיט די פּעטליוראַוצעס און מיט דער


ש. אלעק

איבערגעבורט

(צוויי פּראָצעסן — „דיאַדיאַ וואַניאַ")

צענטראַלפאַרלאַג

1931

צענטראַלער ראַדע. די האַנדלונג קומט פאָר אין אָדעס. מיר ברענגען אַן אויסצוג פונעם קאַפּיטל, כדי געבן אַ פאָרשטעלונג וועגן דעם שרייבערס סטיל:

„די שטאָלענע שטאָט האָט זיך אַ גאַנצע נאַכט געשטיקט און געוואָרגן מיט שיקערע וואַקכאַנאַליע־קוילעס, אויסגעמישטע מיט קלאַנגען פון שפּאָרן און אָפּערעטע־מוזיק.

די נאַכט האָט אַלע טירן פון די רעסטאָראַנען ברייט צעעפנט פאַר די גלאַנציקע קאַסקעס און לאַנגע בלאָנדע וואָנצעס.

— עך, דו, דאָנערוועטער, שפּיל דאָס נאָך איין מאָל! — האָט זיך אַרויסגעריסן פון די באַלויכטענע רעסטאָראַן־זאַלן. די קוילעס זיינען זיך

צעקראַכן און דיך אײַנגעװיקעלט אין בלאָזן סיגאַ־רעטן־רויך.

די הימל־בלויע אויגן פון די אוקראַיִנער דאָ־מעס האָבן געבליצט און געלאַכט... די דײַטשישע אָפיצערן האָבן זיך געפילט גוט, ווי האָבן ליב רוסישן שנאַפּס און רוסישע פרויען".

און אָט איז א בילד, וויאַזוי אין דאָרף איז געקומען דער ערשטער טראַקטאָר (פון דער פאַר־צײַכענונג „איבערגעבורט").

„אין איינעם א פרימאָרגן האָט דאָס דאָרף א ציטער געטאָן. עס האָט זיך דערהערט א מעטאַ־לענער שווערער אָטעם. מיט פאַרכאַפּטן אָטעם איז מען נאָכן טראַקטאָר נאָכגעלאָפן. דער טראַקטאָר האָט גאַנצע לעקעכער פעטע ערד פון אונטער די רעדער ארויסגעשפּיגן. מיט גוואַלדישן רעשן איז ער צום ראַט צוגעפאָרן. אן אײַנגעשפּאַנט פערד האָט זײַן פאָדערשטן האַלבן קערפּער פון די דיש־לעס אויפגעהויבן, פונקט ווי פון שרעק פאַר דער מעטאַלענער כיה".

ש. אַלעק איז געווען א הויך קוואַליפיצירטער רעדאַקטאָר. פאַר דער צײַטונג פלעג ער שרײַבן לייטאַרטיקלען, ליטעראַריש־קריטישע אַרטיקלען, אָפּהאַנדלונגען איבער שפּראַך־פראַגן. ווען אין אָנ־הייב פון די דרײַסיקער יאָרן זײַנען אויפגעקומען פאַרשיידענע פּראָיעקטן צו פאַרפולקומען, מאָדער־ניזירן און אפילו רעפאָרמירן די יידישע שפּראַך, האָט ער, א מענטש אן אָנטשיידענער, זיך ניט באַ־נוגנט מיט אָנטיילנעמען אין די לינגוויסטישע דיס־קוסיעס — ער האָט באַשלאָסן דורכפירן א געוויסע „רעפאָרם" אין דער צײַטונג „אָדעסער אַרבעטער", וועלכע ער האָט רעדאַגירט. דאָס ערשטע, וואָס ער האָט פירגענומען, איז געווען — אַרײַנפירן וואָס מער סלאַוויאַניזמען אין דער שפּראַך.

אויף דער אוקראַיִנישער יידישער שפּראַך־באַראַ־טונג, וועלכע איז פאָרגעקומען דעם 7 — 11 מײַ 1934, איז ש. אַלעקס „רעפאָרם" פאַרורטיילט גע־וואָרן, און אין זײַן ארויסטרעטונג האָט ער אָנערקענט:

„מײַן פעלער איז באַשטאַנען אין דעם, וואָס איך האָב אויף א פּאַרטיזאַנישן קוסטאַרישן אופן אַרײַנגעטראָגן א „רעפאָרמע" אין דער שפּראַך, וואָס עס קאָן אונדז נאָר ברענגען שאָדן..."

אין 1935 האָט מען דעם „אָדעסער אַרבעטער" פאַרמאַכט. אין צוויי יאָר אַרום איז ש. אַלעק אַרעס־טירט געוואָרן, און אַוודאי האָט מען אים דער־מאָנט סײַ די „פאַרמעקטע ווערטער" (דאָס הייסט די פאַרמעקטע ווערטער פון זײַן געזעלשאַפטלעכער טע־טיקייט אלס „אַנאַרכיסט"), סײַ דעם עקספּערימענט מיט דער שפּראַך, כאָטש דער גורל פון יידיש איז ניט געווען קיין פּראָבלעם בײַ די ענקאַווע־דיסטן.

וואָס עס איז ווײַטער פאָרגעקומען מיט ש. אַלעקן, איז געבליבן פאַרנעפּלט. אונדזערע אָנפראַגן בײַ די אָדעסער אַלטע טוישווים האָבן קיין קלאָרקייט ניט אַרײַנגעטראָגן. לויט געוויסע ידיעות, האָט ער זיך דעמאָלט ארויסגעדרייט פון די הענקערס הענט. אָבער אין אָנהייב 1949, ווען מע האָט אַרײַנגעזעצט אין טפיסה אַלע אָדעסער יידישע שרײַבער, איז ש. אַלעק אויך געווען צווישן די רעפּרעסירטע. אומגעקערט האָט ער זיך קיין אָדעס צוזאַמען מיט די לעבנגעבליבענע שריפט־שטעלער נאָכן 20־טן פּאַרטיי־צוזאַמענפאָר, נאָר ער איז געווען פּסיכיש קראַנק און איז גלײַך אַרײַנ־געפאַלן אין א פּסיכיאַטרישן שפּיטאָל. פון דאָרט האָט ער זיך שוין ניט אומגעקערט.

# זעליק אקסעלראָד

(1941 — 1904)

נאָך אין 1924 האָט זעליק אקסעלראָד אָנ־געשריבן א ליד אונטערן נאָמען „צעשאָסענע", אין וועלכער עס זײַנען פאַראַן אַזעלכע שורעס:

גענוען איז גאַס אין ליידיקייט צעגאָסן,
קיינער ניט געזוכט האָט דאָ א וועג...
גאַס האָט ניט געציילט איצט, וויפל שאָסן,
נאָר וויפל נעמען קײַקלען זיך אוועק...

דאָס איז געווען א ליד, געווידמעט די קאָר־באַנעס פונעם ווײַסן טעראָר ערגעץ אויסער די



גרענעצן פונעם לאַנד, חוץ דער דיכטער האָט גע־לעבט. דער יונגער דיכטער האָט באַוויינט די גע־פאַלענע קעמפער, וועלכע האָבן אָפּגעגעבן זייער

לעבן פאר דער רעוואָליוציע. און אין א יאָר ארום האָבן פון אונטער זײַן פען זיך ארויסגעריסן שורעס, אין וועלכע ער האָט זיך אליין געזען צווישן די צעשאָסענע: „...איז אין ערגעץ מײַן וועג דאָרט פארבליבן מיט בלוט אף שניטן פון שטײנער...״

ז. אקסעלראָדס שעפערישער וועג איז אין מעשער פון לאַנגע יאָרן געגאַנגען באַנאַנד מיט דער שאַפונג פון איזי כאריקן, אפילע נאָך פריִער, איידער זיי האָבן אָנגעהויבן צוזאמען ארבעטן אין מינסק. אין 1922 איז אין דער הויפּטשטאָט פון ווײַסרוסלאַנד דערשינען כאריקס ערשטע לידערזאמלונג „ציטער״, און אין דעם זעלבן יאָר איז אין דער זעלבער שטאָט ארויס אקסעלראָדס ערשטלינג „צאַפּל״. ביידע האָבן זיי אין איין צײַט זיך אָנגעהויבן לערנען אין מאָסקווער ליטעראַרישן בריוסאָוו־אינסטיטוט, ביידע געאַרבעט באַנאַנד אינעם מינסקער זשורנאַל „שטערן״, און בלויז איזי כאריקס ארעסט אין 1937 האָט זיי צעשיידט.

געבוירן געוואָרן איז זעליק אקסעלראָד אין מאָלאָדעטשנע דעם 30־טן דעקאַבער 1904, און אין סאמע ברען פון דער ערשטער וועלט־מילכאָמע, ווען טויזנטער יידישע מישפּאָכעס זײַנען פון די מײַרעוו־געגנטן ארויסגעשיקט געוואָרן קיין טיף רוסלאַנד, איז ער צוזאמען מיט די עלטערן אָנגעקומען קיין טאַמבאָוו. בא דעם עלפיאָריקן ייִנגל האָט זיך אײַנגעקריצט טיף אין הארצן דער רוסישער פייזאַזש מיט די בלענדיקע שנייען. שפּעטער וועט אין דער שאַפונג פונעם דיכטער דער שנייאַפּגלאַנץ ווערן די ליכטיקסטע פארב מיט איר זויבערקײַט און ריינקײַט.

ז. אקסעלראָד האָט נאָכן דינינקן ביכעלע „צאַפּל״ ארויסגעלאָזט עטלעכע גרעסערע לידערזאמלונגען — „לידער״ (1932), „און ווידער לידער״ (1935), „אויג אף אויג״ (1937), „לידער״ (1938). די קריטיק שאַצט הויך אָפּ דעם דיכטערס שאַפונג, כאָטש אין די דאָזיקע אָפּשאַצונגען פעלן ניט קיין באַשולדיקונגען אין יערידע־שטימונגען, אינדיווידואליזם, „סאָציאַלער געבראָכנקײַט״. אלע קריטיקער מערקן אָפּ, אז אקסעלראָד איז א מײַסטער פון צאַרטער, לײַדנשאַפטלעכער ליריק. און נאָך איין שטריך אין זײַן ליריק באַטאָנט מען — דיכטערישע אופריכטיקײַט, צאַפּלדיקע דערהויבנקײַט.

אין מינסק ווייסט מען ז. אקסעלראָדן אויך ווי א זאָרגזאמען דערציִער פון יונגע שרײַבער און א הארציקן מענטשן. גאַנצע טעג פלעג ער, אלס רעדאַקטאָר, זיצן איבער פרעמדע מאַנוסקריפּטן, געבן א וועג פאר די קסאַוויאָדן פון אנדערע דיכטער.

ווען די סאָוועטישע ארמיי האָט באַפרײַט מיזרעוו־ווײַסרוסלאַנד, איז ער איינער פון די ערשטע צווישן די מינסקער ליטעראַטן געקומען קיין ביאַליסטאָק, דערנאָך קיין ווילנע, וו ער האָט זיך גלײַך אָנגעשלאָסן אין דער רעדאַקציאָנעלער ארבעט פון די נײַע סאָוועטישע יידישע אויסגאַבעס. אינגיכן האָט מען אים ארעסטירט, באַשולדיקנדיק אין „יידישן נאַציאָנאַליזם״. די מינסקער און מאָסקווער פרײַנט פרווון אים ארויסראַטעווען פון די ראַצכישע הענט. די שרײַבערן ריווקע רובין, זעליק אקסעלראָדס שוועגערן, האָט נאָך אין אָנהייב פון די 60־ער יאָרן דערציילט אין „סאָוועטיש היימלאַנד״:

„...די ערשטע טעג פון דער מילכאָמע. די מאָסקווער גאַסן זײַנען שוין פאַרטונקלט, און מאַרקיש, א צעדרודערטער, אַן אופגעבדויזטער, פירט מיך צו זײַן פרײַנט, דעם באַוווּסטן אדוואָקאַט טרײַנין... אָ, ווי אופריכטיק מאַרקיש האָט געוואָלט ארויסראַטעווען זעליק אקסעלראָדן פון די פאַרברעכערישע הענט, אין וועלכע ער איז ארײַנגעפאַלן. דרייסט און מעסירעסנעפעשדיק האָט זיך מאַרקיש ארײַנגעטאָן אין דעם איניען — ער און דער קריטיקער ארן גורשטיין, וואָס האָט מיט אזוי פיל ליבע אין 1936 יאָר צוגעגרייט די רוסישע אויסגאַבע פון אקסעלראָדס לידער. גורשטיין איז שוין דאַן ארײַנגעטראָטן אין דער מאָסקווער אָפּאָלטשעניע און האָט פון טאָג צו טאָג געוואַרט, מע זאָל אים אָפּשיקן אפן פראָנט. א גרויסע אָנשטרענגונג צו העלפן האָט אויך געמאַכט איליא ערענבורג, אָבער לײַדער...״

צוזאמען מיט ז. אקסעלראָדן זײַנען אין דער מינסקער טפּיסע געזעסן די יידישע שרײַבער עליע קאַהאַן און הירש בעריאָזקין. אין מינסק האָט זיך שוין געפילט דער אָטעם פון די דײַטשישע כאַיאָלעס, און די אָרטיקע מאַכט האָט באַשלאָסן ארויסלאָזן אף דער פרײַ די אַרעסטירטע. אָבער ווי נאָר זיי זײַנען ארויסגעגאַן פון די טפּיסע־טויערן, האָט לויט א קאָמאַנדע פון די אופזעערס זיך אָנגעהויבן איבער די ארויסגעלאָזטע א שיסערײַ פון קוילנוואַרפערס. עליע קאַהאַן און הירש בעריאָזקין זײַנען אַנטלאָפן בעשאָלעם, ביידע זײַנען זיי גלײַך אוועק אין דער סאָוועטישער ארמיי. זעליק אקסעלראָד איז געבליבן ליגן א טויטער. דאָרט, בא די טפּיסע־טויערן פון דער מינסקער טורמע, איז געשען טאַקע אזוי, ווי דער דיכטער האָט געשריבן אין 1925: „איז... מײַן וועג דאָרט פארבליבן מיט בלוט אף שניטן פון שטײנער...״.

# עליע אַשעראָוויטש

(1937 — 1879)

עליע אַשעראָוויטש איז געווען איינער פון די אָנגעזעענע טוער אין געביט פון ייִדישער געשיכטע, וויסנשאַפט און ליטעראַטור אין פאַרמילכאָמעדיקן ווײַסרוסלאַנד. ער איז געווען דער רעדאַקטאָר און אַן אַקטיווער מיטאַרבעטער פון די מינסקער צײַטונגען „וועקער", „אָקטיאַבער", פון די זשורנאַלן „שטערן", „פּיאָנער", „אַפן וויסנשאַפטלעכן פראָנט". זײַנע אַרטיקלען און רעצענזיעס, וועלכע פלעגן זיך דאָרט דרוקן, האָבן אַרויסגערופן שאַרפע דיסקוסיעס אין די ליטעראַרישע און וויסנשאַפטלעכע קרײַזן. ס'זײַנען באַוווּסט זײַנע אָפּהאַנדלונגען וועגן דער שאַפונג פון אַרן קושנירעוו, יוסעף ראַבין, מ. דאַניעל, איזי כאַריק, זעליק אַקסעלראָד, די שטרײַטן מיט די ליטעראַטור־קריטיקער מוישע ליטוואַקאָוו, כאַצקל דוניעץ, יאַשע בראָנשטיין איבער פראַגן פון מאַרקסיסטישער מעטאָדאָלאָגיע, ירושה און הײַנטצײַטיקייט.

ווען דער ליטעראַריש־קינסטלערישער זשורנאַל „שטערן" (מינסק), אַ מיטגליד פון דער רעדקאָלעגיע פון וועלכן ע. אַשעראָוויטש איז געווען אין משך פון פיל יאָרן, האָט אָפּגעמערקט די ערשטע 5 יאָר פון זײַן דערשײַנען, האָט ע. אַשעראָוויטש פאַרעפנטלעכט אינעם יובליי־נומער (5 — 6 פאַרן 1930) אַן אַרטיקל, ווו ער שרײַבט מיט באַגײַסטערונג:

„דער „שטערן" האָט מיט זײַן עקזיסטענץ, מיט זײַן דערציִונגס־אַרבעט דעמאָנסטרירט ניט נאָר פאַר די אַרבעטער פונעם סאָוועטנפאַרבאַנד, נאָר אויך פאַר די אַרבעטער פון פּוילן, אַמעריקע אונדזערע דערגרייכונגען אַפן קולטור־פראָנט. מיר האָבן באַוויזן, אַז ייִדישע פּראָלעטאַרישע ליטעראַטור אין אַ גרויסן פאַרנעם, אין אַ מלוכעפאַרנעם קאָן זיך ברייט אַנטוויקלען, פאַנאַנדערצווײַגן זיך... און מאַקע דעריבער זײַנען אונדז אַלעמאָל געווען טײַער די יונגע שפּראָצלינגען פון דער פּראָלעטאַרישער ליטעראַטור אין די קאַפּיטאַליסטישע לענדער..."

אין 1932 הייבט אָן אין מינסק צו דערשײַנען די פּעריאָדישע אויסגאַבע פונעם ייִדישן סעקטאָר פון דער ווײַסרוסישער וויסנשאַפט־אַקאַדעמיע „אַפן וויסנשאַפטלעכן פראָנט". עליע אַשעראָוויטש ווערט באַשטימט אַלס רעדאַקטאָר פונעם זשורנאַל. אין דער ערשטער נומער עפנט זיך מיט זײַן אַרטיקל „מאָביליזירן די וויסנשאַפט צו דינסט דעם צווייטן פינפיאָר". דאָס איז אַ פאַרצווײַגטע פּראָגראַם פון אַנטוויקלען די ייִדישע וויסנשאַפט ניט בלויז אין ווײַסרוסלאַנד, נאָר אין גאַנצן לאַנד. און די הויפּט־אויפגאַבע, וואָס עס שטייט פאַר די געלערנטע, שטרײַכט אונטער ע. אַשעראָוויטש, איז „אין משך פונעם צווייטן פינפיאָר אָנשרײַבן די מאַרקסיסטישע געשיכטע פון די ייִדן".

אין אָט דעם געביט ווערט פאַנאַנדערגעוויקלט אַ באַדײַטנדיקע אַרבעט, און ס'איז ניט די שולד פונעם ייִדישן סעקטאָר פון דער ווײַסרוסישער וויסנשאַפט־אַקאַדעמיע, וואָס די אויפגאַבע איז ניט געלייזט געוואָרן. אין 1937 האָט מען אַשעראָוויטשן אַרעסטירט, און זײַן ווײַטערדיקער גורל איז ניט באַוווּסט. מער האָט מען שוין דעם ליטעראַטור־קריטיקער און געלערנטן אין מינסק ניט געזען — זײַן גורל, קאָן מען זיך משער זײַן, איז געווען דער זעלבער, ווי בײַ אַ סך אַנדערע ייִדישע און ניט־ייִדישע ליטעראַטן און קולטור־טוער.

עליע אַשעראָוויטש איז געבוירן געוואָרן אין פּאַניעוועזש, ליטע, אין אַן אַרבעטער־משפּחה, ער איז אויך געווען אַן אַרבעטער, שפּעטער — אַ לערער. אין אָנהייב פונעם הײַנטיקן יאָרהונדערט האָט ער זיך אָנגעשלאָסן אין דער רעוואָלוציאָנערער באַוועגונג, און צו יענער צײַט געהערן אויך זײַנע ערשטע טריט אין דער פּובליציסטיק. צוערשט איז ער געווען אַ בונדאָוועץ, נאָר אין 1919 אַרײַנגעטראָטן אין דער קאָמוניסטישער פּאַרטיי. עטלעכע מאָל האָט מען אים אויסגעוויילט אין צענטראַל־קאָמיטעט פון דער קאָמוניסטישער פּאַרטיי פון ווײַסרוסלאַנד.

אין אויגוסט 1937 פאַרשווינדט ע. אַשעראָוויטשעס נאָמען פון דער ליטעראַרישער און געזעלשאַפטלעכער פּרעסע. זײַנע ווערק זײַנען צעוואָרפן אין פאַרשיידענע אויסגאַבעס, אַרויסגעבן אַ בוך האָט ער ניט באַוויזן. זײַן נאָמען אָבער טאָר ניט פאַרגעסן ווערן — אין דער געשיכטע פון דער ייִדישער ליטעראַטור און פּובליציסטיק פאַרנעמט ער זײַן אייגן אָרט.



דעם מעמאָריאַל־אָפּטייל פירט
כאַים בײדער

# לידער, אָנגעשריבענע אין די טעג, ווען מע האָט מיך אויסגעשלאָסן פון דער פּאַרטיי

זוכנדיק אין מײַן היימישן ארכיוו מאטעריאלן פאר א נײַעם אָפּקלײַב פון די „נאָטיצן אָן א סיידער", וועלכע איך פארעפנטלעך פון צײַט צו צײַט, האָב איך זיך אָנגעשטויסן אף א העפטל, וואָס כ'האָב צוריק מיט פיל יאָרן איבערגעלאָזט פארן „שטוב־שופלאָד" און מער צו דעם זיך ניט צוגערירט. „לידער, אָנגעשריבענע אין די טעג, ווען מע האָט מיך אויסגעשלאָסן פון דער פּאַר־טיי און פונעם ״שרײַבער־פאריין" — אזא ניט־געוויינלעך קעפּל האָב איך דורכגעלייענט איבער דעם ארײַנגעשריבענעם אינעם העפטל פּאָעטישן ציקל. פאר די אויגן האָבן זיך א שטעל געטאָן די שרעקלעכע געשעענישן פון דעקאבער 1952 — פעווראל 1953, ווען דאָס גאנצע לעבן מײַנס האָט געקראכט און דאָס הארץ איז פארפלייצט געווען מיט פּײַנלעכע דערוואַרטונגען.

## I

### מאָרד

דער ברונעם איז פארשטאָפּט מיט מענטש־געדראנג,<br>
מ'האָט זיי, אזוי ווי מיך, אוי־וויי, געמאסערט.<br>
איך הענג איבערן ברונעם שוין פון לאנג,<br>
מע וועט מיך באלד אראָפּלאָזן אין וואסער.

7. 12. 1952

## II

### שכיינים

מײַן לעבן האָט קיין פענצטער און קיין טירן,<br>
די ווענט זײַנען צערוקט, ניטאָ קיין דאך.<br>
ווען כ'האָב געזאָגט, אז דאַרט כ'באַהאלט מײַן צירונג,<br>
די גוטע שכיינים האָבן זיך צעלאכט.

ווי דען, זײַט מויכל, אזא אָרט געפינען<br>
צו היטן דאָס, וואָס מיר, בלויז מיר געהער.

איך בין אליין פֿון לעבן מײַנס דער זיגער,
פֿאַר מײַנע פּלאַנצן כ'בין אליין די ערד.

די גוטע שכנים האָבן זיך געוואַקלט,
צי קענגשטעלן כ'וויל זיך ניט דער פּײַן.
זיי וועלן דאָך מײַן גאַנצן האַקל־פּאַקל
אַרײַנכאַפּן צו זיך, ווען כ'וועל ניט זײַן.

זיי רעדן שוין אַרום די זאַך אָן מוירע,
און איך באַהאַלט דאָס צירונג מײַנס און שווײַג.
איך לייג אַוועק איין האַנט מיר אויף דער טירע
און מיט דער צווייטער ווײַז איך זיי א פֿײַג.

1952 .12 .11

## III

## שווינדלער

זאָגט, וואָס האָט געטראָפֿן, וואָס פֿאַרלאָפֿן,
ווער פֿאַרשטערט האָט אונדז די פֿרייד פֿון זיג?
בעסער וואָלט מיך שוין א קויל געטראָפֿן,
בעסער כ'וואָלט פֿאַרבליבן אינעם קריג.
ס'האָט א שווינדלער אונדז פֿאַרשפּילט אין קאָרטן.
הערט זיך אויף צו קריגן נאָכן קריג!
בעסער שוין וואָלט איך געבליבן דאָרטן,
בעסער זיך ניט אומגעקערט צוריק.

1952 .12 .18

## IV

## אין דער עלעקטריטשקע

אין וואַגאָן איז פֿריילעך, יעדער איז א מיילעך.
וואָס עס גלוסט דעם האַרץ זיך, זינגט מען און מע רעדט.
און נאָר איך, דער געלער אין א מאָדנע היילעך,
פֿאָר אָן א בילעט.

שעפּטשעט מיר מײַן גוירל: „זאָלסט זיך ניט דערוועגן...
זיץ און שווײַג, און גאָר...“
כ'זע — די טיר זיך עפֿנט מיט א קנאַק אַנטקעגן,
ס'גייט א קאָנטראָליאָר!

האַלט איך אײַן דעם אָטעם, טיף אין זיך פֿאַרוק זיך,
קיין בילעט כ'האָב ניט...
נאָר דער קאָנטראָליאָר פֿרעגט באַם וואַגאָן מיט רוגזע:
— ווער איז דאָ א ייִד?

1952 .12 .18

## V

## ניטאָ קיין זין

דו, מענטש פון אַ גרויסער שליכעס
מיט רעוואָליוציאָנערן דראַנג.
דו, גײַסט פון פֿאַרשײַטע וויכערס,
וואָס מאָלאָכן ברעכט מיט געדאַנק, —
צעבייזלער דו ביסט געוואָרן
אַ שרײַפֿעלע אין דער מאַשין,
און מער שוין קיין מענטש, נאָר אַ וואָרעם —
זאָג, ווו זשע איז דאָ דער זין?

19. 12. 1952

## VI

## אַ טרייסט

די פרוכט פֿאַרליוט איר טאַם, ווען ס׳נעמט אַ פֿראָסט —
ווי ראָסל פֿאַראַיאָריקער, זי ווערט אַלץ זויערער.
די טאַטעס האָבן אופגעטאָן אין זייער לעבן דאָס,
אין וואָס עס גלייבן ניט די קינדער זייערע.

און איר ניט זוכט, ווער ס׳איז גערעכט, ווער ניט גערעכט,
פֿאַראַן אין דעם, איך ווייס, אַ טרייסט אַ שטענדיקע —
ס׳האָט פֿאַר די קינדער גאָרנישט ניט די ווערט
דאָס, וואָס מיט קאָוועד וועלן אייניקלעך פֿאַרענדיקן.

27. 12. 1952

## VII

## אָן אַ צונג

כ׳האָב איין מאָל ניט געדענקט, אַז כ׳בין אַ ייִד,
געזאָגט — איך בין אַ מענטש, און גייט צום שעד,
האָט עמעץ גלײַך דעם צונג מיר אָפּגעבריט,
און איצט איך קאָן ניט ריידן, ס׳איז שוין שפּעט,
ס׳איז שפּעט, איך בין אַ שטומער, אָן אַ צונג,
און כ׳בין אַן אַלטער ייִד, כאָטש זייער יונג.

29. 12. 1952

## VIII

## טרײַשאַפט צו די אָוועס

יאָ, מײַן זיידע האָט אין שול געדאַוונט
און מײַן טאַטע האָט דעם ראָוו געטרויט.
עפּשער ווייסט איר, ווען כ׳האָב באַוווּלט,
עפּשער גאָר אַ מענטשן כ׳האָב געטויט?

ניין, געמאַסערט האָב איך ניט דעם טאַטן,
ניט פֿאַרלאָשן כ'האָב דעם ווידנס ליכט.
עפּשער ווייסט איר, ווען כ'האָב פֿאַראַטן?
עפּשער ווייסט איר, ווען כ'האָב פֿאַרפֿירט?

יאָ, מײַן לאָשן האָב איך ניט געביטן,
ניט גענומען זיך אַ צווייטע שפּראַך.
אויב פֿון דעם דאָס לעבן ווערט אײַך ביטער,
ווײַל איך אײַך ניט אָנטרויען די מאַכט.

29. 12. 1952

## IX

## דער פּאַכדן

אין דער מאַכנע פֿון די קרײַצלער כ'הער אַ קאַרעוו אויף מיר שרײַען,
און די מאַמע בעט: זײַ מויכל... פֿאַר דער גרויסער זינד פֿאַרצײַ אים...
נעם ניט אָן ווי אַן אַבידע, ווי אַ קלאַפּ, מאַסוועכאַלילע,
ער איז נעבעך שוואַך, מײַן פּאַכדן, און ס'איז זשאַלקע זײַן רעכילעס...

6. 01. 1953

## X

## זיי און איך

אויך זיי פֿון דער מילכאָמע זײַנען אָנגעקומען,
נאָר איך —
אין שלאַכט די שוווע האָב פֿאַרטײַטשט,
און זיי —
געקוקט אינעם שפּאַקטיוו דעם קרומען,
צי כ'גיי ניט פֿון אַקאַפּ זיך שושקען מיטן דײַטש.

אויך זיי נאָך דער מילכאָמע פֿונעם זיג פֿאַרזוכן,
נאָר איך —
אין מי אין שווערער פּאַרע זיך געוווינט,
און זיי —
מיט כשאַד זיי נישטערן און זוכן,
צי כ'טראָג ניט אָפּ מײַן לאַנד אין קויש אַרײַן צום דזשאָינט.
מע טײַנעט שוין אין שטאַט:
ס'איז גרייט דער עשאַפּאַט.

11. 01. 1953

## XI

## צום טײַוול!

כ'האָב דערווײַל נאָך פֿרײַנט: אווראָם און פּײַוול,
הערשל־אומגליק און נעכאָמע־גליק.
איך בין פֿול מיט אָטעם, ווי אַ פֿײַפֿל,
איך בין פֿול מיט סוידעס, ווי אַ סמיק.

צווישן מענטשן האָט מען מיך געהאַלטן
פֿאַר אַזאַ און פֿאַר אַזאַ און פֿאַר אַזאַ,
און איך האָב פֿון קיינעם ניט באַהאַלטן,
אַז מײַן לעבן פֿול איז מיט אַזאַרט.
ס'איז ניט שווער, איר קאָנט זיך אויך דערוועגן
איבערפֿירן זיך אויף פֿיסנע ברויט.
פֿאַר אַן אַלעפֿי שטעל איך אײַן דאָס לעבן,
פֿאַר אַ בייס פֿאַרגעס איך אינעם טויט.
יאָגט דער שטראָם אין מאָסקווע־טײַך. צום טײַוול!
כ'שטיי און קוק אַראָפּ פֿון הויכער בריק.
לאָמיר ווײַטער בלאָזן אינעם פֿײַפֿל,
לאָמיר ווײַטער פֿירן מיטן סמיק.

1953 .01 .19

XII

# פּראָצעסיע

איך גיב אײַך אָפּ וואָס נאָר איר ווילט,
דעם גלויבן טשעפּעט ניט, גזלנים!
אין טאַלעס הייליקן פֿאַרהילט,
מײַן קאָל קערט אום זיך צו דעם נאָווי.
און איך אַליין גיי אויבנאָן
אין דער פּראָצעסיע פֿון קדושים,
פֿאַרוויקלט אין דער רויטער פֿאָן,
וואָס אויף קיין צווייטער כ'וועל ניט טוישן.

1953 .01 .24

# דאָס לעצטע וואָרט

אין אַ צײַט פֿון ווײ־געשרייען צו דײַן בלוט כ'בין צוגעזאָטן.
שטיל דער ווינטער. זאָלן פֿייגל שרײַען: האַלעמײַ...
גיב מיר כאָטש אַ הורבע שניי אויף אָפּפֿרישן דעם אָטעם,
גיב מיר כאָטש אַ שטאַרקן פֿראָסט, נאָר ניט אין קאָלימאַ.

אויב דו קאָנסט ניט שענקען מיר דאָס לעבן, — דאַן אַנטלײַ עס,
גיב עס מיר אויף קיצווע אָפּ, אַלצייגס עס איז דאָך דײַנס.
קער מיך אום אין טיפֿן וואַלד, פֿאַרשטעל מיך ניט פֿון כײַעס,
פֿון די מענטשן היט מיך אָפּ, אָ, ליכטיק היימלאַנד מײַנס.

אויף דער ערד, וואָס צודעקן מיך וועט, כ'האָב קיין פֿאַרדראָס ניט,
דיך מיט טרערן בעט איך, זאָלסט מיר שענקען איצט דײַן גנאָד —
הייב מיך אויף איבערן וואַלד אויף אָט דער הויכער סאָסנע,
כ'דאַרף פֿון דאָרטן אײַנרומען מײַן אַלטן פֿאָלק אַ סאָד.

ניט פֿון דיר באַהאַלט איך מײַנע סוידעס־שפּעטשערײַען,
כ׳האָב מיט דיר שוין האָפֿענונגען, סוידעס אַן א שיר.
איצטער פֿון דער סאָסנע־קרוין איך וועל צו דיר אויך שרײַען:
ווי׳הין מ׳זאָל מיך ניט טרײַבן, לויף איך אַלעמאָל צו דיר.

1953 .20 .7

## קער מיר אום צוריק דאָס פֿײַפֿל[1]

כ׳וועל דיר אַרוועס־געלט באַצאָלן — קער מיר אום צוריק מײַן פֿײַפֿל,
ליפֿן האָב איך, לונגען פֿולע און א האַרץ מיט לידער רײַפֿע,
און דער הימל, פֿול מיט שטערן,
וויל מיך הערן, וויל מיך הערן.

ניט פֿאַרלוירן כ׳האָב דײַן בראָכע, ניט צעטרעטעצלט, ניט פֿאַרשוועכדעט,
אין דעם גאָרגל שטעקט דער ניגון, וואָס איך האָב אים ניט געענדיקט.
„אָדער זינגען, אָדער שטאַרבן! — שרײַט אַרויס פֿון מיר דער פֿויגל, —
טו א קוק: מײַן נעסט איז ווערעם — איך בין ניט אַוועקגעפֿלויגן״.

ווילסט קיין אַרוועס־געלט ניט נעמען — נאַ מײַן האַרץ מיט די געזאַנגען,
הייס מיר לעבן, הייס מיר פֿליִען, הייס מיר זינגען און זיך ראַנגלען.
ווײַל דער הימל, פֿול מיט שטערן,
וויל מיך הערן, וויל מיך הערן.

1953

---

[1] די דאָזיקע ליד, די איינציקע אינעם ציקל, איז געווען פֿאַרעפֿנטלעכט אין מײַנע זאַמלונגען. איך שליס זי אָבער איצט ניט אויס, אָפּהיטנדיק די גאַנצקײַט פֿון דער דעמלטיקער שטימונג (אוּוטאָר).

## זיכרוינעס

באַסיע אַרקוסקי

# די געשיכטע פֿון א פּאָרטרעט

אונדזער לאַגפּונקט (участок «УИС» ирригационного строительства) האָט זיך געפֿונען אַף צאָפּן פֿונעם קאַזאַכסטאַנער „אַרכיפּעלאַג־גולאַג“ און האָט זיך אויסגעטיילט פֿון אַנדערע לאַגערן מיט זײַן שווערער קאַטאָרזשנער אַרבעט בײַם בויען די איריגאַציע־סיסטעם, וועלכע האָט שפּעטער, אין די צײַטן פֿון ברעזשניעווס מעמשאָלע, געגעבן קאָלאָסאַלע גערעטענישן. דאָס איז געווען די קאַזאַכסטאַנער צעלינאַ.

יעדער לאַגפּונקט האָט געהאַט זײַנע אויפֿגאַבן: אײנע האָבן באַאַרבעט די ערד — געאַקערט, געזייט און אַראָפּגענומען די גערעטענישן, אַנדערע האָבן באַדינט די קאַשאַרעס מיט פֿי, שעפּסן, געהאָדעוועט פֿערד. אונדזער לאַגפּונקט האָט, ווי געזאָגט, געבויט די איריגאַציע־סיסטעם, קעדיי קינסטלעך באַוואַסערן די פֿעלדער, צו וועלכע א מענטשלעכע האַנט האָט זיך קיינמאָל ניט צוגערירט, געבויט דאַמבעס, קאַנאַלן, אַריקן.

די אַרבעט איז געווען א שווערע, די מעטאָדן פֿון דער אַרבעט — פּרימיטיווע, קיין שום טעכניק: לאָפּעטעס, קירקעס, לאָמען, טראָגברעטלעך און וואַגאָנעטקעס. דער קאָנטינגענט פֿון די בויער — אַן אויסגעמאַטערטער, אויסגעשעפּטער פֿון לאַנגע כאַדאָשים זיצן אין טפֿיסעס, נאָך שווערע פֿאַרהערן, קלעפּ, דערנידעריקונגען און אַיך עטאַפּן, וועלכע פֿלעגן זיך ציִען כאַדאָשימלאַנג. דאָס לעבן איז געגאַנגען אין וואַגאָנען פֿאַר פֿי, אָן לופֿט, אָן שײַן, די מענטשן — צונויפֿגעפּרעסט ווי הערינג אין פֿעסלעך. דאָס עסן איז באַשטאַנען פֿון א שטיקל ברויט, געזאַלצענעם הערינג און א טעפּל וואַסער.

נאָכן קומען אין קאָנצענטראַציע־לאַגער „קאַראַבאַס“ האָט מען די אַרעסטירטע פֿאַנאַנדערגעטיילט איבער פֿאַרשיידענע לאַגפּונקטן. אונדזערער האָט זיך געפֿונען אונדערטער קילאָמעטער ווײַט פֿון א מענטשלעכן יישעוו, שוין אָפּגערעדט פֿון א באַן־סטאַנציע. דאָס איז געווען א היפּשע טעריטאַריע, אַרומגערינגלט מיט שטעכלדראָט. אין פֿיר אירע ווינקלען — וועכטער מיט קוילנוואַרפֿערס. וועגן אַנטלויפֿן האָט מען אַפֿילע טרוימען ניט געקאָנט.

אין א פֿינצטערער קאַזאַכסטאַנער נאַכט האָט מען אונדז, אַרעסטאַנטן, געבראַכט צו פידן אין דער זאָנע, ווו רייענווײַז זײַנען געשטאַנען פֿאַרזונקענע אין דער ערד זעמליאַנקעס, פֿאַרשאָטענע מיט שניי און פֿאַרוואָרפֿענע מיט מיסט. קיין פֿײַערל, קיין סימען פֿון א מענטשנס לעבן. אָבער אין אָט די זעמליאַנקעס האָבן געלעבט און געליטן הונדערטער מענטשלעכע וועזנס. זיי זײַנען נאָך א שווערן אַרבעטסטאָג געלעגן אַף זייערע נאַרעס, צוגעדעקטע מיט שטרוי, און אין דעם שווערן שלאָף געזען זייערע היימען, פֿונוואַנען זיי זײַנען אַרויסגעריסן געוואָרן, די נאָענטע און טײַערע, וועלכע האָבן געטיילט מיט זיי דעם ביטערן גוירל.

דער שרעקלעכער לאַגפּונקט, די שוואַרצע, פֿון דער ערד געוואַקסענע זעמליאַנקעס האָבן געוואָרפֿן א שוידער אַף די נײַ־אָנגעקומענע. ס׳איז געקומען אַפֿן געדאַנק איין פֿראַגע: אָט דאָס איז דער סאָף פֿון דעם מענטשנס לעבן? אָבער, עס טרעפֿט אַמאָל, אין סאַמע קולמינאַציע־פּונקט פֿון דער פֿאַרצווייפֿלונג קומט אַן אויסלייזונג. און געשען איז אָט וואָס: ווען דער קאָטלאָוואַן פֿאַר דער קומענדיקער דאַמבע שוין געווען קימאַט פֿאַרטיק, האָט זיך אַפֿן האָריזאָנט באַוויזן א שײַנענדיקע זון, וועלכע האָט שנעל צעשמעלצט דאָס אײַז און דעם שניי, און דאָס וואַסער האָט מיט א מעכטיקן שטראָם פֿאַרפֿולט די דאַמבע, וועלכע האָט ניט אויסגעהאַלטן, געפּלאַצט און דאָס וואַסער האָט מיט א גרויסער קראַפֿט, אָנגעהויבן פֿאַרפֿלייצן די טעריטאַריע פֿונעם לאַגפּונקט УИС, וועלכער איז געבויט געוואָרן נידעריקער פֿון דער דאַמבע. ס׳האָט זיך אָנגעהויבן א מעהומע, א געשריי — „מיר ווערן באַלד דערטרונקען!“ עס

שפּעטער, ווען אַלץ איז שוין געווען געענדיקט און די שיסערײַ פֿון די וועכטער האָט אופֿגעהערט, האָט מען באַריסן, א געשמידטן אין קייטן, אַרויסגעפֿירט פֿון דער זאָנע און אָפּגעשיקט אין א ספּעציעלן איזאָליאַטאָר, ווו ער האָט געוואַרט אויף זײַן מישפּעט. וואָס עס האָט מיט אים ווײַטער פּאַסירט, האָט קיינעם שוין ניט אינטערעסירט.

אָבער מיר דערמאָנט זיך אַן אַנדער פֿאַל, ווען באַריס איז אַרײַן אין קאָנטאָר, ווו איך האָב געאַרבעט, צוגעגאַנגען צו מײַן טיש און שטיל און העפֿלעך געזאָגט: „באַסיאַ, אויב דו ווילסט, וועל איך שרײַבן דײַן פּאָרטרעט". — „ניין, — האָב איך געענטפֿערט, — איך וויל ניט, און איך האָב ניט מיט וואָס דיר צו באַצאָלן פֿאַר דײַן אַרבעט". — „איך וועל בײַ דיר קיין געצאָלטס ניט נעמען, כ׳וועל אומזיסט". אָבער איך האָב אים אָפּגעזאָגט.

אין עטלעכע טעג אַרום, עפֿענענדיק דעם שופֿלאָד פֿון מײַן טיש, האָב איך זיך צופֿעליק אָנגעשטויסן אין אַן אַלטער פֿאָטאָגראַפֿיע, פֿון וועלכער ס׳האָט אַראָפּגעשײַנט דער ליבער שמייכל פֿון מײַן געוועזענעם לערער, אין דער מאָסקווער טעאַטראַלער סטודיע בּיניאָמין זוסקין. דער גרויסער אַרטיסט האָט געפֿירט בײַ אונדז אַקטיאָרישע מײַסטערשאַפֿט. איך געדענק שוין ניט, וויאַזוי איך האָב פֿאַרהיט דעם אויסשניט פֿון א צײַטונג, אין וועלכער ס׳איז געווען פֿאַרייביקט זוסקינס געשטאַלט. ווען איך האָב ווײַטער געטראָפֿן באַריסן, האָב איך אים געזאָגט: „אויב דו ווילסט בעעמעס אָנמאָלן עפּעס פֿאַר מיר, אָט מאַך דעם דאָזיקן פּאָרטרעט". באַריס האָט באַטראַכט דעם קליינינקן צײַטונגס־אויסשניט און געזאָגט: „גוט, איך וועל פּרווון".

אין א פּאָר טעג אַרום האָט ער מיר געבראַכט זוסקינס פּאָרטרעט, געצייכנט מיט א געווייִנלעכן שוואַרצן בלײַער. פֿונעם פּאַפּיר, ווי א לעבעדיקער, האָט געשמייכלט זוסקין. זײַן פֿאַרבאָרגענער שמייכל, וואָס האָט באַשײַנט דאָס גאַנצע פּנים, האָט דערמאָנט דעם שמייכל פֿון מיכאָעלס־אוריעל אַקאָסטאַ־לאַנדבוש. די ניט־גרויסע, נאָר טיפֿע אויגן — פֿול מיט ליבע, צאַרטקייט און צוטרוי — האָבן געקוקט אויף מיר מיט א באַזונדערן כּיין. דער פּאָרטרעט, וועלכן איך האָב געהיט קימאַט א האַלבן יאָרהונדערט, הענגט נאָך איצט אויף דער וואַנט אין מײַן צימער.

עס האָט אים געשריבן א באַנדיט, אָבער אַן עמעסער קינסטלער, וואָס האָט ניט געוווּסט, ניט געדענקט זײַן שטאַם, א גאַנץ לעבן זיך אָפּגעוואַלגערט אין די טורמעס און לאַגערן, און דאָך פֿאַרהיט אין זיך דעם טאַלאַנט. קימאַט א האַלבן יאָרהונדערט איז שוין זוסקין ניטאָ, אַוועק אין דער אייביקייט, אומגעבראַכט געוואָרן דורך מערדער, פֿאַרשטעלטע אין אָפּיציעלע מונדירן. ער לעבט אָבער, אַפֿילע א טויטער לעבט ער אין די הערצער פֿון די, וועלכע האָבן אַמאָל געהאַט דאָס גליק אים צו זען אויף דער בינע און אין לעבן.



ב. ארקוסקי מיט ב. זוסקינס פּאָרטרעט

פֿאָטאָ — נ י ק אָ ל ײַ  נ י ז אָ ו ו

שימען סאנדלער

# א באזוך אין ייִסראעל

אין מײַ 1988 איז מיר אויסגעקומען צו זײַן אויף א קורצן באזוך אין ייִסראעל. געפאָרן בין איך אין באשטאנד פון א דעלעגאציע פונעם פארבאנד פון סאָוועטישע געזעלשאפטן פון פרײַנטשאפט און קולטורעלע פארבינדונגען מיט אויסלענדישע מעלוכעס, וועלכע איז אײַנגעלאדן געוואָרן מיצאד דער פרײַנטשאפט־באוועגונג „ייִסראעל—פססר“ צו די פײַערונגען לעקאָוועד דעם טאָג פון ניצאָכן איבער די היטלער־פאשיסטן אין דער גרויסער פאָטערלענדישער מילכאָמע.

אונדזער דעלעגאציע איז באשטאנען פון אכט פערזאָן, אײַנגעשלאָסן פיר אַרטיסטן. דער אָנפירער פון דער דעלעגאציע איז געווען דער פאָרזיצער פונעם אוקראַיִנישן פארבאנד פון פרײַנטשאפט מיט אײַסלענדישע מעלוכעס, דעפּוטאט פון איבער־סאָוועט פון דער אוקראַיִנישער ססר וואַסילי פּאָוולאָוויטש אָסנאטש. אלס דעלעגאציע־מיטגלידער זײַנען געפאָרן דער מינסקער ארכיטעקטאָר, אָווטאָר פונעם אָנדענק־קאָמפּלעקס „כאטין“, לאורעאט פון דער לענין־פּרעמיע לעאָניד מענדעלעוויטש לעווין, דער דאָקטאָר פון סאָציאָלאָגישע וויסנשאפטן אלעקסאנדער אלעקסאנדראָוויטש קריוקאָוו און אלס פערטער מיטגליד — איך.

די נעסיִע קיין ייִסראעל איז פאר מיר געווען באזונדערס אינטערעסאנט. פארענדיקט אין ווילנע א העברעיִשע גימנאזיע, בין איך מיט העכער 50 יאָר צוריק געקומען פון פוילן צו שטודירן אין יערושאלאיִמער אוניווערסיטעט. די שווערע מאַטעריעלע לאגע האָט מיך דאָרט געצוווּנגען צו ווערן א לוין־ארבעטער. פאר א קורצער צײַט בין איך געווען א טרעגער אין פּאָרט, א בוי־ארבעטער, א סעזאָן־ארבעטער אויף די מאראנצן־פּלאנטאציעס, אפילע א קעמל־טרײַבער באַם טראנספּאָרטירן יאָמזאמד פאר די בויונגען אין טעל־אוויוו, כאדאָשימווײַז געווען ארבעטלאָז, געלעבט אין יערושאלאיִם, כײַפע, טעל־אוויוו. אָנטיילגענומען אין דער רעוואָליוציאָנערער באוועגונג, געווען טעטיק אין די רייען פון דער דעמאלט אומלעגאלער קאָמוניסטישער פּארטיי. סאָף 1937 האָט מען מיך ארעסטירט און ארויסגעשיקט צוריק קיין פוילן. פון דעמאלט אָן בין איך אין פּאלעסטינע — ייִסראעל ניט געווען. אָבער די יונגט־איבערלעבונגען האָבן איבערגעלאָזט טיפע שפּורן אין מײַן זיקאָרן.

אונדזער באזוך האָט געדויערט אינגאנצן אכט טעג. אוואדע איז דאָס ניט קיין צו לאנגער צײַט־אָפּשניט, באזונדערס, אז מע וויל נאָך טרעפן זיך מיט אלטע באקאנטע, וואָס לעבן אין פארשיידענע שטעט און ייִשוּווים. און ניט סתם טרעפן זיך, נאָר טאקע כאָפּן א שמועס, ווי ס'געהער צו זײַן. אָבער וואָס קאָן מען טאָן, ס'איז דאָך ניט קיין פּריוואטער צוגאסט־זײַן, און עס איז פאראַן א פּראָגראם, ווו יעדער טאָג איז אויסגעפּלאנעוועט און פאנאנדערגעשריבן פון סאמע אינדערפרי ביז שפּעט אין דער נאכט. נאָר דאָ דאַרף מען זאָגן א דאנק אונדזערע גאסטגעבער — דעם סעקרעטאַר פון דער פרײַנטשאפט־באוועגונג „ייִסראעל—פססר“, דעם אומדערמידלעכן כאווער יאָראם גאָזשאנסקי און אלע אנדערע כאווײרים, וועלכע האָבן געזאָרגט וועגן אונדזער זײַן און וווילזײַן אין לאנד: די כאווײרים יאָראָן בעקער — הויפּטרעדאקטאָר פון דעם טעאָרעטישן אָרגאן פון דער ייִסראעלדיקער קאָמפּארטיי, דעם ליבן יונגן אראבישן קאָמיוגיסט לאטיף אַא. אדאנק זייער אויפמערקזאַמקײַט לעגאבע אונדז האָבן מיר געהאט די מעגלעכקײַט צו באזוכן פארשיידענע שטעט און דערפער, טרעפן זיך מיט פילצאָליקע פארשטייער פון דער ייִסראעלדיקער ייִדישער און אראבישער געזעלשאפטלעכקײַט — מענטשן פון פארשיידענע פּאָליטישע ריכטונגען און וועלטאָנשויונגען

בעמעשעך פון דער באזוך־וואָך זײַנען מיר יעדן טאָג א 4—5 שאָ געווען אונטערוועגס, ווו געטאָגט, דאָרט ניט גענעכטיקט. און בלויז איין מעסלעס זײַנען מיר געווען אין איינער און דער זעלבער שטאָט — אין טעל־אוויוו. אזא איבערגעלאָדנקײַט האָט אנטהאלטן אויך א סאַקאַנע, אז די רײַזע קאָן זיך פארוואנדלען אין „גאלאָפּירן־מײַסע טוריסטן. צום גליק האָבן אונדזערע גאסטגעבער אזוי אָרגאניזירט אונדזערע צוזאמענטרעפן, אז, ניט געקוקט אויף דעם קורצן צײַט־געדויער, האָבן מיר געהאט די מעגלעכקײַט צו באקומען א

געווג קלאָרע פאַרשטעלונג וועגן דער מדינה און אירע איינוווינער, און, פון אונדזער זייט, איינפאַרמירן וועגן דעם, וואָס עס קומט פאָר בא אונדז אין לאַנד און רופט אַרויס א גרויסן אינטערעס בא די ייִשׂראל־בירגער. איך מיין, אַז א געוויסע ראָל האָט געשפּילט אויך דאָס, וואָס צוויי מיטגלידער פון דער דעלעגאַציע — איך און דער כאַווער א. קריוקאָוו — קענען ניט שלעכט די העברעיִשע שפּראַך.

אין די ווייטערדיקע שורעס וועט גיין א רייד וועגן די מאָמענטן, וועלכע האָבן מיך בעשאַס דעם באַזוך באַזונדערס באַאיינדרוקט.

## שאָלעם־אַלייכעם, טעל־אַוויוו!

12־טער מיי, 10 אַזייגער אין אָוונט. דער אַעראָפּלאַן פון דער רומענישער אַוויאַקאָמפּאַניע „טאַראָם" לאַנדעט אויפן טעל־אַוויווער פלי־פּלאַץ. באַם אַרויסגיין כאַפּט אונדז אַרום א מוירעדיקע היץ. דאָס איז אונדז מעקאַבל־פּאָנעם דער בארימטער „כאַמסין" — א הייסער טרוקענער ווינט, וואָס רייסט זיך אַריין אַהער אַהייב זומער פון דעם אַראַבישן מידבער, גליט אָן די לופט ביז איבער פערציק גראַדוסן און טריקנט אויס יעדעס קאַפּעלע פייכטקייט. די היגע איינוווינער דערציילן, אַז אַזא היץ איז דאָ געווען דאָס לעצטע מאָל מיט פערציק יאָר צוריק. „דאָס האָט איר מיסטאָמע זי מיטגעבראַכט פון סיביר", — וויצלען זיי זיך.

מיר גייען דורך דעם קאָנטראָל פון די פּאַספּאָרטן, וויזעס און באַגאַזש. דאָסראַו סאָוועטישער בירגער, וואָס זיינען געפלויגן מיטן זעלבן אַעראָפּלאַן, זיינען געקומען צוגאַסט צו זייערע קרויווים אין ייִשׂראל. זייענדיק נאָך אין בוקאַרעשט, וואַרטנדיק אויף אונדזער רייס, בין איך געוויר געוואָרן, אַז צווישן די פּאַסאַזשירן זיינען פאַראַן בלויז צוויי מישפּאָכעס (זעקס מענטשן) נייע „אָלים" (ד.ה. עמיגראַנטן), וואָס האָבן באַשלאָסן צו באַזעצן זיך אין ייִשׂראל און דאָ בלייבן „אויף שטענדיק".

פרעג איך איינעם פון זיי:

— ניט שווער זשע האָבן בלויז צוויי מישפּאָכעס באַקומען וויזעס אויף אַרויספאָרן?

— ניין, — ענטפערט ער מיר, — אין דער האָלענדישער אַמבאַסאַדע זיינען מיר געווען מער ווי הונדערט מאַן, און אַלע האָבן באַקומען וויזעס. אָבער די אַנדערע זיינען געפאָרן דורך ווין, און דאָרט וועלן זיי פאַרקערעווען און אַוועקלאָזן זיך ווער קיין אַמעריקע, ווער קיין אויסטראַליע, ווער קיין קאַנאַדע, און דער טייוול ווייסט, וווּהין נאָך...

אַט וואָס עס לאָזט זיך אויס פון די ריידערייען וועגן „הונדערטער טויזנטער" סאָוועטישע ייִדן, וואָס רייסן זיך מאַמעש פון דער הוילער הויט צו קומען גיכער קיין ייִשׂראל. די אַנדערע פּאַסאַזשירן פליִען דאָך בלויז אויף א באַזוך, אַהער און צוריק. וואָס זשע איז די מייסע? פאַרוואָס פאָרט מען ניט? אַט אַזוי, פון די סאַמע ערשטע טריט, האָבן מיר זיך אָנגעטראָפן אויף איינער פון די אַקטועלסטע פּראָבלעמען, וועלכע ווערן אָנאויפהער באַהאַנדלט אין דער קנעסעט (פּאַרלאַמענט), אין די צייטונגען, ראַדיאָ, טעלעוויזיע, אין די טאָגטעגלעכע געשפּרעכן — מיט דער פּראָבלעם וועגן די נעשירים, ד.ה. וועגן די, וואָס פאַלן אינטערוועגס אָפּ. צו אָט דער פּראָבלעם וועלן מיר זיך נאָך אומקערן און באַלויכטן זי א ביסל אויספירלעכער. דערווייל...

דערווייל שטייען מיר אין דעם אַעראָוואָקזאַל און וואַרטן אויף אונדזער באַגאַזש. עס זוכן אונדז אויף די פאָרשטייער פון דער באַוועגונג „ייִשׂראל—ססר", און מיר דערהערן א ברייטן, גוטהאַרציקן און פריידיקן „שאָלעם־אַלייכעם!".

באַקומען דעם באַגאַזש, לאָזן מיר זיך גיין צום אויטאָבוס. מיר פאַלן אָבער אַריין אין געפאַנגענשאַפט צו די קאָרעספּאָנדענטן פון דער ראַדיאָ, טעלעוויזיע און קאָלירטע צייטונגען, און ס'הייבט זיך אָן אונדזער ערשטע אימפּראָוויזירטע „פּרעסע־קאָנפערענץ". און דער ערשטער סיורפּריז: מע שטעלט אונדז פראַגן פון קאָל־האַמינים — ווער מיר זיינען, ווען מיר שטעלן פאָר, וואָס עס איז דער ציל פון אונדזער באַזוך אאַז״וו... און אומדערוואַרט פאַר אונדז הערן מיר ניט קיין איין פראַגע מיקויעך די אַזויגערופענע „אָטקאַזניקעס" און „אַסי־רייצין", ווי אויך מיקויעך „די שטערונגען און צאָרעס, וואָס עס האָבן אויסצושטיין די, וואָס ווילן אַרויספאָרן קיין ייִשׂראל". איך זאָג „סיורפּריז", ווייל ביז צו דער לעצטער צייט פלעג מען יעדן סאָוועטישן פאָרשטייער אַטאַקירן אין אויסלאַנד טאַקע מיט די דאָזיקע פראַגעס, און דאָ — הערט א מייסע! — קיין איין וואָרט וועגן דעם! אויך שפּעטער, בעמעשעך פון דער גאַנצער נסיִע איבערן לאַנד און אויף די צוזאַמענטרעפן מיט פאַרשיידענע ייִשׂראלדיקע בירגער, זיינען אַזעלכע פראַגעס ניט אויפגעשווומען. דאַקעגן, האָט מען אָן אויפהער זיך אָנגעפרעגט וואָס שייך די פּערספּעקטיוון פון באַנייען די דיפּלאָמאַטישע באַציִונגען צווישן דעם סאָוועטנפאַרבאַנד און ייִשׂראל. אינגיכן האָבן מיר זיך איבערצייגט, אַז טאַקע די דאָזיקע פראַגע איז איינע פון די וויכטיקסטע, וואָס אינטערעסירט די ייִשׂראלדיקע געזעלשאַפטלעכקייט.

אין זייערע קאָרעספּאָנדענצן האָבן די זשורנאַליסטן באַזונדערס באַטאָנט די דערקלערונג פון נעם אָנפירער פון אונדזער דעלעגאַציע, וועלכער האָט דעמאַסקירט די אויסטראַכטענישן וועגן דער קלוימערשט „פּרינציפּיעל־פייַנטלעכער באַציִונג פונעם סאָוועטנפאַרבאַנד צו דער מעלוכע ייִשׂראל און צום פאָלק פון ייִשׂראל". די ייִשׂראלדיקע ציִעניסטישע צייטונג „אַל האַמישמאַר" האָט אויפן אַנדערן טאָג, דעם 13־טן מיי, געשריבן: „דער אָנפירער פון דער דעלעגאַציע האָט באַטאָנט, אַז דער סאָוועטנפאַרבאַנד האָט נאָך אין 1947 געשטימט לעטויוועס שאַפן די מדינה ייִשׂראל, באַגלייך מיטן שאַפן די אַראַבישע זעלבשטענדיקע פּאַלעסטינער מעלוכע, און דער סאָוועטנפאַרבאַנד האָט ניט געענדערט די דאָזיקע שטעלונג ביז צום הייַנטיקן טאָג".

ניט געקוקט אַף די באַמיִונגען פון אונדזערע גאַסטגעבער, לאָזן אונדז די קאָרעספּאָנדענטן ניט אָפּ. אין די פראַגעס און באַמערקונגען, אין דעם עצעם טאָן, מיט װעלכן מע װענדט זיך צו אונדז, פילט זיך אַן ערנסטער װילן קלאָרער און טיפער פאַרשטײן אַלץ, װאָס עס קומט פאָר בײַ אונדז אין לאַנד, װי אױך דאָס, װאָס האָט אַ שײַכעס צו דער באַציִונג פון פססר צו ייִסראָעל און צו דער לאַגע אױפן נאָענטן מיזרעך. זײַענדיק מער־װײניקער באַהאַװנט אין די פאַרשײדענע פּאָליטישע ריכטונגען פון די אַנװעזנדיקע זשורנאַליסטן און פון זײערע צײַטונגען, בין איך װײַט פון דער מײנונג, אַז די נעכטן נאָך פאַרביסענע אַנטיסאָװעטשיקעס (און אַזעלכע זײַנען דאָ אױך געװען) האָבן זיך שױן פאַרװאַנדלט אין אונדזערע פרײַנט. און פונדעסטװעגן... עס האָט זיך געביטן דער טאָן, ער איז געװאָרן אַ סאַך װאַכלעכער. פון די ערשטע מינוטן האָבן מיר דאָ דערזען און דערפילט, װאָס פאַר אַ פּאָזיטיװע ענדערונגען עס האָט אַרױסגערופן אונדזער פּערעסטראָיקע אין דער שטימונג פון די פאַרשײדענע געזעלשאַפטלעכע שיכטן אין ייִסראָעל, אין זײער באַציִונג צו אונדזער לאַנד.

די פּרעסע־קאָנפערענץ האָט זיך פאַרענדיקט. אױפן װעג קײן טעל־אָװיװ פאָרן מיר דורך די אוראַלטע שטאָט יאַפע. איך געדענק נאָך יאַפע אַלס גרױסן אַראַבישן צענטער אין פּאַלעסטינע; טעל־אָװיװ איז ערשט אין אָנהײב פון אונדזער יאָרהונדערט אַנטשטאַנען אַף די ראַנד־געביטן פון יאַפע אַלס איר פאָרשטאָט. איצט, נאָך דעם װי אַ גרױסער טײל פון דער אַראַבישער באַפעלקערונג איז געצװוּנגען געװען צו פאַרלאָזן זײער הײמשטאָט, האָבן זיך יאַפע און טעל־אָװיװ צונױפגעגאָסן אין אײן שטאָט מיט אַ באַפעלקערונג פון איבער דרײַ הונדערט טױזנט אײַנװױנער.

## טעל־אוויוו—יאם האמעלעך און צוריק

דעם 13־טן מײַ אינדערפרי פאָרן מיר אַף אַ קלײנעם אָפּרו צום יאַם האַמעלעך, אָדער װי ער הײסט אין אַ סאַך אַנדערע שפּראַכן — צום „טױטן יאַם". עס ברענט און סאַרפּעט דער כאַמסין, 42—43 גראַדוס היץ! די ראַדיאָ און די צײַטונגען האַלטן אין אײן װאָרענען: „היט זיך פאַר אַ זונענשלאַק! טרינקט אױס צומװײניקסטן 15־20 גלעזער פליסיקײַט בעמעשעך פונעם טאָג! דערלאָזט ניט קײן אױסטרעפונג פונעם אָרגאַניזם!"

פאָלגן מיר די אָנװײַזונגען און טרינקען: װאַסער, פרוכט־זאַפטן, קאַלטע געטראַנקען. דער אױטאָבוס איז אױסגעשטאַט מיט צװײ לופטקילערס. אַגעװ, זײַנען קאָנדיציאָנערן דאָ זאַכן פון ערשטן געברױך, און זײ זײַנען אײַנגעמאָנטירט אין די טאַקסי־אױטאָמאָבילן, אין די אַמט־געבײַדעס, אין אַ סאַך װױנונג־הײַזער, אָבער װײַט ניט אין אַלע.

אינגיכן האָבן מיר זיך איבערצײַגט, אַז אין די פאָרשטעט, װוּ עס װױנען די אַזױגערופענע ספּאַרדים און טײמענער ייִדן, און אָפטמאָל אױך עמיגראַנטן פונעם סאָװעטנפאַרבאַנד, אָפּגערעדט שױן פון די אַראַבישע אָרעמקײַט־קװאַרטאַלן און פּליטים־לאַגערן, — זײַנען די לופטקילערס אַ לוקסוס־זאַך, װאָס ניט יעדער קאָן זיך עס פאַרגינען.

מיר פאָרן פאַרבײַ יערושאָלאַיִם, און לאָזן זיך װײַטער אַף דאָרעם. די װעגן און אױטאָ־מאַגיסטראַלן װערן דאָ אױפגעהאַלטן אין אַ מוסטערהאַפטער אָרדענונג. דער אױטאָ־סערװיס שטײט אױך אַף דער געהעריקער הײך. די לאַנדשאַפט ענדערט זיך יעדע עטלעכע קילאָמעטער: אָט ציִען זיך פּלאַנטאַציעס פון ציטרוסן, און אָט צעשפּרײט זיך אַף דער געהעריקער הײך. די לאַנדשאַפט ענדערט בער: אָט שמעלצט זיך און ציטערט װי אַ מיראַזש אין דער צעגליטער לופט אַ יונג באַנאַנען־װעלדל, און אָט לױפט אונדז אַנטקעגן אַ ברױנע שטײנערנע פעלדזן־װאַנט... עס פילט זיך, אַז אַ סאַך איז דאָ געמאַכט געװאָרן מיט אַ געניטער האַנט און איז באַשטימט צוציִען און צופרידנשטעלן דעם רײַכן שטראָם טוריסטן, װאָס קומט אַהער יעדעס יאָר פון אַלע עקן װעלט.

קוק איך אַף דעם אַלץ און דערמאָן זיך אין דעם, װי אָרעם עס איז געװען די דאָזיקע געגנט אַמאָל, מיט אַ פופציק יאָר צוריק. איך קוק דערױף, באַװוּנדער דעם רעזולטאַט פון שעפערישער מענטשלעכער אַרבעט און קלער: גאָט־מײַן־גאָט! װיפל גוטע און שײנע זאַכן קאָנען געמאַכט װערן מיט פרידלעכער מי! װי אומויסשעפּלעך איז דער קװאַל פון שעפערישער מענטשלעכער אַרבעט! און װי מער נאָך קאָן געמאַכט, און געבױט, און געשאַפן װערן אין באַדינגונגען פון שאָלעם! דאָס אַלץ װאָלט מען דאָך געקאָנט מאַכן נאָך שענער, נאָך בעסער, נאָך גיכער און ביליקער, װען ניט די פאַרשאָלטענע מילכאָמע, װאָס פאַרסאַמט די לופט און הענגט װי דאַמאָקלס שװערד איבער די קעפּ פון בײדע פעלקער פונעם לאַנד — ייִדן און אַראַבער. באַװוּנדערנדיק די שײנע ברײטע מאַגיסטראַלן, קאָן איך דאָך לעמאַאַן־האַעמעס ניט פאַרשװײַגן, אַז אַפילע די דאָזיקע מאַגיסטראַלן זײַנען אין אַ באַדײַטנדיקער מאָס, און עפּשער טאַקע קודעם־קאָל, געבױט געװאָרן צוליב מיליטעריש־סטראַטעגישע טײַמים. דאָס לאַנד געפינט זיך שױן אַריבער פערציק יאָר אין אַ צושטאַנד פון געהעכערטער מאָביליזאַציע־גרײטקײַט.

אין צװײ מיט אַ האַלבער שאָ אַרום דערגרײכן מיר די בײַ־יאַמישע געביטן. װײַט אַרום ציִען זיך זאַמדיקע פלײצן, אַ בלענדנדיק־צעגליטער מידבער. מיר פאָרן פאַרבײַ דעם אָאַזיס „אײן־געדי". דער טאַנאַך דערצײלט, אַז דאָ האָט זיך אױסגעבאַהאַלטן דער יונגער צוקונפטיקער מײלעך דאָװיד פון די פאַרפאָלגונגען פונעם אַלטן אָפּגעלעבטן קײסער שאָול. אַ ביסל װײַטער בלײַבן בײַ אונדז פון דער רעכטער זײַט ניט װײַט פון דעם װעג די באַרימטע קומראַנער הײלן. אין יאָר 1945 האָט מען דאָרט געפונען די אוראַלטע פאַרמעט־שריפטן, װעלכע אַנטהאַלטן אומשאַצבאַרע ידיִעס װעגן דער אוראַלטער ייִדישער סעקטע איסײִם, װי מע האַלט — די פאָרגײער פון די ערשטע קריסטן.

דער אוטאָבוס פֿאָרט באַרג־אַראָפּ, אַלץ נידעריקער און נידעריקער, און אַט זײַנען מיר שוין אױפֿן סאַמע ברעג פֿון דעם יאַם האַמעלעך, דעם סאַמע טיף ליגנדיקן װאַסער־באַסיין אױפֿן ערדקײַלעך — 392 מעטער נידעריקער פֿונעם יאַם־ניװאָ.

ניט געקוקט אױף דער היץ, טרעפֿן מיר דאָ אַ היפּשן אַרײַלעם. דאָס זײַנען הױפּטזאַכלעך טוריסטן, װאָס לאָזן ניט דורך די מעגלעכקײַט צו באַקאַנען זיך מיט דער אײַגנאַרטיקער נאַטור־דערשײַנונג, װאָס הײסט „טױטער יאַם".

אונדזערע באַגלײטער אײַלצײַגן, מיר זאָלן קוידעמקאָל באַזוכן די אױסגראָבונגען פֿון דער אוראַלטער פֿעסטונג מאַסאַדאַ. מיטן פֿוניקולאַר שטײַגן מיר אַרױף אױף אַ הױכן פֿעלדזיקן באַרג, און אױף אױסגעהאַקטע אין שטײן שרױפּטרעפּ הײבן מיר זיך אױף נאָך העכער, ביזן סאַמע שפּיץ באַרג. פֿאַר אונדזערע אױגן ליגט אַ גרױסער פֿלאַכער פּלאַץ און אױף אים ערטערװײַז — רעשטלעך פֿון רױנירטע פֿעסטונג־װענט, טײלװײַז אױסגעגראָבענע און אַפּגערײניקטע פֿון די דױערסדיקע אָנשיכטונגען, טײלװײַז קינסטלעך רעקאָנסטרױרטע לױט די אַרכעאָלאָגישע אָנגאַבן.

מאַסאַדאַ איז הײַנטצוטאָג אַן אָנדענק־דענקמאָל פֿאַר די העלדן פֿון יעהודע, װעלכע זײַנען אין צװײטן יאָרהונדערט פֿון אונדזער ערע אַרױסגעטראָטן מיט געװער אין די הענט קעגן דער הערשאַפֿט פֿון די רױמישע באַצװינגער. דאָס איז געװען די לעצטע פֿעסטונג פֿון די מורדים, אַ באַלאַגערטע פֿון אַלע זײַטן מיצאַד די גוט באַװאָפֿנטע רױמישע לעגיאָנען. װען די ייִדישע אױפֿשטענדלער האָבן זיך איבערצײַגט, אַז זײער װידערשטאַנד װעט ניט אױסהאַלטן דעם שטורעם פֿונעם סוינע און אַז די פֿעסטונג װעט אײַנגיכן פֿאַלן, האָבן זײ באַשלאָסן: בעסער אַ בעקאָװעדיקן טױט פֿון די הענט פֿון די לײַבלעך־אײגענע, אײדער אַ שקלאַפֿן־לעבן אין דער רױמישער געפֿאַנגענשאַפֿט! אַלע אױפֿשטענדלער און זײערע מישפּאָכעמיטגלידער האָבן זיך גענומען דאָס לעבן. דעם קאָלעקטיװן זעלבסטמאָרד האָבן צופֿעליק איבערגעמיטן בלױז צװײ פֿרױען און אײניקע קינדער. זײ האָבן שפּעטער דערצײלט װעגן דער טראַגעדיע. זי װערט געשילדערט אינעם כראָניק־בוך פֿון יױסעף פֿלאַװיוס און אין ליאָן פֿױכטװאַנגערס ראָמאַן „די ייִדישע מילכאָמע".

מיר לאָזן זיך אַראָפּ צוריק צום פּליאַזשקאָמפּלעקס. דער יאַם האַמעלעך פֿאַרנעמט אַ שעטעך פֿון אַרום טױזנט קװ. קילאָמעטער. דאָס װאַסער אין דער דאָזיקער ריזיקער אָזערע אַנטהאַלט ביז 33 פּראָצענט זאַלץ. פֿאַרשטײט זיך, אַז אין אַזאַ ראַסל קאָנען ניט לעבן קײן פֿיש אָדער אַנדערע לעבעדיקע װעזנס. דערפֿון נעמט זיך אױך דער נאָמען „יאַם האַמעלעך", װאָס באַטײַט „דער יאַם פֿון זאַלץ". דאָס װאַסער און דער קלימאַט באַװיצן דאָ אַ רײ הײל־אײגנשאַפֿטן, אַדאַנק װעלכע עס איז אױסגעװאַקסן אַ קאָמפּלעקס סאַנאַטאָריעס. מיר האָבן, נאַטירלעך, ניט געקאָנט דורכלאָזן די מעגלעכקײַט אױסצובאָדן זיך, געװײנער געזאָגט — „אַ שװים טאָן". דאָס װאַסער איז דאָ אַזױ געדיכט, אַז עס האַלט אונטער דעם קערפּער און לאָזט אים ניט דערטרונקען װערן, אומאָפּהענגיק דערפֿון צי דער מענטש קאָן יאָ שװימען, צי ער קאָן ניט.

צװײ יונגע יאַטן זיצן אין שאָטן אױף דער ערד און עסן מיט גרױס אַפּעטיט. אָנגעטאָן זײַנען זײ אין קורצע הײזלעך און זײ טראָגן אױטאָמאַטן איבער די פּלײצעס. מיר כאַפּן אַ שמועס:

— סאָלדאַטן?

— יאָ!

— פֿאַרװאָס עפּעס האַלבנאַקעט?

— זײער הײס.

— איז דען דערלױבט אַרומגײן אין אַזאַ הױלעך אין דער אַרמײ?

די סאָלדאַטן קוקן מיך אָן פֿאַרװוּנדערט:

— װאָס פֿאַר אַ בילעך, גאַנץ אָדער האַלבאָנגעטאָן? װעט איר זען, איר זײַט ניט קײן הי‌געַ...

— נײן, פֿון סאָװעטנפֿאַרבאַנד.

אין די אױגן טוט אַ גלאַנץ נײַגעריקײט.

— אײַערע מיליטערלײַט גײען דען טאָמיד אין דער פֿולער אוניפֿאָרם? פֿאַרשפּיליעט אױף אַלע קנעפּלעך?

— יעדנפֿאַלס, ניט אַזױ װי איר...

— באַ אונדז קוקט מען אױף דעם אײנגאַנצן אַנדערש. אַזױ צי אַזױ, נאָר ניט דאָס איז דער איקער. װיכטיק איז, מיר זאָלן װי געהעריק קאָנען טאָן אונדזער אַרבעט. אַט זײַנען מיר פֿאַרבינדלער. מיר דאַרפֿן זיכערן אַ גוטע פֿאַרבינדונג! און אַלדאָס איבעריקע... (אַ מאַך מיט דער האַנט...)

— מעג מען אײַך פֿאָטאָגראַפֿירן?

— ביטע, פֿאַרװאָס ניט?

אַט אַזױ, אָן קײן שום ברעקעלע כשאַד אָדער אומװילן לעגאַבע אונדז, די „סאָװעטן". אַגעװ, פֿאַר דער גאַנצער צײַט, װאָס מיר זײַנען דאָרט געװען, האָבן מיר זיך ניט אָנגעטראָפֿן אױף װעלכער ניט־איז אַנטיסאָװעטישע אױספֿאַלן אָדער פּראָװאָקאַציעס. מעגלעך, אַז דאָס האָט זיך גראָד צופֿעליק אַזױ געמאַכט — מיר װײסן דאָך, אַז אונדזערע דעלעגאַציעס, ביז אונדז, האָבן זיך אױף אַזױנס יאָ אָנגעטראָפֿן. איך מײן אָבער, אַז עס גײט ניט אין אַ צופֿאַל־זאַך, און די סיבע איז, זעט אױס, אַן אַנדערע.

דער אַנטיסאָװעטיזם איז ניט קײן אײנגעבױרענע נאַטירלעכע אײגנשאַפֿט, װעלכע איז „פֿון זיך אַלײן" אײגנטימלעך דעם פּאַשעטן פֿאָלקסמענטש. אַנטיסאָװעטישע שטימונגען זײַנען אַ רעזולטאַט פֿון ספּעציעל אָרגאַניזירטע פּראָפּאַגאַנדיסטישע קאַמפּאַניעס, אָנגעפֿירטע „פֿון אױבן", אָדער, ריכטיקער געזאָגט, „פֿון רעכטס". זײ האָבן ניט קײן שײַכעס צו די עמעסע אינטערעסן פֿונעם פֿאָלק. ניט װײניק גיפֿטיק װאַסער האָבן אױף די מילשטײנער פֿונעם אַנטיסאָװעטיזם געגאָסן די טרױעריק באַקאַנטע סטאַליניסטישע אַנטיסעמיטישע פֿאַרקריפּלונגען פֿון דער נאַציאָנאַלער פּאָליטיק — דער „קאַמף קעגן קאָסמאָפּאָליטיזם", דער אײניקן „דאָקטױרים", דאָס פֿאַרפֿאַלגן און רעפּרעסירן די ייִדישע קולטור און איר טוער, די פֿאַלשע בראַשורקעלעך און ביכער, װעמענס אױטאָרן זײַנען די בעגונס, יעװסײעװס, קיטשקאָס, קאָרנײעװס און אַנדערע „קענער פֿון דער ייִדן־פֿראַגע".

דאָ אין דער מעדינע ווערן די אַנטיסאָוועטישע קאַמפּאַניעס אויסגעניצט אַלס בליקאָפּלייטער אױף אָפּצוווענדן די עפנטלעכע מיינונג פון פאַרשיידענע נעגאַטיווע דערשײַנונגען אין ייִסראָעל גופע (דער יאָקרעס, די וואַקסנדיקע אַרבעטלאָזיקײַט, די אָנגעשטרענגטע לאַגע אױפן מײַרעוו־ברעג און אין גאַזאַ, די מילכאָמע־געפאַר אאַז״וו.).

איך בין ווײַט פון דער מיינונג, אַז אַלע היגע רעדלפירער זײַנען איבער נאַכט געוואָרן הייסע אָנהענגער פונעם סאָוועטנפאַרבאַנד. ניט זיי האָבן זיך געענדערט. געענדערט האָבן זיך די צײַט, די אומשטאַנדן, די אינטערנאַציאָנאַלע לאַגע, געענדערט זיך קודעמקאָל אַלס רעזולטאַט פון די ענדערונגען בא אונדז אין לאַנד.

די פּערעסטראָיקע, דאָס נײַע דענקען, די אַקטיווע שאָלעם־פּאָליטיק פונעם סאָוועטנפאַרבאַנד, דאָס באַפרײַען זיך פון די פעלערן און פאַרקריפּלונגען אין דער אינערן־פּאָליטיק, די קאָנסעקווענטע מאָסמיטלען אױף צו באַפרידיקן די נאַציאָנאַל־קולטורעלע באַדערפענישן פון אַלע סאָוועטישע פעלקער, אײַנגעשלאָסן דאָס ייִדישע פאָלק, — האָבן אומגעהײַער הויך אױפגעהויבן דעם אויטאָריטעט פון אונדזער לאַנד אויך דאָ, אין ייִסראָעל. נאָך מער. די וואַקסנדיקע איזאָליאַציע פון דעם אָפּציעלן ייִסראָעל אױף דער אינטערנאַציאָנאַלער אַרענע, די פאַרורטײלונג פון דער אונטערדריקונגס־פּאָליטיק אױף די אָקופּירטע שטאָכים צווינגען די ייִסראָעלדיקע רעגירונגס־קרײַזן איבערצוגיין אױף אַ מעסיקערן, אײַנגעהאַלטענעם טאָן און אויסמײַדן אָפענע אויספאַלן לעגאַבע די סאָוועטישע געזעלשאַפטלעכע דעלעגאַציעס. אינטערעסאַנט איז צו באַמערקן, אַז ביידע קאָנקורירנדיקע פּאַרטיי־בלאָקן, דער „ליקוד" בעראָש מיט שאַמירן און דער „מאַאַראַך" אונטער דער אָנפירונג פון פּערעסן, באַמיִען זיך אָנצובינדן קאָנטאַקטן מיט די סאָוועטישע פאָרשטייער אין דער אָרגאַניזאַציע פון די פאַראייניקטע נאַציעס. איעדע זייערע באַגעגעניש מיט שעוואַרדנאַדזען ווערט ברייט רעקלאַמירט און אויסגעניצט אַלס וויכטיקער אַרגומענט אינעם צווישן־פּאַרטייִשן קאַמף.

## אין יערושאָלאַיִמער „וואַלד אױפן נאָמען פון דער סאָוועטישער אַרמיי"

דעם 14־טן מײַ פאָרן מיר קיין יערושאָלאַיִם אָנטײלצונעמען אין די אַלייִסראָעלדיקע יערלעכע פײַערונגען לעקאָוועד דעם טאָג פון ניצאָכן איבער די היטלער־פאַשיסטן. די פײַערונגען ווערן אָרגאַניזירט אין ערשטן אַרויסגאַנג־טאָג נאָך דעם 9־טן מײַ, קעדיי יעדערער זאָל קאָנען קומען פון אַ באַליביק אָרט אין לאַנד. די פײַערונגען קומען פאָר אין וואַלד אױפן נאָמען פון דער סאָוועטישער אַרמיי, וועלכער איז פאַרפלאַנצט געוואָרן מיט העכער 30 יאָר צוריק ניט ווײַט פון יערושאָלאַיִם אַלס צייכן פון טיפער דאַנקבאַרקײַט דער סאָוועטישער אַרמיי פאַר דער צעשמעטערונג פון די היטלער־באַנדיטן. די געזעלשאַפט „ייִסראָעל—פּסס״ר", דער הויפּט־אָרגאַניזאַטאָר פון די פײַערונגען, האָט צום 43־טן טאָג פונעם ניצאָכן אַרויסגעגעבן אַ ספּעציעלע בראָשור, געווידמעט דעם אומגעהײַער גרויסן בײַטראָג פונעם סאָוועטנפאַרבאַנד אין קאַמף קעגן די פאַשיסטישע כאַיאָלעס. דאָרט ווערן געבראַכט שטעלן פון מיכאַיִל גאָרבאַטשאָווס פאָרוואָרט צו זײַן בוך וועגן דער פּערעסטראָיקע, דאָקומענטן און פאַקטן וועגן דער שטעלונג פון ראַטנפאַרבאַנד צו די פראַגן פון שאָלעם און זיכערקײַט פאַרן נאָענטן מיזרעך, אָנהייבנדיק פון 1947 יאָר און ביז צום הײַנטיקן טאָג.

צום יאָמטעוו זײַנען געקומען ייִדן און אַראַבער פון אַלע עקן לאַנד. אױפן צענטראַלן פּלאַץ, אין שאָטן פון פּרעכטיקע סאָסנעס („יערושאָלאַיִמער סאָסנעס"), אױף אַ הויכן היגל, טורעמט זיך אַ ריזיקער פעלדזן־בלאָק, אױף וועלכן עס זײַנען אויסגעהאַקט ווידמונג־ווערטער: „די אײַנוווינער פון ייִסראָעל האָבן פאַרפלאַנצט דעם דאָזיקן וואַלד לעקאָוועד דער סאָוועטישער אַרמיי. 1950".

אונטער די שאָטנדיקע ביימער האָבן זיך אײַנגעאָרדנט טויזנטער מענטשן, גרופּעסווײַז, גאַנצע מישפּאָכעס מיט קינדער און קינדס־קינדער, פּאָרלעך, סטאַם שכיינים, באַקאַנטע און אומבאַקאַנטע... צווישן זיי באַמערקן מיר אַ גרויסע גרופּע געוועזענע סאָוועטישע בירגער — אָנטײלנעמער אינעם גרויסן פאָטערלענדישן קריג. מיר דערקענען זיי לויט די אָרדן־פּלאַנקעס אױף זייערע מאַלבושים.

10 אַזייגער. די פײַערונג הייבט זיך אָן. צופוסנס פון דעם מאָנומענט ווערן געלייגט בלומען־קראַנצן. דעם ערשטן קראַנץ לייגט אונדזער דעלעגאַציע. דערנאָך טראָגט מען אַ קראַנץ פון דער סאָוועטישער קאָנסולאַט־גרופּע, וועלכע געפינט זיך צײַטווײַליק אין ייִסראָעל, פון אַנדערע אויסלענדישע געזאַנדשאַפטן, פונעם צק פון דער ייִסראָעלדיקער קאָמפּאַרטיי, פון די פּאַציפיסטישע גרופּעס און באַוועגונגען („גענוג מיט דער אָקופּאַציע פון די שטאָכים!", „שאָלעם איצט" אאַ.), פון דער אָרגאַניזאַציע פון דעמאָקראַטישע פרויען, פון די „שוואַרצע פּאַנטערעס", פון די אַראַבישע מוניציפּאַליטעטן, פונעם קאָמבאַטאַנטן־פאַרבאַנד, פון דעם ייִסראָעלדיקן קאָמסאָמאָל, פון לינקע ציִעניסטישע אָרגאַניזאַציעס און פון קאָלערליי געזעלשאַפטן און בירגער. אױף אַ היגל, וועלכער איז דעקאָרירט מיט סאָוועטישע און ייִסראָעלדיקע פאָנען און מיט לאָזונגען אױף רוסיש, איווריט און אַראַביש, געפינען זיך פאָרשטייער פון פּראָגרעסיווע ליבעראַלע און פּאַציפיסטישע גרופּעס, פּאַרטייען, באַוועגונגען — ייִדישע און אַראַבישע. אַלע רעדנער באַטאָנען די גרויסע ראָליע פונעם סאָוועטנפאַרבאַנד אינעם קאַמף פאַר ראַטעווען די מענטשהײַט פון אונטערגאַנג, רופן אונטערשטיצן מיט אַלע קויכעס די פרידלעכע איניציאַטיוון פון אונדזער לאַנד, די סאָוועטישע פאָרשלאָגן וועגן זיכערן דעם שאָלעם אויך אױף דער פיל־געפּרוּווטער ייִסראָעלדיקער און פּאַלעסטינער ערד. די רעדע פון אונדזער דעלעגאַציע־אָנפירער ווערט באַגלייט מיט דויערנדיקע אַפּלאָדיסמענטן און צושטימיקע צווישנרופן. אױף

איוורית, אַראַביש און רוסיש הערט מען סקאַנדירן: „זאָל לעבן די ייִסראָעל־סאָוועטישע פרײַנטשאַפט!, „נידער מיט דער אָקופּאַציע פון די מײַרעוו־שטאָכים!“, „באַפרײַט די סאָלדאַטן, וועלכע זאָגן זיך אָפּ אויסצופילן פּאָליציי־פליכטן אויף די אָקופּירטע געביטן!“, „זאָל לעבן די ייִדיש־אַראַבישע פרײַנטשאַפט!“.

ווען די אַרטיסטן, מיטגלידער פון אונדזער דעלעגאַציע — די אויספילערן פון רוסישע פאָלקס־לידער יעקאַטערינע שאַווריגאַ און דער אַרטיסט פינעס „באַלשאַי“ װ. מאַרטשענקאָ האָבן אָנגע־הויבן זינגען די באַרימטע „קאַטיושאַ“ און „פּאָד־מאָסקאָווניִע וועטשעראַ“, האָט דער גאַנצער וואָלד מיטגעזונגען, אַ סאַך האָבן געזונגען מיט טרערן אין די אויגן...

דער מיטינג האָט זיך פאַרענדיקט, נאָר דער אוילעם לאָזט אונדז ניט אָפּ. יעדערער האָט עפּעס צו פרעגן. פונוואַנען זײַנען מיר? פון וועלכע געגנטן? מע פרעגט זיך אָן וועגן באַקאַנטע, קרויווים. פאַראַן אויך אַזעלכע, וואָס בעטן, מיר זאָלן אין מאָסקווע איבערגעבן זייערע באַקאָשעס וועגן אומקערן זיך אַהיים, אין סאָוועטנפאַרבאַנד. מיר קלערן אויף, אַז מיר זײַנען ניט קיין אָפיציעלע רע־גירונגס־דעלעגאַציע, און ראָטן, מע זאָל זיך ווענדן דורך דער פּאָטשט דירעקט צו די סאָוועטישע מאַכט־אָרגאַנען. דאַן טײַנען אָט די מענטשן, אַז זייערע בריוו מיט אַזעלכע „טרייפע“ אַדרעסן וועט מען דאָ איבערכאַפּן, און זיי וועלן נאָך האָבן גענוג צאָרעס... מיט וואָס זשע קאָנען מיר זיי העלפן? יעדנפאַלס, מיר האַלטן זיך שטרענג בײַ די קלאָלים פון געסט, און זאָגן דעריבער זיך אָפּ פון וועלכע־ניט־איז שריט, וועלכע קאָנען כאָטש אויף אַ האָר אָנרירן די אַלגעמיין אָנגענומענע מינהאָגים פון זײַן צוגאַסט אין אַ פרעמד לאַנד. אַגעוו, עס וואָלט ניט געשאַט, אַז די אָפיציעלע ייִסראָעלדיקע שעליכים און געסט זאָלן זיך אויך פירן אַזוי, ווען זיי קומען קיין מאָסקווע אויף אַן אינטערנאַ־ציאָנאַלער ביכער־אויסשטעלונג, אָדער בִיכלאַל צו־גאַסט...

לעצטנס, אין צוזאַמענהאַנג מיט די פאַרלײַכ־טערונגען אין די אַרויספאָר־איניאָנים באַווּכט אַ גרויסע צאָל סאָוועטישע ייִדן זייערע אייגענע אין ייִסראָעל. די, צו וועמען מע פאָרט, לעבט זיך, געוויינלעך, מאַטעריעל ניט שלעכט, ווײַבאַלד זיי קאָנען זיך פאַרגינען אײַנלאַדן און אויסהאַלטן זייערע סאָוועטישע געסט, דעקן די הוציאָעס אויף אַ רײַזע מיטן אַעראָפּלאַן הין און צוריק, אויס־האַלטן אין לאַנד גופע דעם אָפּצאָל פאַר רײַזעס, עקסקורסיעס, און מאַלע וואָס עס מאַכט זיך — מע דאַרף דאָך אָנקומען אַמאָל צו אַ דאָקטער אוי־כעט... פאַרשטייט זיך, אַז די, וואָס לאַדן אײַן, לעבן ניט אָרעם. קומט אַזאַ סאָוועטישער גאַסט צו אַזאַ קאָרעוו, פאַרברענגט עטלעכע וואָכן אין זײַן מישפּאָכע, גלאָצט מיט די אויגן אויף די קראָ־מען, אין וועלכע ס'זײַנען אַרויסגעשטעלט סכוי־רעס און פּראָדוקטן (ער קויפט זיי ניט, דאָס טוען פאַר אים זײַנע גאַסטגעבער), און אויף וויפל קיין איווריט קען ער ניט, און אַראַביש — אַוואַדע און אַוואַדע, דרייט ער זיך אַרום די עטלעכע פאַר

וואָכן בלויז אין דער דאָזיקער מער אָדער ווייני־קער פאַרמעגלעכער סוויווע און הייבט אָן גלייבן, אַז טאַקע אַזוי לעבט דאָ יעדער מענטש. פוני־וואַנען זאָל ער באַקומען אַ פאָרשטעלונג וועגן דעם לעבן פון די, לאָמיר זאָגן, ספאַר־דישע צי טײמענער ייִדן? פונוואַנען קאָן ער שעפּן אָביעקטיווע אינפאָרמאַציע וועגן דער לאַגע פון די אַראַבישע בירגער? און אויב עס קומט שוין אַמאָל צו רייד וועגן אַ געוועזענעם באַקאַנטן, וואָס האָט זיך ניט אײַנגעאָרדנט אין נײַעם לאַנד, איז רעדט מען וועגן אים ווי וועגן אַ שלימאַזל, מיש־טיינס־געזאָגט, אַן אויסנאַם... און אין אַ צײַט אַרום קומט דער דאָזיקער „גאַסט“ צוריק קיין קיִעוו אָדער קעשענעוו, און ס'איז ניט שווער זיך פאָר־צושטעלן, וואָס פאַר אַ ניסים ער האָט צו דער־ציילן וועגן דעם גאַניידן־לעבן פון „אַלע געוועזענע סאָוועטישע ייִדן, וואָס זײַנען אַרויסגעפאָרן קיין ייִסראָעל“...

דעריבער וועלן מיר זיך ווײַטער שטיצן ניט אויף אַזעלכע מינים אינפאָרמאַציעס און, ריידנדיק וועגן דער לאַגע פון די געוועזענע סאָוועטישע בירגער, וועלן מיר זיך ווענדן צו מער אינפאָרמיר־טע און באַגלייבטע קוועלן — לעמאָשל, צו די מאַ־טעריאַלן, וואָס ווערן פאַרעפנטלעכט אין די פאַר־שיידענע ייִסראָעלדיקע צײַטונגען אין שײַכעס מיט דער דאָזיקער פראַגע, איך שטרײַך אונטער — פאַרשיידענע צײַטונגען, און דאָס הייסט קוידעם־קאָל און הויפּטזאַכלעך טאַקע צײַטונגען פון ציִ־ניסטישן טאָלק. און צווייטנס — צו אינפאָרמאַציעס, באַקומענע פון פערזענלעכע שמועסן מיט פאַר־שיידענע מענטשן, אײַנגעשלאָסן געוועזענע סאָווע־טישע בירגער.

איז ווי זשע לעבן אין ייִסראָעל אונדזערע גע־וועזענע בירגער? פאַרשיידן. די, וועלכע זײַנען גע־קומען אַהער מיט אַ 8—10 און מער יאָר צוריק, און אַזעלכע זײַנען דאָ פאַראַן בײַ די 170 טויזנט מאַן, קאָן מען ניט אונטערפירן אונטער איין קאַ־טעגאָריע. אַ טייל פון זיי האָט זיך אײַנגעגעבן אײַנאָרדענען זיך אויף גוטע שטעלעס — אַדאַנק קרויווים, באַקאַנטשאַפטן, פעיִקײַטן, בייטיקע פאַכן, — און זיי לעבן ניט שלעכט. איינצלנע זײַ־נען דערגאַנגען אפילע צו דער מאַדרייגע פון פאַ־בריקאַנטלעך, אייגנטימער פון האַנטווערקער־וואַר־שטאַטן. אַ סאַך, ווידער, האָבן זײַנערצײַט פאַרלאָזט ייִסראָעל און זײַנען אַרויסגעפאָרן זוכן דאָס „ייִדי־שע גליק“ אין אַנדערע מעקוימעס. עטלעכע הונ־דערט איז געלונגען אומקערן זיך אַהיים, אין ראַטנ־פאַרבאַנד. פאַראַן אויך אַ סאַך, וואָס לעבן ניט באַזונדערס פויגלדיק און אַפילע אין דאַכקעס (אין די אַנטוויקלונגס־שטעטלעך, מאַכמעס אַרבעט־לאָזיקײַט אַאַוו.). בעקיצער, מע לעבט, ווי עס לעבן מענטשן פון פאַרשיידענע קלאַסן און שיכטן אין אַ קאַפּיטאַליסטיש לאַנד.

אַ באַזונדער קאַפּיטל שטעלן מיט זיך פאָר די נײַע עמיגראַנטן, די אַזויגערופענע „נײַע אָלים“.

קוידעםקאָל דאַרף מען פעסטשטעלן, אַז בלויז אַ נישטיק קליינער פּראָצענט פון די, וואָס פאָרן אַרויס לויט אַרויסרופן פון ייִסראָעל, קומען צו

פאַרן אין דעם דאָזיקן לאַנד. לעצטנס איז זייער צאָל געפאַלן ביז 7—5 פראָצענט פון דער אַלגעמיינער צאָל בירגער, וואָס באַקומען אַרויספאָרפאַפירן לויט אַרויסרופן פון ייִסראָעל. פאַרוואָס זשע פאָרן ניט די געוועזענע סאָוועטישע בירגער קיין ייִסראָעל?

דער דאָזיקער פראַגע איז געווען געווידמעט אַ סימפּאָזיום, אָרגאַניזירט מיצאַד דער ציוניסטישער צײַטונג „דאַוואַר", אָרגאַן פון דער היסטאַדרוט („אַלגעמיינע אָרגאַניזאַציע פון די ייִסראָעלדיקע אַרבעטער"). אינעם סימפּאָזיום, האָבן זיך באַטייליקט הויפּטזאַכלעך געוועזענע אַקטיוויסטן פון די אָטקאַזניקעס און געוועזענע „אַסירײ ציאָן" (מענטשן, וועלכע זײַנען בעשײַטע געזעסן אין סאָוועטישע טורמעס). קלאָר, אַז אָט די סימפּאָזיום־אָנטיילנעמער קאָן מען ניט כוישעד זײַן אין אַ וועלכער־ניט־איז נעגאַטיווער באַציִונג צו ייִסראָעל. זיי אַלע האָבן אָנגעוויזן, אַז די סיבע פונעם אומווילן צו קומען קיין ייִסראָעל זײַנען די שוועריקײַטן, אויף וועלכע עס שטויסן זיך אָן די נײַע אָלים באַם אײַנאָרדענען זייער לעבן אויפן נײַעם אָרט. פראָפעסאָר לערנער, למשל, האָט דערקלערט: „אַ סאַך אינטעלעקטואַלן פאָרן אַוועק קיין אַמעריקע און ניט קיין ייִסראָעל. מענטשן מיט העכערער בילדונג האָבן גרויסע שוועריקײַטן באַם אײַנאָרדענען דאָ זייער לעבן". און אָט וואָס עס האָט געזאָגט דער „באַוווּסטער" אָטקאַזניק י. בעגון: „אַפילו מענטשן מיט מאָדערנע פאַכן בלײַבן אָן אַרבעט. און אַ פאַסיקע באַשעפטיקונג איז דאָך דער ערשטער באַדינג פאַר אײַנאָרדענען זיך אין לאַנד". נאָך איין אָנטיילנעמער פונעם סימפּאָזיום, לעוו אַלבערט, האָט צוגעגעבן: „ייִדן פון פופציק יאָר און עלטער קאָנען ניט געפינען קיין אַרבעט. זיי נייטיקן זיך אין הילף מער פון אַלעמען" (ציטירט פונעם „דאַוואַר" 1.4.88).

נאָכן אומקערן זיך פון ייִסראָעל האָב איך באַקומען צוגעשיקט די רוסיש־שפּראַכיקע ייִסראָעלדיקע צײַטונג „ספּוטניק" מיט אַן אַרטיקל, איבערגעדרוקט פון „יעדיאָט אַכראָנאָט" פאַרן 15 אויגוסט 1988. דאָרט רעדט זיך וועגן אידע נודעל, דער סאַמע פּאָפּולערסטער פאַר דער לעצטער צײַט „אָטקאַזניצע", וועגן וועלכער די מײַרעופּרעסע האָט געטומלט און געראַשט ווי וועגן אַ „מאַרטירערן", אַ „קאָרבן פון סאָוועטישן רעזשים", „אַן אײַנזנפּעסטער קעמפערן פאַר רעפּאַטריִאַציע פון אַלע סאָוועטישע ייִדן". גענוג צו זאָגן, אַז באַגעגענען זי אין ייִסראָעלדיקן אַעראָפּאָרט זײַנען געקומען דער פּרעמיער־מיניסטער ייִצכאַק שאַמיר, זײַן שטעלפאַרטרעטער שימען פּערעס, די באַוווּסטע אַקטריסע דזשיין פאָנדאַ (וועלכע איז ספּעציעל אַראָפּגעפאָרן פון אַמעריקע) און אַנדערע אָנגעזעענע טוער. „ווי זשע האָט זי זיך אײַנגעבירגערט?" — פרעגט דער אויטאָר פונעם אַרטיקל, און ווײַטער שרײַבט ער: „קוים וואָס זי קומט צו זיך נאָך דער שווערער אָפּטרייסלונג, נאָך דעם שאָק, וואָס זי האָט איבערגעלעבט פאַר אַ יאָר לעבן אין לאַנד... זי איז ניט אימשטאַנד פאַרנעמען זיך מיט אירע אייגענע עיניאָנים, בייס אירע געוועזענע ברידער געפינען זיך אין אַ ביטערער לאַגע". אידע נודעל דערקלערט: „די סאָוועטישע ייִדן אינטערעסירן זיך מיט אונדזער מאַצעוו, און אויב די רעזולטאַטן וועלן אויך ווײַטער זײַן אַזעלכע קלאָגעדיקע, וועלן אַ סאַך ייִדן פאַרזעצן צו פאָרן אין די פּשאַ. אָט זײַנען געקומען צו פאָרן 400 אינזשעניערן און 200 דאָקטוירים. אין אַן אַנדער לאַנד וואָלט מען זיי אויפגענומען מיט אָפענע אָרעמס. אָבער הײַנטצוטאָג האָבן זיך פון די 2500 מענטשן, וועלכע לעבן אין די עמיגראַנטישע צענטערס, אײַנגעאָרדנט אויף אַרבעט בלויז 15 פּראָצענט, איך געפין זיך אין ייִסראָעל שוין 9 כאָדאָשים. מענטשן פרעגן מיך: „אידע, איר האָט שוין אַן אַרבעט? אַ וווינונג?" איך קאָן ניט לײַגן, און דעריבער ענטפער איך: „נאָך ניט, און אַלץ דערפאַר, וואָס קיינער וויל אונדז ניט העלפן. פריִער, גלײַך נאָך מײַן קומען, האָט מען זיך מיט מיר אַרומגעטראָגן ווי מיט אַ קייסערינע, און איצט בין איך דאָ אַן „אלא כאדאשא" („אַ נײַע עמיגראַנטן"), ווי אַלע אַנדערע און עס איז מיר אויך אַזוי שווער ווי אַ סאַך אַנדערע". יורי שטערן, דער פאָרשטייער פונעם אינפאָרמאַציע־צענטער, וואָס זאַמלט אָנגאָבן וועגן דער לאַגע פונעם סאָוועטישן ייִדנטום, דערקלערט, אַז „50 פּראָצענט פון די סאָוועטישע אימיגראַנטן זײַנען ניט אימשטאַנד אויסצאָלן די האַלוואָע, וואָס מע מאַכט זיי באַם קומען קיין ייִסראָעל. זיי קאָנען ניט קויפן זיך אַ וועלכע־ניט־איז דירע אויפן פרײַען מאַרק. אַ וווינונג פון דער מעלוכע שלאָגט מען זיי פאָר אין די אַזויגערופענע אַנטוויקלונגס־שטעטלעך, אָבער עלטערע מענטשן, וועלכע קאָנען ניט לעבן ווײַט פון זייערע קרויווים, אָדער יונגע פּאָרלעך, וואָס האָבן ניט קיין שום שאַנסן אויף באַקומען אַן אַרבעט אין די אַנטוויקלונגס־שטעטלעך, זאָגן זיך אָפּ פון דעם וואַריִאַנט, ניט געקוקט דערויף, וואָס אַזאַ לייזונג פון דער דירע־פּראָבלעם וואָלט זיי באַפרײַט פונעם כויוו אויסצוצאָלן די האַלוואָע. אין דער לעצטער צײַט איז אַרויס אַ נײַער געזעץ, וועלכער האָט נאָך מער פאַרשווערט די אַזוי אויך שווערע לאַגע. דאָס רעכט צו באַקומען אַ מעלוכישע וווינונג האָט איצט בלויז דער, ווער עס האָט שוין אָפּגעלעבט אין לאַנד ניט ווייניקער פון דרײַ יאָר. דער רעזולטאַט איז, אַז הונדערטער עמיגראַנטן זיצן אין די עמיגראַנטישע צענטערס און האָבן ניט קיין מעגלעכקײַט צו באַקומען די לאַנגדערוואַרטע וווינונג, קאָלזמאַן עס זײַנען ניט פאַריבער די דרײַ יאָר, ווי עס זעט פאָר דער געזעץ.

צוגאָבלעכע שוועריקײַטן: דאָס רעכט אויף אַ מעלוכישער דירע האָט אַ מישפּאָכע, וואָס באַשטייט פון ניט ווייניקער ווי דרײַ מענטשן. דער דאָזיקער געזעץ האָט שווער געטראָפן דעם סאַמע קאָמפּליצירטן און אומבאַשיצטן טייל פון דער „רוסישער אַליאַ" — די אַלטע לײַט. אויף דער אַרבעט נעמט מען זיי ניט, קיין פּענסיע קומט זיי ניט, און איצט האָט מען בא זיי אָפּגענומען אויך די מעגלעכקײַט צו באַקומען אַ וווינונג. זייערע קינדער, וואָס האָבן אייגענע שוועריקײַטן באַם אײַנאָרדענען זיך, זײַנען געצוווּנגען שלעפן אויף

זיך דעם דאָזיקן צוגאָבלעכן אַל און העלפֿן די ניט־איינגעאָרדנטע עלטערן".

אין א צווייטער ציוניסטישער צײַטונג „אל האמישמאר" פֿאַרן 12 אָקטיאָבער 1988 שרײַבט צווי קיסע: „אין ייִסראָעל זײַנען ניטאָ קיין באַדינגונגען פֿאַרן אופֿנעמען נײַע אָלים. קעדיי אײַנאָרדענען צען טויזנט עמיגראַנטן פֿונעם סאָוועטנפֿאַרבאַנד, דאַרף מען צוגרייטן פֿאַר זיי פֿיר טויזנט נײַע ארבעט־פלעצער. אָבער אין אַגבליק פֿונעם עקאָנאָמישן קריזיס זײַנען ניטאָ קיין שום אויסזיכטן דערויף, און מע וואָלט געדאַרפֿט עפּשער אָפֿן דערקלערן, אַז ס'איז בעסער, זיי זאָלן דערווײַל פֿאָרן קיין אַמעריקע".

די געזעלשאַפֿטלעכקײַט פֿון ייִסראָעל באַהאַנדלט נאָך איין פֿראַגע, וועלכע האָט א שײַכעס צום איניען עמיגראַציע. דאָס מאָל האַנדלט זיך שוין ניט וועגן די, וואָס פֿאָרן ניט קיין ייִסראָעל, נאָר וועגן די, וואָס פֿאַרלאָזן דאָס לאַנד און לאָזן זיך אַוועק אין אַנדערע מעקוימעס זוכן זייער גליק. אין דער אויבנדערמאָנטער צײַטונג „אל האמישמאר" פֿאַרן 22 מײַ 1988 שרײַבט איר רעדאַקטאָר מאַרעק געפֿען: „קיינער ווייסט ניט גענוי, וויפֿל ייִדן עס זײַנען אַרויסגעפֿאָרן זינט דער אַנטשטייונג פֿון דער מעדינע. אַפּיציעל ווערט אָנגעגעבן א ציפֿער פֿון א האַלבן מיליאָן. די לעצטנס אַנטשטאַנענע געזעלשאַפֿט, וועלכע פֿירט אָן אַגיטאַציע־ארבעט קעגן דער עמיגראַציע פֿון דער מעדינע, שאַצט די צאָל אַרויסגעפֿאָרענע אין 800 טויזנט מאַן". מאַרעק געפֿען פֿרעגט: „וואָס איז געשען מיט די ייִדן, וועלכע האָבן זיך אַמאָל געריסן צו קומען אין לאַנד און איצט פֿאָרן זיי אַוועק? דאָס זוכן די סיבעס בלויז אין עקאָנאָמישע שוועריקײַטן דעקט ניט אויף דעם גאַנצן עמעס. קומענדיק אין א צווייט לאַנד, איז מען דאָך אויך אויסגעשטעלט אויף פֿאַרשיידענע שווערע פּראָבלעמען: שפּראַך, ארבעט, קינדער־דערציִונג אאַז"ו".

דער גרעסטער טייל, — דערקלערט מאַרעק געפֿען, — פֿאַרלאָזט די מעדינע צוליב זיכערהייט־פּראָגן. יונגעלײַט ווערן קעסיידער גערופֿן צו מיליטער־איבונגען, טעג און וואָכן ווערן זיי אָפּגעריסן פֿון זייערע היימען. נאָך דעם ווי דער יונגערמאַן האָט אָפּגעדינט אין מיליטער עטלעכער יאָר און געשאַפֿן א מישפּאָכע, מיט ווײַב און קינדער, ווערט ער ווידער אָפּגעריסן פֿון זײַן היים, קעדיי צו שטיין מיט דער ביקס אויף די וועגן פֿון די אָקופּירטע שטאָכים. און מע זעט ניט קיין סאָף צו דעם. די לאַגע איז געוואָרן נאָך קריטישער זינט דעם אויסברוך פֿון דער „אינטיפאַדאַ" (אויף אַראַביש — „אויפֿשטאַנד") אויף דעם מערעוו־ברעג פֿונעם יאַרדן, אין גאַזאַ־פּאַס און אין דעם אַראַבישן טייל פֿון יערושאָלאַיִם. מער ווי א יאָר דויערט שוין דער אויפֿשטאַנד און די אונטערדריקונג־אַקציעס פֿון דער אַרמיי, און קיין סאָף זעט מען ניט. לויט אָפּיציעלע אָנגאָבן, האָט די ייִסראָעלרעגירונג אויסגעגעבן אין משך פֿון דעם אויפֿשטאַנד פֿון די פּאַלעסטינער אַנדערהאַלבן מיליאַרד שעקאָלים אויף אויסהאַלטן די אונטערדריקונג־אַרמיי אויף די אָקופּירטע שטאָכים. מיט אַזאַ ריזיקער סומע וואָלט מען געקאָנט לייזן פֿיל עקאָנאָמישע פּראָבלעמען, וועלכע מאַטערן סײַ די, וואָס קומען אין לאַנד, סײַ די, וואָס פֿאַרלאָזן עס און, אָן שום ספֿק, די, ווער עס בלײַבט לעבן אין לאַנד און איבער וועמענס קאָפּ עס הענגט ווי דאַמאָקלס שווערד די אומופֿהערלעכע מילכאָמע־געפֿאַר.

אין טעל־אַוויוו האָבן מיך באַזוכט מײַנע אַלטע באַקאַנטע, א פֿאַרפֿאָלק אין עלטער פֿון 35—38 יאָר. מיט צען יאָר צוריק זײַנען זיי געקומען קיין ייִסראָעל. ביידע האָבן זיי פֿאַרענדיקט אונדזערע סאָוועטישע הויכשולן און באַקומען גוטע הײַנטצײַטיקע פֿאַכן, דורכגעמאַכט בײַ אונדז א פּראַקטיק פֿון פּראָגראַמירונג, געשיקט געוואָרן אויף פֿאַרפֿולקומונגס־קורסן, בעקיצער, געוואָרן עכטע ספּעציאַליסטן אויף איינעם פֿון די סאַמע מאָדערנע וויסנשאַפֿטלעך־טעכנישע געביטן. ביידע זײַנען זיי פֿעיקע, ענערגישע, ארבעטזאַמע מענטשן. דאָס מאָל האָט זיי אויך דאָ געשײַנט, זיי האָבן זיך אײַנגעאָרדנט אויף גוט באַלוינטע שטעלעס, געקויפֿט א וווינונג, אַן אויטאָמאָביל, זײַנען מאַטעריעל פֿאַרזיכערט. זיי דערציילן מיר וועגן דעם מיט באַפֿרידיקונג. איך הער זיי אויס, דערנאָך זאָג איך: „איך בין צופֿרידן צו הערן, אַז עס גייט אײַך גוט און איר זײַט צופֿרידן מיט אײַער לאַגע. אָבער זאָגט מיר, צי ס'איז פֿאַראַן אויך עפּעס, וואָס באַאומרויִקט אײַך און פֿאַרשאַפֿט זאָרג?.." די פֿרוי ענטפֿערט: „איך האָב דאָך צוויי זין, צווייצוקינפֿטיקע זעלנער..." זי ווערט אַנשוויגן. איך שווײַג אויך. אַלץ איז קלאָר, און מע דאַרף ניט קיין איבעריקע ריד. אין אירע אויגן — טיפֿע זאָרג און אומרו פֿאַרן גורל פֿון אירע צוקינפֿטיקע זעלנער...

אָט אַזוי שטויסן מיר זיך אָן אויף דער סאַמע אָנגעווייטיקטער פּראָבלעם, וועלכע הענגט ווי א שווערע, פֿינצטערע כמאַרע איבער אַלע אײַנוווינער אין דער מעדינע און אויסער אירע גרענעצן — אויף דער פּראָבלעם פֿון מילכאָמע און שאָלעם צווישן די פֿעלקער אין ייִסראָעל און צווישן ייִסראָעל און די שכייניש אַראַבישע לענדער. די דאָזיקע פֿראַגע שטייט אונדז פֿאָר צו באַהאַנדלען אויף א צוזאַמענטרעף מיט די אַקטיוויסטן פֿון די שאָלעם־קויכעס, וואָס וואַרטן אויף אונדז אין יערושאָלאַיִם.

פֿאָרן מיר אָפּן צוזאַמענטרעף קיין יערושאָלאַיִם. וועגן דעם — אין קומענדיקן אַרטיקל.

(סאָף קומט)

## בײַשפילן פון אנדערע נאציאָנאלע סוויוועס...

ווען א נאציאָנאלע שפראך ווערט ניט אויסגעניצט אין פראָדוציר־וועזן, אויב זי קומט ניט צו הילף דעם מענטשן אין זײַן ארבעט, ווערט זי א פאסיווער רעזערוו, און מע ניצט זי בלויז אין דער מישפאָכע־ספערע. אָט דאָס האָט, נעמלעך, געטראָפן מיט דער קאזאכישער שפראך. מיר פארשטייען, אז מיט קיין פאטריאָטישע רופן, מיט קאָנסטיטוציאָנעלע דעקרעטן איז ניט מעגלעך אָפהיטן די שפראך, אויב ס'וועט זיך ניט אנטוויקלען די סאָציאלע באזע פאר איר עקזיסטענץ. אין קאַזאכסטאן פירן איצט סײַ פארטייִשע, סײַ סאָוועטישע אָרגאנען אן ארבעט אין דער דאָזיקער ריכטונג, עס זײַנען שוין פאראן ערשטע רעזולטאטן. אפאָנעם, מע מוז דערלערנען די דערפארונג פון לייזן שפראכלעכע פראָבלעמען אין די פארבאנדישע און אווטאָנאָמע רעפובליקן און פאראלגעמיינערן זי אינעם געזעץ וועגן די שפראכן.

פונעם אינטערוויו מיטן שרײַבער אָלזשאס סוליימענאָוו („פראוודא", 27 יאנוואר 1989)

נאָך אין די סטאגנאציע־צײַטן האָט זיך עמעצן פון אונדזערע אידעאָלאָגישע טשינאָווניקעס אויסגעדאכט, אז די העכסטע אנטפלעקונג פונעם אינטערנאציאָנאליזם איז דער אָפּזאָג פון אייגענע ווערטן. און זיי האָבן אָנגעהויבן לײַדנשאפטלעך פארווירקלעכן די דאָזיקע „אידיי". די נאָרמאלע מענטשלעכע פאָדערונג פון א בעקאָוועדיקער באציִונג צו דער ווײַסרוסישער שפראך פלעג געמאָלדן ווערן אלס אנטפלעקונג פון נאציאָנאליזם. און וויבאלד בא מײַנע לאנדסלײַט האָט נאָך געלעבט, און בא אייניקע לעבט נאָך איצטער די שרעק, וועלכע איז ארויסגעטראָגן געוואָרן פון דער צײַט פונעם פערזאָנען־קולט, ווען דער יארליק פון א נאציאָנאליסט איז געווען געגליכן צו א טויט־אורטייל, האָט זיך אָנגעהויבן אן איינהײַטלעכע דעמאָנסטרירונג פון דער אָפּוועזנהײַט און פונעם אָפּשטארבן פון די נאציאָנאלע געפילן. ס'איז דערגאנגען צו דעם, אז די איינציקע שול־דיסציפלין, וועלכע מ'האָט געקאָנט זיך אָפּזאָגן צו דערלערנען אף א געזעצלעכן אויפן, איז געווען די ווײַסרוסישע שפראך. צי קאָ מען נאָך דעם זיך וווּנדערן, וואָס

אין דער הויפּט־שטאָט פון דער רעפובליק ווערן ערשט איצט אָרגאניזירט ווײַסרוסישע קלאסן און קינדער־גערטנער, וואָס ערשט הײַנט איז אופגעשטאנען די פראגע וועגן צוגרייטן לערער אף דער מוטער־שפראך און ארויסלאָזן די נייטיקע ליטעראטור און ווערטערביכער?

פונעם אינטערוויו מיטן פאָרזיצער פון דעם ווײַסרוסישן קאָמיטעט פאר טעלעווידיע און ראדיאָ־טראנסלירונג ג. נ. בוראווקין („פראוודא", 29 יאנוואר 1989)

אווטאָריטעטע היסטאָריקער, שפראכקענער, פילאָסאָפן, געזעלשאפטלעכע טוער, שרײַבער זײַנען נאָך א דויערנדיקער באהאנדלונג געקומען צום אויספיר וועגן דער נויטווענדיקײַט צו דעקרעטירן די מאָלדאווישע שפראך אלס מעלוכע־שפראך. דערבײַ אָבער מוזן אָפגעהיט ווערן סײַ דער פרינציפ פון רוסיש־מאָלדאווישער צווייִשפראכיקײַט, סײַ דאָס רעכט אף אנטוויקלען די שפראכן פון די נאציאָנאליטעטן, וועלכע באוווינען די מאָלדאווישע רעפובליק (אוקראַיִנער, גאגאוזן, ייִדן, בולגארן).

ע. קאָנדראטאָוו („איזוועסטיא", 31 יאנוואר 1989)

מ'א זאָגט אונדז — פאר וואָס האָט איר מוירע? טוט א קוק, וויפל ביכער דערשײַנען אף דער עסטישער שפראך. טעלעוויזיע, טעאטער, ראדיאָ, קיינער דריקט ניט אונטער אײַער קולטור. נאָר מיט דער צאָל איז ניט מעגלעך גאָרניט צו דערקלערן, ביכער קאָן מען ארויסלאָזן אויך אף טויטע לעשוינעס, די הײַנטצײַטיקע טעכניק איז בעקויעך דאָס צו טאָן. צי וועט אָבער קאָנען זיי עמעצער איבערלייענען? א באליביקע קולטור לעבט, ווען זי ווערט איבערגעגעבן פון דאָר צו דאָר.

פונעם אינטערוויו מיטן פאָלקס־ארטיסט פון דער עסטישער סטר מיק מיקיוִוער („פראוודא", 3 פעברואר 1989)

■ ■ ■

# שוועריקייטן און פּראָבלעמען

עס קומט פאַר אַן אויפלעבונג פון דער יידישער קולטור אין סאָוועטנפאַרבאַנד. דאָס איז אַ פריידיקע דערשיינונג. נאָר צוזאַמען מיט די קולטור־געזעלשאַפטן, וועלכע ווערן געגרינדעט אין פאַרשיידענע רעגיאָנען פונעם לאַנד, שווימען אויף קאָלערליי פּראָבלעמען, גאָר ניט קיין פּאַשעטע, צומאָל ווייטיקדיקע. אַזוי אָדער אַנדערש, נאָר לייזן זיי מוז מען, אַלנפאַלס, עפנטלעך באַהאַנדלען.

דער כאַווער י. רײַזבאַום פון וואָלגאָגראַדער געגנט איז ניט צופרידן מיט דעם, וואָס די מיטיילונגען, וועלכע אינפאָרמירן דעם אוילעם וועגן דער אנטשטייונג פון יידישע, דערווײַל נאָך ניט־פאָרמעלע פאַרייניקונגען, זײַנען קורצע, באַגרעניצטע. „אַ מאָדנע זאַך, — שרײַבט ער אין זײַן בריוו, וועלכער איז דאָ ניט לאַנג אָנגעקומען אין רעדאַקציע. — פאַרוואָס זײַנען ניטאָ אין אונדזער פּרעסע קיין גענויע דערקלערונגען, אַזעלכע, וואָס זאָלן אַלץ מאַכן קלאָר, וועגן וועלכע מע זאָל ניט דאַרפן אַרויסשטעלן קיין איבעריקע קאַשעס? אין איניקע צענטראַלע צײַטונגען קאָן מען מיט געוויסע אָנשטרענגונגען געפינען ידיעות, אַז שטייגער, וועגן אַ „מאָסקווער קולטור־געזעלשאַפט". אָבער, ערשטנס, איז מאָסקווע לאַכלוטן ניט דאָס גאַנצע סאָוועטישע ייִדנטום; צווייטנס, גיבן ניט די נאָטיצן אין די צײַטונגען אַפילע קיין איין אַדרעס פון אַ וועלכער־ניט־איז קערפּערשאַפט. ווידעראַמאָל — צווישן פיר אויגן... איך וויל, אַז דאָס קאָל פון אַ פּאַשעטן ייד, אַ מענטש פון טיף־רוסלאַנד, זאָל איך דערהערט ווערן. כ'בין איבערצײַגט, אַז דער גרעסטער טייל יידן אין סאָוועטנפאַרבאַנד וועלן אויפנעמען דעם ווידערגעבורט פון דער יידישער קולטור בײַ אונדז מיט גרויס צופרידנקײַט. אַזעלכס וואָלט שוין לאַנג געדאַרפט געשען. איך ווייס ניט, וויאַזוי דער מאַצעוו איז אין מאָסקווע, בײַ אונדז, אין וואָלגאָגראַדער געגנט, לעמאָשל, און בישכיינעס מיט אונדז, איז דערווײַל נאָך ניטאָ ניט קיין יידישע קולטור, ניט קיין יידישע געשיכטע — גאָרניט. ווער זשע וועט עס אונדז, אין דער פּראָווינץ, געבן? איך פאַרשטיי ניט, פאַרוואָס איז די אַזוי־גערופענע „יידישע קולטור־געזעלשאַפט" אין דער הויפּטשטאָט אָנגערופן געוואָרן — מאָסקווער? אַוודאי וואָלט געווען אַ סך קלינגער, ווען זי טראָגט דעם נאָמען — אַלפאַרבאַנדישע, מיט אָפּטיילונגען, אַמווייניקסטנס, אין די געגנטלעכע צענטערס". י. רײַזבאַום האַלט, אַז „די אַלפאַרבאַנדישע יידישע קולטור־אויפקלערערישע געזעלשאַפט דאַרף פאַרייניקן אין אירע רייען אַלע יידן און ביכלאַל יעדערן, ניט אָרומקוקנדיק זיך אויף זײַן נאַציאָנאַליטעט, אויב ער וויל ברענגען נוץ אין די ראַמען פון דער געזעלשאַפט און פאַרפליכטעט זיך צו שעצן דעם אוסטאַוו פון דער געזעלשאַפט. די אַלפאַרבאַנדישע געזעלשאַפט טאָר ניט זײַן קיין פאַרייניקונג בלויז פון יידישע אינטעלעקטואַלן און פונקציאָנערן". און ווײַטער זאָגט זיך דער כאַווער רײַזבאַום אַרויס אַזוי: „אויב די זאַך גייט אין דעם, אַז עס קלעקט ניט קיין געלט אויף צו פינאַנסירן אַזאַ אָרגאַניזאַציע, דאַן לאָמיר שאַפן אַ יידישן קולטור־פאָנד, מעלדן וועגן דעם עפנטלעך און פאַרפירן אין באַנק אַ קאָנטע. כ'מיין, אַז דער יידישער אוילעם וועט אונטערהאַלטן אָט די זאַך".

אונדזער קאָרעספּאָנדענט פון דער וואָלגאָגראַדער געגנט האָט פיל טײַנעס סײַ צו זיך, סײַ צו אַנדערע, נאָר די סאַמע ווײַכטיקסטע פון די פראַגן, וועלכע ער באַהאַנדלט, איז די שפּראַך־פראַגע. „אַ גרויסע ראָליע אינעם נאַציאָנאַלן באַוווסטזײַן שפּילט דאָס לשון, — שרײַבט ער, — די צײַטונג „אַרגומענטן און פאַקטן" ברענגט שוידערלעכע ציפערן. ס'לאָזט זיך אויס, אַז בלויז 17 פּראָצענט סאָוועטישע יידן פאַרשטייען זייער מוטער־שפּראַך. און דאָס איז, אוי וויי, טאַקע דער פולער עמעס. מײַן מאַמע האָט שוין געקאָנט שלעכט יידיש. קיין איין ייד אין אונדזער יישעוו, כוץ צוויי־דרײַ זקיינים, רעדן ניט אויף יידיש. איך האָב שטודירט אין אַ הויכשול אין דער שטאָט פּערם, קיינער פון די יידן־סטודענטן האָט ניט באַהערשט דאָס לשון פונעם פאָלק. איך פּערזענלעך וועל אײַך אויסזאָגן אַ סאָד אויף גאַנץ בראָד: כ'אַבאָניר זיך אויפן זשורנאַל „סאָוועטיש היימלאַנד" פּאַקטיש בלויז צוליב עטלעכע זײַטלעך פון דער רוסישער רעזיומע, און מײַן בריוו, ווי איר זעט, איז געשריבן אין רוסיש, מער ניט, איך לערן צוביסלעך די אויסיעלעך לויט די לעקציעס, וואָס דרוקן זיך. פרעג איך: וועגן וואָס נאָך טראַכט אין אָט דער סיטואַציע די רעדאַקציע פונעם זשורנאַל?"

דער כאזער רייזבאום טראגט אריין פארשלאגן. אים דוכט זיך, אז דער איצטיקער שפראך־מאצעוו פאדערט, אז דער זשורנאל זאל דערשיינען מיט פאראלעלע טעקסטן, אף יידיש און רוסיש. נאך בעסער וואלט געווען, עס זאלן ארויסגעגעבן ווערן צוויי יידישע זשורנאלן — איינער אף מאמע־לשון, דער צווייטער אף רוסיש. אדער מע זאל כאטש פארגרעסערן דעם פארנעם פון דער רוסישער רעזיומע. און נאך און נאך געדאנקען זאגט ארויס אונדזער קארעספאנדענט פון דער וואלגאגראדער געגנט. ער גיט זיך אפ א דין־וחשבון אין דעם, אז די אומגעבונג איז א קאמפליצירטע, ס׳איז א צארע, וואס די סאוועטישע יידן האבן פארלוירן אינעם לעצטן האלבן יארהונדערט זייער מאמע־לשון. אזעלכע זיינען אבער די רעאליטעטן.

ענלעכע ווענדונגען באקומט די רעדאקציע א סאך, פון אלע עקן פון אונדזער לאנד.

וולאדימיר סטראנגין פון מאסקווע הייבט דאפקע אן זיין בריוו מיט א לויב־געזאנג. אים געפעלט שטארק, וואס די רעדאקציע פונעם זשורנאל לאזט ארויס דעם רוסישן יעזשעגאדניק „יאר נאך יאר". „מיר דוכט זיך, — באהויפטעט אונדזער קארעספאנדענט, — אז אין די היינטיקע צייטן איז אן ערנסטע רוסישע אויסגאבע פון דער יידישער ליטעראטור, אריינגערעכנט היסטארישע ווערק, אומבאדינגט נייטיק. כ׳מיין, אז א יידישער זשורנאל אין דער רוסישער שפראך, זאל זיין ניט קיין כוידעשלעכער, נאר א צוויי־כאדאשימדיקער, איז איצט א זאך אן אומפארמיידלעכע. ס׳קאן זיין, אז דאס וואלט גוט געווען צו פארווירקלעכן אלס א פעריאדישע ביילאגע צום יידישן זשורנאל „סאוועטיש היימלאנד". ס׳איז דאך א פאקט, אז בא אונדז אין לאנד זיינען אויסגעוואקסן שוין עטלעכע דורות יידן, וועלכע באהערשן נישט, צוליב פארשיידענע סיבעס, ניט יידיש, ניט העברעיש. זיי זיינען ווייניק אינפארמירט וועגן דער יידישער ליטעראטור, וועגן דער טראגישער, אבער גרויסארטיקער געשיכטע פונעם פאלק, וועמענס ווארצלען עס שטעקן אין די ווייטע יארטויזנטער.

די אפוועזנהייט פון אינפארמאציע אף דער רוסישער שפראך וועגן דער געשיכטע פונעם יידישן פאלק, וועגן זיין אייגנארטיקער קונסט און פאלקלאר, וועגן זיינע פילאסאפישע און טעאלאגישע ספארים, געשאפענע אין משך פון טויזנטער יארן, נערט אין א געוויסער מאס דעם אנטיסעמיטיזם. שלעכט איז אויך דאס, וואס ביסלעכווייז ווערן פארגעסן די צארעס אוןליידן פונעם יידישן פאלק, די פילצאליקע קארבאנעס און מארטירער, די אומגעבראכטע מיצאד די פאשיסטן זעקס מיליאן אומשולדיקע".

עדוארד פראניליאווערן, אויך א מאסקווער טוישעוו, באומרויקט די פראבלעם פון דעם מענטשנס ווירדע און זעלבסטשטענדיקייט, ער קלערט וועגן פראגעס פון לעבן און טויט, פון גוטס און בייז, פון ביטאכן און ייעש, בארירט די סאמע ווייפינטלעך פון אונדזער נאציאנאל לעבן. עדוארד פראניליאווער זאגט אויך ארויס זיין מיינונג וועגן דער יידישער שפראך. „איך פארשטיי גאנץ גוט, — שרייבט ער, — אז די שפראך, וועלכע האט זיך אין משך פון יארהונדערטער פארפונדעוועט אין פאלק, דאס מאמע־לשון איז די סאמע בעסטע פארם אף צו רעאליזירן דעם גייסטיקן פאטענציאל פונעם פאלק, איבערהויפט נאך אין דער ליטעראריש־קינסטלערישער שאפונג. דעריבער איז דער אונטערגאנג פון א באליביקער שפראך א פארארעמונג ניט בלויז פונעם נאציאנאלן, נאר אויך פונעם אלוועלטלעכן לעבן. ווען די ווייטערדיקע אנטוויקלונג פון יידיש־לשון וואלט געקאנט אפסניי עס פארוואנדלען אין א לשון פון אונדזער גאנץ פאלק, אדער פון זיין איבערוועגנדיקער מערהייט, וואלט איך דער ערשטער געשטימט לטובת יידיש. עס עקזיסטירט אבער די רעאלע וואר. איבערהיפערן זי איז אוממעגלעך. די דאזיקע ווירקלעכקייט האבן מיר באקומען מאכמעס פיל סיבעס.

די מערהייט יידן אין סאוועטנפארבאנד רעדט אף רוסיש און דענקט אף רוסיש. איך האלט בעשום־אויפן ניט, אז די רוסישע שפראך בא די סאוועטישע יידן איז די איינציקע. מאמע־לשון וואלט געווען ניט שלעכט דערלערנען צוליב פארשערישע צילן, צוליב איבערזעצונגען. כ׳בין אבער איבערצייגט, אז די פראגע איז ניט אין דעם, אף וואס פאר א שפראך עס וועט זיך ווייטער אויסלעבן די סאוועטישע יידישע קולטור — אף יידיש, צי אף רוסיש, די פראגע שטייט גאר אנדערש: אדער די יידישע סאוועטישע ליטעראטור וועט עקזיסטירן אין דער רוסישער שפראך, אדער זי וועט פירן א שווער לעבן, פונקט אזוי, ווי אין משך פון אלע נאכמילכאמעדיקע יארן, אריינרעכנענדיק די טקופע פון „סאוועטיש היימלאנד". אזא מין געדאנקענגאנג פארמינערט ניט אף קיין קאפל די באדייטונג פון דער שאפונג פון די יידישע שרייבער, וועלכע גייען ניט אפ פונעם מאמע־לשון. איך פארזיכער איינך, אז אייער זשורנאל, ווען ער זאל דערשיינען פאראלעל מיט אזא קראפט אין רוסיש, וואלט א סאך גינסטיקער איידער איצט, געווירקט אף דער פארשטארקונג פונעם אינטערעס צו אונדזער נאציאנאלער געשיכטע, צו אונדזער קולטור, און, צווישן אנדערס, צו דער יידישער שפראך. דאס לעצטע קלינגט עטוואס פאראדאקסאל, נאר ס׳איז טאקע אזוי.

צי קאן מען האלטן פאר נארמאל, וואס דעם איינציקן סאוועטישן זשורנאל אף יידיש האבן א מעגלעכקייט צו לייענען 6—7 פראצענט יידן בא אונדז אין לאנד? איך נעם נישט אראפ ניט פון זיך, ניט פון עמעצן די מאראלישע פאראנטווארטלעכקייט פאר דעם, וואס מיר האבן אין אונדזערע צייטן מאנקירט מיט דער מעגלעכקייט דערלערנען יידיש בא זיך אינדערהיים און וואס מיר באהערשן ניט דאס לשון פון אונדזערע טאטעס און מאמעס. איך קאן אבער אויך ניט פארגעבן די געוועזענע רעגירער, וועלכע האבן מיט היספיילעס און גייווע זיך געקרוינט אלס אינטערנאציאנאליסטן. דאס האבן זיי מיט אלע קויכעס זיך געסטארעט, אז דאס דערלערנען יידיש „אינדערהיים" זאל ווערן דער איינציקער וועג צום מאמע־לשון. אין אונדזערע באדינגונגען האט עס פראקטיש באטייט — פארהאקן דעם וועג צו יידיש".

און עדוארד פראַנילאָוועד מאכט אַן איספיר: „אויב זיך האלטן באַם שטאַנדפונקט, אַז איסער דער יידישער שפראַך איז אומעגלעך די אַנטוויקלונג פון דער יידישער קולטור, וועלן מיר זיך אַף קיין גוטס ניט דערוואַרטן".

דער כאַוועד ע. פראַנילאָוועד שרײַבט, אַז ווען אין לאַנד איז אַף א נעגאַטיוון אויפן געלייזט געוואָרן די נאַציאָנאַלע שפראַך־פראַגע, איז ער נאָך געווען א קינד. פונקט אַזוי אויך די, וואָס זײַנען מיט אים אין איין עלטער. אופווירקן אַף דער לייזונג פון אָט דער פראַגע האָבן זיי ניט געקאָנט. אָבער ווו זײַנען געווען מיר, וועלכע האָבן שוין דעמלט דערגרייכט דעם דערוואַקסענעם עלטער? פאַרוואָס האָבן מיר, די איצטיקע עלטערע מיטאַרבעטער פון „סאָוועטיש היימלאַנד", דערלאָזט אַזאַ ווילקיר בענעגייע יידיש? פרעגן קאַשעס איז א סאַך לײַכטער, איידער ענטפערן אַף זיי. דאָ וואָלט מען זיך געקאָנט פאַרופן אַף דער צײַט. נאָר דער כאַוועד פראַנילאָוועד וועט סיַזוי ניט דערפילן די טראַגעדיע, וועלכע האָט פאַסירט מיט אונדז, דעם בראָך און דעם ווייטיק, וואָס עס האָט איבערגעלעבט אונדזער דאָר — פונדערוויַטנס און פונדערזיַטנס זעען אויס די געשעענישן לאַכלוטן ניט אַזוי גרויזאַם, ווי זיי זײַנען געווען אינדערעמעסן. די געשיכטע איז אומעגלעך פאַרענטפערן, גרינגער איז פאַרורטיילן. מע קאָן זי בלויז דערקלערן און עפשער, אַרײַנדרינגענדיק אין אירע טיפענישן — פאַרשטיין.

א יונגערמאַן נאָך, וויל עדוארד פראַנילאָוועד זיך באַהעפטן מיט דער יידישער קולטור, מיט דער יידישער ליטעראַטור, אָבער אַזוי האָט שוין פאַסירט, אַז ער באַהערשט ניט דאָס מאַמע־לאָשן. ווו ושע איז דער אויסוועג? „ווי איר פאַרשטייט, — דערקלערט ער אין זײַן בריוו, — איז מײַן מוטערשפראַך ניט יידיש. דאָס טוט מיר וויי. אַוי ווײַ! כ'וואָלט געוויס זײַן גליקלעך, ווען כ'זאָל באַהערשן צווי לעשוינעס: דאָס לאָשן פון מײַן פאָלק און די שפראַך פונעם לאַנד, ווו איך בין געבוירן געוואָרן און ווו איך לעב. נאָר קיין ווינטשפינגערל פאַרמאָג איך ניט — אויסלערנען יידיש אַף אַזויפיל, איך זאָל קאָנען שאַפן קינסטלערישע ווערק אַף אָט דער שפראַך — און קינסטלערישע שאַפונג, גלייב איך, איז מײַן באַרוף, — באַהערשן יידיש אַזוי ווי רוסיש, איז אומעגלעך, אַלנפאַלס, פאַר מיר. אָבעראַמאָל און ווידעראַמאָל מאַך איך אײַך אויפמערקזאַם, אַז די פראָבלעם באַשטייט ניט נאָר אין מיר. די הויפּטמאַסן יידן אין סאָוועטנפאַרבאַנד פאַרשטייען ניט יידיש, און ניט אַזוי גיך וועלן זיי מיסטאָם אָט די שיינע שפראַך באַהערשן, אויב זיי וועלן זי, אַגעוו, דערלערנען, באַקומענדיק די האַמעאָפּאַטישע דאָזעס פון די יידיש־לימודים, וועלכע עס דרוקט „סאָוועטיש היימלאַנד". לאָמיר זײַן רעאַליסטן: רוסיש איז איצט געוואָרן א דריטע שפראַך בא די סאָוועטישע יידן. רוסיש דאַרף אָנערקענט ווערן ווי אַן אומגאַנג־שפראַך פונעם סאָוועטישן יידישן פאָלק. מיט אַלע געהעריקע פאָלגן. „סאָוועטיש היימלאַנד" מוז באַקומען א ברײדערלעכע אויסגאַבע אַף רוסיש. דער יערשעגאָדניק „יאָר נאָך יאָר" לייזט ניט די פראַגע, ווײַל ער גייט אַרויס איין מאָל אין יאָר. עס דאַרפן דאָ אָפּגעזוכט ווערן אַנדערע וועגן. עפשער אָנהייבן פון איבערבויען די כוידעשלעכע בײַלאַגע צום זשורנאַל אין א רוסישער אויסגאַבע..."

אַזעלכע פאָרשלאָגן באַקומט די רעדאַקציע פון „סאָוועטיש היימלאַנד" א סאַך. ז. שיפרין פון ריגע האַלט, אַז עס וואָלט געווען ווינטשנסווערט אופצולעבן איינִיקע יידישע אויסגאַבעס אַף דער רוסישער שפראַך, וועלכע פלעגן דערשײַנען פאַר דער מילכאָמע — „דאָס וואָלט מיטגעהאָלפן דער אופלעבונג פון דער יידישער סאָוועטישער קולטור". אַרײַנציִען רוסיש אין דער טעטיקײַט פאַר דער יידישער קולטור אייצעט דער כאַוועד קאַזימיראָווסקי פון אירקוטסק, א קאָמוניסט פונעם 1940. עס האַלט אים אונטער דער כאַוועד ב. האָמערמאַן פון סלאַוווטע (אַגעוו, ער איז שוין גרייט צושיקן אין זשורנאַל א קסאַוויאַד פון א ווערק אין רוסיש וועגן דעם לעבן פון עטלעכע דוירעס פון א יידישער מישפּאָכע). א. סמאָלאָוויטש פון קאַלוגע זאָגט זיך אַרויס קאַטעגאָריש פאַר דרוקן פאַראַלעל דעם זשורנאַל „סאָוועטיש היימלאַנד" אין דער רוסישער שפראַך. ער האַלט, אַז דער יערשעגאָדניק „יאָר נאָך יאָר" איז זייער א געלונגענער, נאָר דערווײַל א טראָט אין אָט דער ריכטונג. דער כאַוועד שפּונט פון כערסאָן וואָלט וועלן, אַז רוסיש זאָל דעקלאַרירט ווערן ווי א פונקציאָנירנדיקע שפראַך פון די סאָוועטישע יידן. דער געדאַנק, אַז וועגן רוסיש דאַרף מען אָפיציעל און וויסנשאַפטלעך ריידן ווי וועגן איינער פון די נאַטירלעכע און היימישע שפראַכן פונעם יידישן פאָלק פיגורירט אין א גרויסער צאָל ווענדונגען צו דער רעדאַקציע (עס שרײַבן וועגן דעם איסאַק פראַדקין פון אופאַ, גריגאָרי מאַרגאָלין פון סמאָלענסק, יעווגעניִא דובינסקאַיאַ פון אָמסק, יעווגעניִא מירימסאָן פון טשעליאַבינסק, מיכאַיל פערלמוטער פון טאַשקענט, ש. דאַנציג פון באַקו און נאָך פיל אַנדערע לייענער).

ווײַזט אויס, אַז אַזאַ איז דער רוף פון דער צײַט.

דער לייענער־וועטעראַן מ. א. קריוויצקי פון אָדעס, וועלכער האָט נאָך „געגלעט מיט די הענט דעם ערשטן נומער פון „סאָוועטיש היימלאַנד" אין 1961", האַלט, אַז האָטשע ס'איז שוין אַדורך געניג צײַט, זינט ס'האָט דער נײַער אָרט דענקען אָנגעהויבן זײַן טריומפאַלן וועג בא אונדז אין לאַנד און די גלאַסנאָסט איז געוואָרן א טאָגטעגלעכע באַדערפעניש, האַלט נאָך די רעדאַקציע פונעם זשורנאַל אין איין קלײַבן זיך צו דערציילן די לייענער וועגן די שווערע פאַרלוסטן, וועלכע עס האָט געליטן אונדזער פאָלק אין די צײַטן פון די סטאַלינישע רעפּרעסיעס און פון דער סטאַגנאַציע. דער כאַוועד קריוויצקי איז איבערצײַגט, אַז דער זשורנאַל טיילט אויס ווייניק אָרט פאַר די ווערק פון איציק פעפערן, דאַוויד האָפשטיינען, איזי כאַריקן, פערעץ מאַרקישן, פאַר די אומגעקומענע רוסישע שרײַבער, אַזעלכע ווי אָסיפ מאַנדעלשטאַם, איסאַק באַבעל און אַנדערע. כוץ דעם, איז דער כאַוועד קריוויצקי ניט צופרידן מיט דעם, וואָס מיר שרײַבן ווינציק וועגן יִסראָעל, דער

ציילן בלויז, וויאַזוי די יִסרעײלים אָקופּירן די אַראַבישע שטאָכים, און גאָר. ער שרײַבט אין זײַן בריוו, אַז ער זעלבסט פֿאַרורטיילט די אָקופּאַציע פֿון דער אַראַבישער ערד, ער וואָלט וועלן מיטן גאַנצן האַרצן, אַז די ייִדן און די אַראַבער זאָלן ווערן צווישן זיך פֿרײַנט. אָבער אײנס צום דריטן איז ניט קיין מעכוטן. ער וויל וויסן אַ סאַך מער, ווי עס דערציילט אים דער זשורנאַל, וועגן דעם קולטורעלן לעבן אין יִסראָעל, וועגן די טוישווים פֿון דער מעדינע, וועגן די יִסראָעלדיקע שרײַבער, וועגן דעם יִסראָעלדיקן טעאַטער, וועגן דער מאַטעריעלער לאַגע פֿון די דאָרטיקע בירגער.

ווײַבאַלד מע קריטיקירט אונדז אומבאַראַכמאָנעסדיק, דאַרף מען רעאַגירן. קודעמקאָל וועט זײַן ריכטיק צו באַמערקן, אַז ביז אַ געוויסער מאָס נעמען מיר אָן די פֿאַרוואָרפֿן פֿון אונדזערע קאָרעספּאָנדענטן: עס איז ניט אַזוי פּאַשעט מיטאַמאָל אָפּטאָן דאָס, וואָס עס האָט געדאַרפֿט פֿאַרווירקלעכט ווערן אין מעשעך פֿון צענדליקער יאָרן. מ. א. קריוויצקי, האָפֿן מיר, לייענט „סאָוועטיש היימלאַנד" אויפֿמערקזאַם, און ער האָט מיסטאַמע באַמערקט, אַז אַ היפּשע צאָל, לאָמיר אַזוי זאָגן, מאַטעריאַלן וועגן די קאָרבאָנעס פֿונעם סטאַלינקולט האָט דער זשורנאַל געדרוקט, אָנהייבנדיק, פֿון אַ צײַט, ווען אַנדערע זשורנאַלן האָבן עס נאָך ניט געטאָן, די דערשאָסענע אָנהייבער פֿון דער סאָוועטישער ייִדישער ליטעראַטור זײַנען דערשינען אין זשורנאַל שוין אין 1961, ווען אונדזער לייענער האָט „געגלעט מיט די הענט דעם ערשטן נומער", און נאַטירלעך, ווײַטער, פֿיל צענדליקער מאָל און מיט דער פֿולער מאָס. לאָמיר אָבער זיך האַלטן נעענטער צו אונדזער הײַנטיקן טאָג און נעמען דאָס פֿאַריקע יאָר, בלויז איין יאָר, און אַ בליטער טאָן די דערשינענע צוועלף נומערן פֿון „סאָוועטיש היימלאַנד".

אין זיי זײַנען געווען פֿאַרעפֿנטלעכט יוסף ראַבינס ראָמאַן וועגן די קולטרעפּרעסיעס („אין יענעם יאָר", נומערן 4 און 5), די ווייטיקפֿולע מיטיילונג „אויפֿן הייליקן פֿעלד" (נומער 8) פֿון שמועל גאָרדאָנען, וועלכער איז אַלפּי נעס ניצל געוואָרן טאַקע אין די יאָרן, ווען עס האָט געווילדעוועט דער ווילקיר פֿונעם „פֿאָטער פֿון די פֿעלקער". אַ וואָגיק אָרט פֿאַרנעמט די טעמע וועגן די ווילקירלעכע רעפּרעסיעס אין די זיכרוינעס פֿונעם העלדישן אויסשפּירער לייב דאָמב (לעאָפּאָלד טרעפּער), וועלכע זײַנען געווען אָפּגעדרוקט אין די נומערן 9, 10, 11 און 12. אין פֿערטן נומער פֿאַרן 1988 זײַנען פֿאַרעפֿנטלעכט וואָרק פֿון פּערעץ מאַרקישן און איציק פֿעפֿערן. אין פֿינפֿטן נומער קאָן מען איבערלייענען באָריס פּאַסטערנאַקס לידער אין דער איבערזעצונג אויף ייִדיש. אין אַכטן נומער זײַנען אָפּגעדרוקט מאַטעריאַלן, געווידמעט איזי כאַריקן, צווישן זיי אַ זעלטענע אַרבעט פֿונעם אומגעבראַכטן דיכטער: זײַנע אַן איבערזעצונג. מיט אַכט יאָר צוריק איז אין דער אייביקייט אוועק דער דיכטער אַוראָם גאָנטאַר, וועלכער איז זײַנערצײַט געווען אומשולדיק רעפּרעסירט און איז שפּעטער פּאָלקום רעאַביליטירט געוואָרן. זײַנע לידער זײַנען פֿאַרעפֿנטלעכט געוואָרן אין פֿערטן נומער פֿאַרן פֿאַריקן יאָר. עטלעכע ווערק פֿון דעם שרײַבער בוזי מילער, וועלכער איז אויך געווען רעפּרעסירט און רעאַביליטירט, זײַנען פֿאַרעפֿנטלעכט געוואָרן אין נײַנטן נומער „סאָוועטיש היימלאַנד". אין צווייטן נומער פֿאַרן פֿאַריקן יאָר האָט אַפּסנײַ דערזען די ליכטיקע שײַן דער אַרטיקל „די קאָמוניסטישע אַרבעט אין דער ייִדישער סוויווע". דער מעכאַבער פֿון דער דאָזיקער אַרבעט שימען דימאַנשטיין איז אומגעקומען אין יעזשאָווס פּײַניקונגס־קאַמערן. פֿאָרגעשטעלט מיט זײַנע ווערק אינעם פֿאַרגאַנגענעם יאָר איז דער רעפּרעסירטער אין דער פֿאַרגאַנגענהייט און רעאַביליטירטער שרײַבער־הומאָריסט הערשל פּאָליאַנקער.

אַגעוו, אין ערשטן האַיאָריקן נומער טרעט אַרויס פּאָליאַנקער מיט אַן עסיי, וואָס הייסט „די לעצטע באַגעגעניש מיט שלוימע מיכאָעלסן", אין נום. 4 פֿאַרן 1989 און אין די ווײַטערדיקע נומערן דרוקט ער זײַן גרעסערע דערציילונג „שווערע יאָרן", אין וועלכער עס יאַטערן די ניט פֿאַרהיילטע וווּנדן, וועלכע די סטאַלינישע רעפּרעסיעס האָבן פֿאַרשאַפֿט דער ייִדישער סאָוועטישער ליטעראַטור. אין צווייטן און דריטן נומערן פֿאַר הײַנטיקס יאָר האָבן די לייענער געהאַט אַ מעגלעכקײַט זיך באַקאַנען מיט יוסף בוכבינדערס גרעסערער דערציילונג „בלעטלעך פֿון מײַן טאָגבוך". יוסף בוכבינדער איז אויך איינער פֿון די רעפּרעסירטע און שפּעטער רעאַביליטירטע ייִדישע שרײַבער. אומקערנדיק זיך צום פֿאַריקן יאָר, קאָן מען אָנרופֿן ב. גערשמאַנס זיכרוינעס „סוידעס פֿון מײַן באַרוף" (נומער 3) און מ. קאָטליאַראָווס „מיכאָעלס פֿונדערנאָענט" (נומער 6), אין וועלכע דאָס געשטאַלט פֿונעם פֿאָלקס־אַרטיסט פֿון פּסטר שלוימע מיכאָעלס ווערט באַוויזן אין דער שײַן פֿון גלאַסנאָסט.

וואָגיק איז שוין דער בײַטראָג פֿון אונדזער דיכטונג אין שילדערן די מאַגייפֿע פֿון דער סטאַלינשטשינע. לאָמיר זיך כאָטש דערמאָנען: „און נאָך די זיגרײַכע שלאַכטן און מאַרשן — אַ באַבי יאַר אויף מיכאָעלסן און אויף מאַרקישן..."

מיסטאַמע וועט זײַן גענוג דערוויזן דעם כאַווער קריוויצקי פֿון אָדעס, אַז עס איז ניט אַזוי פֿינצטער אין שטוב ווי אייניקע מאָלן עס. עפּעס, אַ סוואָרע, טוט דער זשורנאַל אַזעלכס, וואָס וואָלט געדאַרפֿט באַפֿרידיקן די סאַמע שטרענגע פֿאָדערונגען פֿון זײַנע קריטיקער און אָפּאָנענטן. מע דאַרף נאָר, אַז זיי זאָלן זיך באַפֿרײַען פֿון די טונקעלע ברילן, דורך וועלכע זיי קוקן. דאַן וועלן מיר אַלע האָבן אַ מעגלעכקײַט צו דערזען, אַז ווײַס — איז טאַקע ווײַס, און שוואַרץ — איז שוואַרץ.

און אויב דיסקוטירן וועגן דעם, אין וועלכער מאָס איז פֿאָרגעשטעלט אין זשורנאַל דאָס נעגאַטיווע אין יִסראָעל, וואָלט מען אויך געקאָנט ברענגען פֿאַקטן, וואָס זאָגן אײדעס ניט נאָר לעטוּוועס מ. א. קריוויצקיס פֿאַרוואָרפֿן, נאָר אויך געווים קעגן זיי. לעמאָשל, לאָמיר אַרײַנקוקן אין עלפֿטן נומער „סאָוועטיש היימלאַנד" פֿאַרן פֿאַרגאַנגענעם יאָר. די פּובליקאַציע אויף די זײַטלעך 139—143 איז אָנגערופֿן „קאָרניי טשוקאָווסקיס

יונגער געזאנדטער אין ישׂראל". דער מעכאבער פון דער פובליקאציע איז דער סאוועטישער שרייבער סערגיי באַרוזדין, און געגעבן איז זי אין דער רובריק „צו די קולטור־קאָנטאַקטן". אין א צווייטן נומער — פאר מאַרט כוידעש פונעם לויפנדיקן יאָר — ווערן אונטערגעכאפּט, געלויבט און אויפגעהויבן די סאָוועטיש־ישׂראלדיקע קאָנטאַקטן אויף א מעלוכישן ניטאָ באַם ראטעוועון די קינדער, וועלכע זיינען געשטעלט געוואָרן אונטער א טויט־געפאר מיצאַד צעווילדעוועטע טעראָריסטן. „סאָוועטיש היימלאנד" דרוקט אלץ אָפטער ווערק פון ישׂראל־שרייבער, ניט וואַרטנדיק, אז ליטעראַרישע אויסגאבעס אין ישׂראל זאָלן טאָן דאָס זעלבע בענעגייע די יידישע שרייבער פון פססר. באַזונדערס סימפּאַטמאַטיש אין דעם זין וועט זיין דער אונטערקלייב פון ווערק אין היינטיקן נומער „סאָוועטיש היימלאנד", מיט וועלכן דער סאָוועטישער יידישער זשורנאַל מערקט אָפּ דעם 40־יאָריקן יובילײ פון דער ישׂראלדיקער צייטשריפט „די גאָלדענע קייט". מיר דאַרפן אויך אונטערשטרייכן נאָכאַמאָל און ווידעראַמאָל, אז אונדזערע ארויסטרעטונגען קעגן דער אָקופּאַציע פון די אראבישע שטאַכים מיצאַד ישׂראל און — לאָזן מיר ניט דורך די מעגלעכקייט צו זאָגן — קעגן די בלוטיקע אַרגיעס און אכזאָריעסן אויף די דאָזיקע טעריטאָריעס, זיינען בעשום־אויפן ניט קיין אנטי־ישׂראל־ארויסטרעטונגען, פאַרקערט — זיי טיילן זיך אויס מיט באַזונדערער פריינטשאַפט צום פאָלק פון ישׂראל.

די ווענדונג זעגן ארויסגעבן דעם „שוואַרצן בוך", מיט וועלכער עס איז ארויסגעטראָטן אין נום. 11 פאַרן פאַריקן יאָר כאַריטאָן בערמאַן פון בעלאָצערקאָוו, האָט באַקומען א ברייטן אָפּקלאַנג. דער כאַווער עליעזער זילבער פון קאָוונע, א היסטאָריקער, א געוועזענער פאַרטיזאַן און פּערסאָנעלער פּענסיאָנער פון דער רעפּובליק, האַלט, אז עס איז ניט נאָרמאַל, וואָס ביז איצט איז ניט דערשינען באַ אונדז דער בוך, וועלכן עס האָבן צונויפגעשטעלט אַזעלכע מערקווירדיקע שרייבער, ווי איליא ערענבורג און וואַסילי גראָסמאַן און וועלכער האָט א דירעקטע שייכעס צום גוירל פון אונדזער פאָלק. ווי־אַזוי האָט זיך עס באַקומען, אז די אויסלענדישע פאַרלאַגן האָבן געהאַט א מעגלעכקייט אָפּדרוקן דעם בוך, און אונדזערע — ניט? „אין ישׂראל איז דער „שוואַרצער בוך" ארויסגעגעבן געוואָרן, — באַשטעטיקט עליעזער זילבער אין זיין בריוו. — אויף רוסיש נאָך אין 1980, אויף יידיש — אין 1984. דער „שוואַרצער בוך" איז דערשינען אויך אין דער ענגלישער און רומענישער שפּראַכן". דער כאַווער עליעזער זילבער איז איבערצייגט, אז דעם הויפּטבייטראָג אינעם איניען פון ארויסגעבן דעם „שוואַרצן בוך" באַ אונדז אין לאַנד דאַרף אריינברענגען דער זשורנאַל „סאָוועטיש היימלאנד". מיר זיינען מאַסקים מיט דעם און טיילן מיט, אז שוין איצט ווערן פירגענומען טריט, קעדיי דער „שוואַרצער בוך" זאָל זיך באַווייזן אין אונדזערע אויסגאַבעס.

אינעם איבערזיכט פון דער לייענער־פּאָטשט, וואָס ווערט געגעבן אין צווייטן נומער פון „סאָוועטיש היימלאנד" פאַרן לויפנדיקן יאָר, איז פאַרעפנטלעכט אן אינפאָרמאַציע וועגן איינעם דערוויילע נאָך ווייניק באַוווסטן טויט־יאָר, ווו די פאַשיסטן האָבן אומגעבראַכט אן ערעך דרייסיק טויזנט יידן. „לאָמיר אריינעמען אין אונדזערע הערצער נאָך איין מאַסעוון ברודער־קייווער, דעם דראָביצקער יאר — פאַרגעדענקט! — דעם דראָביצקער יאר אין כאַרקאָוו..." — אַזוי ווענדט זיך צו די לייענער דער כאַווער פּאַוועל סאָקאָלסקי.

מיר באַקומען בריוו, וואָס זאָגן אײדעס וועגן דעם, אז דער דראָביצקער יאר אין כאַרקאָוו וועט זיכער פאַרקריצט ווערן אינעם זיקאָרן פון דער געשיכטע. קוידעמקאָל דאַרף אָפּגעמערקט ווערן, אז דאָס וויכטיקסטע אָרט צווישן די, וואָס זיינען טעטיק אויף צו שטעלן א דענקמאָל אפן אָרט פון דער ברוטאַלער צעשיסונג פון יידן אין כאַרקאָוו, פאַרנעמען די אָרטיקע טוישווים, סאָוועטישע מענטשן פון פאַרשיידענע נאַציאָנאַליטעטן, צווישן זיי, פאַרשטייט זיך, יידן. אונדזער לייענער יורי ליאַכאָוויצקי האָט זיך געווענדט צו די איינוווינער פון דער שטאָט, מע זאָל זיך אלע אינײנעם באַמיען אויפצושטעלן די נעמען פון אלע אומגעבראַכטע אינעם דראָביצקער יאר. דערווייל איז דאָס נאָך מעגלעך אויפצוטאָן. דאָס ערשטע צעטל מיט די נעמען פון די קאָרבאָנעס האָט יו. ליאַכאָוויצקי צונויפגעשטעלט אליין. און נאָך לייגט ער פאָר: שאַפן א פרייוויליקן געזעלשאַפטלעכן פאָנד, וואָס זאָל פאַרלייכטערן די אויסבויונג פון א מעמאָריאַל אפן אָרט, ווו עס זיינען דערמאָרדעט געוואָרן אומשולדיקע מענטשן, בלויז דערפאַר, ווייל זיי זיינען יידן. ליאַכאָוויצקי איז א געלערנטער, א דאָצענט. זיינע קאָנטאַקטן מיט יונגע מענטשן, סטודענטן, האָבן אים באַוויזן, אז „פיל כאַרקאָווער איינוווינער, באַזונדערס די יונגע דורות, האָבן קיין אנונג ניט, וואָס עס איז אַזוינס דער דראָביצקער יאר. עמעס, אן אָבעליסק איז יאָ פאַראַן לעבן דעם יאר. ער איז אָבער, ווי מע זאָגט, א נאָמענלאָזער".

וועגן דעם שוידערלעכן דראָביצקער יאר זיינען דערווייל אָנגעזאַמלט ווייניק יעדיעס, ער איז נאָך א ווייסער פלעק אין דער געשיכטע, אָבער עפּעס־וואָס איז פונדעסטוועגן צו אונדז דערגאַנגען, ס'זיינען אפילע נאָך פאַראַן אויף דער וועלט לעבעדיקע אײדעס, וואָס זיינען אלפּי נעס ניצל געוואָרן פונעם טויט אין דער בלוטבאָד. אָט, צום ביישפּיל, וואָס עס דערציילט די לעבנגעבליבענע נאָך דער צעשיסונג כאַרקאָווער איינוווינערן א. אסמאַטש: „די דייטשישע טאַליאָנים האָבן אונדז פאַרטריבן צום יאר ניט ווייט פונעם פּליטקע־זאַוואָד. דאָ האָט מען אונדז גענומען צעשיסן מיט אויטאָמאַטן. מיך האָט מען צוגעפירט צו דער זיבעצנטער גרוב, אן איבערגעפּולטער מיט מייסים — קינדער, פרויען און זקיינים. צווישן די טויטע האָב איך דערזען מיין עלפיאָריק זונעלע, און כ'בין א פאַרכאַלעשטע אריינגעפאַלן אין דער גרוב. באַנאַכט בין איך געקומען צו־זיך און בין ארויסגעקראָכן פון דער גרוב — אָט אַזוי האָט דער מאַלכאַמאָוועס מיך ארויסגעלאָזט פון זיינע הענט".

אַזעלכע, ווי א. אַסמאַטש, וועלכע האָבן אויסגעמיטן דעם אומקום אינעם דראָביצקער יאַר, איז מעגלעך איבערצוציילן אַף די פינגער. מע קאָן זיי אָנרופן בײַ די נעמען. ווי־אַזוי אָבער צונויפשטעלן די רעשימע פון די דרײַסיק טויזנט ייִדן, וועמען די פאַשיסטן האָבן דערמאָרדעט?

יורי ליאַכאָוויצקי טיילט מיט אין זײַן בריוו צו דער רעדקאָלעגיע פון „סאָוועטיש היימלאַנד", אַז אין די כאַרקאָווער געגנטלעכע צײַטונגען, ווי אויך אין די שטאָטישע, ווערן פובליקירט מאַטעריאַלן וועגן דער טראַגעדיע אין דראָביצקער יאַר, עס זײַנען פאַרעפנטלעכט געוואָרן אַזעלכע דאָקומענטן, וואָס פריִער, פאַר דער תקופֿה פון גלאַסנאָסט, האָט קיינער צו זיי קיין צוטריט ניט געהאַט. אין די הײַנטצײַטיקע פובליקאַציעס ווערט, צווישן אַנדערס, געזאָגט וועגן „אונדזער כוב פאַר די אומגעקומענע, וועגן דער פאַראַנטוואָרטלעכקײַט פונעם איצטיקן דור סאָוועטישע מענטשן, עס זאָלן פאַרהיט ווערן די נאַציאָנאַלע קולטורן און די נאַציאָנאַלע טראַדיציעס פון יעדן פאָלק".

לאָמיר נאָכאַמאָל דערמאָנען אונדזערע לייענער, אַז אין דער כאַרקאָווער געגנטלעכער אָפּטיילונג פונעם אוקראַיִנישן קולטור־פאָנד איז געעפנט געוואָרן אַ ספּעציעלע קאָנטע אַף צונויפזאַמלען פאָלקס־געלט. אַף אָט דער קאָנטע נומער 704402 אין ОПЕРУ פונעם „זשילסאָצבאַנק" האָבן שוין די כאַרקאָווער טוישווים אַרײַנגעטראָגן עטלעכע טויזנט רובל. אַף די איבערווײַזן, דאָס הייסט אַף די געלט־פאַרעוואָדן, דאַרף מען אָנווײַזן, אַז די אָפּשפּאָרונגען אַפן נאָמען פון דער געגנטלעכער אָפּטיילונג פונעם אוקראַיִנישן קולטור־פאָנד זײַנען געמאַכט געוואָרן ספּעציעל פאַרן אויפשטעלן דעם דראָביצקער מעמאָריאַל.

יורי ליאַכאָוויצקי ווענדט זיך צו אַלע לייענער פונעם זשורנאַל „סאָוועטיש היימלאַנד", זיי זאָלן זיך באַטייליקן אין דעם הייליקן איניציאַטיוו פון פאַרייביקן דעם אָנדענק פון די אומשולדיק אומגעבראַכטע אין כאַרקאָוו. ער בעט, אַז אויב צווישן די לייענער זײַנען פאַראַן געוועזענע כאַרקאָווער אײַנוווינער, זאָלן זיי מיטהעלפן צונויפשטעלן די צעטלען פון די אומגעקומענע. די ייִדיעס וועגן די דערמאָרדעטע — זייערע פאַמיליע־נעמען און אַנדערע אָנגאַבן — דאַרף מען שיקן אַפן אַדרעס: „310003, כאַרקאָוו, פּלאַץ סאָוועטסקאַיאַ אוקראַיִנאַ, הויז נומ. 16, דירה 8. כאַרקאָווער געגנטלעכע אָפּטיילונג פונעם אוקראַיִנישן קולטור־פאָנד".

דאָ איז פּאַסיק צו זאָגן, אַז די כאַרקאָווער עפנטלעכע פרעסע סאָלידאַריזירט זיך מיט ליאַכאָוויצקיס אָפּשאַצונג פונעם איצט עקזיסטירנדיקן אָבעליסק בײַם דראָביצקער יאַר. אַזוי, למשל, האָט די אָרטיקע צײַטונג „קראַסנאַיאַ זנאַמיאַ" געשריבן דעם 13 סענטיאַבער פאַריקס יאָר: „פיל יאָרן האָט דאָס אָרט, וווּ עס זײַנען באַגראָבן געוואָרן די קאָרבאַנעס פון די פאַשיסטישע רוצחים, אַ ביסל גאָר באַשיידענעם אויסזען. פונעם צענטראַלן שליאַך, פון דער אַזוי־גערופענער פאַרבאַנדישער טראַסע לענגויס דעם יאַר, איז קוים־קוים בײַ מערקבאַר דער אָבעליסק, אַלס קלאַל, איז שווער צו אים צופאָרן, אַפילע צוגיין צו אים איז ניט פּשוט. דער וועג צום אָבעליסק רעאַגירט טײַקעף אַף יעדן מינדסטן קאַפּריז פונעם וועטער".

לעאָניד לעאָנידאָוו, אַ כאַרקאָווער אײַנוווינער, אַן אינזשעניער לויטן פאַך, שרײַבט אונדז: „עס ווערט דורכגעפירט אַ געוויסע אַרבעט, קעדיי גרינדן בײַ דער כאַרקאָווער אָפּטיילונג פונעם אוקראַיִנישן קולטור־פאָנד אַ ייִדישע סעקציע. דער הויפּט־ציל פון אָט דער סעקציע וועט זײַן — פאַרייביקן דעם אָנדענק פון די אומגעקומענע". אין זײַן בריוו שרײַבט ל. לעאָנידאָוו, אַז נאָך בײַס דער גרויסער פאָטערלענדישער מלחמה איז געווען טעטיק אַ קאָמיסיע, וואָס האָט געפאָרשט די אומשטאַנדן פון דער טראַגעדיע אין דראָביצקער יאַר. אין אָט דער קאָמיסיע האָבן זיך באַטייליקט אַלעקסיי טאָלסטאָי און איליאַ ערענבורג. אונדזער לייענער פרעגט אונדז, צי מיר געדענקען, ווי־אַזוי דער פּאָעט יעווגעני יעווטושענקאָ הייבט אָן זײַן באַוווּסטע פּאָעמע וועגן דעם ייִדישן כורבן, און ער ציטירט די שורעס:

איבערן באַבי יאַר קיין דענקמאָל איז ניטאָ,
אַ שטיילער אָפּריס — אָט איז די מאַצייווע...

„אָט אַזוי זעט אויס הײַנטצוטאָג דער דראָביצקער יאַר, — שרײַבט לעאָניד לעאָנידאָוו. — קעדיי אויפבויען אַ מעמאָריאַל אַף דעם שכיטע־אָרט, פאָדערן זיך צוויי הונדערט טויזנט רובל. זייער טײַער וועט קאָסטן אַספאַלטירן דעם וועג צום מעמאָריאַל. אָבער די כאַרקאָווער געזעלשאַפטלעכקײַט האָפט, אַז דאָס פאָלק וועט דעם מעמאָריאַל שאַפן. דער כאַרקאָווער געגנטלעכער אויספירקאָם האָט שוין אויסגעטיילט אַף די אָנפאַנג־אַרבעטן צוואַנציק טויזנט רובל. די מאָסקווער ייִדישע קהילה האָט צוגעשיקט אַף דעם צוועק 250 רובל..."

פאַרשיידענע געפילן וועקן אינעם מענטשן די גלאַסנאָסט, די דעמאָקראַטיע, דער נײַער אָרט דענקען. אין דער זעלבער שטאָט כאַרקאָוו וווינט אַ דיכטערין, די פאַמיליע אירע איז לוואָוויטש, מע רופט זי מאַיאַ. זי איז אַ מיטגליד פונעם שרײַבער־פאַריין. דאַרף אַזוינס געשען, אַז זי האָט צופעליק דערזען אין פאַרקויף אונדזער יעזשעגאָדניק „יאָר נאָך יאָר", זיך פאַרטיפט אין זײַנע פובליקאַציעס און עפּעס אַן אָדערל האָט אין איר אַ ציטער געטאָן, ווײַזט אויס, אַז מיט דער מאַמעס מילך האָט זי אין זיך אַרײַנגעזויגן אַזעלכס, וואָס מיט קיין אַנדער וועג איז עס אוממעגלעך צו באַקומען. מיט איין וואָרט, מאַיאַ דאָווידאָוונאַ האָט אָנגעהויבן איבערזעצן אַף דער אוקראַיִנישער שפּראַך ייִדישע פאָלקסלידער, זי האָט אַרויפצולייגן צום צופוסנס פונעם מעמאָריאַל „דראָביצקער יאַר" איר קומענדיקע זאַמלונג פון די איבערזעצונגען. צו אונדז ווענדט זיך די דיכטערין מיט אַ בקשה, מיר זאָלן איר מיטהעלפן אָפּזוכן די טעקסטן פון ייִדישע פאָלקסלידער. „מיר דוכט, אַז די אידיי אַרויסצוגעבן אונדזער פאָלקלאָר אַף אַ ברידערלעכער שפּראַך קאָן נישט ניט אָנרירן דאָס האַרץ פון יעדן ייִדישן קולטור־טוער, — שרײַבט מאַיאַ דאָווידאָוונאַ

אין איר בריוו צו „סאָוועטיש היימלאַנד". — איך וואַרט אויף אײַער היקף".

דערווײַל ווילן מיר באַקאַנען אונדזערע לייענער מיט דער אוקראַיִנישער דיכטערן מאַיאַ לוזשוויטש א ביסל נעענטער. וועגן דעם, וואָס עס איז פאַרגעקומען מיט די ייִדן פון דער שטאָט כאַרקאָוו אין 1941, דערציילט די פּאָעטעסע אין אירע ווערק. זי האָט וועגן דעם אָנגעשריבן א גרויסן ציקל לידער. אָט איז איינע פון זיי — „מאַצייוועס" — אין אונדזער איבערזעצונג פונעם אוקראַיִנישן אָריגינאַל אויף ייִדיש:

## מאַצייוועס

1

הינטער כאַרקאָוו.
ס'איז־און־פערציקסטע יאָר.
רינט א טײַך
אויסגעוויטיקטע הערצער
אין ריוו גלײַך.

באַם אָפּריס אויף ריטשקעלעך
עס צעשפּאַלט אים
דער ברוינער גזאַר —
דער טײַך זאָל, צעמישט
פון ייִעש, א פאַל טאָן
אין דראָביצקער יאַר.

ריטשקעס פאַרשטופּן אין גריבער
איז גרינגער.
זיך קאַרטשעט די ערד...
באַם ציגנל פון אויטאָמאַט
דער פינגער —
בייז, ווי א שווערד.

דאָס פײַער די וווּנדן
מאַכט ניט לינדער,
אַלץ ברענט...
ביפראָס נאָך —
קליינע הילפלאָזע קינדער
אויף מאַמעס הענט.

צעקוועטשט איז, צעטאָפּטשעט,
צעשמעטערט, פאַרדאַרבן
דער טײַך ביזן דנאָ.
זײַן שטראָם איז צווישן קאַרבאַנגעס א קאָרבן,
שטום — ניטאָ!

אויף העפקער צעבלאָזן
דאָס אַש דאָס הייסע
עס האָט דער ווינט.
אָבער שטיל די נעשאָמע
טאַלייסים נײַע
שפּינט.

2

אַפּסנײַ איך ברענג הײַנט
צו קווורע
די אַלע,
וואָס זײַנען מיט גוורע
געגאַנגען צום גרויזאַמען קיווער —
וועמען מע האָט געשאָכטן,
פאַר וועמען מ'האָט שלייפן געפלאָכטן
שוואַרצע
אויף צו דערשטיקן
די לויטערע בליקן.
נאָכאַמאָל פרווו איך
באַהאַלטן
אפן הייליקן אָרט —
אין האַרצן —
די טײַערע מײַנע געשטאַלטן,
וואָס באָמבעס האָבן צעשמעטערט,
צו וועמען פון טהאָם איך קלעטער
און קאָן זיך ניט דערקלײַבן —
אויף יענער־וועלט זיי פאַרבלײַבן.
הײַנט איך סטאַרע זיך
ווידער
פראַווען א נײַע
אויסטערלישע לעווײַע
פאַר מײַנע ברידער,
וועלכע כ'האָב פאַרלאָזן —
וואָס זײַנען אַש געוואָרן
אין כאַרקאָוו
און אין אַנדערע ערטער,
וועמען מ'האָט פון דער שוואַרצער געטאָ
צום ריוו געטריבן —
דעם קאָפּ צעפּלעטן.
כ'קאָן זיך ניט צעשיידן
מיט מײַנע ליידן,
מיט די פרײַנט,
וואָס זײַנען מיר טײַער,
וועלכע זײַנען אוועק מיטן פײַער,
אומעגלעך זיי צו באַגראָבן —
כ'דאַרף זיי אַלעמאָל האָבן,
ווי פריִער,
זיי זײַנען מיר נייטיק,
אין פרייד און אין ווייטיק.
ווי־ווי, זיי זײַנען פאַרפאַלן,
ווי אין וואָלקנס זוניקע שטראַלן.
נאָר זאָלן זיי פינקלען
אין די געהיימע ווינקלען
פון דער נעשאָמע
און אויף די אָבעליסקן —
זאָלן זיי ווידער טראָגן נעכאָמע.

איינעם פון אירע בריוו אין רעדאקציע פארענדיקט מאיא לוואוויטש מיט א באדויערונג, וואס אזוי לאנג האט זי ניט געוווּסט וועגן דעם, אז עס דערשיינט אונדזער זשורנאל. אן אבאנענט פון „סאוועטיש היימלאנד" איז זי געווארן ערשט מיט א יאר צוריק. וויפל געלעגנהייטן אף צו געניסן פארגעניגן האט זי פארלוירן! ווייזט אויס, אז זי איז ניט די איינציקע צווישן די, וועלכע זעען זיך ארום מיט א גרויסער פארשפעטיקונג, אז די יידישע ליטעראטור קאן ווערן פאר זיי א קוואל פון קינסטלערישן פארגעניגן. און עפשער איז די שולד ניט נאר זייערע. מיסטאמע איז אונדזער כיילעק דא אויך פאראן: ווייניק פראפאגאנדירן מיר פונדעסטוועגן „סאוועטיש היימלאנד". פארפולן דעם בלויז מוז מען, און וואס גיכער.

אין דער רעדאקציע איז אנגעקומען א ווענדונג פון א מאסקווער איינוווינערן. זי האט געבעטן, מיר זאלן פארעפנטלעכן איר מעלדונג, וועלכע זי האט דערלאנגט דעם אויספיר־קאמיטעט פונעם געגנטלעכן סאוועט פון דער יידישער אווטאנאמער געגנט. ס'וועט זיין צוועקמעסיק צו באקאנען אונדזערע לייענער מיט אט דעם דאקומענט. די כאווערטע ליובאוו מורעטאווא שרייבט:

„ווי ס'איז באוווּסט, האבן די סטאלינישע רעפרעסיעס אנגעטאן פיל שאדן אומעטום אין סאוועטנפארבאנד. באזונדערס שווער האט געליטן די יידישע אווטאנאמע געגנט מאכמעס דעם, וואס צווישן אירע גרינדער זיינען געווען א סאך אימיגראנטן פון אמעריקע און פון אנדערע לענדער.

די מאסן־רעפרעסיעס אין דער יידישער אווטאנאמער געגנט האבן זיך אנגעהויבן מיט דעם, וואס עס זיינען ארעסטירט געווארן דער ערשטער סעקרעטאר פון געגנטקאם פון דער פארטיי און דער פארזיצער פונעם ביראבידזשאנער סאוועט. דערנאך זיינען די רעפרעסיעס דורכגעפירט געווארן כוואליעסווייז, סיי ערעוו דער גרויסער פאטערלענדישער מילכאמע, סיי נאכן קריג.

הייַנטצוטאג, ביזוואנען עס זיינען נאך פאראן אף דער וועלט איידעס פון יענע שווארצע כאטאים, וואלט געווען ווינטשנסווערט צו גרינדן א קאמיסיע אדער א קאמיטעט אף פארייביקן דעם אנדענק פון די אומשולדיקע קארבאנעס. ס'וואלט גוט געווען צו פובליקירן די געהעריקע דאקומענטן, וואס האבן א שייכעס צו דעם איניען און וואס קיין צוטריט צו זיי איז אין דער פארגאנגענהייט ניט געווען.

אונדז איז באוווּסט, אז עס ווערט פלאנירט א נייע אויפלאגע פונעם בוך, וועלכער דערציילט וועגן דער געשיכטע פון דער יידישער אווטאנאמער געגנט. איך בעט אייך טאן אלץ, קעדיי אין דעם דאזיקן בוך זאלן ניט בלייבן קיין אזוינע גערופענע ווייסע פלעקן ארום דער געשיכטע פון דער יידישער אווטאנאמער געגנט. פיל שווערקייטן, מיט וועלכע ביראבידזשאן קאן זיך ניט ספראווען אדהייעם, זיינען פארבונדן מיט די סטאלינישע רעפרעסיעס.

איך בעט, איר זאלט מיך אינפארמירן וועגן דער באשטימונג, וועלכע איר האט אנגענומען אין צוזאמענהאנג מיט מיין מעלדונג".

די פאטשט פון „סאוועטיש היימלאנד" איז איצט, ווי געוויינלעך, זייער א רייכע, אריינשטעלן אלע באקומענע בריוו אינעם איבערזיכט, אין איין איבערזיכט, איז פאשעט אומעגלעך. איז לאמיר די ניט־פארעפנטלעכטע איבערטראגן אף דער קומענדיקער פובליקאציע.

---

## נייס פונעם יידישן קולטור־לעבן

# נייע יידישע געזעלשאפטן אף אוקראינע

דעם 25־טן פעווראל איז אין כארקאוו פארגעקומען די גרינדונג־פארזאמלונג פון א געזעלשאפט פון יידישער קולטור. דער סטאטוט פון דער געזעלשאפט זעט פארויס אזעלכע אופגאבעס, ווי ארגאניזירן זעלבסטעטיקע טעאטראלע און מוזיקאלישע קאלעקטיוון, דערלערנען יידיש און איווריט, איינשטעלן קאנטאקטן מיט אנדערע יידישע געזעלשאפטן בא אונדז אין לאנד און אין אויסלאנד. די געזעלשאפט האלט פאר נייטיק צו פארייביקן דעם אנדענק פון די קדוישים פון דער צווייטער וועלט־מילכאמע און פון די סטאלין־רעפרעסיעס.

יורי ליאכאוויצקי,
מיטגליד פונעם ראט פון דער
געזעלשאפט

דעם 1־טן מארט איז אין זאפאראזשיע, אין זאל פונעם ארטיקן אוניווערסיטעט, פראקלאמירט געווארן א געזעלשאפט פון יידישער קולטור און שפראך. די פארשטייער פון דער ארטיקער יידישער באפעלקערונג האט באגריסט דער לאורעאט פון דער רעפובליקאנישער פרעמיע אף פאוולא טיטשינאס נאמען, דער פאעט פעטרא רעברא.

צווישן די ערשטע אופגאבעס פון דער נייער געזעלשאפט איז — שאפן קורסן פאר דערלערנען יידיש.

הינדע אשעראווא,
לערער פון יידישע קורסן

# אין טיף־רוסלאַנד

טיף אין רוסלאַנד זייַנען פֿאַראַן ווונדערלעכע ערטער. אַזאַ איז די שטאָט פּענזע, וועלכע האָט אַן אייגענע געשיכטע, אַן אייגענעם גוטן שם. פֿון מויל צו מויל, פֿון דור צו דור גייען איבער לעגענדעס און עמעסע געשיכטעס וועגן דער פּענזער ערד.

איינע דערציילט, ווי פֿון סימבירסק, פֿון סטעפּאַן ראַזינען איז אַמאָל אַראָפּגעקומען אַן אָטריאַד קאַזאַקן, וועלכע מ'האָט אויפֿגענומען אַלס אָריסלייזער און אַרייַנגעלאָזט אים דורך דעם סאַמע וואַזשנעם, „לייַב־אייגנטימערישן" טויער. אַנדערע — ווי אינעם דאָרף אוכטינקע, 7 קילאָמעטער פֿון פּענזע, האָט יעמעליאַן פּוגאַטשאָוו פֿאַרבראַכט דרייַ טעג. אַהין האָבן די פּענזער פּויערים געבראַכט צום מישפּט זייערע פּייַניקער־פּריצים. ס'ווערט ניט פֿאַרגעסן די געשיכטע וועגן דעם פּענזער לאַנדסמאַן אַ. נ. ראַדישטשעוו, וועמען די אימפּעראַטריסע יעקאַטערינע האָט אָנגערופֿן „דער בונטאָוושטשיק, וואָס איז נאָך ערגער פֿון פּוגאַטשאָוון". שוין אָפּגערעדט, מיט וואָס פֿאַר אַ שטאָלץ מע וועט אייַך דערציילן, אַז מיטן פּענזער קאַנט זייַנען פֿאַרבונדן די נעמען פֿון לערמאָנטאָוון, בעלינסקין, זאַגאָסקינען, אָגאַריאָוון, קופּרינען און אַנדערע שרייַבער, קינסטלער, מיליטער־נאַטשאַלניקעס.

וואָס איז שייַך ייִדן, האָבן זיי קיין פּענזע אָנגעהויבן זיך צונויפֿפֿאָרן בייַ דער ערשטער וועלט־מילכאָמע, ערעוו דער אָקטיאַבער־רעוואָליוציע. מ'איז געלאָפֿן פֿון ווייַסרוסלאַנד, פֿון ליטע און לעטלאַנד און פֿון אַנדערע ערטער. געלאָפֿן איז מען פֿון פֿאַרפֿאָלגונגען, פֿון צאָרעס, שאַנד און שפּאָט. אין פּענזע האָט זיך צונויפֿגעזאַמלט ייִדישע געמיינדע, וועלכע האָט גערעדט אויף פֿאַרשיידענע ייִדישע דיאַלעקטן, נאָר מ'האָט זיך פֿאַרשטאַנען און מיטגעפֿילט איינער דעם אַנדערן.

דערנאָך איז געקומען די רעוואָליוציע, און, אַגעוו, איינער פֿון די אָרגאַניזאַטאָרן פֿון דער סאָוועטנמאַכט אין פּענזע איז געווען דער שרעקלאָזער באָלשעוויק נאָום גריגאָריעוויטש ליבערסאָן. אַ מיטגליד פֿון דער רקפּ(ב) פֿונעם 1917, איז ער געוואָרן דער ערשטער סעקרעטאַר פֿונעם גובערניאַלן ראַט און אַ דעלעגאַט פֿונעם 7־טן פּאַרטיי־צוזאַמענפֿאָר. דעם 30 מייַ 1918 האָבן אים געכאַפּט די ווייַסטשעכן, אוועקגעפֿירט אים קיין סאַמאַרע און דאָרט צעשאָסן.

די ייִדישע געמיינדע אין פּענזע איז געווען אַ קליינע, נאָר פֿונדעסטוועגן האָבן ייִדישע מאַמעס געהאַט פֿאַר זייערע אייפֿעלעך אַן אייגענעם קינדערגאָרטן, און אָפּדערנאָכט פֿלעג מען זיך צונויפֿזאַמלען אין דעם אָרטיקן ייִדישן קלוב, וועלכער האָט זיך געפֿונען אויף דער הויפּטגאַס. די סינאַגאָגע — אַ צווייעטאָקיקע געבייַדע — איז געווען פֿייַן אויסגעפֿורעמט לויט אַלע דינים. גלויביקע און ניט גלויביקע פֿלעגן פּראַווען ייִדישע יאָמטויוום.

באַזונדערס האָט מען געהאַט פֿאַרגעניגן פֿונעם ייִדישן דראַמקרייַז. אויף דער פֿאָטאָגראַפֿיע, וואָס איז דאַטירט מיטן 1935, זעט מען 21 אָנטיילנעמער. ס'איז געווען נאָך מער. די איינציקע, וואָס זייַנען מיט ניסים אַרויס לעבעדיקע פֿון דער מילכאָמע, געדענקען די שוועסטער איש. דרייַ שוועסטער. אויף דער פֿאָטאָגראַפֿיע זייַנען שוין אָנגעשריבן די פֿאַמיליעס, וועלכע זיי האָבן געטראָגן נאָך דער כאַסענע: ביילקע קאַץ, איידקע יאַפֿע, עסטער דרייזיכמאַן. דער איסוזען און דער אַמפּלואַ זייַנען געווען בייַ אַלע דרייַ פֿאַרשיידענע, נאָר אין דער גאַס פֿלעג מען זיי שטענדיק זען ווי איין מענטש. די מענער האָבן אויך געשפּילט, ניט די ערשטע ראָלן, ווי זייערע פֿרויען, נאָר זיי זייַנען געווען אַקטיווע מיטגלידער פֿונעם קרייַז. אין שטאָט געדענקט מען די אַרטיסטן גערשקאָוויטש, טאַרטאַקאָווסקי, כאַזאַן, מאַגאַראַך, שנייַדערמאַן, שאַפּיראָ, אַנטאָן סליוו. אַט דער סליוו זעט נאָך אויס אַדהייַנט, קיין איינהאָרע, ווי אַ גרויסאַרטיקער אַרטיסט. ס'זייַנען געבליבן איינאַנצן דרייַ פֿון יענער זעלבסטטעטיקער טרופּע. אָבער אַז מע טרעפֿט זיך, האָט מען ליב זיך דורכשמועסן אויף מאַמע־לשון און אויסדריקן די האָפֿענונג, אַז עפּשער... עפּשער וועלן קינדער און אייניקלעך דערפֿילן דעם טאַם פֿונעם זיסן ייִדישן וואָרט...

...איז געקומען אַ טאָג, ווען דער קלוב פֿונעם טרעסט „זשילסטראָי" איז געווען איבערגעפֿולט. אין זאַל שטייען 360 שטולן, נאָר עס איז אַריסגעקומען אוועקשטעלן נאָך 100. אין פּרעזידיום איז צווישן אַנדערע געזעסן די פֿאַרוואַלטערן פֿונעם אָפּטייל פֿון פּראָפּאַגאַנדע פֿון דעם געגנטלעכן פּאַרטיי־קאָמיטעט קודריאַווצעוואַ לאַריסאַ איוואַנאָוונאַ. זי איז, אייגנטלעך, די „טיף־מוטער", ווי מע זאָגט, פֿון דער אונטערנעמונג. פֿאָרזיצער איז געווען דער דירעקטאָר פֿונעם שטאָט־פּאַרק באַלאַליעוו איוואַן דמיטריעוויטש. פֿאַרוואָס באַלאַליעוו? ווייַל דער פּאַרק איז דער אָפּעטראָפּעס — דער ספּאָנסער — פֿונעם ייִדישן קלוב. אַכוץ זיי, איז בײַם פּרעזידיום־טיש געזעסן מייַע יאַקאָוולעוונע שטערן. אויף איר קלייד האָבן אַ היפּש אָרט פֿאַרנומען די אָרדענס און מעדאַלן, מיט וועלכע זי איז באַערט געוואָרן אין די מילכאָמע־יאָרן. דאָס פּאָנעם האָט בײַ איר געלויכטן פֿון גליק און פֿאַרגעניגן. דאָס האָט זי טאַקע געבראַכט פֿון מאָסקווע די אידיי, ס'זאָל אָר־

גאבידירט ווערן אין פענזע א קלוב פון דער יידישער קולטור. איר מאן כאיים יאנקעלעוויטש שטערן האט אויך דאס מאל זי ענערגיש אונטערגעהאלטן, ווי דאס גאנצע לעבן, זינט יענעם פרילינגדיקן טאג פון 1945, ווען זיי זיינען אפן פראנט געווארן מאן און ווייב.

מ'האט פארפירט קידעמקאל א שמועס וועגן דעם איניען מיטן מישפאכע־כאווער שמועל יאפע, וועלכער איז אן אוטאריטעט צווישן פריינט און באקאנטע אלס זשורנאליסט. דערנאך איז פארגעקומען א זיצונג פון דער איניציאטיוו־גרופע אין דער וווינונג פון שטערנס טעכטערל, וועלכע האט מיט איר מאן שוין לאנג געפרוווט צעמענטירן ארום זיך א גרופע יידישע יוגנטלעכע, וואס ווילן גרינטלעך וויסן, פונוואנען זיי שטאמען און וואס פאר א מעגלעכקייטן האט זיי צוגעגרייט דער גורל, קעדיי רעסטאווריִרן און ווייטער אפהיטן די יידישע קולטור־טראדיציעס. דאס יונגע פארפאלק אליע און מישע האט זיך גענומען צו דערלערנען די געשיכטע, די שפראך, די טראדיציעס פונעם יידישן פאלק. זייער זונעלע יאנקעלע שפילט רירנדיק אף א דודקעלע יידישע ניגונים. דאס מיידעלע סאסיעלע זינגט און לערנט זיך שפילן אף א פידל. מישע איז א קינדער־דאקטער. טאטע־מאמע לעקן פון אים די פינגער. אליע ארבעט אלס א פסיכיאטער. דער שטעלפארטרעטער פון איר הויפּט־דאקטער וועלקאוסקי גריגארי פישעלעוויטש איז געקומען אף יענער ערשטער זיצונג צו זיי אהיים. בייגעווען זיינען א מענטשן צוואנציק. איבערהויפּט יוגנטלעכע: דער לערער וולאדימיר פריימאן — זייער אן ענערגישער ארגאניזאטאר, סטודענטן, יונגע דאקטוירים, מודיקער, אינזשעניערן, אויך א גראווער סטאליער, פארשטייער פון די איצטיקע פאכן — פראגראמיסטן.

לאנג איז מען אין יענעם אוונט געזעסן און באהאנדלט די פראגראם פונעם קינפטיקן יידישן קלוב. מ'האט באשטימט, אז וועלקאוסקי דארף ווערן דער פארזיצער פון דער קלוב־פארוואלטונג.

אלע ארגפראגן זיינען גלענצנדיק געלייזט געווארן: אפישעס, איינלאדונגען, אפילע אן ארויסטרעטונג אין דער פאפולערער ארטיקער טעלעוויזיע־פראגראם.

צווישן די מיטגלידער פונעם ארגאניזאציאנעלן קאמיטעט זיינען פאנאנדערגעטיילט געווארן די פליכטן. מע האט ארגאנזשירט א גרופע יונגע אנטיילנעמער פון קינסטלערישער זעלבסטטעטיקייט, מיט וועלכער דער פארוואלטער פונעם קלוב „ושילסטראי”, ווו די גרינדונגס־פארזאמלונג האט געדארפט פארקומען, — שימעלע גאלדמאן, א הויכער, ברייטפלייציקער יאט, האט אנגעהויבן רעפעטירן. אליין גאלדמאן איז אויסערגעוויינלעך מוזיקאליש, און זיין גרעסטע מיילע איז דאס, וואס ער האט זייער ליב יידישע מוזיק. אכוץ דעם, הערט ער זיך צו אופמערקזאם צו די פארשטייער פונעם עלטערן דאר. אלנפאלס, ס'האט זיך באקומען א גוטער יידישער קאנצערט.

אנגעהויבן האט זיך די פארשטעלונג מיט ווערגעליסעס א ליד וועגן די קדושים. ס'איז לייכט זיך פארצושטעלן די רעאקציע פון די צושויער... די הארציקע, לירישע פאלקסלידער אין דער אויספילונג פון דער סטודענטקע עלינע איינזשטיין האט געבראכט טרייסט די צושויער, וועלכע האבן, אויסווישנדיק די טרערן, אפילע געפרוווט נאכזינגען...

א סאך פרויען האבן געבראכט מיט זיך, ווער — לעקער, ווער — האניק־פלעצלעך, ווער — שטרודל, ווער — טייגלעך. אזעלכע „דעסאלן” האבן געמאכט דעם יאמטעוו נאך פריילעכער.

דער פענזער יידישער קלוב געפינט זיך אין א צווייִשטאקיקער אלטער געביידע, בישכיינעס מיט דער שטוב, ווו ס'האט געלעבט אמאל דער באוווסטער רוסישער היסטאריקער וואסילי אסיפאוויטש קליוטשעווסקי, אווטאר פון דער מאנאגראפיע „דער קורס פון דער רוסישער געשיכטע”. ס'ווילט זיך זייער טייטשן די שכיינעשאפט פון די ביידע געביידעס צום גוטן.

אין קלוב ארבעטן סעקציעס, ווו מע דערלערנט די יידישע שפראך, די ליטעראטור, קונסט, געשיכטע פונעם יידישן פאלק. מע פרוווט זיך דערמאנען די אלטע מינהאגים, אפילע ריטואלן. איצט גרייט מען א פורים־שפיל.

פארשטייט זיך, אז פראבלעמען זיינען פאראן. ס'איז זייער ענג. נאך ניטא קיין מעבל. דעריקער — מע מוטשעט זיך אן לערנביכער. צוואנציק מענטשן האבן אויסגעשריבן „סאוועטיש היימלאנד” פון אפּרעל, מיי 1989. כ'מיין, אז ווען מע וועט זיך כאטש א ביסעלע אויסלערנען לייענען און שרייבן, וועט די צאל אבאנירער אף אונדזער זשורנאל אויסוואקסן.

דערווייל קומען יידן אלע אפדערנאכט. און זונטיק איז ניטא, ווו א שפילקע־קעפל אריינצוווארפן. מע האט זיך זייער אויסגעהונגערט...

פערל קאנטאר
(פענזע)

## א בריוו פון טאשקענט

כאַשעווע רעדאַקציע!

אין טאַשקענט איז געשאַפן געוואָרן א יידישער קולטור־צענטער „שאַלאָם“. אינעם צענטער פיר איך אָן מיט א גרופּע פאַר דערלערנען יידיש. די גרופּע ציילט אָן בא צוואַנציק מענטשן, א העלפט פון זיי — יונגוואַרג. מיר איז זייער אָנגענעם מיטצוטיילן אייַך, אַז דער אינטערעס צו אונדזער מוטער־שפּראַך איז בא מייַנע תּלמידים א גרויסער.

די לימודים זייַנען באַצאָלטע, ווייַל דעם לאָקאַל, וווּ זיי גייען דורך, דינגען מיר אָפּ מיט דער הילף פון א קאָאָפּעראַטיוו. באַם דערלערנען די שפּראַך ניצן מיר אויס ש. סאַנדלערס „לימודים פון יידיש“, וועלכע זייַנען אָפּגעדרוקט אין די בייַלאַגעס צו „סאָוועטיש היימלאַנד“. מיר לייענען פּאַר פראַגמענטן פון די קלאַסישע יידישע ווערק, ווי אויך פון דער הייַנטצייַטיקער יידישער פּראָזע און פּאָעזיע. א גרויסן אינטערעס האָט בא אונדז אַרויסגערופן דער ערשטער נומער פון „סאָוועטיש היימלאַנד“ פאַרן 1989 יאָר: סייַ די יידישע געשיכטע, סייַ דער יידיש־רוסישער ווערטערבוך, סייַ די נייַס פונעם יידישן קולטור־לעבן, ווי אויך אַנדערע פּובליקאַציעס.

לויט דער באַקאָשע פון דער פאַרוואַלטונג פונעם צענטער שיק איך אייַך דעם נומער פון דער צייַטונג „טאַשקענטסקאַיאַ פּראַוודאַ“ מיט אַן אינפאָרמאַציע וועגן אונדזער געזעלשאַפטלעכער אינסטיטוציע.

מיט אכטונג
אַלעקסאַנדער ווישנעוועצקי

## א שמועס מיטן פּאָרזיצער פונעם קולטור־צענטער „שאַלאָם“, קאַנדידאַט פון היסטאָרישע וויסנשאַפטן ר. ג. ראַביטש

— וואָס האָט אייַך באַוועגט זיך נעמען פאַר אַזאַ נייַעם איניציאַטיוו?

— די אידיי צו שאַפן א צענטער איז אונטערגעזאָגט געוואָרן פון דער אַלפאַרבאַנדישער פּאַרטייקאָנפערענץ, פון איר רעזאָלוציע „וועגן צווישנאַציאָנאַלע באַציונגען“. אונדזער קולטור־צענטער איז איינער פון פיל אַנדערע אָרגאַניזאַציעס, וועלכע זייַנען אויפגעקומען אין מעשעך פון די לעצטע עטלעכע כאָדאָשים אין די שטעט, וווּ עס קאָנצענטרירט זיך די יידישע באַפעלקערונג, בעסוכעם אין מאָסקווע, ריגע, טאַלין, קאָונאַס, לוואָוו. א קולטור־צענטער, וואָס פונקציאָנירט אויף קאָאָפּעראַטיווע יעסוידעס, האָט זיך געעפנט אין סאַמאַרקאַנד.

— וועלכע הויפּט־צילן שטעלט פאַר זיך אייַער צענטער?

— דער קולטור־צענטער „שאַלאָם“ שטעלט פאַר זיך צוויי קעגנזייַטיק־פאַרבונדענע אויפגאַבעס: באַקאַנען די טאַשקענטער אייַנוווינער מיט דער שפּראַך, געשיכטע, קולטור, מינהאָגים פונעם יידישן פאָלק און העכערן דעם צושטייַער, וועלכן ס'טראָגן אַרייַן די יידן פון אונדזער שטאָט אינעם פּראָצעס פון פעסטיקן די פרייַנטשאַפט און די קעגנזייַטיקע פאַרשטענדעניש צווישן די פעלקער. דער צענטער האָט אָרגאַניזירט דאָס אונטעררעכטן יידישע געשיכטע, אָנגעהויבן פון די אוראַלטע צייַטן ביז אונדזערע טעג. עס זייַנען שוין דורכגעגאַנגען זעקס לעקציעס. א באַזונדערע אויפמערקזאַמקייַט שענקען מיר דער געשיכטע פון די יידן אין רוסלאַנד און אין מיטל־אַזיע.

יעדער איינער קאָן זיך פאַרשרייַבן אויף די קורסן פון איווריט, יידיש און בוכאַריש־יידישער שפּראַך, ווי אויך זיך פאַרשרייַבן אין די סעקציעס פון ליטעראַטור, דראַמאַטורגיע, מוזיק, קונסט. דער צענטער אָרגאַניזירט קאָנצערט־גאַסטראָלן פון יידישע אַקטיאָרן, וועלכע קומען קיין אוזבעקיסטאַן — סייַ סאָוועטישע, סייַ אויסלענדישע.

איינע פון די ריכטונגען פון דער טעטיקייַט פון אונדזער צענטער איז די באַרעמהאַרציקייַט־דינסט. אַן איניציאַטיוו־גרופּע פונעם צענטער „שאַלאָם“ האָט צונויפגעקליבן געלט לטובת די קאָרבאָנעס פון דער ערדציטערניש אין אַרמעניע.

— צי קאָנען באַזוכן אייַער צענטער מענטשן פון אַנדערע נאַציאָנאַליטעטן?

— יאָ, פאַרשטייט זיך. די טירן פונעם צענטער זייַנען אָפן פאַר יעדן איינעם, אומאָפּהענגיק פון זייַן נאַציאָנאַליטעט. איך וויל, אַגעוו, דערמאָנען, אַז צווישן די איניציאַטאָרן פונעם צענטער זייַנען געווען מענטשן פון פאַרשיידענע פעלקער, דערין רוסן, אוזבעקן, טאַטערן.

מיר לאַדן אייַן די טאַשקענטער אייַנוווינער זיך באַטייליקן אין דער אַרבעט פונעם יידישן קולטור־צענטער, אַרייַנטראָגן זייער צושטייַער אין דער אַנטוויקלונג פון דער קולטור פון די סאָוועטישע יידן — דעם אָרגאַנישן טייל פון דער פילנאַציאָנאַלער סאָוועטישער מישפּאָכע.

(„טאַשקענטסקאַיאַ פּראַוודאַ“ פאַרן
23 פעווראַל 1989)

פּראָפ. נ. מ. ניקאָלסקי

# דאָס אוראַלטע פֿאָלק ייִסראָעל

## 9. די נעוויִים

נאָך פֿון קאַדמונים אָן זיינען באַם פֿאָלק ייִסראָעל געווען אַזעלכע מענטשן, וועלכע פֿלעגן זיך ספּעציעל פֿאַרנעמען מיט טרעפֿן און דערוויסן זיך דעם ראַצוין פֿון גאָט; אָפֿט פֿלעגן דאָס זיין די קויהאַנים גופֿע, אָבער ניט שטענדיק, ווייל ברענגען אַ קאָרבן האָט געקאָנט איטלעכער, און די כאָכמע פֿון טרעפֿן האָט ניט יעדערער געקענט, דאָס איז געווען אַ שווערע כאָכמע און זי פֿלעגט איבערגעגעבן ווערן בעסאָד פֿון איינעם צום צווייטן. אַזעלכע טרעפֿער האָבן געהייסן ראָעס אָדער נעוויִים. צו זיי פֿלעגט מען זיך ווענדן אין פֿאַרשיידענע שווערע לעבנס־פֿאַלן; זיי האָבן געקאָנט זאָגן, ווו געפֿינט מען פֿאַרלוירענע אָדער געגאַנווענטע זאַכן, פֿאָרויסזאָגן, מיט וואָס ס׳וועט זיך פֿאַרענדיקן דער אָנגעהויבענער איניען, זיי האָבן אויך געקאָנט היילן דעם קראַנקן און אַרויסטרייבן פֿון אים דעם בייזן גייסט, וואָס האָט אַרויסגערופֿן די קראַנקהייט. דעם ראַצוין פֿון גאָט פֿלעגן זיי זיך דערוויסן אויף אַ ספּעציעלן אויפֿן. פֿאַרן בעסטן מיטל האָבן זיי געהאַלטן זיך אַזוי צו פֿירן, אַז גאָט גופֿע זאָל זיך אַראָפּלאָזן אין זיי און ריידן מיט זייער מויל. צוליב דעם פֿלעגן זיי זיך אויפֿרעגן דורכן שפּילן אויף צימבלען, דורך געזאַנג און ווילדע טענץ; אָפֿט איינשניידן זיך די הויט ביז צום בלוט מיט מעסערס און שווערדן. אַריינפֿאַלנדיק אין העכסטן גראַד פֿון עקסטאַז, פֿלעגט דער נאָווי אָנהייבן אַרויסצולאָזן פֿון מויל אומקלאָרע אַפֿאָריזמען און דאָפּקע אין דער פֿאָרם פֿון שירים; די צוהערער פֿלעגן מיט היסלייִוועס אונטערכאַפּן די דאָזיקע פֿראַזעס און אָפֿט זיי פֿאַרשרייבן, ווייל מע האָט גערעכנט, אַז דאָס רעדט גאָט אַליין, וועלכער האָט זיך אַראָפּגעלאָזט אין עם נאָווי. אַדאַנק דעם דאָזיקן אויפֿן אויף צו דערגיין דעם ראַצוין פֿון גאָט האָבן זיך די נעוויִים אונטערגעשיידט פֿון די טרעפֿער־קויהאַנים און פֿון אַלע איבעריקע מענטשן. דער קויהען האָט געוווּסט, וויאַזוי צו וואַרפֿן גוירל פֿאַרן אורים ועטומים באַם אייפֿאָד, ער האָט געקאָנט זאָגן, צי איז דער געבראַכטער קאָרבן אָנגענומען געוואָרן פֿון גאָט, צי ניין. יעדער מענטש האָט געקאָנט באַקומען אַן אַנטפּלעקונג פֿון גאָט אין כאָלעם; אָבער בלויז די נעוויִים האָבן געוווּסט, ווי צוציִען גאָט און מאַכן אַזוי, אַז ער זאָל אַריין אין זיי און ריידן מיט זייער מויל. די קיניגן האָבן זיך טכילעס גאָר ניט אינטערעסירט מיט די דאָזיקע נעוויִים; נאָר ווען ס׳איז אויסגעקומען פֿירצונעמען לאַנגדויערנדיקע מילכאָמעס, האָבן זיי אָנגעהויבן איינצולאָדן

פֿאָרזעצונג. אָנהייב זע „סאָוועטיש היימלאַנד" נומ. 1—4, 1989.

די נביאים צו זיך אין דינסט. אַזעלכע פּראָפעסיאָנעלע נביאים פֿלעגן אומעטום באַגלייטן דעם קיניג און לויט זײַן באַפֿעל פֿלעגן זיי אָנרופֿן גאָט און איבערגעבן זײַן תּשובֿה. אַכאַז האָט געהאַט נביאים, וועלכע האָבן געדינט דעם פֿיניקיישן גאָט בעל, נאָר ער האָט געהאַלטן בײַ זיך אויך די נביאים פֿון יאַהווע. ס׳פֿאַרשטייט זיך, אַז ניט שטענדיק פֿלעגן מקוימים ווערן די נבֿואָות פֿון די דאָזיקע נביאים; העיויס ווי די קיניגן און סאַרים איז שטענדיק אָנגענעם, אַז מע כאַנפֿעט זיי און מע זאָגט זיי צו גליקן, פֿלעגן די נביאים, וועלכע האָבן געדינט בײַם קיניג, זייער אָפֿט פֿאָרויסזאָגן, אַז ס׳וועט זײַן שאָלעם, נאָר אָנשטאָט שאָלעם זײַנען אָפֿט פֿאָרגעקומען מילכאָמעס, דאַן פֿלעגט מען זאָגן, אַז אינעם נאָווי איז אַרײַן דער גײַסט פֿון שעקער, וועלכער האָט ליב כויזעק צו מאַכן פֿון די מענטשן און אָפּ־נאַרן זיי; דעם נאָווי, אין וועלכן ס׳פֿלעג געוועלטיקן דער גײַסט פֿון שעקער, האָט מען אויפֿגעהערט צו גלייבן און אָפֿט האָט מען אים פֿאַרמישפּעט צו טויט־שטראָף. אין אַכאַווס צײַטן איז אויף אַזאַ אויפֿן אומגעקומען אַ גרויסע צאָל נביאים פֿון יאַהווע. פֿאַרנעמען די שטעלע פֿון אַ נאָווי איז אויף אַזאַ אויפֿן געווען זייער געפֿערלעך; נאָר אַ געשיקטער און געניטער מענטש, וועלכער האָט גוט גע־וווּסט די באַציִונגען צווישן פֿאַרשיידענע קיניגן און זייערע קויכעס, האָט געקאָנט, פֿאַרנעמענדיק אַ שטעלע פֿון אַ נאָווי, מאַכן גאַנץ גוטע געשעפֿטן.

נאָר די קיניגלעכע נביאים, וועלכע האָבן געדינט די קיניגן און סאַרים און באַקומען דערפֿאַר אַ גרויסן געהאַלט, זײַנען געווען ניט די איינציקע נביאים. בײַם פֿאָלק פֿלעגן אָפֿט אויפֿשטיין זײַנע אייגענע נביאים. פֿון די קיניגלעכע נביאים האָבן זיי זיך אונטערשיידט נאָר מיט זייער לעבנשטייגער, זיי פֿלעגן וואַנדערן פֿון איין אָרט אין דעם צווייטן, ציִען זייער כאַיונע פֿון נדאָוועס, נאָר זעלטן האָבן זיי אויך געהאַט אַ וואַסער־ניט־איז באַשעפֿטיקונג, וועלכע האָט זיי געגעבן מיטלען צום לעבן. די תּשובֿות פֿון גאָט פֿלעגן זיי איבערגעבן אויף דעם זעלבן אויפֿן, ווי די קיניגלעכע נביאים; זיי האָבן געגלייבט, אַז אויף זיי רוט דער רועך פֿון יאַהווע, וועלכער רעדט מיט זייער מויל. נאָר זיי פֿלעגן זיך ניט צופּאַסן צו די באַגערן פֿון זייערע צוהערער און אָפֿט האַלטן מוירעדיקע און טרויעריקע רעדעס, אין וועלכע זיי האָבן פֿאָרויסגעזאָגט מילכאָמע און ניט קיין שאָלעם. זיי האָבן געשטאַמט פֿון פּאָשעטן האַמוין, די נויטן און באַדערפֿענישן פֿונעם פֿאָלק זײַנען פֿאַר זיי געווען באַקאַנט און נאָענט, זיי פֿלעגן שטענדיק אין גרויס צאָרן אויפֿוואָרפֿן די קיניגן און די סאַרים, וואָס זיי באַדריקן דאָס פֿאָלק. מיט אַ יאָר 750—800 פֿאַר קריסטוסעס געבוירן, ווען דעם פֿאָלק איז באַזונדער שווער געווען צו לעבן איבער דער אונטערדריקונג, ווען דער קיִעם גופֿע פֿון עפֿראַיִם און יעהודע איז געשטאַנען אין געפֿאַר מיצאַד די אַשורער און די באַבילער, ווען, ניט זעענדיק אַרום זיך קיין אויסוועג, האָט דאָס פֿאָלק זיך אײַנגאַנצן מעיאָעש געווען אין די אַלטע געטער און די אַלטע מינהאָגים, דעמלט האָבן זיך באַוויזן עטלעכע מערקווירדיקע פֿאָלקס־נביאים. דאָס זײַנען געווען זעלטן איבערגעגעבענע און טאַלאַנטפֿולע פֿרײַדיקער; מיט לײַב און לעבן איבערגעגעבן דער גערעכטיקײַט און דעם עמעס, האָבן זיי געפּרײַדיקט



זכאַריע האַנאָווי (דאָ און ווײַטער — פֿראַגמענטן פֿון מיקעלאַנדזשעלאָס פֿרעסקעס אין דער סיקסטינער קאַפּעלע)



ייִרמעיאָהו האַנאָווי

א נייעם גלויבן, וועלכער איז גאר ניט ענלעך צו דעם אלטן; זיי האבן גערופן די סאַרים און דאס פאלק צו טאן טשוווע און צוגעזאגט דעם פאלק א גליקלעך לעבן ווי א פרייז פאר זיין טשוווע טאן. דעם פאשעטן אוילעם האבן זיי געהאלפן ניט נאר מיט רייד, נאר אויך מיט מייסים; וועגן אייניקע פון זיי דערציילט מען, אז זיי האבן א סאך ניסים באוויזן לעטויוועס דעם פאלק. אין טאנאך געפינען מיר א סאך וווּנדערלעכע דערציילונגען וועגן די ערשטע צווי פון די דאזיקע נעוויִים, עליאהו און עלישע. אין באזונדערע ספארים זיינען צונויפגעקליבן די רעדעס פון די נעוויִים: אמאס, האסיע, מיכע, יעשאיאהו, יירמעיאהו און אנדערע.

עליאהו און זיין טאלמיד עלישע זיינען געווען נעוויִים פון יאהווע; זיי האבן געלעבט אין די צייטן פון אכאוו, דעם קיניג פון עפראים. עליאהו איז איינמאל פלוצלינג געקומען צו אכאוון און געזאגט: „עס לעבט יאהווע, דער גאט פון יִיסראעל, וועמען איך דין; אין די יארן וועט נישט זיין ניט קיין טוי, ניט קיין רעגן, נייערט ווען איך וועל באפעלן". און ס'האט זיך אנגעהויבן דער דאזיקער שרעקלעכער הונגער אין מעלוכע עפראים, וועגן וועלכן איך האב שוין דערציילט. מענטשן און כייעס פלעגן קראנק ווערן און אויסגיין פון הונגער; נאר עליאהו, וועלכער איז אוועק אין מידבער, האט זיך דערנערט אף א וווּנדערלעכן אופן: ער האט געהאט וואסער פון א וווּנדערלעך טייכל, פלייש און ברויט פלעגן אים יעדן פרימארגן און יעדן אוונט ברענגען צו טראגן ראבן. פון מידבער איז ער אוועק אין דער שטאט צפאס; דארט האט אים אופגענומען איינע א פרוי אן אלמאנע און דערפאר האט עליאהו באוויזן א נעס: די מעל אין פעסל און דער בוימל אין קרוג האבן זיך ניט אויסגעשעפט, ביז ס'האט ניט אופגעהערט די טריקעניש. אינגיכן נאך דעם ווי עליאהו האט זיך באזעצט בא דער אלמאנע, איז בא איר קראנק געווארן און געשטארבן איר זון — און אויך אין דעם פאל איז עליאהו גלייך געקומען צו הילף זיין גאסטפריינטלעכער באלעבאסטע: ער האט אוועקגעלייגט דאס קינד צו זיך אפן בעט און אנגעהויבן בעטן בא יאהווע, ער זאל אומקערן די נעשאמע פונעם קינד צוריק אין זיין גוף; יאהווע האט פארנומען זיין געבעט, די נעשאמע האט זיך אומגעקערט און דאס קינד איז געבליבן לעבן, נאר פון אלע עליאהוס מייסים איז בארימט זיין שטרייט מיט די קיניגלעכע נעוויִים פון באאל אפן בארג קארמעל, און דאס, וואס ער האט באשטראפט אכאוון דערפאר, וואס יענער האט געטייט נעוואטן. צום סאף פון דריטן יאר פון דער טריקעניש האט יאהווע געהייסן עליאהו גיין צו אכאוון מאכן צו שאנד די נעוויִים פון באאל און אפווייזן, אז דער עמעסער גאט פון יִיסראעל איז ניט דער פרעמדער באאל פון פיניקיע, נאר דער אייגענער גאט פון יִיסראעל יאהווע. עליאהו האט שוין דאן געשעמט אין דעם גאנצן לאנד; מיט ליבשאפט פלעגן אלע פארומגליקלעכטע דערמאנען זיין נאמען און פלעגן פון איםריידן, ווי פון א העלדישן קעמפער פארן פאלק. אכאוו האט אף קיין פאל ניט געקאנט ווארטן, אז עליאהו זאל אליין מיטן אייגענעם ווילן צו אים קומען; נאר זייענדיק איבערראשט פון זיין דרייסטקייט, האט ער ניט געוואגט אים צו פארהאלטן. עליאהו האט איינגעלאדן אלע 450 נעוויִים פון באאל און דאס גאנצע פאלק יִיסראעל אפן בארג


יעכיזקיעל האנאווי


יויעל האנאווי

קארמעל, קעדיי דארט אויסצופרווון, ווער איז דער עמעסער גאט. די דאזיקע איינלאדונג גופא איז שוין געווען א מעשונעדיקע זאך; דער בארג קארמעל געפינט זיך אין צאפן־עק פון פאלעסטינע; הייסט עס, אז דאס פאלק און די נעוויים פון באאל האבן געמוזט דורכמאכן א גאנץ היפשן מעהאלעך, נאר די פאלקס־פאנטאזיע שטעלט זיך ניט אפ פאר אזעלכע זאכן, ווען עס האנדלט זיך וועגן איר ליבלינג. מע האט זיך צונויפגעקליבן באם בארג קארמעל. דא האט עליאהו פארגעלייגט אט וואס: ער און די נעוויים פון באאל, יעדער פון זייער זייט, זאלן צוגרייטן האלץ, אוועקלייגן אפן האלץ אן אקס, נאר ניט אונטערלייגן קיין פייער; די נעוויים פון באאל וועלן רופן צו זייער גאט און עליאהו צו יאהווע; דער גאט, וועלכער וועט שיקן א פייער אפן קארבן, דער איז עס דער עמעסער גאט פון ישראל. די נעוויים פון באאל האבן איינגעשטימט; עליאהו האט פארגעלייגט, אז זיי זאלן אנהייבן. א גאנצן טאג, פון פרימארגן ביז שפעט אין דער נאכט, האבן זיי זיך געדרייט ארום דעם האלץ אין א היילקן טאנץ, אפן קאל געשריען צום באאל, געשטאכן זיך מיט מעסערס ביז בלוט, — נאר אלץ איז געווען אומזיסט; דער באאל איז ווייט און הערט זיי ניט. אין אוונט האט עליאהו געמאכט זיין מיזבייעך פון שטיינער, ווי ס׳געפעלט יאהווע, ארום די שטיינער האט ער געמאכט א גרוב, אויסגעלייגט האלץ, אוועקגעלייגט דעם אקס און האט נאך געהייסן אלץ באגיסן מיט וואסער, ביז די גרוב איז פארפולט געווארן ביז די ברעגן; דערנאך האט ער זיך געווענדט צו יאהווע מיט א טפילע: „פארנעם מיין געבעט און דערוויז, אז דו ביסט דער איין־איינציקער גאט פון ישראל". און יאהווע האט גלייך זיך צוגעהערט צו זיין נעוויע און האט געשיקט פון הימל א פייער, וועלכער האט פארצערט דעם קארבן מיט דעם האלץ. אף אזא אופן זיינען געווארן צו שאנד דער באאל און זיינע נעוויים. גלייך נאך דעם האט זיך אנגערוקט א וואלקן און ס׳האט א גאס געטאן דער אזוי לאנג געווונטשענער רעגן. נאר ניט נאר אפן בארג קארמעל איז צו שאנד געמאכט געווארן דער קיניג. באלד נאך דעם איז פארגעקומען די מייסע מיט נעוואטן, וועלכע מיר ווייסן שוין. ווען נאך נעוואטס טויט איז אכאוו אריין אין זיין ווייַנגארטן, קעדיי אים צו פארנעמען, האט יאהווע געזאגט צו עליאהו: „שטיי אף, גיי ארויס אנטקעגן אכאוון, — ער איז איצט אין נעוואטס ווייַנגארטן, — און זאג אים: אף דעם זעלבן ארט, ווו הינט האבן געלעקט נעוואטס בלוט, וועלן הינט לעקן אויך דיין בלוט". נאר אט די נעוויע איז ניט מעקוייעם געווארן, ווייל אכאוו איז ווי א העלד געפאלן אין א שלאכט מיט די אראמייער און מע האט אים מעקאבער געווען אין זיין הויפט־שטאט שאמרוין; נאר באם פאלק איז עליאהו פארבליבן ווי א מייליך־יזישער פאר אלע די, וואס ליידן פון דער אונטערדריקונג פונעם קיניג און די סארים. אזא אויסערגעוויינלעכער מענטש מוז אויך זיין אומבאאריבאר; אים קאן מען אזוי פאשעט ניט נעמען; מע האט דערציילט, אז ווען אכאזיאהו, אכאווס זון, האט געוואלט נעמען עליאהו אין געפענקעניש, האט עליאהו ארויסגערופן א פייער, וועלכער האט פארברענט די מיליטער־אפטיילונג, וועלכע איז געקומען נאך אים. דאס פאלק האט ניט געקאנט דערלאזן, אז אזא ווונדערבארער מענטש זאל שטארבן, ווי א פאשעטער מענטש; מע דערציילט, אז עליאהו איז ניט



דאניעל האנאווי



יוינע האנאווי

געשטאָרבן, נאָר לעבעדיקערהייט אַרויף אויפֿן הימל; אין אַ שטורעמווינט האָט זיך באַוויזן אַ פֿײַערדיקער רײַטוואָגן, אויף וועלכן עליִאָהו איז אַרויף אויפֿן הימל צו יאַהווע. נאָך אים איז געבליבן זײַן טאַלמיד עלישע, וועלכער האָט אויך באַוויזן אַזעלכע ניסים, ווי עליִאָהו, איז אויך שטאַרק אָנגענומען געווען בײַם פֿאָלק און איז אויך געווען אַזאַ איבערגעגעבענער קעמפֿער פֿאַר יאַהווע קעגן באַאַל. די לעגענדעס וועגן עלישען זײַנען אויף אַזויפֿיל גלײַך צו די לעגענדעס וועגן עליִאָהון, אַז ס'איז אַ ספֿק, צי איז גאָר אינגאַנצן געווען אַזאַ עלישע, אָדער נאָר די פֿאָלקס־פֿאַנטאַזיע האָט אים געשאַפֿן לויטן מוסטער פֿון עליִאָהו.

וועגן עליִאָהון און עלישען האָט מען דערציילט ראַק ניסים, און מיר ווייסן גאַנץ ווייניק וועגן דעם, וואָס פֿאַר אַ מענטשן זײַנען זיי געווען אין דערווירקלעכקײַט. נאָר איין זאַך ווייסן מיר גענוי: מיר ווייסן, אַז עליִאָהו, עלישע, ווי אויך די שפּעטערדיקע פֿאָלקס־נעוויִים, זײַנען געווען קעמפֿער פֿאַר די אינטערעסן פֿון פֿאָלק, און זיי האָבן געלערנט דאָס פֿאָלק, אַז מע דאַרף דינען נאָר יאַהווע: יאַהווע — דאָס איז דער איינציקער נאַציאָנאַלער גאָט פֿון ייִסראָעל, כּוח אים, טאָר דאָס פֿאָלק קיין אַנדערע געטער ניט האָבן, און נאָר יאַהווע וועט אויסלייזן זײַן פֿאָלק פֿון אַלערליי צאָרעס און אומגליקן. די איבעריקע פֿאָלקס־נעוויִים האָבן ניט באַוויזן אַזעלכע ניסים, ווי עליִאָהו און עלישע, דערפֿאַר אָבער האָבן זיי זייער גאַנצע צײַט אָפּגעגעבן אויף נעוויִעס זאָגן דעם פֿאָלק; מיר ווייסן ווייניק וועגן דעם, וויאַזוי זיי האָבן געלעבט, נאָר אונדז זײַנען פֿאַרבליבן זייערע רעדעס. אין זייערע רעדעס האָבן זיי אַרויסגעזאָגט די זעלבע מיינונגען, וואָס עליִאָהו, נאָר נאָך בוילעטער, קלאָרער און טיפֿער.

אין 760־טן יאָר בעערעך האָט עפֿראַיִם געפֿײַערט אין בייס־על זײַן האַרבסט־יאָמטעוו; אַן אומגעווייגלעכע פֿרייִלעכקייט און פֿײַערלעכקײַט האָט געהערשט אויפֿן יאָמטעוו: נאָרוואָס האָט עפֿראַיִם אָפּגעהאַלטן אַ גרויסן ניצאָכן איבער זײַן בלוטיקסטן סוינע, דעם קיניגרײַך דאַמעסעק, צווישן דעם אָנגעקומענעם עולעם זײַנען געווען אַ סאַך טרעפֿערס, ראָעס און טכילעס האָט קיינער קיין אַכט ניט געלייגט אויף איינעם פֿון זיי, אַ מענטשן, אָנגעטאָן ווי אַ פּאַסטעך, מיט אַ שטעקן אין האַנט. פֿון ווײַט איז ער געקומען אַהער, פֿון די בערג יעהודיע, פֿון מידבער, וווּ ער האָט זיך אָפּגעטראָפֿן מיט די אַנטלאָפֿענע פֿון צאָפֿן, וועלכע האָבן פֿאַרלאָזט זייער פֿאָטערלאַנד מיט אַ קלאָלע אויף זייער פֿינצטער מאַזל. פֿון זיי האָט ער זיך ניט ווייניק אָנגעהערט וועגן דעם, וואָס ס'טוט זיך אין דעם צאָפֿנדיקן קיניגרײַך, ער האָט זיך דערוווּסט פֿון זיי, אַז דאָרט הערשן אומגערעכטיקײַט און אומגליקן, אַז די שאָפֿטים היטן דאָרט ווייניק־וואָס אויף די גרענעצן, אַז מע זאָרגט דאָרט מער ניט ווי וועגן לוקסוס און מע קימערט זיך גאָר ניט וועגן די אָרעמעלײַט, אַז מע ברענגט דאָרט רײַכע קאָרבאָנעס און מע אָרדנט אײַן רײַכע מאָלצײַטן העכן פֿאַר דעם גאָט פֿון בייס־על און העכן פֿאַר יאַהווע און אַנדערע געטער און מע טראַכט גאָר ניט וועגן דעם, אַז פֿיל אָרעמעלײַט שטאַרבן אויס פֿון הונגער. אַמאָס (אַזוי האָט געהייסן דער פּאַסטעך) איז געקומען אַהער קיין בייס־על, ווײַל ער האָט דערפֿילט, אַז גאָט שיקט אים, ער זאָל אויפֿן אַרויסטרעטן קעגן אומרעכט, וואָס ווערט געטאָן אין עפֿראַיִם, און ער זאָל וואָרענען אים, אַז אויב ער וועט קיין טשוּווע ניט טאָן, וועט אַ שרעקלעכע מאַפּאָלע קומען אויף דער זינדיקער מעלוכע. אַמאָס האָט זיך דאָ גענוג אָנגעקוקט אויף דעם אומגעהײַערן לוקסוס און אויף די אומענדלעכע סימכעס און איז פּלוצלינג אַרויסגעטראָטן און האָט אָנגעהויבן קלאָגן מיט אַ רעטשיטאַטיוו־טאָן, ווי ס'טוען געווייגלעך די באַווייגערס אויף אַ לעווײַע:

געפֿאַלן איז און שטייט ניט אויף בסולעס ייִסראָעל,<br>
זי ליגט אויסגעצויגן אויף איר ערד,<br>
און קיינער הייבט זי ניט אויף!

די דאָזיקע ווילדע אויסגעשרייען האָבן אויפֿמערקזאַם געמאַכט דעם גאַנצן עולעם אויף אַמאָסן, דער האַמוין האָט אים אַרומגערינגלט און ער האָט אָנגעהויבן מיט גרויס צאָרן האַלטן אַזעלכע רעדעס, וועלכע ס'איז ביז אַהער ניט אויסגעקומען צו הערן, ער האָט זיך געווענדט צו די סאָרים און צום קיניג אין נאָמען פֿון יאַהווע מיט שטראָפֿרייד און קלאָלעס: „דעם מישפּעט האָט איר פֿאַרוואַנדלט אין אַ סאַם, און צדאָקע האָט איר געניִדערט צו דער ערד; דעם גערעכטן פֿאַרקויפֿט איר פֿאַר זילבער און דעם אָרעמאַן פֿאַר אַ פּאָר שיך; דורך רויבערײַ און גזילע זאַמלט איר אָשירעס אין אײַערע פּאַלאַצן! אײַערע באַדריקונגען און אוולעס זײַנען באַוווּסט דער גאַנצער וועלט — אי אויף די דעכער פֿון אַשדאָד, אי אין דעם לאַנד מיצראַיִם, — נאָר נאָענט איז דער טאָג פֿון גאָטס צאָרן! איר ליגט רויִק אויף בעטן פֿון העלפֿאַנדביין, אויסגעצויגן אויף אײַערע געלעגערס, איר עסט די בעסטע שאָף פֿון סטאַדע און קעלבער פֿון פֿעטער פּאַשע, איר זינגט און שפּילט אויף האַרפֿעס, טרינקט פֿון בעכערס ווײַן, שמירט זיך מיט די בעסטע אייִלן און מיינט, אַז דער טאָג פֿון אומגליק איז נאָך ווײַט. נאָר יאַהווע, דער גאָט פֿון צפֿאָס, זאָגט אַזוי: ס'איז מיר נימעס געוואָרן דער שטאָלץ פֿון יאַנקעוו און איך פֿאַרהאַס זײַנע פּאַלאַצן. דער סוינע איז שוין אָנגעקומען, ער איז שוין בײַ זײַן לאַנד! ער וועט

צעבראָכן דײַן הערשאַפט און וועט צע־
רויבן דײַנע פּאַלאַצן; איר וועט געפאַנ־
גען ווערן און גיין בראָש פון די גע־
פאַנגענע, און עס וועלן אַנשוויגן ווערן
די שטימען פון די, וואָס פרייען זיך
איצט". נאָך די רעדעס קעגן די סאָרים
און שאָפטים האָט ער אזעלכע צאָרנדיקע
רעדעס געהאַלטן אויך קעגן די ניט־
אָרנטלעכע סאָכרים, וועלכע פלעגן געבן
א קלענערע מאָס און ניט קיין ריכטיקע
וואָג. דאָס פאָלק יִסראָעל איז געגליכן
צו א קאָרב מיט צײַטיקע פרוכטן —
האָט געזאָגט אמאָס; ס'איז געקומען זײַן
צײַט און דאַן, אין יענעם שרעקלעכן
טאָג, וועט די זון אונטערגיין אין האַלבן
טאָג און אינמיטן העלן טאָג וועט ווערן
נאַכט, אומעטום וועט זײַן א יאָמער
און א געוויין, דורכויס וועלן זיך וואַל־
גערן מייסים, און ס'וועט ניט זײַן, ווער
עס זאָל זיי מעקאַבער זײַן... ווען מע
האָט נאָך די צאָרנדיקע רעדעס פונעם
נאָווי אָנגעהויבן אים צו שרעקן און
אויספרעגן בא אים, ווער האָט אים גע־
געבן דאָס רעכט צו ריידן אזוי, האָט
ער מיט שטאָלץ געענטפערט, ווער
ס'האָט אים געשיקט: „דער, וואָס האָט
זײַנע פּאַלאַצן געמאַכט אין הימל און
זייערע געוועלבן האָט ער אײַנגעפעסטיקט אױף דער ערד, דער, וואָס האָט באַשאַפן דעם זיבן־שטערן!
דער, וואָס מאַכט פון פינצטערער נאַכט פרימאָרגן און דעם טאָג פאַרפינצטערט ער מיט נאַכט, דער,
וואָס האָט אַרויסגערופן די וואַסערן פון יאַם און זיי צעגאָסן איבער דעם פּאָנעם פון דער ערד, — יאַהווע
איז זײַן נאָמען!" דאָס איז געווען אן אומגעהערטע רעדע: יאַהווע האָט באַשאַפן די גאַנצע וועלט,
ער פאַרוואַלטעט מיט איר, הייסט עס, אז ער איז העכער פון דער גאַנצער וועלט, הייסט עס, אז אַלע
איבעריקע געטער זײַנען גאָר ניט אין פאַרגלײַך מיט אים און אױף זיי איז ניטאָ וואָס צו האָפן, און
אַמאָס האָט אויסגעלאַכט די באַליבטע הייליקײַטן און די געטער פון יִסראָעל: בייס־על, גאַלגאַל און
באר־שעווע — אַלץ וועט פאַרניכטעט ווערן, אַלץ וועט פאַרברענט ווערן. אויב די בניי־עפראָיִם ווילן
זיך מאַציל זײַן, זאָגט ווײַטער אמאָס, איז דאָ דערצו נאָר איין מיטל: ניט נאָר פון אויסן זײַן פרום,
ברענגען רײַכע קאָרבאָנעס און רויכערן קטוירעס. דאָס אַלץ דאַרף יאַהווע ניט האָבן. „זוכט גוטס
און ניט קיין בייז, קעדיי איר זאָלט בלײַבן לעבן, האָט פײַנט בייז און האָט ליב גוטס, שטעלט אײַן
גערעכטיקײַט און מישפּעט. עפשער וועט יאַהווע ראַכמאָנעס האָבן אױפן רעשט פון יויסעפן".



א שערבל פון לאַכיש מיט אן אנשריפט פון יִסמעיאַהו
האַנאַוויס טקופע

אמאָסעס רעדעס האָבן געמאַכט א גוואַלדיקן רוישעם. ביז איצט האָט מען געהאַלטן, אז יאַהווע
איז אפילע א מעכטיקער גאָט, נאָר דאָך איז ער געראָטן אין אַלע אַנדערע געטער; ער לעבט זיך
אין ציאָן, באַשיצט אים און מישט זיך ניט אין פרעמדע גרענעצן, ווו עס געוועלטיקן אַנדזערע גע־
טער, יעדע געגנט האָט זיך איר אייגענעם גאָט־באַשיצער, צו וועמען ס'דאַרפן זיך בעיִקער ווענדן
די אײַנוווינער פון דער דאָזיקער געגנט. אייניקע, ווי, לעמאָשל, עלִיאָהו, האָבן געהאַלטן, אז יאַהווע
איז שטאַרקער פאַר אַלע אָרטיקע געטער, אז ער איז אן אַלגעמיינער גאָט פאַר גאַנץ יִסראָעל, נאָר
זיי האָבן אים ניט דערהויבן אױף די הימלען, זיי האָבן ניט געהאַלטן, אז ער געוועלטיקט איבער דער
גאַנצער וועלט. אמאָס אָבער האָט פאַרזיכערט, אז יאַהווע געפינט זיך אױף די הימלען, אז ער האָט
באַשאַפן דעם הימל, די שטערן, די ערד און דעם יאַם, פאַרוואַלטעט מיטן טאָג און מיט דער נאַכט
און געוועלטיקט ניט נאָר איבער יִסראָעל, נאָר אויך איבער אַנדערע פעלקער — ער וועט אָנשיקן
אױף דעם פאָלק יִסראָעל עפּעס א פרעמדן סוינע, וועלכער וועט באַשטראָפן יִסראָעל פאַר זײַנע זינד.
דאָס איז געווען גאָר א נײַער, אומגעהערטער גלויבן. וויאַזוי האָט געקענט אמאָס, דער פּאָשעטער
פאַסטעך, קומען צו אזא מין גלויבן? וויאַזוי האָט ער געקענט אזוי קלאָר און בולעט און אזוי פּאַטעטיש
אים באַשרײַבן? אמאָסן האָט אונטערגעזאָגט דעם נײַעם גלויבן דאָס דעמאָלטיקע לעבן פון יִסראָעל.
מיר ווייסן שוין, אױף וויפל ס'האָט געהערשט אין לעבן אומגערעכטיקײַט; מיר ווייסן שוין, אז די אַלטע

געטער, האָבן חייניק־וואָס געהאָלפֿן דעם געמיינעם מענטשן ניט געקוקט אַף די רײַכע קאָרבאָנעס, און אמאָסן איז ניט שווער געווען צו פֿאַרשטיין, אַז דער אַלטער גלויבן גופֿע איז געוואָרן אַן אומגערעכטיקער, אויב ער דערלאָזט אַזאַ אומגערעכטיקײַט, די אַלטע געטער און די אַלטע מיטלען אַף זיי צו דינען האָבן אויפֿגעהערט צו העלפֿן; הייסט עס, אַז מע דאַרף זוכן אַ נײַעם גלויבן, דער נײַער גלויבן דאַרף זײַן אַזאַ, ער זאָל צוריק אײַנשטעלן דעם עמעס אַף דער ערד. עמעס קען זײַן נאָר איינער, קיין צוויי עמעסן קאָנען ניט זײַן, הייסט עס, אַז דער איינציקער גאָט איז דער גאָט פֿון עמעס און קיין אַנדערע געטער, כּוץ אים, טאָרן ניט זײַן; אַזוי־ווי דער עמעס איז אַן איינציקער, אַזוי מוז אויך גאָט זײַן אַן איין־איינציקער. וואָס זשע איז עס פֿאַר אַ גאָט? אמאָס האָט געשטאַמט פֿון דעם קיניגרײַך יעהודע, און, ווי אַלע פֿון דעם דאָזיקן קיניגרײַך, האָט ער מער פֿאַר אַלע געטער געהאַלטן פֿון יאַהווע, דעם אוראַלטן גאָט פֿון ייִסראָעל, וועלכער האָט מיט זײַנע ניסים געהאָלפֿן דעם פֿאָלק ייִסראָעל אײַנעמען דאָס לאַנד קנאַאַן, אים זײַנען שוין באַקאַנט די אַסערעס האַדיבּרעס, וועלכע האָבן אויסגעדריקט די גאַנצע דעמלטיקע פּראַקטישע ווינסנשאַפֿט. און איינמאָל אין מידבער, אין אַן אויסגעשטערנטער נאַכט, ווען אמאָס האָט זיך טיף פֿאַרטראַכט וועגן די צאָרעס פֿון ייִסראָעל און וועגן די מיטלען, ווי־אַזוי אים צו העלפֿן, האָט זיך אים אויסגעוויזן, אַז ער זעט, ווי יאַהווע האָט זיך אַראָפּגעלאָזן צו אים פֿון הימל און האָט אים גערופֿן. ער איז אוועק און האָט אָנגעהויבן צו פּריידיקן דעם עמעס פֿון יאַהווע.

דער נײַער גלויבן האָט געפֿאָדערט אויך נײַע מײַסים: יאַהווע האָט דורך אמאָסן געזאָגט: „איך האָב פֿײַנט, מיר זײַנען דערווידער אײַערע יאָמטויווים, און איך טו ניט שמעקן דעם רייעך פֿון אײַערע קאָרבאָנעס, איך וויל ניט הערן דאָס שפּילן פֿון אײַערע האַרפֿעס, נאָר זאָל ווי אַ וואַסער פֿליסן בײַ אײַך דער מישפּעט און די גערעכטיקײַט, ווי אַ שטראָמיקער טײַך". אין מידבער, צווישן די אָרעמע פּאַסטעכער, האָט אמאָס ניט געזען אַזעלכע רײַכע קאָרבאָנעס און מאָלצײַטן, ווי אין בייס־על און שאָמרוין, אין מידבער פֿלעגן אַלע יאָמטויווים דורכגיין באַשיידן און אמאָסן האָט זיך געדוכט, אַז אַ כאַך בעסער איז צו ברענגען גאָט באַשיידענע קאָרבאָנעס, ווי אין יענע צײַטן, ווען די בני־ייִסראָעל האָבן נאָך געוואַנדערט אין מידבער, נאָר אָפּהיטן דעם עמעס פֿון גאָט. אמאָסן האָט זיך געדוכט, אַז אויב ס'וועט אַלץ ווײַטער גיין ווי ביז איצט, וועט ייִסראָעל ניט קאָנען בײַקומען די סאָנים און וועט געווויס אומקומען. דאָס פֿאָלק ווערט פֿאַראָרעמט און האַסט די מענטשן, וועלכע ס'געהערט די מאַכט; די לעצטע זײַנען צו פֿאַריידלט געוואָרן און זײַנען ניט פֿעיִק צו קעמפֿן מיט אַ שטאַרקן סוינע. גאַנץ פּאַלעסטינע האָט געוווּסט, אַז די מעלאָכים פֿון דאַמעסעק זײַנען געווען אַן עמעסער אומגליק פֿאַר דעם קיניגרײַך עפֿראַיִם: דער מעכטיקסטער קיניג פֿון עפֿראַיִם, אַכאַוו, האָט קוים געראַטעוועט זײַן לאַנד פֿון דעם אַראַמעיִשן קיניג בען־האַדאַד, און מיט דרײַסיק יאָר פֿאַר אמאָסעס צײַט האָט דער קיניג פֿון דאַמעסעק כאַזאַל קימאַט שוין געהאַט אײַנגענומען דאָס קיניגרײַך עפֿראַיִם, וועלכער האָט אים אײַן צײַט געמוזט צאָלן צינש; נאָר גראָד אין דער צײַט איז פֿאַר דאַמעסעק געשטאַנען אַ גרויסע סאַקאָנע פֿון צאָפֿן מיצאַד די אַשורער, וועלכע זײַנען שוין דערגאַנגען ביז לעוואַנאָן, און נאָר אַדאַנק דעם האָט דער קיניג יאָאַש ניט לאַנג פֿאַר אמאָסעס אַרויסטרעטן אָפּגעהאַלטן אַ ניצאָכן איבער דעם אַראַמעיִשן קיניג בען־האַדאַד דעם צווייטן, נאָר דער דאָזיקער ניצאָכן איז ניט געווען גאָר זיכער: דער געפֿערלעכסטער סוינע איז שוין איצט געווען ניט דאַמעסעק, נאָר אַשור, און ניט היינטמאָרגן האָבן די אַשורער געקאָנט אַרײַנדרינגען אין פּאַלעסטינע, אָט די אַשורער האָט עס אמאָס געמיינט, ווען ער האָט פֿאָרויסגעזאָגט, אַז דאָס קיניגרײַך ייִסראָעל וועט אומקומען דורך אויסערלייניקסטע סאָנים, וועלכע יאַהווע וועט אַף זיי אָנשיקן, נאָר די „שאָקורים די בני־עפֿראַיִם" האָבן נאָך זייער ניצאָכן איבער בען־האַדאַד דעם צווייטן גאָר ניט געטראַכט וועגן די אַשורער.

דאָס פֿאָלק האָט זייער וואַרעם אויפֿגענומען אמאָסן, נאָר גאָר אַנדערש האָבן זיך צו אים באַציגן די קויהאַנים און די סאָרים. עמציע, דער קויהען פֿון בייס־על, האָט געשיקט זאָגן דעם קיניג יעראָוואָאַם דעם צווייטן: „אמאָס רעגט אויף קעגן דיר דאָס פֿאָלק; די ערד קאָן ניט לײַדן זײַנע רייד, ווײַל אַזוי האָט ער געזאָגט: יעראָוואָאַם וועט געטייט ווערן מיט אַ שווערד, און ייִסראָעל וועט פֿאַרטריבן ווערן פֿון זײַן לאַנד". מיסטאַמע האָט דער קיניג ניט געהאַט קיין האָזע צו פֿאַרהאַלטן אמאָסן דאָ אַף דעם יאָמטעוו אין די אויגן פֿון פֿאָלק, וואָס האָט געהאַלטן מיטן נאָווי; עמציע האָט געמוזט זיך בעטן בײַ אמאָסן, ער זאָל אַליין אַוועקגיין: „גיי, ווער אַנטרונען אין לאַנד יעהודע, עס דאָרט דײַן ברויט און זאָג דאָרט נעווי׳עס, און אין בייס־על זאָלסטו מער קיין נעווי׳עס ניט זאָגן, ווײַל דאָ איז די הייליקײַט פֿון קיניג, דער טעמפּל פֿון קיניגלעכן הויף". דערויף האָט אמאָס געענטפֿערט, אַז ער איז ניט קיין פּראָפֿעסיאָנעלער נאָווי און ניט קיין זון פֿון אַ נאָווי, דאָס הייסט, אַז ער האָט ניט בעדייע אָפּנעמען די פּאַרנאָסע בײַ די קיניגלעכע נעוויִים. נאָר נישט זאָגן קיין נעווי׳עס קאָן ער ניט, ווײַל גאָט האָט אים אָפּגערופֿן פֿון די שאָף און געהייסן אים גיין זאָגן נעווי׳עס. פֿאַר די דאָזיקע רעדיפֿעס האָט אמאָס פֿאַרשאָלטן עמציען: „אַזוי זאָגט יאַהווע: דײַן ווײַב וועט פֿאַרשענדעט ווערן פֿאַר דער גאַנצער שטאָט, דײַנע זין און טעכטער וועלן געטייט ווערן מיט אַ שווערד, דײַן ערד וועט

צעטיילט ווערן מיט א שטריק, און דו אליין וועסט שטארבן אף אן אומרייינער ערד". מיר ווייסן ניט, וואס פאר א סאף האט געהאט אמאס; ס'קאן זייער זיין, אז סאפקאלסאף איז ער אומגעקומען פון די רעדיפעס פונעם קיניג.

נאך אמאסן זיינען איינער נאך דעם אנדערן ארויסגעטראטן נאך נעוויים מיט די זעלבע רעדעס, מיט די זעלבע דראשעס וועגן א נייעם גלויבן, מיט די זעלבע דראונגען דעם זינדיקן עפראים. דאס פאלק האט זיי מיטגעפילט, די קיניגן האבן ניט געוואגט צו טאן עפעס קעגן זיי. די גרעסטע פון זיי זיינען — האסיע, מיכע און יעשאיאהו. האסיע איז דערהויפט שטארק אנגעפאלן אף די קויהאנים: די קויהאנים נארן אפ דאס פאלק צוליב זייערע אייגענע נוצן, זיי לערנען אים דינען די באאלס, ברענגען אן א צאל קארבאנעס, נאר באהאלטן פון אים דעם געזעץ פון יאהווע. יאהווע פארלאנגט כאסידים, און ניט קיין קארבאנעס, און די קויהאנים פאדערן, אז דאס פאלק זאל נאר ברענגען קארבאנעס; דאס איז א זינד, נאר אדאנק דעם דאזיקן זינד האבן די קויהאנים פארנאסע, מיזבייכעס איז דא א סאך און דער געזעץ פון יאהווע איז קורץ; נאר אויב אפילע יאהווע וואלט געגעבן זיינע געזעצן עפראימען אין די טויזנטער, וואלט ער אויך געקוקט אף זיי, ווי אף געזעצן פון א פרעמדן. „בייס עפראים איז נאך יונג געווען, האב איך אים ליב געקראגן און ארויסגערופן אים פון מיצראים; נאר וואס מער איך האב אים גערופן, אלץ מער האט ער זיך דערווייטערט פון מיר: ער פלעגט שעכטן פאר די באאלים און ברענגען קארבאנעס די אפגעטער; ניט געוווסט האט ער, אז דאס בין איך, וועלכער גיט אים ברויט, ווייַן און אייל, פון וואס ער ברענגט קארבאנעס די באאלים. דערפאר וועל איך אפנעמען צוריק מיין ברויט און מיין ווייַן, מיין וואלנס און מיין לייַן, זיי האבן פארזייט א ווינט און וועלן שנייַדן א שטורעמווינט, קיין טווע וועלן זיי ניט האבן אף די פעלדער, און די קערנער וועלן זיי קיין מעל ניט געבן, עפראים וועט זיך אומקערן צוריק אין מיצראים, און אשור וועט זיין א קיניג איבער אים". האסיע, ווי אויך די איבעריקע נעוויים, זיינען אזוי שטארק אנגעפאלן אף די קויהאנים און אף די אלטע הייליקע ערטער, ווייַל די קויהאנים און די אלטע הייליקע ערטער זיינען געווען ענג צוזאמענגעבונדן איינער מיט דעם צווייטן, די קויהאנים זיינען געווען באלעבאטים אין די הייליקע ערטער און דערפון פלעגן זיי האבן א גאנץ שיינע פארנאסע, ווייַל די בעסטע כאלאקים פון די קארבאנעס פלעגן געהערן צו זיי, די הייליקע ערטער האבן געהאט זייער גרויסע האכנאסעס, און זייערע באלעבאטים האבן געהאט אין זייער רעשוס א גרויסע צאל פויערים. די קויהאנים זיינען שטענדיק געגאנגען יאדאכעס מיט די סארים, און דעריבער האט זיך די נעוויים אויסגעדוכט, אז דער גאנצער שטייגער צו דינען גאט לויט די אלטע מינהאגים אין די הייליקע ערטער, וועלכער איז אזוי שטרענג אפגעהיט געווארן פון די קויהאנים, איז פונקט אזוי זינדיק און פארהאסט פון יאהווע, ווי אלע באדריקער פון פאלק.

מיכע איז שוין ארויסגעטראטן ניט נאר קעגן שאמרוין, נאר אויך קעגן יערושאלאים. ער האט זיך געווענדט צו די סארים און אפן זיי ארויסגעזאגט, אז זיי איז אנגענעם נאר אזא נאווי, וועלכער זאגט נעוויעס וועגן גליק און פרידן, וועגן ווייַן און סכאר[1]; נאר פאר די דאזיקע קיניגלעכע נעוויים איז בעסער אינגאנצן ניט זאגן קיין נעוויעס, קעדיי ניט פארשעמט צו ווערן. יאהווע וועט איניכן גאר אופהערן ענטפערן אזעלכע נעוויים, און נאכט וועט זיין פאר זיי אנשטאט זייערע זעעניש, פינצטערניש — אנשטאט זייערע נעוויעס. מיכע האט פארגעלייגט בעסער איסהערן זיין רעדע: „הערט זשע אויס, איר, עלטסטע פון דעם הויז יאנקעוו, און איר, הארן פון דעם הויז יִיסראעל. איר, וועלכע לייקענען אפ דעם מישפעט און אלץ, וואס איז גלייַך, מאכט איר קרום; איר, וועלכע בויען ציאן, פארגיסנדיק בלוט, און יערושאלאים מיט אומרעכט! הערט אויס, וואס עס רעדט יאהווע! הערט אויס איר, בערג, דעם מישפעט פון גאט און פארנעמט איר, גרונט־פעסטן פון דער ערד! בא יאהווע איז א מישפעט מיט זיין פאלק, מיט יִיסראעל וויל ער זיך מעטויכעק זיין". מיט וואס זשע וועט קומען יִיסראעל אפן מישפעט מיט גאט, מיט אוילעס, מיט יאריקע קעלבלעך? צי קען מען דען געווינען דעם ראצוין פון גאט מיט טויזנטער שאפבאקן און מיט אן אנסאפיקער צאל טייַכן פון בוימל? עפשער זאל מען ברענגען פאר א קארבן יאהווע דעם בכאר, ער זאל מעכאפער זיין די זינד? נאר יאהווע וועט ניט אנעמען די דאזיקע קארבאנעס און וועט מיט צארן ענטפערן: „ס'איז דאך שוין דיר געזאגט געווארן, בען אדאם, וואס הייסט פרום און וואס פארלאנגט פון דיר יאהווע: דו זאלסט טאן גערעכטיקייט, ליב האבן צו טאן כסידים און מיט האכנאע גיין פאר דיין גאט". נאר די בניי־עפראים האבן אנשטאט גערעכטיקייט און ליבע נאר א פאלשע שאל און א פאלשע וואג אין זייער בייטל. און דעריבער פארמישפעט זיי יאהווע: זיי וועלן זייען און וועלן ניט שנייַדן, זיי וועלן טרעטן די אייל־בערטן און ניט שמירן זיך מיטן בוימל, זיי וועלן טרעטן די וויינטרויבן און ניט טרינקען דעם ווייַן, פאר זייערע זינד וועט זייער לאנד ווערן צו א וויסטעניש. און די סאקאנע איז שוין טאקע געווען נאענט.

[1] אזא מין געטראנק, וואס ווערט געמאכט פון זאפט.

און די סאקאָנע איז געגאַנגען מיצאַד דעם זעלבן קיניגרײַך אשור, וועגן וועלכן ס'האָבן שוין גערעדט די ערשטע נעווייִם. ווער זשע זײַנען עס געווען די אשורער? זיי זײַנען פון איין אָפּשטאַמונג מיט די באָוולער; טכילעס האָבן זיי געלעבט אין באַרגיקן לאַנד אין דער אייבערשטער שטראָמונג פון די טײַכן פּראַט און כידעקל, שפּעטער זײַנען זיי אַראָפּ נידעריקער אין טאָל פון דער מיטלסטער שטראָמונג פון די דאָזיקע צוויי גרויסע טײַכן. דאָרט האָבן זיי זיך אויסגעבויט א שטאָט נינעווע, און איין צײַט זײַנען זיי רויִק געזעסן אין זייער לאַנד, נאָר אינגיכן זײַנען זיי ווײַטער געוואָרן אומרויִק: ס'איז זיי געוואָרן ענג און, ווי א לאַווינע, האָבן זיי זיך א רוק געטאָן קיין דאָרעם אין געבענטשטן באַאַרבעטן באָוול. מוירעדיק האָבן אויסגעזען די דאָזיקע קריגסלײַט. מיט לאַנגע בערד, אין קופּערנע קיווערס, מיט לאַנגע שפּיזן און שווערדן, זײַנען זיי בעעמעס געווען אומבאַזיגבאַר און קיינע מעניִעס זײַנען פאַר זיי ניט געווען. זיי האָבן אײַנגענומען באָוול און זײַנען אוועק ווײַטער צו דאָרעם־מײַרעוו צום קיניגרײַך דאַמעסעק; ווײַטער איז שוין געגאַנגען פּאַלעסטינע, און לעסאָף איז טאַקע אָנגעקומען אויך איר צײַט.

אין 745־טן יאָר, ווען אין עפראַיִם האָט געקיניגט מענאַכעם, איז דער אשורישער קיניג פּול אָנגעפאַלן אויף עפראַיִם. דער נאָווי פון יאהודע יעשאַיאָהו מאָלט אזוי דעם דאָזיקן שרעקלעכן אָנפאַל: „יאהודע האָט גערופן א פאָלק פון עק וועלט; אײַליק און גיך גייט ער, ניטאָ בא אים קיין אײַנגעמאַטערטע, קיין אָפּגעשטאַנענע; קיינער בא אים שלאָפט ניט, עס בינדט זיך ניט פאַנאַנדער דער גאַרטל אויף זײַנע לענדן און עס רײַסט זיך ניט דער רימען אויף זײַנע שיך; זײַנע פײַלן זײַנען אָנגעשלײַפט, זײַנע בויגנס אָנגעצויגן, די קלויִען פון זײַנע פערד זײַנען ווי קיזלשטיין, די רעדער פון זײַנע רײַטוואָגנס — ווי א שטורעמווינט, ער ברומט, ווי א לייב, און זיי בריקן, ווי יונגע לייבן, כאַפּן דעם רויב און טראָגן אים אוועק, ניטאָ פון זיי קיין רעטונג“. און איימע איז אָנגעפאַלן אויף מענאַכעמען, ווען ער האָט דערזען דעם שרעקלעכן סוינע: ער האָט זיך געראַטעוועט פון א מאַפּאָלע נאָר דורך דעם, וואָס ער האָט אָפּגעצאָלט טויזנט צענטנער זילבער, אַרופלייגנדיק דעם צינש אויף אַלע פאַרמעגלעכע אײַנוווינער. דער אשורישער קיניג איז אוועק צוריק און איז ניט פאַרבליבן אין עפראַיִם. נאָר ניט לאַנג האָט געדויערט די רויִקע צײַט. אין צען יאָר אַרום האָט דער קיניג פון אשור טיגלאַס־פּאַלעסער דער צווייטער פאַרנומען גאַנץ צאָפן־פּאַלעסטינע, אוועקגעפירט אין געפענקעניש דעם גאַנצן שייוועט נאַפטאָליע און דערנאָך האָט ער באַלאַגערט שאָמרוין. די מוירערבערכער האָבן שוין אָנגעהויבן ברעכן די ווענט פון קיניגלעכן פּאַלאַץ; געניטע מײַסטערס האָבן שוין געגראָבן א מינע אונטער די פונדאַמענטן פון די ווענט. קיין רעטונג איז ניט געווען און מע האָט געמוזט בעטן שאָלעם. דאָס מאָל זײַנען די טנאָיִם פון שאָלעם געווען נאָך שווערערע: טיגלאַס־פּאַלעסער האָט געפאָדערט, מע זאָל אים אויסצאָלן א גרויסן צינש און, כוץ דעם, אַרויסגעבן א דערהאַרגעטן דעם קיניג פון שאָמרוין, פּיעקאַך, און די קיניגן פון עפראַיִם האָבן געמוזט פון דאַן אָן אָנהייבן צאָלן צינש די אשורער. שווער איז זיי געווען צו צאָלן דעם דאָזיקן צינש און צוזען, ווי זייער קיניגרײַך ווערט אָפּגעשוואַכט און פאַרקלענערט. און לעסאָף האָט דער קיניג האָסיע ניט אויסגעהאַלטן. ווען ער האָט זיך דערוווּסט, אַז דער קיניג פון דאַמעסעק האָט אויפגעהויבן אן אויפשטאַנד קעגן אשור, האָט ער אויך געפּרוּווט אַראָפּוואַרפן דעם אשורישן יאָך, אויפגעהערט צו צאָלן צינש און האָט אָנגעהויבן פירן אונטערהאַנדלונגען מיטן קיניג פון מיצראַיִם וועגן א בונד. די דאָזיקע בגידע האָט דער דעמאָלטיקער אשורישער קיניג שאַלמאַנעסער ניט מויכל געווען: ער האָט גלײַך באַלאַגערט שאָמרוין, און נאָך א דרײַיאָריקער באַלאַגערונג האָט ער אײַנגענומען די שטאָט. דעם קיניג האָסיע האָט ער אַרײַנגעזעצט אין טפיסע און אַלע סאָרים און די האַרן האָט ער פאַרטריבן ווײַט הינטער דעם טײַך כידעקל און כאַוואָר (אַרמעניע). אויף אַן אָרט זײַנען פאַרבליבן מער ניט ווי די אָרעמע פויערים, פאַר וועלכע ס'פלעגן זיך אַזוי אָנעמען די נעוויִים, נאָר זייער לאַגע איז ניט פאַרבעסערט געוואָרן. עמעס, יאהודע האָט טאַקע באַשטראָפט זייערע געוועזענע אַכזאָריעסדיקע האַרן. נאָר אָנשטאָט זיי האָבן איבער זיי אָנגעהויבן געוועלטיקן נײַע. די שטעט און די גיטער, וועלכע ער האָט אָפּגענומען בא די סאָרים פון עפראַיִם, האָט שאַלמאַנעסער צעטיילט צווישן זײַנע זעלנער, וועלכע האָבן אָנגעהויבן הערשן און געוועלטיקן איבער די בניי־עפראַיִם. די נײַע האַרן האָבן מיט זיך געבראַכט אויך נײַע געטער, און נאָך א לאַנגע צײַט האָט יאהודע ניט געקאָנט ווערן דער איין־איינציקער גאָט אין עפראַיִם.

אונטערגעגאַנגען איז דאָס קיניגרײַך עפראַיִם, פאַרבליבן איז נאָך די מעלוכע יעהודע. די אַלע מאַפּאָלעס, וואָס עפראַיִם האָט געליטן, און ביפּראַט זײַן ביטערער סאָף האָבן געמאַכט א גוואַלדיקן רושעם אויף די בניי־יעהודע. אין דער דאָזיקער צײַט האָט אין ירושאָלאַיִם געלעבט דער בארימטער נאָווי יעשאַיאָהו; פון זײַנע רעדעס איז קלאָר צו זען, אויף וויפל די בניי־יעהודע זײַנען אויך געווען אומרויִק פאַר זייער גורל און פון טאָג צו טאָג געוואַרט אויף דעם סאָף פון זייער מעלוכע. יעשאַיאָהו האָט געזען, אַז אין יעהודע הערשט דאָס זעלבע אומרעכט, ווי אין עפראַיִם. דאָס קיניגרײַך עפראַיִם איז כאָרעוו געוואָרן, זײַנע שטעט פאַרברענט, אַלץ איז געוואָרן פאַרוויסט, געבליבן איז מער ניט ווי די טאָכטער פון ציאָן, נאָר זי גייט אויך אין די וועגן פון סדאָם און אמוירע. אַזוי־ווי פריִער, זוכן אויך

איצטער די סאָרים פון אמוירע צו באַוויליקן יאהווע מיט טויזנטער קאָרבאָנעס, מיט וואָלקנס פון קטוירעס און מיט פײַערלעכע יאָמטויווים; נאָר דאָס אַלץ פאַרהאַסט יאהווע. ווען די סאָרים פון יעהודע שטרעקן אויס צו אים זייערע הענט און זאָגן איין טפילע נאָך דער אַנדערער, פאַרמאַכט יאהווע זײַנע אויגן און הערט זיך צו זיי ניט צו, ווײַל זייערע הענט זײַנען פול מיט בלוט. ווײַל די סאָרים פון יערושאָלאַיִם זײַנען סאָריירים און גאַנאָווים; זיי אַלע האָבן ליב מאַטאָנעס און יאָגן זיך נאָך שויכער, יעסוימים געפינען ניט בײַ זיי קיין מישפּעט און זיי שטעלן זיך ניט אײַן פאַר די אַלמאָנעס; און די לײַטישע הויפּט־שטאָט גופע איז געוואָרן א זוינע, אַמאָל איז זי געווען אַן אָרט פון מישפּעט און יוישער, און איצטער וווינען דאָרט ראָצכים. פון אַזאַ אומגערעכטיקײַט האָט יעשאַיאָהון ווײ געטאָן דאָס האַרץ, און ער האָט געפילט, אַז יעהודע קאָן זיך ניט האַלטן. ער האָט דערציילט, אַז ער האָט אויך געזען בענעווײַע דעם מישפּעט, וועלכער רוקט זיך אָן איבער יִיסראָעל. אין בייס־האַמיקדעש האָט זיך אים באַוויזן יאהווע, זיצנדיק אויף א טראָן, וועלכער דערגרייכט ביז סאַמע הימל; ער איז געווען אַרומגערינגלט מיט א וווּנדערלעכן כאָר פון זעקס פליגלדיקע סאָרפים, וועלכע האָבן לעקאָוועד גאָט געזונגען אַזאַ מין שיר: „הייליק, הייליק, הייליק איז יאהווע, דער גאָט פון צאָוואָעס, די גאַנצע ערד איז פאַרפולט מיט זײַן קאָוועד". יעשאַיאָהו האָט שוין געמיינט, אַז דאָ קומט זײַן סאָף, נאָר איינער פון די סאָרפים האָט גענומען פון מיזבייעך א ברענענדיקע קויל, צוגעפליגן צו יעשאַיאָהון, מיט דער קויל זיך אָנגערירט אָן יעשאַיאָהוס ליפן און דערמיט אָפּגערייניקט אים פון אַלע זײַנע זינד. דאַן האָט יאהווע צו אים געזאָגט: „גיי און זאָג דעם דאָזיקן פאָלק: איר וועט הערן, נאָר איר וועט ניט פאַרשטיין, איר וועט קוקן, נאָר איר וועט ניט דערקענען! מאַך האַרט דאָס האַרץ פון דעם דאָזיקן פאָלק, מאַך אים טויב די אויערן און פאַרבלענד אים די אויגן, ער זאָל ניט זען מיט זײַנע אויגן און ניט הערן מיט זײַנע אויערן, זײַן האַרץ זאָל אויפהערן צו פאַרשטיין און זאָל ניט קאָנען אויסגעהיילט ווערן. און אַזוי זאָל עס דויערן, ביז ס'וועלן ניט כאָרעוו ווערן זײַנע שטעט און בלײַבן אָן אײַנוווינער, און די הײַזער אָן מענטשן, און די פעלדער וועלן ניט פאַרוואַנדלט ווערן אין א ווּיסטעניש".

די דאָזיקע שרעקלעכע זעוניש האָט געצוווּנגען יעשאַיאָהון איבערגעבן פאַר אַלעמען וועגן דעם מישפּעט, וואָס שטייט פאָר; און די בניי־יעהודע, וועלכע זײַנען שוין אַזוי אויך געווען גענוג דערשראָקן און צעמישט, האָבן אויסגעהערט פון אים אַזאַ רעדע: „די אַשירעס פון דאַמעסעק און דער רויב פון שאָמרוין זײַנען שוין אין די הענט פונעם קיניג פון אַשור; נאָר אויך אויף דעם דאָזיקן פאָלק, דעם פאָלק יעהודע, וועט יאהווע ברענגען די מעכטיקע און גרויסע וואַסערן פון פּראַט דעם קיניג פון אַשור מיט זײַן גאַנצער מאַכט, די וואַסערן וועלן זיך צעגיסן איבער יעהודע און פאַרפלייצן אים. דאָס וועט זײַן א טאָג פון מישפּעט פון יאהווע. דעם גאָט פון מילכאָמע, א טאָג פון מישפּעט איבער יעדן שטאָלץ און גאַדלעס, איבער אַלע צעדערביימער פון לעוואַנאָן און איבער אַלע דעמבעס פון באַשן, איבער אַלע הויכע בערג און איבער אַלע היגלען, וואָס בײַ די בערג, איבער אַלע הויכע טור־



בניי־עפראַיִם טראָגן צינז דעם אַשורישן מיילעך

רײַכטום און אַלע מעשופעדיקע װעגן, איבער אַלע שיפן פֿון טאַרסיס[1] און איבער אַלע טײַערע צירונגען. װײ װעט דאַן זײַן צו די סאַרים און פֿירשטן, װעלכע רוקן צו א פֿעלד צו א פֿעלד, נעמען אָפּ די פֿעלדער בײַ די אָרעמעלײַט, אַזױװי די גאַנצע ערד װאָלט געהערט צו זײ, װײ װעט זײַן צו די גאָט לעסטערדיקע געװעלטיקער פֿון פֿאָלק; זײ מײנען, אַז זײ האָבן געשלאָסן א בונד מיטן טױט און דער אָפּגרונט װעט זײ ניט אָנרירן; נאָר יאַהװע װעט אָנשיקן אױף זײ א האָגל מיט א פֿאַרפֿלײצונג, און זײ װעלן אומקומען פֿון זײַן צאָרן. װײ װעט זײַן צו דעם קיניג, א פּײַער װעט זײַן צוגעגרײט פֿאַר אים, הױך און ברײט װעט זײַן אױסגעלײגט דאָס האָלץ, א פֿרײַ פֿעלד װעט זײַן פֿאַרן פּײַער, און דער אָטעם פֿון יאַהװע װעט, װי א שטראָם שװעבל, אָנצינדן דאָס פּײַער! יעדער שטאָלץ װעט פֿאַרניכטעט װערן, און יאַהװע װעט זײַן גרױס אין יענעם טאָג, און אַלע איבעריקע געטער װעלן אומקומען; מענטשן װעלן זיך באַהאַלטן אין הײלן פֿון אײמע פֿאַר יאַהװע און זײַן קאָװעד, נאָר זײ װעלן ניט קאָנען אױסמײַדן זײַן מישפּעט. בײַ די אָנגעזעענע בסולעס און פֿרױען װעט יאַהװע אַװעקנעמען זײערע בראַסלעטן און אױרינגלעך, זײערע האַלדז־צירונגען און פֿאַכערס, זײערע אָרעמבענדער און גאַרטלען, די פֿלעשלעך פּאַרפֿומען און די קאַמײעס, די רינגען פֿון די פֿינגער און פֿון דער נאָז, זײערע יאָמטעװדיקע מאַלבושים און זײערע דעקעס, די שפּיגלען און פֿײַנע געװאַנטן. זײערע מענער װעלן אומקומען פֿון שװערד, זײערע באַכערים װעלן פֿאַלן אין שלאַכט און די הױפּט־שטאָט װעט כאָרעװ װערן; דאָס פֿאָלק װעט אַװעקגײן אין געפֿענקעניש, זײַנע האַרן װעלן הונגערן, און זײַנע אױסברענגער װעלן געפּײַניקט װערן פֿון דאָרשט.

יאָש און אײמאַ פֿלעגן אַרױסרופֿן די דאָזיקע רעדעס פֿון יעשאַיאָהו; דער נאָװי אַלײן האָט געליטן ניט װײניקער פֿאַר זײַנע צוהערער פֿון דערפֿון, יעשאַיאָהו האָט הײס געליבט זײַן לאַנד, ניט קוקנדיק דערױף, װאָס עס איז פֿול מיט זינד און ער האָט זיך בעשום־אױפֿן ניט געקאָנט אײַנלעבן מיטן געדאַנק, אַז נאָך דעם גערעכטן מישפּעט און נאָך דער שטראָף, װעט עס שױן קײנמאָל ניט אױפֿלעבן. אים האָט זיך אָנגעהױבן צו דוכטן, אַז די שטראָף װעט אָפּרײניקן יעהודע פֿון זײַנע זינד, און יאַהװע װעט אים צוריק אומקערן זײַן ליבע און זײַנע כסידים. און יעשאַיאָהו האָט אָנגעהױבן האַלטן גאָר אַנדערע רעדעס, אין װעלכע ער האָט געזוכט צו טרײסטן און אױפֿמונטערן יעהודע. יעשאַיאָהו האָט געזאָגט, אַז אַשור איז מער ניט װי א רוט אין די הענט פֿון יאַהװע; ס'װעט איבערגײן א קורצע צײַט נאָך דעם מישפּעט, און דער צאָרן פֿון גאָט קעגן יעהודע װעט אײַנגעשטילט װערן, און יאַהװע װעט אַראָפּנעמען פֿון זײַן האַלדז דעם יאָך און װעט אים צוריק אומקערן זײַן כעסעד. יאַהװע װעט דאַן שיקן זײַן פֿאָלק א נײַעם קיניג, װאָס װעט זײַן גלײַך צום קיניג דאָװיד, װעמעס צײַטן האָבן אין פֿאַרגלײַך מיט די איצטיקע זיך אױסגעװיזן װי א גאָלדענע טקופֿע פֿון װױלטיק און יױשער. אָט װי־אַזױ יעשאַיאָהו שילדערט דעם קומענדיקן מאָשיעך: „דאַן װעט אַרױסגײן א שפּראָצונג פֿון יעשאַיס בױם און כ'װעט אױסװאַקסן א געװיקסל פֿון זײַנע װאָרצלען, אױף דעם װעט רוען דער גײַסט פֿון יאַהװע, א גײַסט פֿון כאָכמע און פֿאַרשטאַנד, א גײַסט פֿון אײצע און גװורע, א גײַסט פֿון קאָנען און מוירע האָבן פֿאַר גאָט, ער װעט אָטעמען מיט מוירע צו גאָט. ער װעט מישפּעטן ניט לױט דעם, װי ס'זעען זײַנע אױגן און הערן זײַנע אױערן: ער װעט מישפּעטן מיט צעדעק אָרעמעלײַט און די פֿאַרזמגליקלעכטע אין לאַנד װעט ער מישפּעטן מיט יױשער, נאָר די פֿאַרברעכער װעט ער שטראָפֿן מיטן שטעקן פֿון זײַנע לעפֿצן און מיטן אָטעם פֿון זײַנע ליפּן װעט ער טײטן די רעשאָים; מיט צעדעק װעט ער אָנגאַרטלען זײַנע לענדן און טרײַהײַט װעט אים דינען פֿאַר א גאַרטל, און עס װעט װױנען א װאָלף מיט א שעפּסעלע, א לעמפּערט מיט א ציגעלע װעלן זיך לאַגערן, א קעלבל מיט א לײב זיך פּיטערן צוזאַמען. און א קלײן יינגל װעט זײ היטן, א קו מיט א בער װעלן אײנײנעם זיך פּיטערן, אײנע נעבן די אַנדערע װעלן ליגן זײערע קינדער, א לײב װעט װי א רינד עסן שטרױ, א זױגקינד װעט זיך שפּילן בײַ דער לאָך פֿון א ברענשלאַנג און צום נעסט פֿון א װיפּער־שלאַנג װעט אַן אָנטװײנט קינד זײַן האַנט פֿירן, אױפֿן גאַנצן הײליקן באַרג מײַנעם װעט נישט זײַן ניט קײן פֿאַר־ברעכן, ניט קײן אומגערעכטיקײַט".

די דאָזיקע נעװיִע װעגן דעם צוקינפֿטיקן קיניג האָט זיך טיף אײַנגעבאַקן אין האַרצן פֿונעם ייִדישן פֿאָלק. װען ער איז געװען אָפּגעריסן פֿון זײַן אײגן לאַנד און איז אױף אײביק פֿאַרבליבן אונטער א פֿרעמדן יאָך, איטלעכס מאָל, װען ס'פֿלעגן פֿאָרקומען גרױסע געשעענישן, אָדער װערן אומעטלעך איבערצוטראָגן דאָס שװערע לעבן, פֿלעגט מען זיך דערמאָנען אין יעשאַיאָהוס נעװיִע און ס'פֿלעגן אױפֿלעבן די האָפֿענונגען, אַז אײַנגיכן װעט קומען דער צוגעזאָגטער קיניג פֿון דאָװידס הױז, ס'װעט קומען מאָשיעך, װי מע האָט אים אָנגעהױבן רופֿן. פֿאַרשײדענע פֿאָרשטעלונגען זײַנען געװען װעגן מאָשיעכן אין פֿאַרשײדענע צײַטן לױט די נױטן און באַגערן, װעלכע האָבן געהערשט אין די צײַטן, װען מע האָט באַזונדערס לײַדנשאַפֿטלעך אױף אים געהאָפֿט; נאָר שטענדיק האָט מען געהאַלטן, אַז מאָשיעך װעט ניט נאָר אױסלײזן דאָס פֿאָלק ייִסראָעל פֿון דעם פֿרעמדן יאָך, נאָר ער װעט אױך

[1] דאָס הײסט, װאָס שװימען קײן טאַרסיס — שפּאַניע.

מאכן א סאך צו דער אומגערעכטיקײַט און די אוולעס אױף דער וועלט. פאר זײַן נעוויִע וועגן מאָשיעכן איז ישעיאָהו באַרימטער און טײַערער געוואָרן באַם פאָלק, מער ווי אַלע אַנדערע נעוויִים; זײַנע פאָרגייער האָבן גערעדט נאָר וועגן דעם מישפּעט און וועגן דעם אונטערגאַנג פונעם פאָלק, און ישעיאָהו האָט אַרויסגעזאָגט די האָפענונג, אַז נאָך דעם מישפּעט און נאָך דער שטראָף וועט אָנקומען א נײַ לעבן.

ישעיאָהו איז געווען זייער געאַכטעט: די קיניגן פון יעהודע, אַכאַז און יעכעזקיִיאָהו, אין וועמענס צײַטן ישעיאָהו האָט געלעבט, האָבן אים, עמעס, ניט אַזוי ליב געהאַט פאר זײַנע דראָענדיקע שטראָף־רעדעס, נאָר דאָך פלעגן זיי זיך אָפט ווענדן צו אים נאָך אייצעס אין די צײַטן פון א סאַקאָנע. אין אַכאַזעס צײַטן האָבן די אַראַמעיִער קימאַט שוין געהאַט אײַנגענומען ירושאָלאַיִם; און אַזאַ פאַרצווייפלטער לאַגע האָט שוין אַכאַז געוואָלט בעטן הילף בײַ זײַנע סאָנים די אַשורער, נאָר ישעיאָהו האָט אים אָפּגעהאַלטן פון צו מאַכן אַזאַ פאַלשן טריט און האָט אים געראָטן האָפן און בעטן נאָר צו יאַהווע. אין יעכעזקיִיאָהוס צײַטן איז שוין דאָס אַשורישע כאַיל געשטאַנען נעבן די מויערן פון ירושאָלאַיִם; יעכעזקיִיאָהו האָט זיך געווענדט נאָך הילף צו פּאַרען, נאָר ישעיאָהו האָט אויך דאָס מאָל געוואָרנט דעם קיניג: צו וואָס האָפן אױף מיצראַיִם, אױף דעם אָנגעבראָכענעם שטעקן? בעסער זיך ווענדן צו יאַהווע. צום גליק פון ירושאָלאַיִם האָט זיך אין אַשורישן כאַיל אָנגעהויבן א מאַגייפע, און די אַשורער האָבן געמוזט אָפּהאַלטן די באַלאַגערונג. ישעיאָהו איז געווען העכסט צופרידן: הייסט עס, אַז יאַהווע האָט נאָך ניט אינגאַנצן פאַרלאָזן זײַן פאָלק, אויב ער האָט פאַרנומען זײַן געבעט און אָנגעשיקט דעם גײַסט פון טויט אױף דעם אַשורישן כאַיל. נאָר זעענדיק, אַז אין ירושאָלאַיִם און יעהודע הערשט, ווי פריִער, אומגערעכטיקײַט, האָט זיך ישעיאָהו מעיאַיעש געווען און האָט שוין מער ניט געהאָפט, אַז יעהודע וועט אויסגעלייזט ווערן פון דער שווערד פון די אַשורער. דער נאָווי האָט זיך אָנגעהויבן גרייטן צום צוקינפטיקן באַנײַטן לעבן: ער האָט צונויפגעקליבן אַרום זיך א קרײַז פון איבערגעגעבענע טאַלמידים און האָט געטראַכט: אָט דאָס וועט זײַן דער ריכטיקער רעשט פון יִיסראָעל, וועלכער וועט איבערלעבן די מאַפּאָלע און וועט דערלעבן ביז צו דעם צוקינפטיקן קיניג. זײַנע נעוויִעס פלעגט ער דערציילן נאָר פאר זײַנע טאַלמידים און פלעגט זיי לערנען, ווי מע דאַרף זיך באַגיין, קעדיי ניצל ווערן פון גאָטס צאָרן. די דאָזיקע טאַלמידים האָבן געזאָרגט וועגן דעם, אַז די רעדעס פון דעם מערקווירדיקן נאָווי זאָלן צונויפגעקליבן און פאַרשריבן ווערן אין א בוך.

ישעיאָהו איז געווען ניט דער לעצטער נאָווי; נאָך אים זײַנען אופגעשטאַנען נאָך אייניקע מערקווירדיקע נעוויִים, וועגן וועלכע איך וועל שפּעטער דערציילן, נאָר נאָך דעם, ווי מיר זײַנען באַקאַנט געוואָרן מיט די נעוויִעס פון אַמאָסן, מיכע און ישעיאָהו, קאָנען מיר האָבן א קלאָרן באַגריף, וואָס עס האָבן פאָרגעשטעלט מיט זיך די פאָלקס־נעוויִים און מיט וואָס האָבן זיי זיך אונטערגעשיידט פון די קיניגלעכע נעוויִים, פּראָפעסיִאָנאַלן. די קיניגלעכע נעוויִים האָבן געדינט אויסשליסלעך די קיניגן, זײַנען געווען זייערע באַאַמטע, האָבן געזאָגט נעוויִעס פאר געלט. די פאָלקס־נעוויִים פלעגן אַרויסטרעטן ווי לײַדנשאַפטלעכע פאַרטיידיקער פון באַדריקטן פאָלק. זיי פלעגן אָפן אַרויסזאָגן דאָס, וואָס עס האָט זיי אונטערגעזאָגט זייער געוויסן. און פאר זייערע נעוויִעס פלעגן זיי גאָרנישט ניט באַקומען, כוץ רעדיפעס מיצאַד דעם קיניג און די סאָרים. אַנדערש איז אויך געווען דער אינהאַלט פון די נעוויִעס בײַ די פאָלקס־נעוויִים איידער בײַ די קיניגלעכע נעוויִים. די קיניגלעכע נעוויִים האָבן געמוזט זאָגן דעם קיניג נעוויִעס וועגן די פאָרקומענדיקע געשעענישן, פונקט ווי די שטערנזעער, וועלכע די קיניגן האָבן געהאַלטן בײַ זיך. די פאָלקס־נעוויִים האָבן געזאָגט נעוויִעס וועגן א נײַעם גלויבן, זיי האָבן גערעדט וועגן דעם, אַז מע איז אויווער געווען אױף דער ערד איבערן געטלעכן געזעץ פון כעסעד און גערעכטיקײַט, אַז אױף דער ערד געוועלטיקן גזיילע און געוואַלט, און זיי האָבן גערופן צו די האַרן פון דער ערד, זיי זאָלן ענדערן זייער לעבנשטייגער און פּאָליטיק, אויב ניט, וועלן זיי אומקומען פון דעם מישפּעט פון דעם איין־אייִנציקן גאָט יאַהווע, וועלכער הערשט איבער דער גאַנצער וועלט. גאָר א נײַע פאַרשטעלונג האָבן זיי געגעבן וועגן יאַהווע. דאָס איז שוין מער דער כפּעציִעלער גאָט פון יעהודע און יִיסראָעל, וועלכער לעבט אין הילצערנעם אָרן און לעבן זיך פרידלעך אײַן מיט די צאָלרײַכע אָרטיקע געטער. ניין — פלעגן זאָגן די נעוויִים — עמעס איז נאָר איינער אױף דער וועלט, און גאָט איז אויך איינער. יאַהווע איז דער איין־אייִנציקער גאָט אין דער גאַנצער וועלט, אַלע איבעריקע געטער זײַנען גאָרניט קעגן אים, זיי מוזן ציטערן פאר אים און פאַרשווונדן ווערן; יאַהווע האָט באַשאַפן דעם הימל און די ערד און געוועלטיקט מיט יוישער איבער דער וועלט. עמעס, יעהודע און עפראַיִם — דאָס זײַנען זײַנע ליבלינגס־קינדער, מיט זײַן ליבלעכער האַנט האָט ער זיי אויסגעלייזט פון קנעכטשאַפט פון מיצראַיִם און האָט זיי אָפּגעגעבן פאר א נאַכלע דאָס דאָזיקע געבענטשטע לאַנד. נאָר אַזוי ווי יעהודע און יִיסראָעל זײַנען אויווער געווען אױף דעם געטלעכן געזעץ פון כעסעד און גערעכטיקײַט און האָבן אַפילע פאַרגעסן אינעם קיִעם גופע פון יאַהווע, ווערט דאָס לאַנד בײַ זיי אָפּגענומען און איבערגעגעבן צו אַנדערע. יאַהווע וועט אָנשיקן אױף זיי דאָס געווער פון זײַן מישפּעט — אַשור און באָוול, און די דאָזיקע מעלוכעס וועלן אויספירן

דעם טויט־שטראָף איבער די געפּעלשטע דינער פון יאהווע. נאָר יאהווע איז ניט נאָר א צעשטערער. ער וועט לעגאמרע פארניכטן די אוולעס און אומגערעכטיקייט, און נאָכדעם וועט ער אפן אָפּגערייניקטן פעלד איינאָרדענען אזא מעלוכע, אין וועלכער ס׳וועט ניט זיין קיין באלגיזוועניקעס און קיין פארומגליקלעכטע. „דער קיניג וועט געוועלטיקן לויטן געזעץ, און די סאָרים וועלן פארוואלטן מיט יוישער, איטלעכער וועט זיין קעמוי א באהעלטעניש פון א שטורעם, קעמוי א שוץ פון א שלעכטן וועטער, גלייך צו טייכלעך וואסער אין מידבער, קעמוי א שאָטן פון א מעכטיק פעלד אין א פארשמאכט פון דאָרשט לאנד". דער דאָזיקער אינהאלט פון די נעוויעס פון די פאָלקס־נעוויִים האָט געמאכט זייער נאָמען אין זייערע געדאנקען פאר אומשטערבלעכע. ווען די בניי־יעהודע זיינען צעזייט און צעשפרייט געוואָרן איבער דער גאנצער וועלט, און צוגלייך מיט דעם האָט זיך איבער דער גאנצער קולטורעלער וועלט אָנגעהויבן פארשפרייטן דער קריסטלעכער גלויבן, וועלכער האלט דעם טאנאך פאר א הייליקן בוך צוגלייך מיט דעם בריס האכאדאָשאָ (עוואנגעליום), זיינען די געדאנקען און רעדעס פון אמאָס, יעשאיאָהו, יירמעיאָהו אויך פארשפרייט געוואָרן אין פארשיידנסטע לענדער, צווישן פארשיידנסטע פעלקער.

(פאָרזעצונג קומט)

---

## נייעס פון ביראָבידזשאַן

### געווידמעט שאָלעם־אליינכעמס יובילײ

אין ביראָבידזשאנער שטאָטישן קולטור־פאלאץ איז דורכגעפירט געוואָרן א ליטערארישער אָוונט, געווידמעט שאָלעם־אלייכעמס 130־טן געבורטסטאָג.

דער פעדאגאָג פון דער קאנטישער אופקלערערשול ראָמאן פיין האָט גערעדט וועגן דער אלפאָלקישער ליבע צום גרויסן שרייבער. ער האָט אויך ארויסגעזאָגט פארזאָרגטקייט, וואָס דער יונגער דאָר לייענט שאָלעם־אלייכעמס ביכער, אלס קלאל, בלויז אין דער איבערזעצונג אף רוסיש.

דער דיכטער וויקטאָר סאלאָמאטאָוו, רעדנדיק וועגן דער קעגנזייטיקער באריַיכערונג פון די ליטעראטורן, וועגן דער פריינטשאפט, וועלכע האָט שטענדיק פארבונדן די פארשיידנשפראכיקע שרייבער, האָט דורכגעלייענט זיין איבערזעצונג פון איציק בראָנפמאנס ליד „די שאָלעם־אלייכעם־גאס".

אפן אָוונט האָבן אין יידיש און אין רוסיש געקלונגען שאָלעם־אלייכעמס ווערק.

### א פאָלקס־קאָלעקטיוו, א לאורעאט

מער ווי צוואנציק מוזיקאנטן בילדן איצט דעם דאָזיקן זעלבסטעטיקן קאָלעקטיוו. דאָס זיינען פארשטייער פון סאמע פארשיידענע פראָפעסיעס — דער דאָקטער ס. וויינבערג, דער פעדאגאָג פ. גערשקאָוו, דער קולטור־טוער מ. טשערוויק און אנדערע.

אין 1967 איז דער ביראָבידזשאנער פידלער־אנסאמבל געוואָרן א לאורעאט פונעם אלפארבאנדישן דורכקוק פון זעלבסטעטיקע קאָלעקטיוון. אים איז צוגעייגנט דער טיטל — פאָלקישער.

אין 1981 איז דער קאָלעקטיוו געוואָרן לאורעאט פון דער פרעמיע פונעם כאבאראָווסקער קאָמיוג. זיין אָנפירער סעמיאָן גרויסמאן האָט באקומען דעם טיטל „פארדינסטפולער קולטור־טוער".

אפן אָוונט, וועלכער איז דורכגעפירט געוואָרן אין אָנהייב מארט אין שטאָטישן קולטור־פאלאץ, האָבן דעם אנסאמבל באגריסט דער סעקרעטאר פונעם געגנטלעכן קאָמיטעט פון קפסס ג. אי. קוליקאָוו, דער פאָרזיצער פונעם געגנטלעכן פראָפארייניגנראט יא. ב. שערמאן, דער ערשטער סעקרעטאר פונעם שטאָטקאָם פון דער פארטיי ס. אי. שטאָגרין.

ב. י. ביאלאָסטאָצקי



# יידישער הומאָר און יידישע לייצים

## דער שווערער שטיין

כעלעם דאַרף א באָד. מיט א בעסמעדרעש קאָן מען א ביסל נאָך וואַרטן. דער מיניען כעלעמער וועט דערווייל דאווענען באם ראָוו. אָבער א באָד מוז מען האָבן!

און די אסיפע האָט באשלאָסן: מע דאַרף גלייך לייגן דעם פונדאמענט. און זיין זאָל ער פון שטיינער, אז דאָס וואסער זאָל ניט דורכנעצן. כעלעם ליגט בא א באַרג און דאָרט, אפן שפּיץ באַרג, זיינען דאָ א סאַך שטיינער.

רופט כעלעם אן אסיפע, און די אסיפע האָט באשלאָסן, אז מע זאָל שיקן די פיר שענסטע באַלעבאַטים פונעם שטעטל, זיי זאָלן זיך ארופדראַפּען אפן שפּיץ באַרג און אַראָפּברענגען דעם ערשטן גרויסן שטיין.

זיינען די פיר כעלעמער ארויף אפן באַרג, גענומען אַראָפּטראָגן א גרויסן שטיין. אלע פיר באַלעבאַטים טראָגן דעם שטיין, סאָפּען און כראָפּען, שוויצן שטאַרק, ציען קוים מיטן אָטעם. זיי זיינען שוין, באַרעכהאשעם, מיטן שטיין געווען נאָענט צום סאָף פון באַרג, איז דורכגעפאָרן א פויערל, זאָגט ער: — „זשידקי, וואָס אזוינס טוט איר?" זאָגן די יידן: „וואָס הייסט? מיר נעמען אראָפּ א שטיין פונעם באַרג". מאכט דאָס פויערל: „נאַראַנים! א שטיין פון א באַרג פאַלט אליין, מע דאַרף אים נאָר א שטופּ טאָן!"

— אזוי גאָר? — האָבן אויסגערופן די כעלעמער. — א שטיין פאַלט אליין?

דאָ האָבן די פיר כאכאָמים זיך גענומען קייקלען דעם שטיין צוריק, ארויף, צום שפּיץ באַרג, קעדיי אים פון דאָרט דערנאָך ווי געהעריק אראָפּשטופּן...



## די ברעטער און די פּאַדלאָגע

כעלעם האָט ניט געקאָנט קומען צו א טאָלק, וויאזוי מע זאָל לייגן די ברעטער פאַר דער פּאָדלאָגע אין דער באָד: הובלעווען די ברעטער, אָדער ניט הובלעווען? אויב הובלעווען, — זאָגט דער כעלעמער כאַקרען, יאָסל קאָפּ, — קאָן דאָך, כאָלילע, געשען, אז נאַקעטע יידן, מיט די הייסע שעפּעלעך וואסער אף די פּלייצעס, זאָלן זיך אויסגליטשן און פאַלן. עלע וואָס דען, מע זאָל ניט הובלעווען און לייגן די ברעטער מיט זייערע סוקעס, מיט די שאַרפע שפּיצן ארויף — דעמאָלט וועלן יידן זיך דאָך צעשטעכן זייערע פיס. איז וואָס טוט מען דאָ? א שווערע, א האַרבע קאַשע.

איין אסיפע, א צווייטע אסיפע, הובלעווען — ניט הובלעווען. איז דער ראָוו ר' יוזעפל, ביכווידוי אוועצמוי געפאַלן אף אן אייצע:

— יידן, — האָט ער אויסגערופן, — שאַט! איך האָב עס, מע זאָל מאכן א פּשאַרע: מע זאָל די ברעטער טאַקע יאָ הובלעווען אף איין זייט, און לעמאַן־האשאָלעם, זאָל מען זיי לייגן מיט דער געהובלעוועטער זייט אראָפּ.




# ПРОГРАММА

по еврейскому (идиш) языку
для начального обучения в русскоязычных
школах, курсах, группах, кружках

## Введение

Настоящая программа составлена на основе требований, которые предъявляются к изучению языка на нынешнем этапе развития общешкольного образования в нашей стране. Тем не менее она не претендует на директивность, не говоря уже о какой-либо обязательности или буквальном следовании ее рекомендациям. Пусть учителя или руководители курсов, групп и кружков проявляют самостоятельность и инициативу, используя опыт преподавания русского, иностранного или иных языков по любой системе или методике, если они подходят для изучения еврейского языка.

Нам представляется, что предложенная программа может обеспечить необходимую научность и доступность, точность и ясность в деле усвоения основных грамматических категорий языка теми, кто поставил перед собой задачу им овладеть, какого бы возраста они ни были. При этом она исходит из особенностей (фонетических, лексических, грамматических) еврейского (идиш) языка по сравнению с русским, который обучающиеся знают с первых лет жизни и которым они пользуются в качестве родного языка.

Несмотря на то, что нынешние учащиеся уже могли ознакомиться с графикой еврейского языка по Букварю идиш, изданному в 1982 году Хабаровским книжным издательством, или по циклам лекций в помощь изучающим еврейский язык, печатавшихся в журнале «Советиш геймланд» начиная с 1969 года, а также по четырем выпускам лекций «В помощь изучающим идиш» С. Сандлера (приложения к журналу № 8 за 1980 год, № 8 за 1982 год, № 7 за 1983 год и № 9 за 1985 год), — предлагаемая программа предусматривает повторение первоначальных знаний на основе углубленного усвоения букв еврейского алфавита со всеми их графическими особенностями. Приводятся также основные правила их практического применения, употребления

и правописания. Там, где это необходимо, приводятся примеры параллельных конструкций по сравнению с грамматическими нормами в русском языке.

Основным разделом программы является морфология еврейского языка — словообразование, части речи, их значение и употребление. Достаточное внимание уделяется и служебным словам (предлогам, послелогам, союзам, частицам) — в еврейском языке они играют значительную роль. Все же, учитывая, что имеется в виду не систематический, а только начальный курс обучения, все эти разделы грамматики излагаются не в полном объеме, а в облегченном виде, без углубления в тайны языка.

Что касается синтаксиса, лексики, фразеологии и других разделов языка, то они в предлагаемой программе не отражены. По этим разделам редакция предполагает дать соответствующую программу обучения отдельно.

Основными задачами начального обучения языку являются систематическое обогащение словарного запаса обучающихся, расширение их речевых возможностей для умения пользоваться языком в качестве средства общения. При этом надо добиться правильного, свободного и выразительного чтения, обучающиеся должны овладеть прочными навыками устной речи, грамотного письма, постоянно пополнять свою лексику, — иначе невозможно будет добиться активного усвоения изучаемых грамматических форм.

Изучение соответствующих разделов грамматики должно, конечно, тесно увязываться с развитием речи. Здесь ведущую роль играет учитель или руководитель курсов, групп и кружков, и от его творческого подхода к делу много зависит. Перед тем, как провести очередное занятие или урок, он должен обеспечить себя как можно большим количеством вспомогательных материалов. Учитывая, что в настоящий момент в распоряжении учащихся еще нет соответствующих учебников и учебных пособий по еврейскому (идиш) языку, учитель должен использовать многочисленные произведения, опубликованные в журнале «Советиш геймланд», а также отдельные издания книг еврейских писателей. В них он может найти обильный материал для иллюстраций всех грамматических форм и конструкций, предусмотренных программой.

Что касается собственно учебных материалов по еврейской грамматике, мы рекомендуем использовать следующие пособия, имеющиеся к данному моменту:

1. Э. ФАЛЬКОВИЧ. О языке идиш. (Опубликовано в «Русско-еврейском (идиш) словаре». Москва, издательство «Русский язык», 1984, стр. 666—720).

2. С. САНДЛЕР. В помощь изучающим идиш. (Приложения к журналу «Советиш геймланд»: № 8 за 1980 г. (выпуск 1); № 8 за 1982 г. (выпуск 2); № 7 за 1983 г. (выпуск 3); № 9 за 1985 г. (выпуск 4).

3. М. ШАПИРО. Беседы в помощь изучающим идиш. (Журнал «Советиш геймланд», № 1—12 за 1969 г.; № 1—12 за 1970 г.; № 1—12 за 1971 г.; № 1—12 за 1973 г.).

4. Э. ФАЛЬКОВИЧ. Беседы в помощь изучающим идиш. (Журнал «Советиш геймланд», № 1—11 за 1974 г.; № 1—9 за 1975 г.; № 1—11 за 1976 г.; № 1—12 за 1977 г.; № 1—11 за 1978 г.).

5. М. ШАПИРО. Беседы о языке идиш. (Приложение к журналу «Советиш геймланд» № 5—6 за 1989 г.).

6. С. САНДЛЕР. Самоучитель еврейского языка. (Издательство «Русский язык», М., 1989 г.).

# ГРАФИКА И ФОНЕТИКА

## АЛФАВИТ

Еврейский алфавит и его отличие от русского. Буквы еврейского алфавита, аналогов которых нет в русской азбуке:

ה, וי, ײ, ײַ, ך, ם, ן, ף, ץ

Русские буквы, аналогов которых нет в еврейском алфавите:

Е, Ё, Щ, Ъ, Ь, Ю, Я

Рукописные буквы еврейского алфавита.

Гласные буквы еврейского алфавита, их названия и соответствия русским звукам:

א (А — АЛЕФ), אָ (О — КОМЕЦ-АЛЕФ),
ו (У — ВОВ), ע (Э — АЕН), י (И — ЙУД)

Чтение и письмо слов с обозначением гласных букв.

Согласные буквы еврейского алфавита, их названия и соответствия русским звукам:

ב, ג, ד, ה, וו, ז, זש, ח, ט, טש, כ, ך, ל, מ, ם; נ, ן; ס; פּ; פֿ, ף, צ, ץ, ק, ר, ש, שׂ, תּ, ת,

Особенности употребления в языке идиш букв ח, תּ, ת (в советских изданиях они употребляются только в цитатах из древнееврейских текстов и в реалиях).

Чтение и письмо слов с обозначением согласных букв.

Дифтонги в еврейском алфавите:

וי, ײ, ײַ

Чтение и письмо слов с обозначением дифтонгов.

Конечные буквы еврейского алфавита:

ך, ם, ן, ף, ץ

Чтение и письмо слов с обозначением конечных букв.

Буква א (АЛЕФ). «Немой алеф» и его употребление.

Знаки (диактрические), которые изменяют значение букв: ָ (КОМЕЦ), ַ (ПАСЕХ), . (ХИРЕК — ПОДСТРОЧНАЯ ТОЧКА).

Буква י (ЙОТ) перед гласной. Применение י для обозначения мягкости согласных. ִי с точкой после י без точки.

Отличие в графическом изображении буквы БЕЙС от буквы ХЕС.

Отличие в графическом изображении буквы ГИМЛ от буквы НУН.

Отличие в графическом изображении буквы ДАЛЕД от буквы РЕЙШ.

Отличие буквы У от буквы ВОВ.

Отличие в графическом изображении буквы АЕН от буквы ЦАДИК.

Отличие в графическом изображении буквы ТЕС от буквы МЕМ.

Буква וּ с точкой и ее употребление.
Отличие буквы פ от буквы פּ.
Буква ה и особенности ее произношения.
Отличие в графическом изображении буквы ם от буквы ס.
Буквы и сочетания שטש, דזש, דז, טש, זש.
Чтение и письмо слов с буквами, имеющими графическое сходство.
Умение правильно называть буквы еврейского алфавита и порядок их расположения.

## Словообразование

Состав слова. Корень, префикс, суффикс. Группировка однокоренных слов. Умение подбирать однокоренные слова и употреблять их в речи. Выбор из текста однокоренных слов. Подбор однокоренных слов с изменением букв (чередование).

Чередование гласных:

א — ע (בארג — בערג, גאנדז — גענדז)
אָ — ע (קאָפּ — קעפּ, טאָפּ — טעפּ)
אָ — ײ (צאָן — צײן)
ו — י (הונט — הינט, שטוב — שטיבער)
וי — ײַ (הויז — הײַזער, מויז — מײַזל)
וי — ײ (בוים — בײמער, פויגל — פײגל)

Слог в еврейском языке. Умение разбивать слова на слоги.

Словообразующие согласные:

ל (װאָל־קנ־דל, רע־גנ־דל)
נ (אויגן, רע־גן)

Ударение в еврейском языке. Ударение в словах древнееврейского происхождения, в интернационализмах.

Безударные префиксы:

אנט־ (אנטװיקלען), בא־ (באשטראָפן), גע־ (געדענקען),
דער־ (דערציילן), פאר־ (פארמעקן), צע־ (צעטיילן),
באל־ (באלכויוו), באר־ (בארמאזל).

Безударные частицы и предлоги, имеющие словообразовательную функцию:

בא־ (באטאָג), דער־ (דערנאָך), פאר־ (פארנאכט)
צו־ (צופוס)

Безударные префиксы:

בע־ (בעשאָלעם), לע־ (לעכאים)
מי־ (מיצאד), קע־ (קעסײדער)

Безударные префиксы интернационального происхождения:

א (נ) — (אפּאָליטיש, אנאלפאבעט), אנטי־ (אנטיפאשיסט), אינטער־ (אינטערװאל), דיס־ (דיסאָנאנס), דע(ז)־ (דעמאָביליזאציע, דעזינפעקציע), סינ־ (סימ־) (סינכראָניש, סימפאָניע), רע־ (רעאביליטאציע, רעאָרגאניזאציע)

Ударные префиксы:

װיצע־ (װיצע־פּרעזידענט), אומ־ (אומגליק), אור־ (אורקװאל)

Ударные глагольные добавления:

אהינ־ (אהינטאָן), אומ־ (אומקערן), אונטער־ (אונטערשטופּן), אופ־ (אופשטיין), אויס־ (אויסמעקן), אוועק־ (אוועקפּאָרן), איבער־ (איבערמאַכן), איינ־ (איינשטימען), אנטקעגן־ (אנטקעגנקומען), אנידער־ (אנידערלייגן), אפיר־ (אפירקוקן), אראָפּ־ (אראָפּזעצן), ארומ־ (ארומפּאָרן), ארונטער־ (ארונטערפאלן), ארופ־ (ארופגיין), ארויס־ (ארויספּאָרן), אריבער־ (אריבערגיין), אריינ־ (אריינגיין), אָנ־ (אָנשרייבן), אָפּ־ (אָפּפּאָרן), ביי־ (בייזיין), דורכ־ (דורכקוקן), מיט־ (מיטפּילן), נאָכ־ (נאָכמאַכן), פאנאנדער־ (פּאַנאַנדערטראָגן), פאַרביי־ (פאַרבייגיין), פאַר־ (פאַרלייגן), פאַרויס־ (פאַרויסזען), פיר־ (פירהויז), צו־ (צובינדן), צוזאמען־ (צוזאמענפּאָר), צונויפ־ (צונויפנעמען), צוריק־ (צוריקגיין),

Еще ряд ударных суффиксов:

־אטש (יונגאטש), ־אנעס (אויגאנעס), ־אנער (אמעריקאנער), ־ארניע (בראָווארניע), ־הייט (קליינערהייט), ־וק (שניידערוק), ־יניע קייטעריניע), ־יי (בעקעריי), ־עוואטע (טאמעוואטע), ־ערײַ (ריידעריי), ־ערליי (קאָלערליי).

Чтение и разбор текстов со словами, в которых встречаются ударные и безударные префиксы и суффиксы.

Составление простых предложений с применением ударных и безударных префиксов и суффиксов.

Чтение и разбор параллельных текстов на еврейском и русском языках с ударными и безударными префиксами и суффиксами.

## АРТИКЛЬ

Артикль как одна из отличительных особенностей еврейского языка.

Неопределенный артикль א (אַן) и его применение.

Определенный артикль דער, די, דאָס и его применение. Определенный артикль как признак рода имен существительных:

דער קאָפּ, די דירע, דאָס פּענצטער

Склонение определенного артикля.

Отрицательный артикль קיין и его употребление:

קיין שטוב האָט ער ניט געהאַט
ער ווייסט ניט פון קיין מוירע

Выписывать из русско-еврейского словаря имена существительные с артиклями דער, די, דאָס, род которых не совпадает.

## ИМЯ СУЩЕСТВИТЕЛЬНОЕ

Род имен существительных (мужской, женский, средний). Расхождения в определении рода существительных между еврейским и русским языками. Колебания в определении рода имен существительных в разных диалектах еврейского языка (напр., отсутствие среднего рода в литовско-белорусском диалекте; колебания в определении рода существительных в разных диалектах; допустимое двоякое определение рода некоторых имен существительных в литературном языке).

Словарная работа по определению имен существительных разного рода.

Число имен существительных.

Особенности единственного числа имен существительных.

Особенности множественного числа имен существительных.

Имена существительные, не имеющие формы единственного числа.

Образование множественного числа имен существительных:

1. При помощи суффиксов

־(ע) ן (וועלט — וועלט־ן, יאם — יאמ־ען)
־(ע) ס (מוטער — מוטער־ס, האַרעפּאשניק — האַרעפּאשניק־עס)
־ער (בילד — בילד־ער, פעלד — פעלד־ער)
־ים (מין — מינ־ים)
־עך (שטעטל — שטעטל־עך, ביכל — ביכל־עך)
־ס (אָס — אויסיע־ס)

2. Путем изменения гласной основы

נאכט — נעכט, בארג — בערג, זון — זין

3. Сочетанием суффиксального способа с чередованием гласных

אָרט — ערטער, בלאט — בלעטער, בוך — ביכער, בוים —ביימער

## Склонение имен существительных

В идише 4 падежа: именительный, винительный, дательный и притяжательный (поссесив). В притяжательном падеже употребляются, как правило, одушевленные существительные.

Склонение существительных в единственном числе. Особенности окончаний существительных или склонении в определенном падеже.

Особенности склонения нарицательных и собственных существительных.

Упражнения по склонению имен существительных.

## Образование имен существительных

Понятие о корневых, производных и сложных существительных. Характерные особенности каждой группы.

Безаффиксальный способ образования существительных от основ других частей речи:

посредством чередования гласных;

от основ прилагательных (наречий);

от глагольных основ;

без чередования гласных от основ ряда прилагательных (наречий);

без чередования гласных от глагольных основ путем отсечения инфинитивного суффикса;

путем субстантивации любой части речи;

при помощи префиксов (приставок);

при помощи префиксов;

אומ־ (אומגליק), אור־ (אורקוואל), אנטי־ (אנטיפאשיסט), באל־ (באלמעלאָכע), גע־ (געדאנק).

при помощи суффиксов:

־יסט (מארקסיסט), ־לינג (ערשטלינג), ־לער (שלאָגלער), ־ניק (צולאָכעסניק), ־נער (רעדנער), ־(ע)ן (שאדכן, גאזלען), ־ער (לערער), ־אט (דיפלאָמאט), ־אטאָר (מעכאניזאטאָר), ־אל (פּראָפעסיאָנאל), ־אנט (פּראקטיקאנט), ־טע (כאווערטע), ־יכע (לייביכע), ־יניע (קייסעריניע), ־ן (וועבערן), ־ניצע (פּוסטעפּאסניצע), ־קע (מאשינִיסטקע), ־אניע (האָרעוואניע), ־הייט (קינדהייט), ־ונג (דערציילונג), ־טום (רייכטום), ־יזם (פּאטריאָטיזם), ־יי (בעקעריי), ־(ע)ניש (לויפעניש), ־עס (אקשאָנעס), ־עריי (קלאַפּעריי), ־קייט (ריינקייט), ־שאפט (בענקשאפט), ־ארניע (בראָווארניע), ־ווארג (רויווארג), ־ל (שליסל), ־ניע (צוקערניע), ־ניצע (פּוטערניצע), ־עכץ (טועכץ), ־ער (לייכטער), ־אטש (יונגאטש), ־(י)אק (פּויליאק), ־וק (שוסטערוק), ־טשיק (אראָנטשיק), ־ינקע (זיידינקע), ־יק (ייסראָליק), ־ל (טישל), ־ניאק (פּאסקידניאק), ־עלע (טישעלע), ־(ע)ניו (באָבעניו), ־עץ (באָכערעץ), ־(ע)שי (טאטעשי), ־צע (סאָרצע), ־קע (ברודערקע)

*Примечание.* Приведенные примеры отражают суффиксы, образующие названия лиц мужского пола, интернациональные суффиксы, суффиксы, образующие названия лиц женского пола, суффиксы, образующие названия отвлеченных понятий, суффиксы, образующие названия предметов, суффиксы уменьшительные и эмоциональной оценки. Учителю следует проводить занятия с учащимися по каждому их виду путем упражнений по практическому применению каждого из них.

Виды сложных существительных и их образование:

сочинительное сложное слово, состоящее из синтаксически равноправных (однородных) основ

טאטע־מאמע, כאָסן־קאַלע, טינט־און־פען
פליִער־קאָסמאָנאווט, אינזשעניער־קאָנסטרוקטאָר

подчинительное сложное слово, где одна основа служит пояснением другой

דירע־געלט, שול־כאווער, לייענזאל, שרייַבטיש,
זויערמילך, שווארצארבעט, פינגפיאָר, ווידערקאָל,
פאָלקסליד, צייַטונגס־ארטיקל, זאוואָד־פארוואלטונג,
קסאוויאד, מעסירעסנעפעש, כאנוקאס־האבאיִס, דאָר־דוירעס

Число и род сложных слов.

Правописание сложных существительных.

Ударение в сложных существительных.

Сложносокращенные слова (аббревиатуры), их происхождение и употребление.

Сложнопроизводные слова и их образование.

## ИМЯ ПРИЛАГАТЕЛЬНОЕ

Разряды прилагательных: качественные (обозначающие свойства, признаки) и относительные.

Качественные прилагательные и их степени сравнения.

Относительные прилагательные и их образование.

Склонение прилагательных единственного числа с определенным артиклем (в именительном, дательном и винительном падежах).

Склонение прилагательных мужского и женского рода с неопределенным артиклем.

Склонение прилагательных среднего рода с неопределенным артиклем, притяжательными местоимениями и отрицанием קיין.

Окончания прилагательных в зависимости от основы.

Склонение прилагательных с основой на слогообразующий ל или נ.

Полная и краткая формы прилагательных и их употребление.

Степени сравнения качественных прилагательных (сравнительная и превосходная степени) и их образование.

אלט — עלטער, גראָב — גרעבער, גרויס — גרעסער,
קליין — קלענער — דער קלענסטער; שיין — שענער — דער שענסטער

Образование прилагательных:

путем суффиксации. Наиболее употребительные суффиксы

־אנער (אמעריקאנער), ־באר (דאנקבאר), ־דיק (צאָפנדיק), ־האפט (מוסטערהאפט), ־זאם (לאנגזאם), ־יק (הונגעריק), ־יש (פארטייִש), ־לאָז (היימלאָז), ־לעך (גליקלעך), ־נד (גלענצנד), ־סט (אינווייניקסט), ־עווידיק (כיינעווידיק), ־(ע)ן (זייַדן, לייַנען), ־ער (מאָסקווער), ־ערן (הילצערן), ־ש (שטעטלש), ־שט (אונטערשט), ־אט(ע) (האָרבאטע), ־אנט (אינטערעסאנט), ־אָווע (גוואלדאָווע), ־ווייַז (קינדווייַז),

־נע (נאַוועגאַדנע), ־עדיק (לעבעדיק), ־עווע (מאַסעווע), ־ערליי (צווייערליי), ־אַבל (רעספּעקטאַבל), ־אַל (נאָרמאַל), ־אַר (עלעמענטאַר), ־יוו (אַקטיוו), ־(י)עז (גראַנדיעז), ־(י)על (קולטורעל), ־ענט (קאָמ־פּעטענט), ־יטשק, ־טשיק (אַלטיטשק, קליינטשיק), ־ינק (זיסינק), ־לעך (גרוילעך), ־עוואַט(ע) (טאַ־מעוואַטע)

Префиксальный способ образования прилагательных.

Сложные прилагательные и их типы (сочинительный, подчинительный, усилительный).

Сложнопроизводные прилагательные.

Упражнения по образованию прилагательных и их применению в речи.

## ИМЯ ЧИСЛИТЕЛЬНОЕ

Разряды числительных.

Количественные числительные и их образование.

Отличительная особенность количественных числительных в еврейском языке по сравнению с русским.

Частицы при количественных числительных и их значение.

Дробные числа и их образование.

Порядковые числительные и их образование.

Склонение порядковых числительных.

Упражнения по применению в речи числительных.

## МЕСТОИМЕНИЕ

Разряды местоимений: личные — איך, מיר, דו, איר, ער, זי, דאָס, עס, זיי
притяжательные — מייַן, אונדזער, דייַן, אייַער, זייַן, איר, זייער
возвратное — זיך
вопросительно-относительные — ווער, וואָס, וואָסער, וועלכער
указательные — דער, די דאָס, אַזוינער, אַזעלכער, יענער, דאָזיקער, יעניקער, אַזאַ
определительные — יעטווידער, אינטלעכער, יעדער, אַליין, גופא, זעלבסט, אַלע, אַלץ, דער זעלביקער
отрицательные — קיינער, קיין, קיין שום, קיינע, קיינערליי, גאָרנישט
неопределенные — עמעצער, איינער, עפּעס, ווער־עס־איז, ווער־ניט־איז וועלכער־עס־איז, וועלכער־ניט־איז, ביידע
неопределенно-личные — מע, מען
безличное — עס

Склонение личных местоимений.

Склонение притяжательных местоимений.

Возвратное местоимение זיך и его отличие от неударяемого זיך при возвратном глаголе.

Склонение вопросительно-относительных местоимений.

Склонение указательных местоимений.

Склонение определительных местоимений.

Склонение отрицательных местоимений.

Склонение неопределенных местоимений.

Применение неопределенно-личного местоимения (מע(ן.

Упражнения по использованию местоимений в еврейском языке.

# ГЛАГОЛ

Классификация глаголов по значению и функциям:

1. Знаменательные (полнозначные), обозначающие действие, состояние, процесс.

2. Вспомогательные, служащие для образования сложных глагольных форм: האָבן и זײַן — для образования простого прошедшего времени; וועלן — для образования форм будущего времени; זײַן и ווערן — в форме страдательного залога; פֿלעגן — для образования форм многократного прошедшего времени.

3. Глаголы-связки זײַן и ווערן — для образования именного сказуемого.

Основные формы глагола (спрягаемая форма, инфинитив, партицип, герундив). Их образование и употребление.

Личные формы в настоящем времени изъявительного наклонения.

Особые случаи спряжения.

Временные формы глаголов: настоящее, прошедшее простое, прошедшее многократное, прошедшее предварительное, будущее простое, будущее предварительное. Значение, образование, спряжение этих форм.

Вспомогательные глаголы האָבן и זײַן. Их образование и употребление.

Нереальные наклонения: повелительное, условное, смешанное. Их образование, значение и употребление.

Залоги: действительный, страдательный, возвратный. Их конструкции.

Виды глаголов. Отсутствие в еврейском языке грамматической категории вида в отличие от русского. Специализированные модели для передачи видовых значений однократности и длительности действий.

Однократный вид, его образование и значение.

Длительный вид, его образование и значение.

Инфинитив, его образование и значение.

Употребление инфинитива в сочетании с вспомогательными глаголами וועלן для образования будущего времени и с פֿלעגן для образования многократного прошедшего времени изъявительного наклонения.

Употребление инфинитива в сочетании с вспомогательными глаголами זאָלן, וואָלטן, לאָזן и с частицей (נע)כּײַ, לאָמיך, לאָמיר для образования нереальных наклонений.

Употребление инфинитива в сочетании с модальным или полувспомогательным глаголом для образования глагольного сказуемого.

Употребление инфинитива в сочетании с глаголом מאַכן для образования конструкции побудительного залога.

Употребление инфинитива в сочетании с вспомогательным глаголом האַלטן и предлогом אין для образования длительного вида.

Употребление инфинитива при простом сказуемом для усиления названного действия (т. н. тавтологический инфинитив).

Употребление инфинитива при прямом объекте для показа действия объекта.

Употребление инфинитива в значении повелительного наклонения (т. е. директивный инфинитив).

Употребление инфинитива в сочетании с некоторыми вспомогательными глаголами, с существительными и другими частями речи для образования новых лексических единиц — ряда описательных глаголов.

Употребление инфинитива в качестве разных членов предложения.

Партицип (причастие II), его образование, при помощи префиксов и суффиксов. Употребление партиципов в сочетании с вспомогательными глаголами в качестве сказуемого в безличном предложении, для обозначения второстепенного предварительного действия, в функции наречия, в роли определения.

Герундив (деепричастие). Его образование, значение и применения.

Образование глаголов. Корневые и производные глаголы. Образование глаголов безаффиксальным способом, при помощи чередования корневого гласного, при помощи префиксов, глагольных добавлений, суффиксов (от разных частей речи), глагольной частицы זיך.

Описательные глаголы, их образование при помощи вспомогательных глаголов קומען, ברענגען, געבן, ווערן, זײַן, האָבן, מאכן и др.

Упражнения по разбору текстов с глаголами всех видов. Составление предложений с применением глаголов разных форм.

## НАРЕЧИЕ

Разряды наречий.

Качественные наречия. Формы степеней сравнения и их образование.

Количественные наречия и их употребление.

Наречия места, времени и цели, их употребление.

Образование наречий — корневые и производные при помощи суффиксов, префиксов, приставочных предлогов.

Сложные наречия, способы их образования.

## ПРЕДЛОГ

Группы предлогов:
1. Выражающие пространственные отношения.
2. Выражающие временные отношения.
3. Указывающие на объект.
4. Выражающие причинно-следственные отношения.

Предлоги, сливающиеся с определенным артиклем דעם (אױף דעם — אפֿן). Формы предлогов אין, אַן, פֿון при сливании с артиклем דעם.

Дательный падеж при предлогах.

Образование предлогов.

Упражнения по правильному употреблению предлогов всех групп.

## ПОСЛЕЛОГИ

Понятие о послелогах в еврейском языке.

Послелог וועגן и его употребление.

Послелог פֿון и его употребление.

Послелоги אַרױס, אַרײַן и их употребление.

Употребление послелогов при разных конструкциях речи.

Послелоги как форма образования фразеологизмов.

Упражнения по применению послелогов в разных конструкциях речи.

# СОЮЗ

Разряды союзов: сочинительные, подчинительные, изъяснительные.

Соединительные союзы און, אויך, און אויך, אי, אי... אי, אזוי, וויאזוי... אזוי אויך, ניט... ניט, ניט נאָר, נאָר אויך, נאָר אפילע, בלויז, סײַ... (און) סײַ и их употребление.

Противительные союзы אָבער, נאָר, איידער, דאָך, דערפאַר, כאָטש и их употребление.

Разделительные союзы אָדער, אָדער... אָדער, צי, צי... צי, דאָס... דאָס и их употребление.

Подчинительные временные союзы, אז, איידער, באַלד ווי, ביז, בײַזוואַנען, בײַס, בעשאַס, גלײַך ווי, ווי נאָר, ווײַל, ווען, זינט, זײַט, צײַט, נאָך דעם ווי, קאָלזמאַן, קוים и их употребление.

Подчинительные причинные союзы אזויווי, דערפאַר וואָס, ווײַל, וואָרעם, מאַכמעס, העיוים, בײַשער и их употребление.

Подчинительные союзы цели אום צו, קעדיי, ביכדיי и их употребление.

Подчинительные союзы следствия אז, אזוי אז, אזש и их употребление.

Подчинительные союзы условия וויבאַלד, אויב, אז, טאָמער, ווען, העיוים и их употребление.

Подчинительные союзы уступительные כאָטש, דעמלט ווען, דאַן, ווען, האַגאַם, סײַדן и их употребление.

Подчинительные союзы сравнительные ווי, אזוי ווי, גלײַך, ווי, איידער, פּונקט ווי, ווערליק, עלעהיי и их употребление.

Изъяснительные союзы אז, וואָס, וויאזוי и их употребление.

# ЧАСТИЦЫ

Роль частиц в еврейском языке.

Вопросительные частицы צי, וואָסי, שוין זשע (ניט) и их значение.

Утвердительные частицы יאָ, יאָ־יאָ и их значение.

Отрицательные частицы ניין, ניט и их значение.

Указательные частицы אָט, אָן и их значение.

Определительные частицы גראָד, כאָטש, מאַמעש, פּונקט, פּונקט ווי, קימאַט и их значение.

Ограничительные частицы דאַפקע, בלויז, נאָר, סײַדן, ראַק и их значение.

Усилительные частицы אזש, אפילע, גופע, דאָך, זשע и их значение.

Побудительные частицы (אַ)קאָרשט, זשע и их значение.

Восклицательные частицы ווי, סאַרא, וואָס פאַר א, פּאָשעט и их значение.

Частицы, выражающие отношение к достоверности высказываемого עפשער, אוואדע и их значение.

Частицы с грамматическими функциями זיך, צו, א, ארום, בא, איז, סע, עס и их значение.

# МЕЖДОМЕТИЕ

Группы междометий:

1. Для выражения различных чувств говорящего

א, אוי, אוי־אוי, אוי־ווי, איַ, אַך, טע, טפו, עט, עכעכע, פע

2. Для выражения отношения к речи своей или собеседника

אהא, אַהאַ, אווא, איַ־איַ־איַ, הא, וויי־וויי, טאקע? נעבעך, סטיַטש, האיטאַכן?

3. Для выражения призыва или побуждения к действию

אנו, האַדי, היַדא! נא, נאט, שא! שאט!

4. Звукоподражательные междометия

בוק, באץ, טראך, מע אקיש, טפרו

Субстантивация междометий.

Роль междометий в эмоциональной окраске языка (на примерах монологов Шолом-Алейхема, Менделе Мойхер-Сфорима, И.-Л. Переца и других писателей).

Практические занятия по применению союзов, частиц и междометий

---



## פאָטאָ־פאַקט

אין מאָסקווע איז געעפנט געוואָרן א לעקטאָרי, וואָס רופט זיך „אקאדעמיע פון וועלט־ציוויליזאַציעס” (אפן בילד, אין צענטער — דער אָנפירער פון דער סאָוועטישער אָפטיילונג, וויצע־פּרעזידענט פון דער וויסנשאפט־אקאדעמיע פון פססר אקאדעמיקער יעווגעני וועליכאָוו). צווישן די ריכטונגען, וועלכע ס'וועט פירן די אקאדעמיע, איז פאָרויסגעזען יודאַיסטיק (דער צווייטער פון לינקס — דירעקטאָר פונעם יערושאָלאַימער אינסטיטוט פאר דערלערנען די טוירע אדין שטיינזאלץ).

פאָטאָ — יורי לעוו

